# גע‎אָגראַפיע

אָדער

## בעשרייבונג פון דער ערד.

אסטראָנאָמישע ידיעות וועגען דער ערד ; ערקלערונגען איבער איהר
פיזישע בעשאַפענהייט, איבער די נאַטור־ערשיינונגען ארום
איהר און איבער איהרע פּראָדוקטען (מינעראַלען,
געוועקס, חיות); בעשרייבונגען פון מדינות,
פעלקער, רעליגיאָנען, רעגיערונגען
א. ז. וו.

פון


אַלכסנדר האַרקאַווי.


מיט צייכנונגען און בילדער.

---

אין צוויי בענדער.

צווייטער באַנד.

---


ניו יאָרק:
היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני
83—87 קאַנעל סטריט.
תרע"א.

# COMPENDIUM

of

# Mathematical, Physical and Political GEOGRAPHY

by

ALEXANDER HARKAVY.

---



Hebrew Publishing Company.
New York.

# אינהאלט.

## דריטער טייל.

### 1. קאַפּיטעל.



### 2. קאַפּיטעל.



### 3. קאַפּיטעל.



### 4. קאַפּיטעל.

20. קאַפּיטעל.



21. קאַפּיטעל.



22. קאַפּיטעל.



23. קאַפּיטעל.



24. קאַפּיטעל.

זייט

## 30. קאַפּיטעל.



## 31. קאַפּיטעל.



## 32. קאַפּיטעל.



## 33. קאַפּיטעל.



## 34. קאַפּיטעל.

זייט

35. קאפיטעל.



36. קאפיטעל.

# דריטער טייל:

# פאָליטישע געאָגראַפיע.

---

## 1. קאַפּיטעל.

---

## דער וועלט=טייל אַמעריקאַ.

לאַגע פון דעם אַמעריקאַנישען קאָנטינענט. — טיילען פון אַמעריקאַ און זייער פאָרם. — לענג, ברייט און שטח. — לענג פון דער ברעג=ליניע. — האַלב־אינזלען פון נאָרד=אַמעריקאַ. — אינזלען אַרום דעם קאָנטינענט. — אַמעריקאַ'ס קלימאַטען. — פאָרם פון איהר אויבער־פלעך. — איהרע וואַסערן. — איהרע געוועקס און חיות. — איהר בעפעלקערונג. — ענטדעקונג פון אַמעריקאַ.

---

אַמעריקאַ ליעגט אין גאַנצען אויף דער וועסטליכער האַלבער קוגעל און איז פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט ים; צו נאָרד פון איהר איז דאָס אייז=מעער, צו אָסט און זיד דער אַטלאַנטישער אָקעאַן, צו וועסט דער שטילער אָקעאַן אָדער דער פּאַסיפיק. צו אַמעריקאַ געהערען אויך דיא אינזלען וועלכע ליעגען אַרום איהר, וויא דיא אַרקטישע אינזלען, ניופאַונלענד, דיא אַנטיללען, דיא פייערלאַנד=אינזלען א. ז. וו. צו נאָרד גרייכט אַמעריקאַ מיט דיא אַרקטישע אינזלען ביז ניט וויט פון נאָרד=פּאָל; צו זיד גרייכט זיא

מיט דיא פייערלאַנד־אינזלען ביז 56° זידליכע ברייט. אַמעריקאַ גענהט אַלזאָ דורך אַלע קלימאַטישע גאַרטלען.

דיא אויסערע פונקטען פון דעם אַמעריקאַנישען קאָנטינענט גופא, דאָס הייסט פון דער פעסטער מאַסע לאַנד אָהן דיא אינזלען, זיינען: אין נאָרד — דער נאָרדליכער שפּיץ פון דער האַלב־אינזעל בוטהיאַ פעלקס (Boothia Felix), כמעט ביי 72° נאָרדליכע ברייט; אין זיד — דער קאַפּ פראָוואַרד (Cape Froward), 53° 54′ זידליכע ברייט; אין אָסט — ביי פּערנאַמבוקאָ (Pernambuco) [בראַזיליען], 34° 52′ וועסטליכע לענג; אין וועסט — קאַפּ פּרינס אָוו וועילז (Cape Prince of Wales) [אַלאַסקאַ], 167° 59′ וועסטליכע לענג.

דער אַמעריקאַנישער קאָנטינענט בעשטעהט פון צוויי גרויסע טהיילען, אַ נאָרדליכען און אַ זידליכען, וועלכע זיינען פערבונדען דורך אַ שמאָלען פּאַס פון לאַנד, נעמליך דורך דעם איסטמוס פון פּאַנאַמאַ (Isthmus of Panama). דער נאָרדליכער טהייל ווערט אָנגערופען נאָרד אַמעריקאַ (North America), דער זידליכער — זיד אַמעריקאַ (South America); דער שטח פון דעם איסטמוס פון פּאַנאַמאַ ביז אונגעפעהר דעם גרענעץ פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען ווערט בעצייכענט אַלס צענטראַל אַמעריקאַ (Central America). דער נאָרדליכער טהייל, וויא דער זידליכער האָט דיא געשטאַלט פון אַ דריי־עק אָדער דריי־קאַנטיגער פאָרם. דער גאַנצער אַמעריקאַנישער קאָנטינענט קומט אויס גערוקט צום אָסטליכען טהייל פון דער וועסטליכער האַלב־קוגעל.

דיא לענג פון דעם אַמעריקאַנישען קאָנטינענט איז אונגעפעהר 10,500 מייל, זיין גרעסטע ברייט איז 3,000 מייל און זיין שטח איז אונגעפעהר 15,700,000 קוואַדראַט־מיילען. נאָרד אַמעריקאַ איז עטוואָס גרעסער וויא זיד אַמעריקאַ. דער שטח פון נאָרד אַמע־

ריקאַ איז אונגעפעהר 8 מיליאָן קוו. מ. (קוואַדראַט=מיילען); צוזאַמען מיט גרענלאַנד און דיא אַרקטישע אינזלען איז איהר שטח אונגעפעהר 9½ מיליאָן קוו. מ. דיא לענג פון דעם איסטמוס פון פאַנאַמאַ, דעם שמאָלען פאַס לאַנד, וואָס פעראייניגט ביידע טיילען פון אַמעריקאַ, איז אונגעפעהר 450 מ. און זיין ברייט איז פערשיעדען פון 30 ביז 70 מ. לויט דער גרויס פון איהר שטח פערנעהמט אַמעריקאַ דעם דריטען אָרט צווישען דיא וועלט טיילען; גרעסער פאַר איהר זיינען אַזיען און אַפריקאַ.

דיא לענג פון דער ברעג=ליניע פון אַמעריקאַ, דאָס הייסט דיא צוזאַמענגענומענע לענג פון אַלע איהרע ברעגען, איז אונגעפעהר 43,780 מ. נאָך דעם ערך פון דעם שטח פון אַמעריקאַ איז איהר ברעג=ליניע דיא צווייטע אין לענג נאָך דער ברעג=ליניע פון איירָאפאַ. פון דיא איינשניטען אין דיא ברעגען פון נאָרד אַמעריקאַ איז דער וויכטיגסטטר דער גאָלף פון מעקסיקאָ (Gulf of Mexico) וועגען זיין גרויסערווירקונג אויף דעם קלימאַט. פון דיזען גרויסען ים=בוזים קומען דיא מעהרסטע רעגענס, וועלכע פאַלען אין מעקסיקאָ, און אויך אַ גרויסער טייל פון דיא רעגענס, וועלכע פאַלען אין דער אָסטליכער העלפט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

נאָרד אַמעריקאַ צייכענט זיך אויס מיט האַלב=אינזלען, וועהרענד זיד אַמעריקאַ האָט קיינע ניט. דיא וויכטיגסטע האַלב=אינזלען פון נאָרד אַמעריקאַ זיינען: אויף דער זייט פון אַייז=מעער — לאַבראַדאָר (Labrador) צו נאָרד=אָסט, בוטהיאַ פעליקס (Boothia Felix) און מעלווילל (Melville) צו נאָרד; אויף דער אַטלאַנטישער זייט — ניי שאָטלאַנד אָדער נאָוואַ סקאָשיאַ (Nova Scotia) צו אָסט, פלאָרידאַ (Florida) צו זיד=אָסט, יוקאַטאַן (Yucatan) צו זיד; אויף דער פאַסיפישער זייט

(צום שטילען אָקעאַן) — ניעדער־קאַליפאָרניא (Lower California) צו זיד־וועסט און אַלאַסקאַ (Alaska) צו נאָרד־וועסט.

דער אמעריקאנישער קאָנטינענט איז ארומגערינגעלט מיט פאָלגענדע אינזעל־גרופּעס: אין דעם נאָרדליכען אייז־מעער — דער ארקטישער ארכיפּעלאג, צו וועלכען עס געהערען דיא אינזלען: באַפּפין־לאַנד (Baffin Land), נאָרד־סאָמערסעט (North Somerset), פּרינץ פון וועילז (Prince of Wales), דיא באנקס־אינזעל (Banks Island), פּרינץ פּאַטריק (Prince Patrick), מעלוויללע (Melville), קאָרנוואַלל (Cornwall), נאָרד דעוואָן (North Devon), גרינעלל (Grinell) און דיא גרויסע אינזעל גרענלאַנד (Greenland); אין דעם אטלאַנטישען אָקעאָן — ניופאונדלענד (Newfoundland), דיא באהאמא־אינזלען (Bahama Islands), דיא אנטיללען (Antilles) אין דיא פאלקלאנד־אינזלען (Falkland Islands); אין דעם שטילען אָקעאַ (פּאַסיפיק) — דיא אינזעל־גרופּע פייערלאנד (Tierra del Fuego) [צו סאמע זיד, אפּגעטיילט פון קאָנטינענט דורך דיא שטראָם פון מאגעללאַן], וועללינגטאָן (Wellington), טשילאָע (Chiloe), דיא גאלאפּאַגאָס־אינזלען (Galapagos Islands) אונטער דעם עקוואַטאָר, וואַנקאָווער (Vancouver), קעניגין שארלאָטט (Queen Charlotte) און דיא אלעאוטישע אינזלען (Aleutian Islands).

אמעריקא געהט דורך, וויא אזיען, אלע קלימאטישע גארטלען און מיט איהר זידליכען ענד גרייכט זיא ווייטער, וויא יעדער אנדערער וועלט־טייל. זיא האָט דעריבער אַלע סאָרטען קלימאַטען און דיא פערשיעדענארטיגסטע טעמפּעראַטורען. זיד אמעריקא גע־

הערט מעהרסטענטיילס צו דעם גאַרטעל פון רעגענס. איהר זיד־ליכסטער טייל גרייכט ביז דיא געגענדען, וואו עס הערשט אייביגער שנעע. דער קלימאַט פון יבשה און ים אין דיזען וועלט=טייל איז זעהר גינסטיג פיר דיא ערהאַלטינג פון געוויעקס און חיות. דיא טעמפעראַטור אין נאָרד אַמעריקאַ איז וואַרימער אין דער ריכטונג פון אָסט נאָך וועסט און אין זיד אַמעריקאַ פון וועסט נאָך אָסט. אין פלאַנצען האָט דיא נאַטור אין אַמעריקאַ דערגרייכט דיא גרעסטע שטופע, אין טיערע איז זיא הינטערשטעליג געגען דיא קאָנטינענטען פון דער אַלטער וועלט (אייראָפּאַ, אַזיען און אפריקאַ).

אַמעריקאַ האָט אויף דער וועסטליכער זייט דיא העכסטע ערטער; אויף דער אָסטליכער זייט ציהען זיך ניעדערלענדער מיט גרויסע טייכען ביז צום ים. זיד אַמעריקאַ האָט מעהרסטענס ניעדערלאַנד; אין נאָרד אַמעריקאַ זיינען היכלאַנד און ניעדערלאַנד כמעט גלייך אויף גלייך. דער וועסטליכער ברעג (דיא זייט צו דעם שטילען אָקעאַן) איז אויף אַן אונגעהייערע לענג בעזוימט מיט אַ קייט פון בערג, וועלכע ווערען בעצייכענט מיט דעם נאָמען קאָרדיללערען (Cordilleras). דער טייל פון דיזער וועסטליכער בערג=קייט אין נאָרד אַמעריקאַ ויערט בעצייכענט אַלס פעלזגעבירג (Rocky Mountains) אָדער קאָרדיללערען פון נאָרד אַמעריקאַ (North American Cordilleras) און אין זיד אַמעריקאַ הייסען זיי דיא אַנדען (Andes) אָדער דיא קאָרדיללערען פון זיד אַמעריקאַ (South American Cordilleras). דיזע צוויי אָפּטיילונגען זיינען פערבונדען דורך דיא שמאָלע בערגיגע געגענד פון צענטראַל אַמעריקאַ. צו אָסט פון דיא קאָרדיללערען זיינען דיא פלאַכלענדער פון נאָרד און זיד אַמעריקאַ, וועלכע זיינען אָפּגעטיילט דורך דעם גאָלף פון מעקסיקאָ און דעם קאַרריבּישען מעער.

אַמעריקאַ איז רייכער אין וואַסער ווי דיא אַנדערע וועלט=טהיילען; זיא האָט דיא גרעסטע טייכען און דיא מעהרסטע אינלענדישע זעען (אָזיערעס). דיא וואַסערן פליעסען, מיט אויסנאַהמע פון וועניגע טייכען, צום אַטלאַנטישען אָקעאַן. צום נאָרדליכען אַייזמעער פליעסען נאָר אונוויכטיגע טייכען. אין דעם נאָרדליכען טהייל פון נאָרד אַמעריקאַ ליעגט אַ גרופע פון זעען, וועלכע שטעהען דורך דיא שטרעמונגען פון טייכען מעהר אָדער וועניגער אין פערבינדונג.

דיא וויכטיגסטע פראָדוקטען פון אַמעריקא זיינען אין נאָרד אַמעריקאַ — נאָדעל=האָלץ (יעלאָויע ביימער, סאָסנעס א. ז. וו.), דער טולפען=בוים (tulip-tree), דיא פאַרבער=אייכע אָדער דער שוואַרצער דעמב (black oak), דער צוקער=בוים (maple-tree), דער לאָרבער=בוים (bay-tree), דיא יוקקאַ אָדער פאַלמ=ליליע (yucca), דיא אַגאַווע (agave, century plant) [אַ מין שעהנע בלומענ=פלאַנצע], דער קאַקטוס (cactus), דיא יאַלאַפע (jalap) [אַ מין גראָזאַרטיגע מעדיצינישע פלאַנצע], מאַאיז אָדער קוקורוזע (maize) און רייז (rice); אין זיד אַמעריקאַ — דיא ליאַנעס (lianas) [וויקעלדיגע פלאַנצען, וועלכע וואַקסען אין דיא אור=וועלדער]; דער באַמבוס (bamboo), פאַרנקרויט (fern), פאַלמען (palms), באַנאַנעס (bananas), אַנאַנאַסען (pine-apples), דער כינינ=בוים (cinchona) [וואָס פון זיין קאָרע בעקימט מען כינין], דער מאַהאָגאַני=בוים (mahogany). צו דיא פלאַנצען, וועלכע וואַקסען אי אין נאָרד אַמעריקאַ אי אין זיד אַמעריקאַ, געהערען: קאַרטאָפעל, מאַאיז אָדער קוקורוזע, טאַבאַק, קאַפע, צוקער=ראָהר (sugar-cane), באַוועל, קאַקאַאָ (cocoa), וואַניללאַ (vanilla) און פיזאַנג (pisang) [באַנאַנאַ].

פון דיא טיערע, וועלכע געהערען צו אַמעריקאַ, זיינען: דער נאָרדליכער הירש אָדער דאָס רענ־טיער (rein-deer), דער מאָשוס־הירש (musk-deer) [אַ מין קליינער הירש], דער אייז־בער (polar bear, white bear), דער גרויער און שוואַרצער בער, דער וואַלפיש (whale), דער זעע־הונד (seal), דער זעע־אָטער (sea-otter) [אַ קליינע רויבערישע ים־חיה], דער ציטער־פיש (electric ray), דער ציטער־אַאַל אָדער עלעקטרישער אַאַל (gymnotus, electric eel), דאָס עלענ־טיער (elk, moose-deer) [אַ מין גרויסער הירש], דיא אָנצע (ounce) [אַן אַרט יאַגואַר], דיא פעט־גאַנז (penguin), דיא וואַנדער־טויבּ, דיא קאָליבּרי (colibri) [אַן אַרט פויגעל], דער פּאַפּאַגאַי (parrot), דער קאָנדאָר (condor) [אַ גרויסער רויבּ־פויגעל], דער שטרויס־פויגעל (ostrich), דיא קלאַפּער־שלאַנג (rattle-snake), דער אַלליגאַטאָר (alligator) [אַן אַרט קראָקאָדיל], דיא קאָשעניל (cocheneal) [אַן אינסעקט, וועלכען מען בענוצט צום פאַרבען], דיא פּורפּור־מושעל (purple) [אַ שאָל־חיה'לע, וואָס לאָזט אַרויס אַ פּורפּור־רויטע פליסיגקייט], מאָסקיטאָס (mosquitos) [אַן אַרט קאָמאַרעס אָדער בייסענדע פליגען].

פון דיא מינעראַלען פון אַמעריקאַ, זיינען: גאָלד, זילבער, פּלאַטינאַ (platina, platinum), קופּער, בּליי, צין (tin), אייזען, צינק (zinc), קוועקזילבער (quicksilver, mercury), דיאַמאַנטען, סאַלפּעטער (saltpetre, nitre), שטיינ־קויהלען, פּעטראָלעאום, זאַלץ.

דיא בעפעלקערונג פון אַמעריקאַ שליעסט איין דיא פאָלגענדע ראַסען: דיא אַמעריקאַנישע (אינדיאַנער), דיא מאָנגאָלישע (דיא

עסקימאָסען אין דיא פּאָלאַר-געגענדען), דיא קאַווקאַזישע (ווייסע) און דיא עטיאָפּישע (נעגערם). דיא צאָהל פון מענשען איף דעם גאַנצען קאָנטי־נענט איז אונגעפעהר 137 מיליאָן. פון דיזע געפינען זיך אין נאָרד אַמעריקאַ אונגעפעהר 97 מיליאָן, אין זיד אַמעריקאַ ביי 40 מיליאָן. *) דיא אַיינוואוינער פון נאָרד אַמעריקאַ שליעסען איין: ווייסע, וועלכע זיינען אַריבערגעקומען פון אייראָפּאַ; נעגערס, וואָס שטאַמען פון שקלאַפען, וועלכע זיינען אַריבערגעבראַכט געוואָרען פון אַפריקאַ; אַמעריקאַנישע אור-אַיינוואוינער אָדער אינדיאַנער און געמישטע פון פערשיעדענע ראַסען. דיא אינדיאַנער אין נאָרד אַמעריקאַ צעה־לען אונגעפעהר 500,000; דיא נעגערס צעהלען אונגעפעהר 12,000,000. דיא אַיינוואוינער פון זיד אַמעריקאַ בעשטעהען פון שפּאַניער און פּאָרטוגעזען, געמישטע ראַסען און נעגערס. אור-אַיינ־וואוינער (אינדיאַנער) זיינען אין זיד אַמעריקאַ דאָ פיעל מעהר וויא אין נאָרד אַמעריקאַ. דיא געמישטע ראַסען זיינען דאָרטען מעהר־סטענס פון אייראָפּעער און אינדיאַנער.

דיא שפּראַכען פון אַמעריקאַ זיינען: דיא עסקימאָסען-שפּראַך און דיא אינדיאַנישע שפּראַכען צווישען דיא אור-אַיינוואוינער; ענגליש, פּאָרטוגעזיש, שפּאַניש, פראַנצויזיש און האָללענדיש צווישען דיא אַיינוואוינער, וועלכע שטאַמען פון אייראָפּעער.

אַלע אַמעריקאַנישע לענדער זיינען רעפּובליקען. עס זיינען היער דאָ קאָלאָניעס פון אייראָפּעאישע מדינות. דיזע קאָלאָניעס שטעהען אונטער דער ממשלה פון דיא בעטרעפענדע לענדער.

אין דער הינזיכט פון רעליגיאָן פערטיילען זיך דיא אַיינוואוי־נער פון אַמעריקאַ אין בעקענער פון פעטיש-געטער אָדער געצענ־דיענער (דיא פרייע אינדיאַנער און עסקימאָסען), קריסטען פון אַלע

*) דיזע ציפערן זיינען עטוואָס אַלטע. צו ענדע פון דיזען בוך וועט געגעבען ווערען דיא נייעסטע סטאַטיסטיק.

סעקטען און אידען. אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען איז דיא הער־שענדע קריסטליכע קירכע דיא פּראָטעסטאַנטישע. אין דיא איבריגע לענדער פון אַמעריקאַ איז דיא הערשענדע קירכע דיא קאַטוילישע.

אַמעריקאַ ווערט אָנגערופען דיא נייע וועלט, ווייל מען מען איז מיט איהר בעקאַנט געוואָרען פיעל שפּעטער, וויא מיט אייראָפּאַ, אַזיען און אַפריקאַ. עס איז אַלגעמיין בעקאַנט, דאָס דיזער וועלט־טייל איז צום ערסטען מאָל ענדעקט געוואָרען אין 1492 דורך דעם איטאַליענער קריסטאָפער קאָ־לומבוס (Christopher Columbus) [1436—1506], אָבער עס זיינען דאָ גוטע בעוויזע, דאָס שוין מיט טויזענד יאָהר צוריק — פינף הונדערט יאָהר פאַר קאָלומבוס'ן — האָבען דיא נאָר־מאַנען פון נאָרוועגען און דענמאַרק בע־זוכט דיזען קאָנטינענט. דיא נאָרמאַנען האָבען ענטדעקט דעם נאָרדליכען טייל פון דיזען קאָנטינענט און האָבען זיך



97. — קריסטאָפער קאָלומבוס.

בעזעצט ביי'ם נאָרד־אָסטליכען ברעג, אָבער זיי זיינען באַלד פער־טריעבען געוואָרען דורך דיא „סקערלינגער" (עסקימאָסען) און דיא ענטדעקונג פון דיזען וועלט־טייל איז פערגעסען געוואָרען. קאָלומ־בוס האָט ניט ענטדעקט דעם אַמעריקאַנישען קאָנטינענט, דאָס הייסט דיא גאַנצע גרויסע שטיק יבשה, נאָר איינע פון דיא אינזלען, וועלכע ליעגען ביי צענטראַל אַמעריקאַ. דיזע אינזעל איז געווען גואַנאַהאַני (Guanahani), וועלכע קאָלומבוס האָט געגעבען דעם נאָמען סאַן סאַלוואַדאָר (San Salvador) [„הייליגער רעטער"]. דאָס עס איז דאָ אַ גאַנצער קאָנטינענט האָט מען ערסט

דערגאנגגען שפעטער. דעם נאָמען אמעריקא האָט דיזער וועלט-טייל געקראָגען נאָך א זעע-פאָהרער מיט'ן נאָמען אמעריגא וועספוטשי (Amerigo Vespucci), וועלכער האָט דיזען וועלט-טייל בעזוכט און אויסגעפאָרשט אין 1499 — 1500.

נאָך קאָלומבוס'ס ענטדעקונג האָבען זעע-פאָהרער פון פערשיע-דענע נאציאָנען געמאכט וויטערע ענטדעקונגען. דער נאָרדליכער ברעג פון נאָרד אמעריקא איז ענטדעקט געוואָרען דורך דזשאָהן קאבאָט (John Cabot) און זיין זוהן סעבאסטיאן (Sebastian) אין 1497. דיזע צוויי זעע-פאָהרער זיינען געוועזען אין דיענסט פון דער ענגלי-שער רעגיערונג. דער ברעג פון לאבראדאָר איז אויסגעפאָרשט געוואָרען דורך דעם פאָרטוגעזישען זעע-פאָהרער גאספאר קאָרטערעאל (Gaspar Cortereal) אין 1500. פלאָרידא איז ענטדעקט געוואָרען פון דעם שפאניער פאָנצע דע לעאָן (Ponce de Leon) אין 1512. דער אָסטליכער ברעג, וועלכער שליעסט איין ניו יאָרק, איז אויס-געפאָרשט געוואָרען פון דעם איטאליע-נער דזשיאָוואני דע ווערראצאנא (Giovanni de Verrazano) אין 1524. מעקסיקא איז אויסגעפונען גע-וואָרען פון דיא שפאניער, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין דיא ערטער, וואָס זיינען ענטדעקט געוואָרען פון קאָלומבוס'ן און איז בעזיעגט געוואָרען דורך דעם שפאניער פערנאנדא קאָרטעס (Fernando Cortez) אין 1519—1521. אין 1534 האָבען זיך געגרינדעט פראנצויזי-שע קאָלאָניעס אין קאנאדא און אין דעם 17טען יאָהרהונדערט האָ-בען זיך געגרינדעט ענגלישע קאָלאָניעס ביי דעם ברעג פון דעם


98. — פערנאנדאָ קאָרטעס.

אַטלאַנטישען אָקעאַן. פֿין דיזע ענגלישע קאָלאָניעס איז עס שפּעטער ענטשטאַנען דיא רעפּובּליק פֿין דיא פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון נאָרד אַמעריקאַ. דיא נאָרדליכע ברעגען



99.—פֿערדינאַנד מאַגעללאַן.

פֿון זיד אַמעריקאַ זיינען אויסגעפֿאָרשט געוואָרען דורך אַמעריגאָ וועספּוטשי אין 1499—1500. בּראַזיליען (Brazil) איז ענטדעקט געוואָרען דורך דעם פּאָרטוגעזישען זעע=פֿאָהרער פּעדראָ קאַבּראַל (Pedro Cabral) אין 1500. דיא ים=שטראַס מאַגעללאַן (Strait of Magellen), וועלכע טיילט אָפּ דיא פֿייערלאַנד=אינזלען פֿון דעם זידליכען ענד פֿון זיד אַמעריקאַ, איז ענטדעקט געוואָרען אין 1519 דורך פֿערדינאַנד מאַגעללאַן (Ferdinand Magellan), וועמעס נאָמען זיא טראָגט. דיא מדינה פּערו איז בּעזיעגט געוואָרען פֿון דעם שפּאַניער פֿראַנציסקאָ פּיצאַררא (Francisco Pizarro) אין 1532. אין 1558 האָבּען פֿראַנצויזען געגרינדעט אַ קאָלאָניע אין ריאָ זשאַניירא (Rio Janeiro) [בּראַזיליען], וועלכע איז אין 1567 איבּערגעגאַנגען צו דיא פּאָרטוגעזען. צווישען 1613—1674 האָבּען ענגלענדער, האָללענדער און פֿראַנצויזען זיך בּעזעצט אין גוויאַנאַ (Guiana). כּמעט דער גאַנצער זידליכער טייל פֿון אַמעריקאַ איז בּעזיעגט געוואָרען פֿון שפּאַניער און פּאָרטוגעזען. דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס האָבּען אין



100. — פֿראַנציסקאָ פּיצאַררא.

1810 רעוואָלטירט און האָבען זיך געגרינדעט אין בעזונדערע רע־פובליקען.

ווען דיא אייראָפּעער זיינען געקומען צו דיזען וועלט־טייל האָבען זיי דאָ געפונען איינגעבאָרענע מענשען, מאַנכע אין ווילדען צושטאַנד און מאַנכע, וויא אין פערו און מעקסיקאָ, אין אַ ציוויליר־זירטען צושטאַנד. וויא לאַנג דיזע מענשען זיינען שוין דאָ געוועזען און פון וואַנען זיי האָבען זיך דאָ גענומען קען מען מיט בעשטימט־הייט ניט זאָגען. מען נעהמט אָן, דאָס זיי זיינען מיט זעהר אַן לאַנגער צייט צוריק אַריבערגעקומען אויף דעם אַמעריקאַנישען קאָנ־טינענט פון נאָרד אַזיען דורך דיא בערינג־שטראָס (Bering Strait), וועלכע זונדערט אָפּ אַלאַסקאַ פון דעם אַזיאַטישען קאָנטי־נענט; אַנדערע, גלויבט מען, זיינען אַריבערגעקומען דורך דעם שטילען אָקעאַן אָדער דעם פּאַסיפיק פון זיד־אָסט אַזיען אָדער פון נאָהענטע אינזלען דערביי. דיא העכסטע ציוויליזאַציאָן, וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט אין דיזען וועלט־טייל, איז געוועזען אויף דיא צוויי הויכלענדער פון פּערו (Peru) און מעקסיקאָ (Mexico). דיא פעלקער פון דיזע מדינות האָבען ניט ערצויגען קיין טיערע צום אַרבייטען אָדער פיר שפּייז און האָבען ניט ענטווי־קעלט קיין פערקעהר אויף דיא וואַסערן; זיי האָבען געפיהרט אַן אָפּגעזונדערטעס אינלענדישעס לעבען. זיי האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט לאַנד־אַרבייט, האָבען בעאַרבייט פיעל מינעס און בענוצט פיעל גאָלד, זילבער, וואַהרשיינליך אויך אַייזען, און זיינען געווען גוטע האַנד־ווערקער. דיא אַצטעקען (Aztecs) — אַזוי האָבען גע־הייסען דיא איינוואוינער פון מעקסיקאָ — האָבען בעזעסען אַ שריפט, וועלכע איז בעשטאַנען אין היעראָגליפען (בילדער־בוכשטאַבען), און האָבען געהאַט אַ קאַלענדאַר, וועלכער, וויא עס ווערט בעהויפּטעט, איז געוועזען פּינקטליכער וויא דער רוימישער. פון דיא ערסטע

ציוויליזירטע פעלקער אין אַמעריקאַ זיינען פערבליעבען גוט־איינגע־פלאַסטערטע וועגען, וואַסער־לייטונגען, וועלכע ווערען נאָך בענוצט (אין פּערו), רואינען פון שעהנע פּאַלאַצען, טעמפּלען און שכל'דיג געבויטע פעסטונגען. אין מעהרערע טיילען פון נאָרד אַמעריקאַ זיינען דאָ וואוינונגען, מינעס און אָנגעשאָטענע וואַלען, וועלכע ווייזען, דאָס דיא מענשען אין דיזען טייל אַמעריקאַ זיינען אַמאָל געווען שטאַרק פערשפּרייט; אָבער ווען דיא אייראָפּעער האָבען דיזען קאָנטינענט ענדעקט און איינגעפאָרשט זיינען דיא איינגע־באָרענע איינוואוינער אין נאָרד אַמעריקאַ אין אויף דיא פּלאַכלענדער פון זיד אַמעריקאַ געווען מעהרסטענס ווילדע, וועלכע האָבען זיך ערנעהרט פון יאַגדען און פישען. דיא ערסטע זעע־פאָהרער האָבען דיזע אור־איינוואוינער פון אַמעריקאַ דורך אַ טעות אַ נאָמען געגעבען אינדיאַנער (Indians); זיי האָבען געמיינט, אַז דיא ערטער, וועלכע זיי האָבען אין דיזען וועלט־טייל ענדעקט, זיינען געווען אַ טייל פון דער מדינה אינדיען אין אזיען. דיזער טעות איז פער־בליעבען און מען רופט דיא אור־איינוואוינער פון דיזען לאַנד נאָך עד היום מיט דיזען נאָמען.

דער אַמעריקאַנישער קאָנטינענט און דיא אינזלען, וועלכע געהערען צו איהם, זיינען פּאָליטיש געטיילט אין פיעלע טיילען. דיא מעהרסטע פון דיזע זיינען זעלבסטשטענדיגע מדינות און אייניגע זיינען קאָלאָניעס פון אייראָפּעאישע לענדער. דיא פּאָליטישע טיילען פון נאָרד אַמעריקאַ זיינען: גרענלאַנד (Greenland), בריטישע אַמעריקאַ (British America), דיא פעראייניגטע שטאַאַטען (United States) און מעקסיקאָ (Mexico). דיא פּאָ־ליטישע טיילען פון צענטראַל אַמעריקאַ זיינען: פּאַנאַמאַ (Panama), קאָסטאַ ריקאַ (Costa Rica), ניקאַראַגואַ (Nicaragua), סאַלוואַדאָר (Salvador), האָנדוראַס (Honduras),

גואטעמאלא (Guatemala), קובא (Cuba) און האי־איטי (Haiti, Hayti). דיא פאָליטישע טיילען פון זיד אמעריקא זיינען: ווענעצועלא (Venezuela), קאָלאָמביא (Colombia), עקואדאָר (Ecuador), פערו (Peru), באָליוויא (Bolivia), טשילע (Chile), אורגואי (Uruguay), פאראגואי (Paraguay), ארגענטינא (Argentina), בראזיליען (Brazil), דיא איידאָפעאישע קאָלאָניע גואי־אנא (Guiana) און דיא ארגענטינישע טערטאָריע פייער־לאנד (Tierra del Fuego). בעשרייבונגען פון דיזע מדינות ווערען געגעבען אין דיא נעכסטע קאפיטלען.

2. קאפיטעל.

## דיא אינזעל גרענלאַנד.

לאגע, שטח און באָדען. — קלימאט. — געוועקס. — טיערע און מענשען. — בעזעצונגען. — האנדעל און רעגיערונג. — געשיכטע פון ענטדעקונג. — בעזוך פון פאָלאר־רייזענדע.

גרענלאַנד ליעגט אין דער נאָרדליכער פאָלאר־געגענד צווישען 60° און 83° 30′ נאָרדליכע ברייט אין האָט א שטח פון אונגעפעהר 512,000 קוו. מ. דער באָדען פון דיזער אינזעל איז כמעט אין גאַנצען בעדעקט מיט א מאַנטעל פון אייז, וועלכער גרייכט אין מאַנכע ערטער ביז 10,000 פוס איבער דעם שטח פון ים. נאָר א שמאָלער טייל ביי דעם וועסטליכען ברעג איז פריי פון אייז און צוגענגליך; דער אָסטליכער ברעג און דער זידליכער זיינען אימער

פערבלאָקירט מיט גרויסע מאַסען אייז. אַרום דיא ברעגען פון גרענלאַנד זיינען דאָ פיעלע פיאָרדען (אַזוי ווערען אָנגערופען שמאָלע איינשניטען ביי הויכע פעלזיגע ברעגען), אָבער וועגען דעם אָנגעטריבענעם אייז פון דעם נאָרדליכען אייז-מעער איז צו זיי שווער צוצוקומען. פון דעם אייז, וועלכער בעדעקט דעם באָדען פון גרענלאַנד, ברעכען זיך צייטענווייז אָפּ גרויסע מאַסען, וועלכע פאַלען אַרונטער אין ים און צושפּאַלטען זיך אין פיעלע אייז-בערג.

דער קלימאַט פון גרענדלאַנד איז זעהר א רויהער. דיא ווינטערן זיינען לאַנג, פינסטער און מורא'דיג קאַלט. דיא טעמפּעראַטור פאַלט אין ווינטער פון $50^0$ ביז $60^0$ פאַהרענהייט. אין דיא קורצע זומערן איז דיא טעמפּעראַטור אין שאָטען אָפט $60^0$ אונטער דעם פריער-פונקט.

דער באָדען אונטער דעם אייז אויף דעם ניעדריגערן טייל פון גרענדלאַנד צו וועסט איז טונדרא, דאָס הייסט געפרוירענער זומפּ. אין זומער, ווען דער שנעע אויף דעם וועסטליכען ברעג ווערט צושמאָלצען, ווערט דער באָדען אויף עטליכע צאָל וויין; אונטער דער שיכט, וועלכע ווערט וויין פון דער וואַרימקייט, בלייבט דער באָדען אימער געפראָרען. אויף אַזאַ ערד קענען נאָר וואַקסען אַזעלכע פלאַנצען, וואָס זייערע וואָרצלען געהען ניט טיעף. דיא געוועקסען פון אַ טונדרא בעשטעהען הויפּטזעכליך פון מאָכען און ניעדריגע קוסטאַרניקעס; אין מאַנכע ערטער קענען זיך אויך געפינען ניעדריגע בוימלאַך אַ פּאָאָר פוס דיא הויך. דער וועסטליכער ברעג פון גרענלאַנד ווערט אין זומער בעוואַקסען מיט מאָכען און גראָזען, פון וועלכע עס ערנעהרען זיך דיא לאַנד-חיות, וואָס געפינען זיך אין דיא פּאָלאַר-געגענדען.

דיא וויכטיגסטע לאַנד-טיערע פון גרענלאַנד און פון דיא אַרומיגע פּאָלאַר-געגענדען זיינען: דער מאָשוס-אָקס, דאָס רענ-טיער

(אַזאַ הירש), דער ארקטישער פוקס און דער פאָלאר-בער. דיא וואסער-טיערע אין דיזע געגענדען זינען: זעע-הינט, וואלרוסען (זעע-פערד), וואל-פישען און פיש. אויסער דיזע לאַנד-טיערע און וואסער-טיערע געפינען זיך אין דיזע געגענדען מיליאָנען אֵיידער-גענז (eider ducks) און אַנדערע וואסער-פויגלאַך. דיזע טיערע ליעפערן דיא איינוואוינער פון גרענדלאַנד נאַהרונג, קליידונג, בעלייכטונג, בעהייצונג און אַנדערע נויטווענדיגקייטען.

דיא איינוואיינער פון גרענלאַנד זיינען הויפטזעכליך דיא עסקימאָסען, וועלכע צעהלען עטליכע טויזענד זעעלען. דיזע מענשען ערנעהרען זיך מעהרסטענס פון יאגדען און פישען. אין זומער ברייגען זיי זייערע געצעלטען אויף דיא טונדרא פון דעם וועסטליכען ברעג און ווינטער בויען זיי אין פערשיעדענע ערטער הייזלאַך פון שטיין אָדער פון אייז, וועלכע זיי בעהייצען מיט פעטס פון טיערע. אויסער דיזע אור-איינוואוינער זיינען דאָ אין גרענדלאַנד אַנזעסיגע דענעמאַרקער, וועלכע לעבען צושפּרייט איבער דעם וועסטליבען ברעג אין קליינע קאָלאָניעס. פיעלע פון דיא איינוואוינער זיינען געמישטע קינדער פון עסקימאָסען און אייראָפּעער. דיא גאַנצע בעפעלקערונג פון גרענלאַנד איז לויט א סטאַטיסטיק פון 1890 געווען 10,516. דיא הויפּט בעזעצונגען אין גרענלאַנד זיינען גאָדטהאַב (Godthaab), קריסטיאַנסהאַב (Christianshaab) און אופּערנאַוויק (Upernavik), דיא לעצטערע געפינט זיך ביי 72° 48′ נאָרדליכע ברייט. אופּערנאַוויק איז דיא איינציגע בעזעצונג אין דער וועלט, וועלכע ליעגט אַזוי וויט צו נאָרד.

גרענלאַנד איז ענטדעקט און בעזעצט געוואָרען פון דיא נאָרמאַנען מעהר אַלס 900 יאָהר צוריק, אָבער דיא קאָלאָניעס פון יענער צייט האָבען זיך דאָרטען ניט לאַנג געהאַלטען און דיזע אינזעל איז פערגעסען געוואָרען. 600 יאָהר שפּעטער האָבען ענגלענ-

דער זיא ווידער ענטדעקט און מען האָט אָנגעהויבען אהין צו קו־מען פיר פיש־פאַנג. דיא ערסטע שטענדיגע איירָפּעאישע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען פון דענישע מיסיאָנערען אין דעם 18טען יאָהרהונדערט. דעם נאָמען „גרענלאַנד" האָט דיא אינזעל



101. — אַ לאַנדשאַפט פון נאָרד־פּאָל.

געקראָגען דערפאַר, ווייל אין זומער איז איהר וועסטליכער ברעג בעדעקט מיט גרינס (גרינעס לאַנד). דיא ערסטע ענטדעקער האָבען געוועהלט דיזען נאָמען אום צוצוציהען עמיגראַנטען.

דיא קאָלאָניעס פון גרענלאַנד שטעהען אונטער דער אויפזיכט פון דענעמאַרק און דער האַנדעל, וועלכער ווערט דאָרט געפיהרט, איז זייט 1774 אַ מאָנאָפּאָל פון דער דענישער רעגיערונג. דער גרענלאַנדער האַנדעל ווערט פערוואַלטעט אין קאָפּענהאַגען דורך אַ רעגיערונגס־קאָמיסיאָן, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „קאָנגעליגע גרענלאַנדסקע האַנדעל" (קעניגליכער גרענלאַנדישער האַנדעל). צום צוועק פון רעגיערונג און פון האַנדעל איז דער וועסטליכער ברעג

פון גרענלאַנד ביז כמעט $74^0$ נאָרדליכע ברייט אַיינגעטיילט אין צוויי זאָ־גענאַנטע אינספעקטאָרשאַפטען (inspectorates) — דיא זידליכע ביז $67^0$ $40'$ און דיא נאָרדליכע ביז $74^0$. דיא הויפּט־שטעדט פון דיזע צוויי טיילען זיינען: פון דעם זידליכען — גאָדטהאַב (Godthaab), פון דעם נאָרדליכען — גאָדהאַווען (Godhavn). דיא אינספעקטאָרשאַפטען ווערען רעגיערט פון צוויי גובערנאַטאָרען, וועלכע זיינען פעראַנטוואָרטליך צים דירעקטאָר פון דער האַנדעלס־קאָמיסיאָן אין קאָפּענהאַגען. יעדע פון דיא אינספּעקטאָרשאַפטען איז אַיינגעטיילט אין דיסטריקטען און יעדער דיסטריקט האָט אויסער זיין הויפּטשטאָדט אָדער „קאָלאָניע"*) אייניגע אויסערע פאָסטען און עסקימאָסישע יאַגד־סטאַציאָנען מיט אויפזעהער, וועלכע זיינען פעראַנטוואָרטליך צום הויפּט אויפזעהער פון דעם דיסטריקט. פון דיא עסקימאָסישע סטאַציאָנען איז פעטס פון וואַל־פישען דער הויפּט אַרטיקעל. דיזעס פעטס ווערט אויסגעאַרבייט אין אויל און ווערט אַוועקגעשיקט נאָך קאָפּענהאַגען אין רעגיערונגס־שיפען, וועלכע קומען און געהען צווישען מאַי און נאָוועמבער. דעם איבריגען טייל פון יאָהר איז דער פערקעהר פון שיפען אַיינגעשטעלט. אין דיא ווינטער־מאָנאַטען זיינען דיא אַיינוואוינער פון גרענלאַנד בעשעפטיגט מיט דעם פאַנג פון זעע־הינט.

דיא אינערע געגענד פין גרענלאַנד איז בעדעקט מיט אַן אייביגען אַייז און איז זעהר בערגיג און גריבערדיג. מעהרערע פאָלאַר־רייזענדע, וועלכע האָבען דאָרטען אַיינגעדרונגען, האָבען פערלאָרען דיא קרעפטען אַרומוואַנדערנדיג איבער דיא בערג און גריבער

*) אַ „קאָלאָניע" אין גרענלאַנד איז אַ דערפעל, וואָס האָט פיער דענישע הייזער, אַ לאַגער פון וואַרע, אַ פאַבריק צום קאָכען פעטס פון וואַל־פיש, און אין מאַנכע פעלע אויך אַ לוטעראַנישען מיסיאָנער אָדער גייסטליכען, אַ לעהרער און אַן אַרצט.

און זיינען אומגעקומען פון דער שרעקליכער קעלט, וועלכע הערשט דאָרטען דעם גאַנצען יאָהר. אייניגע רייזענדע איז געלונגען בשלום דורכצוציעהן דיזע אינזעל. פון דיא לעצטע פּאָלאַר־רייזענדע, וועלכע האָבען בעזוכט גרענלאַנד, זיינען געווען פרידיאָף נאַנסען (Fridjof Nansen), אַ נאָרוועגיער, אין 1888, און דער אַמעריקאַנישער פּאָל־ענטדעקער ראָבערט פּירי (Robert Peary), אין 1893—1894. נאַנסען האָט דורכגעקרייצט דיא גאַנצע אינזעל און פּירי האָט אויסגעפאָרשט דעם נאָרדליכען טייל.

---

## 3. קאַפּיטעל.

## דיא בריטישע אַמעריקאַ.

דיא ענגלישע קאָלאָניע קאַנאַדאַ. — איהרע פּראָווינצען און טערריטאָריעס. — דיא אינזעל ניופאַונדלענד. — דיא בערמודאַ אינזלען. — ערסטע בעזעצונגען אין דיזע ערטער.

דיא בריטישע אַמעריקאַ שליעסט איין: 1) קאַנאַדאַ (Dominion of Canada), 2) דיא אינזעל ניופאַונדלענד (Newfoundland) און 3) דיא בערמודאַ־אינזלען (Bermudas).

1. קאַנאַדאַ. — דיזע מדינה גרענעצט זיך מיט דעם אַרקטישען אָקעאַן (נאָרדליכען אייז־מעער) צו נאָרד, מיט לאַבראַדאָר און דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן צו אָסט, מיט דיא פעראייניגטע שטאַאַטען צו זיד, מיט דעם שטילען אָקעאַן (פּאַסיפיק) און אַלאַסקאַ צו וועסט. קאַנאַדאַ האָט אַ שטח פון איבער 3 מיליאָן קוו. מ.,

אָבער דער בעפעלקערטער טייל איז בעשרענקט אויף דיא געגענד, וועלכע ליעגט ביי דעם טייך סט. לאָרענס (St. Lawrence) און ביי דיא אָזיערעס. דיזער טייל איז איינגעשאָסען צווישען דעם אָסטליכען ברעג פון דער אָזיערע הוראָן (Lake Huron) און דעם מעריריאַן פון דער שטאָדט קוויבעק.

דיא אויבערפלעך פון קאַנאַדאַ איז אין אַלגעמיין ניעדריג צו אָסט פון דיא פעלזען-בערג (Rocky Mountains) און גרויסע טיילען צו נאָרד זיינען בעדעקט מיט טונדראַס (געפרוירענע זומפען). דער נאָרדליכער ברעג פון קאַנאַדאַ איז אַזוי קאַלט, דאָס דאָרטען קענען ניט וואַקסען קיין בוימער און קיין שפייז-געוועקס. וויטער צו זיד ציהט זיך אַ לאַנגער טראַקט פון וואַלד איבער דער ברייט פון גאַנצען קאָנטינענט און אין דעם זידליכען טייל פון דיזען טראַקט געפינען זיך טייערע וועלדער פון פיכטענ-בוימער (סאָסנעס) און אַנדערע האָלצען, וועלכע ווערען בענוצט צום בויען. זידליך פון דער וואַלד-געגענד ליעגען ניעדריגע און הויכליכע פלאַכלענדער, וועלכע זיינען כמעט אָהן בוימער, אָבער זיינען אין מעהרסטע ערטער גוט בעוואַקסען מיט גראָז. דיזע פלאַכלענדער זיינען דיא וויכטיגסטע פיר דיא צוקינפטיגע ענטוויקלונג פון קאַנאַדאַ. אַ טייל פון דיזען שטח טויג ניט פיר בעאַרבייטונג, אָבער דער מעהרסטער באָדען, איבערהויפט דער, וואָס ליעגט ביי'ם רעד ריווער (Red River) אַרום דיא אָזיערעס וויננים עג (Winnipeg) און מאַניטאָבאַ (Manitoba), און אין דעם טאָל פון דעם טייך סאַסקאַטשעוואַן (Saskatchewan), איז זעהר רייך און דער קלימאַט איז דאָרטען זעהר גוט פיר אַגריקולטיר. אין ווינטער איז דיזער באָדען הויך בעדעקט מיט שנעע, אָבער דיא וואַרימע זומערן זיינען גענוג צו מאַכען, אַז ווייץ זאָל דאָרטען ווערען צייטיג אין דריי אָדער פיער מאָנאַטען. דיא דורכשניטליכע צאָהל בושעלס פון ווייץ

פער אקער, וועלכע וואקסען אויף דיזען רייכען באָדען מיט וועניג מיסטיגונג, איז אונגעפעהר צוואנציג. דאָס איז א העכערער דורכשניט וויא אין אירגענד וועלכען לאַנד אויסער ענגלאַד.

אין דיא קאַלטע אונבעוואוינטע געגענדען פון נאָרד זיינען דאָ זעהר פיעלע טיערע, פון וועלכע מען בעקוממט פעלצ-ווארג. אין דעם זידליכען טייל פון קאנאדא זיינען דאָ טייערע ערטער פיר פיש-פאַנג, וועלכע זיינען פון דיא גרעסטע אין דער וועלט. שטאָק-פיש, הערינג און מאַקרעלען זיינען דער הויפט-פאַנג אין דיא וואסערן ביי'ם וועסטליכען ברעג. קאנאדא איז אויך רייך אין מינעראל-פראָדוקטען. גאָלד, זילבער און קופער ווערען געגראָבען אין דעם וועסטליכען טייל און קויהלען אין דעם אָסטליכען און אין דעם וועסטליכען.

קאַנאַדאַ האָט א בעקוועמען וואסער-פערקעהר, וועלכער איז זעהר וויכטיג פיר איהרע אינדוסטריעלע געגענדען, וואָס ליעגען אזוי וויט פון דיא אייראָפּעאישע מערק. פון דער מינדונג פון סט. לאָרענס (St. Lawrence) [אין זיד-אָסט] קענען שיפען געהן מיט דער הילף פון קאנאלען ביז דעם לעיק סופיריאָר (Lake Superior) [זיד] און פין דאַנען קען דער וועג מיט וועניגע אונטערברעכונגען פאָרטגעזעצט ווערען ביז רעיני לעיק (Rainy Lake) און וויננִיפּעג לעיק (Winnipeg Lake) [נאָרד-וועסטליך אַרויף] ביז דעם טייך סאסקאטשעוואַן (Saskatchewan) [זיד-וועסטליך] פיר א שטרעקע פון 4,500 מייל. איינע פון דיא אונטערברעכונגען פון שיפ-פאהרט אין קאנאדא איז דער וואסער-פאל ניאגארא (Niagara Falls) [צו זיד-אָסט], ביי וועלכען א טייך איבער א האלבען מייל דיא ברייט, וואָס פערבינדט לעיק איריע (Lake Erie) מיט לעיק אָנטאריאָ (Lake Ontario), שטראָמט איבער א פעלז 150 פוס הויך. דיזע

אונטערבערעכונג איז בעזייטיגט דורך אַ קאַנאַל. דיא אינלענדישע שיפפאַהרט איז דיא גרעסטע און וויכטיגסטע אין דער וועלט. פיר דעם פערקעהר אויף יבשה האָט קאַנאַדאַ זעהר גרויסע שטרעקעס פון אייזענבאַהן. דיא ערסטע אייזענבאַהן אין דיזען לאַנד איז געעפענט געוואָרען אין 1836. אין 1886 איז געעפענט געוואָרען דיא גרויסע קאַנאַדישע פּאַסיפישע אייזענבאַהן (Canadian Pacific Railway), וועלכע איז דיא וויכטיגסטע ליניע פיר דעם אינלענדישען פערקעהר. דיא צוזאַמענגענומענע לענג פון אייזענבאַהן אין קאַנאַדאַ איז אין 1897 געוועזן 16,550 מייל. קאַנאַדאַ האָט אויך איבער 29,000 מיילען טעלעגראַף.

דיא איינוואוינער פון קאַנאַדאַ זיינען מעהרסטענס פון בריטישער (ענגלישער) אָפּשטאַמונג און פּראָטעסטאַנטיש אין רעליגיאָן; אָבער פראַנצויזישע קאַטאָליקען בילדען אַ דריטעל פון דער בעפעלקערונג, איבערהויפּט אין דיא אָסטליכע געגענדען, וועלכע זיינען אָנפאַנגס קאָלאָניזירט געוואָרען פון פראַנצויזען. דיזע געגענדען זיינען איבערגעגאַנגען צו דיא ענגלענדער אין 1759. ענגלאַנד האָט אירבערנעהמענדיג דיא פראַנצויזישע קאָלאָניעס זיי ערלויבט אָנצוהאַלטען זייערע אינסטיטוציאָנען און פיהרונגען. אויף אַזאַ אַרט האָבען דיא פראַנצויזען אין קאַנאַדאַ בעוואַהרט זייערע זיטען און זייער שפּראַך ביז היינטיגען טאָג און וואו זיי זיינען דאָ אין דער מעהרהייט איז פראַנצויזיש ביי דער זייט פון ענגליש אַנערקענט אַלס אָפיציעלע שפּראַך. אין קאַנאַדאַ זיינען דאָ אונגעפעהר 100,000 אינדיאַנער, פון וועלכע דיא מעהרסטע געפינען זיך אין ווילדען אָדער האַלב-ווילדען צושטאַנד אין דיא וועלדער פון דיא נאָרד-וועסטליכע געגענדען. דיא קאַנאַדישע אינדיאַנער גיבען זיך אָפּ מיט יאַגד און לעבען פון דיא פעלץ-וואַרג, וועלכע זיי פערקויפען צו דיא ציוויליזירטע. אויסער דיא ענגלענדער, פראַנצויזען און דיא

אור־איינוואוינער (אינדיאנער) זיינען צו ביסלאך דא אנזעסיגע פון פערשיעדענע אנדערע נאציאנען, וויא אידען, דייטשען, רוסען, גריעכען, יאפאנעזער און נאך אנדערע. דיא גאנצע בעפעלקערונג פון קאנאדא, טראץ איהר זעהר גרויסען שטח, איז לויט דער לעצ־טער סטאטיסטיק 5,372,000. צו ערמונטערן דיא עמיגראציאן נאך קאנאדא גיט דיא קאנאדישע רעגיערונג 160 אקער לאנד צו איינ־וואנדערער, וועלכע נעהמען זיך אונטער צו וואוינען אויף דעם באדען און איהם צו מאכען טויגליך פיר בעארבייטונג.

דיא אויבערמאכט איבער קאנאדא האט דיא ענגלישע קרוין און דיזע קאלאניע ווערט רעגיערט דורך אן ענגלישען גענעראל־גובערנאטאר (Governor-General) מיט דער הילף פון א קאבינעט אדער פריוואט־ראט (Privy Council). צו דעם צוועק פון רעגיע־רונג ווערט קאנאדא איינגעטיילט אין פראווינצען, פון וועלכע יע־דערע פערוואלטעט בעזונדער איהרע לאקאלע אינטערעסען. דיא געזעץ־געבענדע מאכט פיר דיא גאנצע קאלאניע ליעגט אין אן אל־געמיינעם פארלאמענט, וועלכער בעשטעהט פון א סענאט פון 81 מיטגליעדער, וואס ווערען ערנענט פון דעם גענעראל־גובערנאטאר לעבענס־לענגליך, און פון אן אונטער־הויז (House of Commons) פון מיטגליעדער, וואס ווערען געוועהלט פון פאלק. דיא פראווינץ קוויבעק האט אימער 65 מיטגליעדער; דיא צאהל פון דיא פערטרעטער פיר דיא אנדערע פראווינצען ווערט בעשטימט לויט זייערע בעפעלקע־רונגען אין פערגלייך מיט קוויבעק. יעדע פון דיא פראווינצען האט דיא פולע מאכט צו רעגולירען איהרע אייגענע לאקאלע אינטערעסען און האט איהר בעזונדערן פארלאמענט און א לייטענאנט־גובערנא־טאר (Lieutenant-Governor), וועלכער ווערט ערנענט פון דעם גענעראל־גובערנאטאר. דיא הויפט־שטאדט פון דער אלגעמיינער רעגיערונג איז אטטאווא (Ottawa) אין דער פראווינץ אנטאריא.

דער גענעראַל-גובערנאַטאָר איבער קאַנאַדאַ ווערט ערנענט פון דער ענגלישער קרוין פיר אַ טערמין פון פינף יאָהר.

קאַנאַדאַ ווערט אײַנגעטײַלט אין 7 פּראָווינצען, וועלכע זיינען: נאָוואַ סקאָשיאַ (Nova Scotia), פּרינס עדוואָרד איי-לאַנד (Prince Edward Island), ניו בראָנזוויק (New Brunswick), קוויבעק (Quebec), אָנטאַריאָ (Ontario), מאַניטאָבאַ (Manitoba) און בריטיש קאָלאָמביאַ (British Columbia).

נאָוואַ סקאָשיאַ בעשטעהט פון דער האַלב-אינזעל, וועלכע טראָגט דיזען נאָמען, און פון דער אינזעל קייפּ ברעטאָן (Cape Breton) צו נאָרד. דער שטח פון דיזער פּראָווינץ איז 20,550 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג לויט דער סטאַטיסטיק פון 1891 איז 450,396. איהר פּרוכטבאַרער באָדען, וועלכער איז וועניגער וויא אַ העלפט פון איהר גאַנצען שטח, געפינט זיך הויפּט-זעכליך אין איהר אינערן טייל. דער טאָל פון אננאַפּאָליס (Valley of Annapolis) האָט דעם פּרוכטבאַרסטען באָדען און בעסטען קלימאַט און צייכענט זיך בעזאָנדערס אויס מיט זיינע עפּעל-סעדער. דיזע פּראָווינץ איז רייך אין קויהלען און אַנדערע מינעראַלען און האָט ביי איהרע ברעגען ביעל פיש. דיא הויפּט-שטאָדט איז האַליפאַקס (Halifax) מיט 38,556 איינוואוינער; זיא איז דער הויפּט ווינטער-פּאָרט פון קאַ-נאַדאַ און דיא הויפּט מארינ-סטאַציאָן פון בריטישער נאָרד אַמעריקאַ. דיא שטאָדט און דער האַפען זיינען געשיצט דורך פעסטונגען און האַליפאַקס איז דער איינציגער אָרט אין קאַנאַדאַ, וואו עס שטעהט ענגלישעם מיליטער.

פּרינס עדוואָרד איילאַנד ליעגט אין דעם בוזים פון סט. לאָ-רענס (Gulf of St. Lawrence) צווישען ניו בראָנזוויק און נאָוואַ

סקאָשיא. דיזע פּראָווינץ האָט אַ שטח פון 2,000 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג איז אין 1891 געווען 109,078. איהר הויפּט־שטאָדט שאַרלאָטטאַון (Charlottetown) מיט 11,374 איינוואוינער שטעהט ביי אַ גרויסען, טיעפען האפען און עקספּאָרטירט פיש און פארם־פּראָדוקטען.

ניו בראָנזוויק האָט אַ שטח פון 28,200 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג (1891) פון 321,263. דיזע פּראָווינץ איז זעהר רייך אין וועלדער, וועלכע ליעפערן מעהר אַלס דיא העלפט פון איהר עקספּאָרט, און זיא איז אויך רייך אין פיש. איהר הויפּט־שטאָדט פרעדעריקטאָן (Fredericton) מיט 6,502 איינוואוינער איז אַ וויכטיגער פּאָרט אויף דעם טייך סט. דזשאָהן (St. John River) און אַ מיטעלפּונקט פון דער אינדוסטריע פון געהילץ, אָבער דיא גרעסטע שטאָדט און דער גרעסטער ים־פּאָרט איז סט. דזשאָהן (St. John) מיט 39,179 איינוואוינער, וועלכע ליעגט ביי אַ פּיינעם האפען אויף דעם בוזים פון פאָנדי (Bay of Fundy) ביי דער מינדונג פון דעם טייך סט. דזשאָהן. דיזער פּאָרט איז אָפען דעם גאַנצען יאָהר. דער בוזים פון פאָנדי, ביי וועלכער דיזע שטאָדט ליעגט, איז מערקווירדיג פיר דיא שטייגונג פון זיין וואַסער, וועלכעס הייבט זיך אויף ביי פלוט ביז איבער 70 פוס. דאָס איז דער איינציגער אָרט אין דער וועלט, וואו דיא פלוט שטייגט אַזוי הויך.

קוויבעק ליעגט אויף ביידע זייטען פון דעם טייך סט. לאָרענס און פערנעהמט אַ שטח פון 347,350 קוו. מ. זיא שליעסט איין פיעלע פרוכטבאַרע אינזלען, פון וועלכע אַנטיקאָסטי (Anticosti), מאַגדאַלען (Magdalen) און באָנאַווענטיור (Bonaventure) זיינען דיא וויכטיגסטע. דער קלימאַט אין דיזער פּראָווינץ איז זעהר אַ גוטער. דער ווינטער איז דאָרטען לאַנג און דער שנעע ליעגט געוועהנליך פון דעצעמבער ביז אַפּריל. דורך דייע לאַנגע צייט פון

יאָהר ווערט פיעל געאַרבייט ביי געהילץ. דער געפראָרענער צו־שטאַנד פון דיא טייכען און דער דיקער שנעע, וועלכער בעדעקט דיא ערד, זיינען זעהר גינסטיג צום טראַנספּאָרטירען דיא קלעצער צו דיא וואַסערן, אויף וועלכע זיי וועלען גוועקשווימען אין פריה־לינג. דער זומער איז וואַרים גענוג צו פ'אַנצען קאָרן און טאַבאַק, אָבער האָבער, קאַרטאָפעל און היי זיינען דיא הויפּט־פּראָדוקטען. דאָס אייזען פון דיזער פּראָווינץ און דיא קויהלען פון נאָווא סקאָשיא ווערען דאָ בענוצט אין מאַנופאַקטור. דיא בעפעלקערונג פון קוויבעק (1891) איז 1,488,535 (לויט אַ שפּעטערער שאַצונג, 1.650,000). אונגעפעהר דריי פערטעל פון דיזער בעפעלקערונג זיינען קינדער פון פראַנצויזישער אָפּשטאַמונג, וועלכע האַלטען אָן דיא פראַנצוי־זישע שפּראַך און דיא זיטען פון זייערע עלטערן. אָפיציעלע דאָקו־מענטען אין דיזער פּראָווינץ ווערען פּע־עפענטליכט אין ענגליש און פראַנצויזיש. דיא הויפּט־שטאָדט פון דער פּראָווינץ איז קוויבעק (Quebec) מיט 69,000 איינוואוינער; זיא איז איינע פון דיא על־טעסטע שטעדט, וואָס אייראָפּעער האָבען געגרינדעט אויף דעם נאָרד־אַמעריקאַנישען קאָנטינענט, און איז דער הויפּט־אָרט פון דער פראַנצויזישער קאַנאַדאַ. זיא ליעגט ביי דעם פּונקט, וואו עס פער־איניגט זיך דער טייך טשאַרלז (Charles River) מיט דעם טייך סט. לאָרענס, צום טייל אויף אַ באַרג. קוויבעק איז איינע פון דיא וויכטיגסטע האַפען־שטעדט אין קאַנאַדאַ. דיא גרעסטע שטאָדט פון דער פּראָווינץ איז מאָנטרעאַל (Montreal) מיט 267,800 איינוואוינער; זיא ליעגט אויף אַן אינזעל אין דעם סט. לאָרענס און איז אַ האַפען־שטאָדט. דער פּאָרט פון מאָנטרעאַל ווערט געשלאָסען דורך אייז פון דעצעמבער ביז ענדע אַפּריל. אַן אייזענבאַהן פון אונגעפעהר צוויי מייל דיא לענג פערבינדעט דיזע שטאָדט מיט דעם רעכטען ברעג פון דעם סט. לאָרענס.

אָנטאַריאָ ליעגט צו וועסט פון דער פראָווינץ קוויבעק און צו נאָרד פון דיא גרויסע אָזיערעס. איהר שטח איז 222,000 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג (1891) איז 2,114,321 (שפּעטערע שאַ־צונג, 2,183,000). דיא בעפעלקערטע געגענד, וועלכע איז דער זידליכסטער טייל פון גאַנץ קאַנאַדאַ, האָט אַ פיעל קירצערן ווינטער וויא דיא פראָווינץ קוויבעק, און אין דעם סאַמע זידליכען טייל, וואו דיא לעיק איריע (Lake Erie) האָט אַ גרויסע ווירקינג אויפ'ן קלימאַט, קענען זאָגאַר וואַקסען וויינטרויבען. אַ וויכטיגער פּראָ־דוקט אין דיזער פראָווינץ איז גערשטען, און דאָס איז דיא איינציגע געטריידע, וואָס ווערט פיעל עקספּאָרטירט (ארויסגעפיהרט) נאָך דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. אייזען און קופּער ווערען אויסגעגראָ־בען, אָבער געהילץ איז דיא וויכטיגסטע אינדוסטריע. דיא הויפּט־שטאָדט איז טאָראָנטאָ (Toronto) לעבען דעם וועסטליכען ענד פון לעיק אָנטאַריאָ (Lake Ontario), אויף וועלכען זיא האָט אַ פיינעם האַפען. דיא בעפעלקערונג פון דיזער שטאָדט איז (1891) 181,220 (שפּעטערע שאַצונג, 208,000) און זיא האַלט שנעל אין וואַקסען. נאָך אַ וויכטיגע שטאָדט איז האַמילטאָן (Hamilton), ביי דעם סאַמע וועכטליכען ענד פון לעיק אָנטאַריאָ, מיט 48,980 איינוואוינער (1891). דיא שטאָדט קינגסטאָן (Kingston), ביי דעם אויספלוס פון דער זעלביגער אָזיערע (לעיק אָנטאַריאָ), מיט 19,265 איינוואוינער (1891) איז אַ וויכטיגער פונקט פיר דעם פערקעהר פון שיפען. דיא וויכטיגסטע שטאָדט אין אינערען לאַנד איז לאָנדאָן (London), אונגעפעהר האלב־וועג צווישען לעיק איריע (Lake Erie) און לעיק הוראָן (Lake Huron), מיט 31,977 איינוואוינער (1891). פּאָרט אַרטהור (Port Arthur), אויף דעם נאָרדליכען ברעג פון לעיק סופּיריאָר (Lake Superior), איז אַ סטאַציאָן פיר דעם

פערקעהר פון שיפען אויף דיא אָזיערעס אין קאנאדא.

מאניטאָבא האָט א שטח פון 73,956 קוו. מ. און א בעפעל־קערונג פון 255,000. זיא צייכענט זיך אויס מיט א פלאכען, פרוכט־בארען באָדען, וועלכער איז זעהר גוט פיר דיא פראָדוקציאָן פון ווייץ. זיא ליעגט אין וועסט און שליעסט איין דיא אָזיערע מאני־טאָבא און דעם גרעסערען טייל פון דיא אָזיערעס וויננּיפּעג (Winnipeg) און וויננּיפּעגאָסיס (Winnipegosis). דיא הויפט־שטאָדט פון דיזער פראָווינץ איז וויננּיפּעג מיט 25,642 איינוואוינער (1891); זיא ליעגט ביי דעם פונקט, וואו עס פליעסען צוזאמען צוויי טייכען — דער רויטער טייך (Red River), וועלכער פליעסט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען נאָך נאָרד, און דער טייך אססיניבאָין (Assiniboin), וועל־כער שטראָמט פון וועסט.

בריטיש קאָלאָמביא איז אין דעם וועסטליכען טייל פון קאנא־דא און שליעסט איין דיא אינזעל וואנקאָוער (Vancouver Island) און דיא קעניגין שארלאָטט אינזלען (Queen Charlotte Islands) אין דעם פאסיפיק. דיזע פראָווינץ האָט א שטח פון 383,300 קוו. מ. דער שטח פון דער אינזעל וואנקאָ־ווער איז 15,937 קוו. מ., פון דיא קעניגין שארלאָטט אינזלען, 5,000 קוו. מ. איהר בעפעלקערונג איז 178,657. דער הויפט רייכטום פון דיזער פראָווינץ בעשטעהט אין מינעראלען און וועלדער. דיא ענטדעקונג פון גאָלד האָט אין 1856 אהין צוגעצויגען פיעלע קאָלאָניסטען. אויף דער אינזעל וואנקאָוועד זיינען דאָ וויכטיגע קויהלען־מינעס. דיא וועלדער צו וועסט, וועלכע בעשטעהען פון ריעזיגע פיכטען־בוימער (סאָסנעס) און טאנען־בוימער, זיינען דיא גרויסארטיגסטע אין דער וועלט. דיא הויפט־שטאָדט וויקטאָ־ריא (Victoria), מיט א בעפעלקערונג פון 20,816, שטעהט

אויף אַ שעהנעם האפען בּיי'ם זיד-אָסטליכען בּרעג פון דער אינזעל וואַנקאָווער. נאַנאַימאָ (Nanaimo) מיט 4,595 איינוואוינער (1891) איז אַ שטאָדט פון קויהלענ-מינעס און אַ פּאָרט אויף דעם אָסטליכען בּרעג פון דיזער אינזעל. ניו וועסטמינסטער (New Westminster) מיט אונגעפעהר 5,000 איינוואוינער, לעבען דער מינדונג פון דעם טייך פרייזער (Fraser River), און וואַנקאָווער (Vancouver) מיט 26,133 איינוואוינער זיינען די צוויי וועסטליכע סטאַציאָנען פון דער קאַנאַדישער פּאַסיפישער אייזענבּאַהן.

אַ שטיק לאַנד אין קאַנאַדא צו וועסט פון האָדסאָנ'ס בּוזים (Hudson's Bay) און פון דער פּראָווינץ מאַניטאָבּאַ בּיז דעם גרענעץ פון בּריטיש קאָלאָמבּיא ווערט בּעצייכענט אַלס די נאָרד וועסטליכע טעררימאָריעס (North-West Territories). דיזעס לאַנד האָט ווינציג בּעפעלקערונג, אָבּער ווערט בּיסלאַכוויז מעהר בּעזעצט בּיי דער ליניע פון דער קאַנאַדישער פּאַסיפישער אייזענבּאַהן און בּיי דעם נאָרדליכען צווייג פון דעם טייך סאַסקאַטשעוואַן, אויף וועלכען עס איז דאָ אַ פערקעהר פון שיפען בּיז עדמאָנטאָן (Edmonton), אונגעפעהר 113½° וועסטליכע לענג.
דיזע טעריטאָריעס זיינען איינגעטיילט אין פיער טיילען, וועלכע ווערען בּעצייכענט אַלס פּראָוויזאָרישע דיסטריקטען (Provisional Districts) [פּראָוויזאָריש מיינט: פּאָרלויפיג, דערווייליג]. דיזע פיער דיסטריקטען זיינען: 1) אַססיניבּאָיאַ (Assiniboia), צו וועסט פון דעם זידליכען טייל פון מאַניטאָבּאַ; איהר הויפּט-שטאָדט איז רעדשאַיינאַ (Regina). 2) סאַסקאַטשעוואַן, צו נאָרד פון אַססיניבּאָיאַ. 3) אַלבּערטאַ, צו וועסט פון די צוויי דערמאָהנטע דיסטריקטען; איהר הויפּט-שטאָדט איז קאַלגאַרי (Calgary), וועלכע ליעגט אונטען בּיי די

פעלז-בערג ביי א פונקט, וואו עס קומען צוזאמען צוויי טייבענ-שטראָמען. דיזער דיסטריקט האָט גוטע ערטער פיר פאשע און ער צייכענט זיך דעריבער אויס אַלס דיא בעסטע געגענד אין וועלט קאַנאַדאַ פיר פיה-צוכט אין מילך-פּראָדוקטען. 4) אטהאבאסקא (Athabasca), צו נאָרד פון אַלבערטאַ, וועלכע איז נאָך ניט בעזעצט. עס איז דאָ נאָך אַ פּראָוויזאָרישער דיסטריקט, וועלכער ווערט בעצייכענט מיט דעם נאָמען קיוואטין (Keewatin). דיזער ליעגט צו נאָרד פון מאַניטאָבאַ און ער איז נאָך ניט בעזעצט.

2. ניופאונדלענד. — דיזע בריטישע קאָלאָניע שליעסט איין דיא אינזעל ניופאונדלענד און אַ טייל פון דער האַלב-אינזעל לאבראדאָר ביי'ם אטלאַנטישען ברעג. צו אָסט ווערט דיזע אינזעל בעוואַשען פון אַ קאַלטען שטראָם, וועלכער ברייננט מיט זיך זעהר פיעל פיש. דיא בעזעצונגען זיינען ביי דעם ברעג און דיא איינוואוינער בעשעפטיגען זיך מעהרסטענס מיט פיש-פאַנג. דיא פישערייען פון שטאָק-פיש אויף דעם ברעג פון ניופאונדלענד זיינען דיא גרעסטע אין דער וועלט. אויסער פיש ווערען דאָ אויך געפאַנגען פיעלע זעע-הינט. טריניטי בעי (Trinity Bay), אויף דעם זיד-אָסטליכען ברעג, איז אַ הויפט סטאַציאָן פיר אייניגע טעלעגראַפישע ליניעס אונטער'ן וואַסער (קייבלס). דיא בעפעלקערונג פון ניופאונדלענד (1891) איז 197,934. איהר הויפט-שטאָדט איז סט. דזשאָהנ'ס (St. John's), אויף דעם אָסטליכען ברעג פון דער אינזעל, מיט 25.738 איינוואוינער (1891).

3. דיא בערמודאס. — דאָס זיינען אַ גרופּע קליינע אינזעלען אין דעם נאָרדליכען טייל פון דעם אטלאַנטישען אָקעאַן, אונגעפעהר 750 מייל זידליך פון דער פּראָווינץ נאָווא סקאָשיא. זיי האָבען אַ שטח פון אונגעפעהר 20 מייל און אַ בעפעלקערונג (1891) פון 15.123. דיזע אינזלען האָבען זעהר אַ פיינעם געזונדען

קלימאט און ווערען אָפט בעזוכט אלס פלאץ פיר ערהאָלונג. דער באָדען פין דיא בערמודאס איז זעהר פרוכטבאר און פראָדוצירט טראָפּישע פלאנצען, וויא איך דיא געוועקסען פין דיא מעסיגע קלימאטען. פלאנצען בליהען דאָרטען זעהר שנעל און דער באָדען איז כמעט דעם גאנצען יאָהר בעדעקט מיט גרינס. דיא איינוואוינער בעשעפטיגען זיך דאָרטען פיעל מיט גערטנעריי פון שפייז־געוועקס: ציבעלעס, קארטאָפעל, טאָמאטען (tomatoes) א. ז. וו. און פון דיזע ארטיקלען עקסיסטירט א בעדייטענדער האנדעל צווישען דיזע אינזלען און ניו יאָרק. אויף דיא בערמודאס זיינען ניטאָ קיין טייבען און קיין ברונימס פון זיס־וואסער; צום טרינקען ווערט דאָרט בענוצט וואסער פון רעגען. דיא בערמודאס זיינען ענטדעקט געוואָרען דורך א צופאל פין שיפבּרוך פון דעם שפאניער חואן בערמודעז (Juan Bermudez) אויף א רייזע פון שפאניען נאָך קובא אין 1522 און זיינען בעזעצט געוואָרען פין דיא ענגלענדער אין 1611. דיא וויכטיגסטע אינזלען זיינען גרויס־בערמודא (Great Bermuda), אויף וועלכער עס געפינט זיך דיא הויפּט־שטאָדט האמילטאָן (Hamilton), און סט. דזשאָרדזש'ס (St. George's). דיזע בריטישע קאָלאָניע איז זעהר וויכטיג פיר ענגלאנד אלס סטאציאָן פיר קריעגס־שיפען.

# 4. קאפיטעל.
# דיא פעראייניגטע שטאַאטען.
## ערסטע אָפּטיילונג.

לאגע און גרויס. — איינשניטען ביי דיא ברעגען. — פאָרם פון דער אויבערפלעך. — הויכלענדער און ניעדערלענדער. — רייהען פון בערג. — קלימאט. — אגריקולטור. — אינדוסטריע און האנדעל. — מיטלען פון פערקעהר (אייזענבאהנען, שיפען א. ז. וו.).

דיא רעפובליק פון דיא פעראייניגטע שטאאטען פערנעהמט דעם מיטעלען טייל פון נאָרד אמעריקא און בילדעט צוזאמען מיט דער האלב-אינזעל אלאסקא, וועלכע ליעגט אָפּגעזונדערט פון איהר, כמעט א העלפט פון דעם נאָרדליכען קאָנטינענט. ניט רעכנענדיג אלאסקא גרענעצען זיך דיא פעראייניגטע שטאאטען מיט דער בריטישער אמעריקא צו נאָרד, מיט דעם אטלאנטישען אָקעאן צו אָסט, מיט דער פלאָרידא-שטראס (Florida Strait), דעם בוזים פון מעקסיקא און מעקסיקא צו זיד, און מיט דעם שטילען אָקעאן אָדער פאסיפיק צו וועסט. דער ווייטסטער אָסטליכער פונקט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען ליעגט ביי 67° וועסטליכע לענג, דער ווייטסטער וועסטליכער פונקט ביי 125° וועסטליכע לענג. אין דער ריכטינג פון נאָרד און זיד ליעגט זייער שטח צווישען 29° און 49° נאָרדליכע ברייט, נאָר דאָס סאמע זידליכע ענדע פון פלאָרידא גרייכט ביז 25° נאָרדליכע ברייט. דער שטח פון דיא פעראייניגטע שטאאטען אָהן אלאסקא איז 3,025,000 קוו. מ., מיט אלאסקא — 3,557.000 קוו. מ.

דיא ברעגען פון נארד אמעריקא צו אסט ביי דעם אטלאנטי־שען אקעאן און צו וועסט ביי דעם פאסיפיק האבען מעהרערע גרויסע איינשניטען, וועלכע זיינען צוגענגליך פיר גרויסע ים־שיפען. דער הויכער פעלזיגער וועסטליכער ברעג פון 49⁰ נארדליכע ברייט ביז דעם גרענעץ פון מעקסיקא האט דריי איינשניטען, וועלכע גרייכען ביז דיא פרוכטבארע טאלען צו אסט. דיזע איינשניטען זיינען: דער פיודזשעט־בוזים (Puget Sound) אין דעם שטאאט וואשינגטאן, דער טייך קאלומביא (Columbia River) אין דעם שטאאט ארעגאן און דער בוזים פון סאן פראנ־סיסקא (Bay of San Francisco) אין דעם שטאאט קאליפאר־ניא. דער פיודזשעט־בוזים האט גוטע האפענס פיר דיא גרעסטע שיפען און דיא נארדליכע פאסיפישע אייזענ־באהן (Northern Pacific Railroad) האט דא דעריבער געמאכט איהר וועסט־ליכע סטאציאן ביי טאקאמא (Tacoma) אום דא צו קענען ברייגגען פיר עקספארט דיא געטריידע פון דיא שטאאטען איידאהא (Idaho) און מאנטאנא (Montana), וויא אויך דיא פראדוקטען פון דיא געגענדען ארום דיזען ים־בוזים. דער טייך קאלומביא, וועל־כער איז זעקס מייל ברייט ביי זיין מינדונג, איז גוט פיר דעם פערקעהר פון ים־שיפען ביז פארט־אנד (Portland) [אין דעם שטאאט ארעגאן], 112 מייל פון דעם מעער. דער בוזים פון סאן פראנסיסקא עפענט זיך צום ים מיט א שמאלען דורכגאנג אין ער האט דיא פארם פון אן אינלענדישען מעער (ד. ה. פון א מעער, וואס איז איינגעשלאסען אין לאנד); ער איז זעהר גרויס און טיעף און איז דעריבער זעהר בעקוועם פיר דעם האנדעל אין אינערן לאנד און אויפ'ן ים. צו פערדאנקען דיזען ים־בוזים איז דיא שטאדט סאן פראנסיסקא דיא סטאציאן פון דריי אייזענ־באהנען און דער מיי־טעל־פונקט פון שיפען אויף דעם פאסיפיק. דער שמאלער דורכגאנג

פון דעם בוזים פֿין סאַן פראַנסיסקאָ איז בעקאַנט מיט דעם נאָמען „גאָלדענער טויער“ (Golden Gate).

דער אָסטליכער, אַטלאַנטישער ברעג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון דעם בוזים פון מעקסיקאָ ביז דעם בוזים פון ניו יאָרק (New York Bay) איז ניעדריג און זאַמדיג, גראַדע פערקעהרט וויא דער פאַסיפישער ברעג, וועלכער איז הויך און פעלזיג. דיא גרעסטע איינשניטען ביי דעם אַטלאַנטישען ברעג זיינען דיא ים־בוזים טשעסאַפּיק בעי (Chesapeake Bay), דעלאַווער בעי (Delaware Bay), אַלבעמאַרל סאַונד (Albemarle Sound) און פאַמליקאָ סאַונד (Pamlico Sound). דיא ערסטע צוויי — טשעסאַפּיק און דעלאַווער — זיינען טיעף און האָבען פיעלע האַפענס, צווישען זיי פילאַדעלפיאַ (Philadelphia) און באַלטימאָר (Baltimore); דיא אַנדערע צוויי האָבען גרעסטענ־טיילס פלאַכע גרונטען און דער צוטריט צו זיי איז אָפגעשפּאַרט מיט זאַמד. דער טייך מיססיססיפּפּי (Mississippi River) און דיא ים־בוזימס מאָביל בעי (Mobile Bay) אין אַלאַבאַמאַ, פענסאַקאָלאַ בעי (Pensacola Bay) אין פלאָרי־אַ, סט. סאַיימאָנ'ס סאַונד (St. Simon's Sound) אין דזשאָרדזשיאַ, און דיא האַפענס פון סאַוואַננאַה (Savannah) אין דזשאָר־דזשיא און ווילמינגטאָן (Wilmington) אין נאָרטה קאַראָ־לאַיינאַ זיינען לייכט צוגענגליך פיר גרויסע שיפען. דער ניו יאָרק בעי איז דער וויכטיגסטער האַפען אין אַמעריקאַ. ער בעשטעהט פון צוויי טיילען, אַן אונטערסטען און אויבערסטען, וועלכע זיינען פעראייניגט דורך אַ שטראַם צווישען דיא אינזלען סטאַטען איילאַנד (Staten Island) און לאָנג איילאַנד (Long Island). דיזע שטראַם ווערט בעצייכענט מיט דעם נאָמען נאַררָאָוז (Narrows) [ד. ה. ענג־וואַסער]. דער ברייטער און טיעפער טייך

הודסאן (Hudson River) אָדער נאָרד־טייך (North River), צו וועסט פון דער אינזעל מאנהאטטאן (Manhattan), און דער אָסט־טייך (East River), וועלכער פיהרט צו דער שטראס פון לאָנג איי־לאנד (Long Island Sound), זיינען איין טיילען פון דיזען גרויסען האפען און ביי זיי געפינען זיך אלע דאָקס (לאנדונגס־ערטער און לאגער־ערטער) פיר ים־שיפען.

דער נאָרד־אָסטליכער טייל פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, וועלכער שליעסט איין דיא שטאאטען מעין (Main), ניו העמפּ־שיר (New Hampshire), ווערמאָנט (Vermont), מאססא־טשוסעטטס (Massachusetts), קאָננעטיקוט (Connecticut), און רהאָוד איילאנד (Rhode Island), איז אויף דער אָסט־זייט איינגעשניטען אין פיעלע ערטער און האָט פיעלע גוטע האַ־פענס. דער ברעג פון מעין האָט אזוי פיעלע בוזימס, דאָס דיא צוזאמענגענומענע לענג פון איהר ברעג־ליניע איז בײנאַהע 2,500 מייל. דיא איינשניטען ביי דעם ברעג פון מעין זיינען שמאָלע אזוי וויא פיאָרדען. דער נארראגאנסעטט בעי (Narragansett Bay) ביי דעם ברעג פון רהאָוד איילאנד און דער לאָנג איי־לאנד סאונד (Long Island Sound), וועלכער טיילט אָפּ קאָננעטיקוט פון ניו יאָרק, בילדען דעם וועג פיר א גרויסען פער־קעהר פון שיפען צווישען ניו יאָרק און באָסטאָן. דער מאססאטשו־סעטטס בעי (Massachusetts Bay), דער קאסקאָ בעי (Casco Bay) און דער פענאָבסקאָט בעי (Penobscot Bay) זיינען טיעף און גערויס פיר גרויסע שיפען. ביי דעם מאססאטשו־סעטטס בעי איז דער האפען פון באָסטאָן (Boston Harbor), וועל־כער איז איינער פון דיא גרעסטע אין אמעריקא.

דער בוזים פון מעקסיקאָ איז זעהר גרויס און זעהר וויכטיג פיר דעם פערקעהר פון דיזעם לאנד, אָבער ער איז נאָך וויכטיגער

מיט זיין ווירקינג אויף דעם קלימאט פון נאָרד אַמעריקא. דיא האַלב-אינזעל פלאָרידאַ, וועלכע שטעקט ארויס פון דעם קאָנטינענט אויף אַ שטרעקע פון פינף גראַד צו זיד, בילדעט דעם אָסטליכען גרענעץ פון דיזען ים בוזים. אַ גרויסער טייל פון פלאָרידאַ צו זיד איז אַזוי ניעדריג און זומפיג, דאָס מען קען דאָרט כמעט ניט וואוינען.

אַזוי וויא דיא פעראייניגטע שטאַאַטען פערנעהמען דיא גאַנצע ברייט פון דעם נאָרד-אַמעריקאנישען קאָנטינענט פון דעם אַטלאַנטי-שען אָקעאַן ביז דעם פאַסיפיק, שליעסען זיי איין אַלע פאָרמען פון דער אויבערפלעך, וועלכע דיזער קאָנטינענט האָט אין זיינע אָסט-ליכע און וועסטליכע טיילען. דער וועסטליכער טייל פון דיא פער-איינגטע שטאַאַטען בעשטעהט פון הויכלענדער און בערג, וועלכע בילדען דעם העכסטען טייל פון נאָרד אַמעריקא. זייער אָסטליכער טייל בעשטעהט פון ניעדריגען פלאַכלאַנד, וועלכעס ווערט נאָר אונטערבראָכען פון דיא פערהעלטניסמעסיג קליינע אָזאַרק-בערג (Ozark Mountains) און אַפּפּאַלאַטשישע בערג (Appalachian Mountains). וועגען דעם אונטערשיעד פון דיזע צוויי טיילען אין זייער הויך זיינען זיי פיעל אַנדערש איינער פון דעם אַנדערן אין קלימאַט, געוועקס און מינעראַלען, און נאַטירליך צוליעב דעם שוין אויך אין דיא בעשעפטיגונגען פון זייערע איינוואוי-נער. דער העכערער וועסטליכער טייל, וועלכער האָט אַ טרוקע-נעם קלימאַט און ווייניג וואַלד, איז אין אַלגעמיין מעהר צוגעפּאַסט פיר פאַשע אַלס פיר לאַנד-אַרבייט, וועהרענד דיא מינעס זיינען דאָרטען הויפּטזעכליך פון דיא טייערע מעטאַלען (גאָלד, זילבער). דער פלאַכער אָסטליכער טייל, וועלכער האָט פיעל רעגען, איז גוט פיר אַקער-בוי און קען טראָגען גרויסע וועלדער, וועהרענד דיא הויפּט מינעראַלען זיינען דאָרטען קויהלען און אייזען. דער

אויפגעהויבענער טייל צו וועסט ווערט בעצייכענט אַלס וועסט־ליכעס הויכלאַנד (Western Highland) און דער ניעדריגער טייל צו אָסט אַלס אָסטליכעס ניעדערלאַנד (Eastern Lowland).

דאָס וועסטליכע הויכלאַנד פערנעהמט אונגעפעהר אַ שטח פון אָנדערטהאַלבען מיליאָן קוואדראַט־מיילען. זיינע טאַפעל־לענ־דער שטייגען פון 2,000 ביז 12,000 פוס הויך איבער דעם מעער־שפיעגעל און דיא דורכשניטליכע הויך איז אונגעפעהר 5,000 פוס. דיא פיעלע בערג־רייהעס פון דעם וועסטליכען הויכלאַנד בילדען אַ טייל פון דיא קאָרדיללערען פון נאָרד אַמעריקאַ. דיזע בערג־רייהעס געהען, מיט ווענינע אויסנאַהמעס, אין דער ריכטונג פון נאָרד אין זיד און זייער הויך איז פון 3,000 ביז איבער 14,000 פוס. דיא העכסטע און געדיכטעסטע בערג־גרופּעס זיינען צוויי: 1) דיא פעלזען־בערג (Rocky Mountains), וועלכע ליעגען צו אָסט פון דעם הויכלאַנד, און 2) סיערראַ נעוואַדאַ (Sierra Nevada), דיא קאַסקאַדען־בערג (Cascade Ranges) און אַנדערע, וועלכע ליעגען צו וועסט פון דעם הויכלאַנד. דיזע בערג ליעגען כּמעט פּאַראַלעל, דיא פעלזען־בערג אין אַ שורה צו אָסט און דיא אַנדערע אין אַ לאַנגער רייהע צו וועסט; אָבער זיי געהען ניט פון נאָרד צו זיד אין איין געשלאָסענער מאַסע, נאָר אין טיילען, וועלכע זיינען אָפּגעזונדערט דורך טייכען און דורכ־גענג. דיא העכסטע בערג־שפּיצען (peaks) זיינען אין מעקסיקאָ און אַלאַסקאַ. פּאָפּאָקאַטעפּטל (Popocateptl) אין מעקסיקאָ איז בּיינאַהע 18,000 פוס הויך און סט. עליאַס (St. Elias) אין אַלאַסקאַ איז 15,350 פוס הויך. מאַונט הוויטני (Mount Whitney) אין דער גרופּע סיעררא נעוואַדאַ, מאַונט רעיניער (Mount Rainier) אין דיא קאַסקאַדען־בערג, פּאַייק׳ס פּיק

(Pike's Peak) אין דיא פעלזענ-בערג ביי קאָלאָראַדאָ זיינען צווישען 14,000 און 15,000 פוס הויך.

דאָס הויכלאַנד, וועלכעס איז איינגעשלאָסען צווישען דיזע צוויי בערג-סיסטעמען, איז בעקאַנט אַלס דער פּאַס פון טאַפעל-לאַנד (Plateau Belt) און דער טייל פון דיזען פּאַס, וועלכער ליעגט צו אָסט פון דיא פעלזענ-בערג, ווערט געצייכענט אַלס דיא גרויסע פלאַכלענדער (Great Plains). דיא פעלזענ-בערג ליעגען ביי דעם העכסטען טייל פון דעם טאַפעל-לאַנד און בילדען דיא וואַסער-שייד צווישען דיא טייכען, וועלכע פליעסען צו דעם פּאַסיפיק, און דיא טייכען, וועלכע פליעסען צו דעם גרויסען טייך מיססיססיפּפּי און דעם בוזים פון מעקסיקאָ. דיא וועסטליכע בערג-רייהעס שליעסען אויס דיא פייכטע ווינטען, וועלכע קומען פון דעם פּאַסיפיק, און דאָס טאַפעל-לאַנד האָט דעריבער זעהר אַ טרוקענעס קלימאַט. דער פּאַס פון טאַפעל-לאַנד איז מערקווירדיג מיט זיינע שעהנע נאַטור-סצענעס, הייסע קוועלען און גייזערס. אויף איהם געפינט זיך דער בעריהמטער יעללאָוסטאָון פּאַרק (Yellowstone Park), וועלכער איז דער נאַציאָנאַלער פּאַרק פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. דיזער פּאַרק פערנעהמט אַ שטח פון אינגעפעהר 5,000 קוו. מ. און ליעגט אין נאָרד-וועסט פון דעם שטאַאַט וואַיאָמינג און טיילס אין דיא שטאַאַטען מאָנטאַנאַ און איידאַהאָ. ער צייכענט זיך אויס מיט אונגעוועהנליכע גייזערס, פלוס-טאָלען, הייסע קוואלען און אַנדערע מערקווירדיגקייטען. דיא גרויסע פלאַכלענדער האָבען ביי דיא פעלזענ-בערג אַ הויכקייט פון 4,000 פוס אין מאָנטאַנאַ ביז 7, 00 פוס אין קאָלאָראַדאָ און 5,000 פוס אין ניו מעקסיקאָ. פון דיזע הויכקייטען געהען זיי אַראָפּ אין דער ריכטונג פון אָסט ביסלאַכווייז משופּע'דיג ביז זיי גרייכען אַ ליניע פון 2 000 פוס הויך.

פון דאָרטען, וואו עס ענדיגען זיך די גרויסע פלאַכלענדער, ביז די אַפפאַלאַטשישע בערג צו אָסט ליעגט דאָס אָסטליכע ניעדערלאַנד (Eastern Lowland). די אַפפאַלאַטשישע בערג, ווי די בערג אויף דער וועסטליכער זייט, זיינען אויסגעשטעלט אין שורות, וועלכע ליעגען פּאַראַלעל איינע צו די אַנדערע. דער טאָל, וועלכער ליעגט צווישען דיזע רייהעם בערג, ווערט בעצייכענט אַלס דער גרויסער אַפפאַלאַטשישער טאָל (Great Appalachian Valley) אָדער דער גרויסער טאָל פון די אַלליגעניס (Great Valley of the Alleghanies). די אַפפאַללאַטשישע בערג האָבען פערשיעדענע נעמען אין פערשיעדענע טיילען פון די פעראייניגטע שטאאטען; צ. ב. אין פּענסילווייניאַ און וועסט ווירדזשיניאַ ווערען זיי אָנגערופען די אַלליגעני־בערג (Alleghany Mountains) אין אין קענטאָקקי און טעננעססי הייסען זיי די קאָמבערלאַנד־בערג (Cumberland Mountains). צו די אַפפאַלאַטשישע בערג געהערען: די אַדיראָנדאַקס (Adiorndacks) און די קעטסקיללס (Catskills) אין דעם שטאַאט ניו יאָרק, די גרינע בערג (Green Mountains) אין ווערמאָנט, און די ווייסע בערג (White Mountains) אין ניו העמפשיר.

אין דעם גרויסען טאָל צווישען די אַפפאַלאַטשישע בערג צו אָסט און די פעלזען־בערג צו וועסט געפינט זיך דער גרעסטער טייך פון נאָרד אַמעריקאַ, דער מיססיססיפּפּי (Mississippi River), מיט זיינע ביי־טייכען. דער טייך מיססיססיפּפּי פאַנגט זיך אָן אין נאָרד פון דער אָזיערע איטאַסקאַ (Lake Itasca) אין מיננעסאָטאַ מיט די טייכען מיננעסאָטאַ (Minnesota), איאָוואַ (Iowa), וויסקאָנסין (Wisconsin) און איללינאָיז (Illinois) אַלס ביי־פלוסען. זיין אויבערסטער (נאָרדליכער) טייל

ענטהאַלט פיעלע שנעל־שטראָמען (rapids) און וואַסער־פאַלען, פון וועלכע דער וואַסער־פאַל סט. אַנטהאָני (St. Anhtony Falls) אין מיננעאַפאָליס, מיננעסאָטאַ, האָט דיזע שטאָדט גע־מאַכט פיר דעם מיטעל־פּונקט פון מעהל וועגען דיא מיהלען, וואָס ווערען געטריעבען מיט זיין קראַפט. דיא גרעסטע ביי־פלוסען פון דעם מיססיססיפּפּי זיינען דיא טייכען מיזזורי (Missouri) און אָהאַייאָ (Ohio). דער מיזזורי איז דער לענגסטער; ער איז אונגעפעהר 3,000 מייל פון זיין אָנפאַנג ביז דער מינדונג; דער אָהאַייאָ איז 1,300 מייל אין לענג.

דיא טייכען פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען ווערען איינגע־טיילט אין פערשיעדענע סיסטעמען לויט דיא ערטער, וואו זיי ליע־גען און וואו זיי שטראָמען אויס זייערע וואַסערן. דיא טייכען, וועל־כע פליעסען אריין אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן בילדען דאָס אַטלאַנטישע־סיסטעם (Atlantic System); דיא, וועלכע געפי־נען זיך צו אָסט פון מיססיססיפּפּי און פליעסען אריין אין דעם בוזים פון מעקסיקאָ, בילדען דאָס אַלאַבאַמאַ־סיסטעם (Alabama Sysetm); דיא, וועלכע געפינען זיך צו וועסט פון דעם מיססיססיפּפּי, בילדען דאָס טעקסאַס־סיסטעם (Texas System); דער טייך סט. לאָרענס און זיינע ביי־פלוסען בילדען דאָס סט. לאָרענס־סיסטעם (St. Lawrence System); דער מיססיססיפּפּי און זיינע ביי־פלוסען בילדען דאָס מיססיססיפּפּי־סיסטעם (Mississippi System); דער רויטער טייך פון נאָרד און אַנדערע ביידען דעם האָדסאָן בעי־סיסטעם (Hudson Bay System). צו וועסט פון דיא פעלזענ־בערג זיינען דאָס קאָלאָראַדאָ־סיס־טעם (Colorado System), דאָס סיסטעם פון דעם קאָ־לומביאַ (System of the Columbia), דאָס סיסטעם פון דעם פאַסיפישען ברעג (System of the Pacific Coast),

זועלבעם שליעסט איין דיא טייכען פון קאליפארניא און דיא טייכען, וועלכע ליעגען צו וועסט פון דיא קאסקאדען־בערג. דיא טייכען פון דעם אטלאנטישען סיסטעם, פון דעם אלאבאמא־סיסטעם און פון דעם טעקסאס־סיסטעם זיינען ניט זעהר לאנג, אבער וויל זיי אלע ליעפערן וואסער־קראפט אין דעם אויבערע טייל און זיינען בעקוועם פיר דעם פערקעהר פון שיפען אין דעם אונטערן טייל זיינען זיי זעהר וויכטיג פיר דיא ערטער, ביי וועלכע זיי פליעסען. דיא מינדונגען פון פיעלע פון דיזע טייכען האבען גוטע האפענס פיר דעם פערקעהר פון ים־שיפען.

זעהר א וויכטיגער טייך איז דער האדסאן (Hudson River), וועלכער ליעגט אין דעם טיעפען און שעהנעם טאל צווישען דעם נארדליכען און דעם מיטעלען טייל פון דיא אפפאלאטשישע בערג; ער בילדעט מיט דעם איריע קאנאל (Erie Canal) און דיא גרויסע אזיערעס א גרויסען וואסער־וועג צווישען דיא אסטליכע און וועסטליכע געגענדען און ער האט פיר דיא פעראייניגטע שטאאטען דיא זעלביגע בעדייטונג וואס דער סט. לארענס פיר קאנאדא. אין פערבינדונג מיט דעם לעיק טשאמפלעין (Lake Champlain) איז דער האדסאן דער נאטירליכער וועג צווישען דער שטאדט ניו יארק און קאנאדא. דער טייך דעלאווער (Delaware), וועלכער האט זיין אנפאנג אין דעם שטאאט ניו יארק און זונדערט אפ דיזען שטאאט פון פענסילווייניא, דעלאווער און ניו דזשערזי, און דער טייך סוסקוועהאננא (Susquehanna), וועלכער פליעסט אין ניו יארק, פענסילווייניא און מערילאנד, זיינען גוט פיר'ן וואסער־פערקעהר, אבער אויף קירצערע שטרעקעס וויא דיא טייכען, וועלכע געפינען זיך וויטער צו זיד. פאטאמאק (Potomac), דזשעימז (James), סאוואננאה (Savannah) און אלאבאמא (Alabama) זיינען דיא וויכטיגסטע פון דיא זידליכע טיי־

כען. דער טייך טריניטי (Trinity) און דער טייך ריאָ גראַנ־דע (Rio Grande) אין דעם טעקסאַס־סיסטעם, זיינען גוט פיר דעם פערקעהר פון שיפען אויף אַ שטרעקע פון 300 ביז 400 מייל. דיא שטאָדט גאַלוועסטאָן אין טעקסאַס, ביי דער מינדונג פון דעם טייך טריניטי, איז דיא וויכטיגסטע האַנדעל־שטאָדט פון דעם שטאַאַט. דער טייך בראַזאָס (Brazos) אין טעקסאַס, וועלכער איז 900 מייל לאַנג, איז נאָר גוט פיר דעם פערקעהר פון שיפען פיר אַ שטרעקע פון 250 מייל; דער טייך קאָלאָראַדאָ (Colorado) אין דעם זעלביגען שטאַאַט און אויך אונגעפעהר 900 מייל לאַנג, איז גוט פיר דעם פערקעהר פון שיפען ביז דער שטאָדט אָסטין (Austin). פיעלע פון דיא טייכען אין טעקסאַס זיי־נען אויסגעזעצט צו פלעצליכע פערפלייצונגען.

דאָס סט. לאָרענס סיסטעם דעקט אַ קליינעם טייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, דאָך איז עס זעהר וויכטיג פיר דיזעס לאַנד, וועגען זיין לאַגע און וועגען זיינע בעקוועמע וואַסערן פיר שיפען. דאָס סט. לאָרענס סיסטעם גרייכט וויט אין דעם מיטען פון קאָנטינענט אין דער ריכטונג פון אָסט צו וועסט און ליעגט אין דעם מיטעל־פונקט פון דעם מינעראַל־רייכטום און אַגריקולטור־רייכ־טום פון דעם לאַנד. דיא פינף גרויסע אָזיערעס: סופיריאָר (Superior), מיטשיגאַן (Michigan), הוראָן (Huron), איריע (Erie) און אָנטאַריאָ (Ontario) זיינען דיא גרעס־טע זאַמלונג פון זיס־וואַסער אויף דער ערד. דיא פינף גרעסטע אָזיערעס אין אַפריקאַ זיינען כמעט גלייך אין שטח, אָבער זיי גע־הערען ניט, וויא דיזע נאָרד־אַמעריקאַנישע אָזיערעס, צו איין סיס־טעם. לעיק סופיריאָר, וועלכע איז דיא גרעסטע און דיא העכסטע, האָט אַ שטח פון 32,000 קוו. מ. און לעיק אָנטאַריאָ, וועלכע איז דיא ניעדריגסטע און קלענסטע, האָט אַ שטח פון 7,500 קוו. מ. דריי

קאנאלען: סט. מערי'ס קאנאל (St. Mary's Canal) ארום דעם שנעל־שטראָם צווישען דיא אָזיערעס סופּיריאָר און הוראָן, דער קאנאל אין דער אָזיערע סט. קלער (Lake St. Clair) און דער וועללאנד קאנאל (Welland Canal), וועלכער איז געמאכט געוואָרען וועגען דעם וואסער־פאל פון נאייאגארא, האָבען געמאכט דיא אָזיערעס איבעראל בעקוועם פיר דעם פערקעהר פון שיפען, און מיט דיא קאנאלען ארום דיא שנעל־שטראָמען אין דעם סט. לאָרענס גיבען זיי דיא מעגליכקייט צו טרייבען גרויסע שיפען אויף א גאנץ ווייטע שטרעקע אין דעם קאָנטינענט אריין. דיא צוזאמענגענומענע לענג פון דיא וואסערן פון דיזען סיסטעם, וועלכע זיינען גוט פיר דעם פערקעהר פון שיפען, איז 4,000 מייל; אָבער דער גרעסטער פערקעהר פון האנדעל איז אויף דיא פיער גרעסטע אָזיערעס און דער מיטעל־פונקט פון דיזען פערקעהר איז אין באָפפאלאָ (Bufallo), אין דעם שטאאט ניו יאָרק, ביי דעם אָסטליכען ענד פון לעיק איריע. אין ווינטער ווערען דיא ברעגען פון דיזע אָזיערעס פערפרוירען און דער פערקעהר פון שיפען ווערט איינגעשטעלט. דער שיפען־פערקעהר ווערט געוועהנליך געשלאָסען אין נאָוועמבער און עפענט זיך אונגעפעהר דעם ערסטען מאי.

צו דעם זעלביגען סיסטעם געהערט אויך דער טייך נאייאגארא (Niagara River), אין וועלכען עס געפינט זיך דער וואסער־פאל נאייאגארא (Niagara Falls). דיזער וואסער־פאל ווערט גערעכענט פיר איינעם פון דיא וואונדער פון אמעריקא. דער מעכטיגער גערויש פון דעם שטראָם, וועלכער פאלט פון א הויך פון 150 פוס, הערט זיך מיילען ווייט, און דיא סצענע, וועלכע דיזער וואסער־פאל מיט אלעם וואָס ארום איהם שטעלען פאָר, איז בעצויבערנד שעהן. דיא קראפט פון דיזען פאלענדען וואסער, וועלכע איז גרעסער וויא דיא גאנצע דאמפף־קראפט און

וואסער-קראפט, וועלכע ווערט בענוצט אין דיא פעראייניגטע שטאַאַ־
טען, ווערט יעצט אין מאַנכע אָרומיגע ערטער בענוצט צום טרייבען
מאַשינען מיט דער הילף פון טורבינען אָדער וואַסער-רעדער, וועל־
כע זיינען אייגגעריכטעט אין טיעפע שאַכטען און פערבונדען מיט
אַ טונעל פיר דעם דורכגאַנג פון דעם וואַסער, וועלכעס שטראָמט
אויס אין דאָס שטעדטעל נאַייאַגאַראַ. אַ גרופע פון זעהר פיעלע אינז־
לען אין דעם סט. לאָרענס, וועלכע ווערען בעצייכענט מיט דעם
נאָמען טויזענד אינזלען (Thousand Islands), און פיעלע
שנעל-שטראָמען, וועלכע געפינען זיך אין דיזען טייך, זיינען מערק־
ווירדיגקייטען, וועלכע ציהען צו פיעלע בעזוכער. דיא צאָהל פון
דיזע אינזלען איז אין אמת'ן מעהר וויא טויזענד, מען שאַצט זיי
פון 1,500 ביז 1,800. זיי ליעגען טיילס אין דעם שטאַאַט ניו יאָרק,
טיילס אין קאַנאַדאַ.

דיא גרויסע אָזיערעס האָבען אַ ווירקונג אויף דעם קלימאַט
פון דעם נאַכבאַרשאַפטליכען לאַנד, וואו זיי מילדערן דיא היץ פון
דעם זומער און דיא קעלט אין אָנפאַנג ווינטער. צו פערדאַנקען
דיזער ווירקונג זיינען דער זידליכער טייל פון דעם שטאַאַט מיטשי־
גאַן, דער זידליכער טייל פון דער פראָווינץ אָנטאַריאָ אין קאַנאַדאַ,
דער נאָרדליכער טייל פון דעם שטאַאַט אָהאַייאָ און דער וועסטלי־
כען טייל פון דעם שטאַאַט ניו יאָרק גוטע געגענדען פיר דיא פראָ־
דוקציאָן פון פרוכט, און צו זיד פון לעיק איריע איז דער קלימאַט
אַזוי מילד, דאָס דאָרטען וואַקסען וויינטרויבען. דורך דיא וויר־
קונג פון דעם אייז אין דיא אָזיערעס פאַלט אין דיא אָרומיגע גע־
געגנדען פיעל שנעע און עס פערשפעטיגט זיך דער פריהלינג.

דער קלימאַט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען איז ניט איבער־
אַל גלייך וועגען דעם גרויסען שטח, וועלכען דיזעס לאַנד פער־
נעהמט. אויסשליעסענדיג אַלאַסקאַ איז דער קלימאַט אין דעם

גרעסטען טייל פון לאַנד אַ מעסיגער, אָבער ער איז אונטערוואָרפען אונטער פלעצליכע ענדערונגען. בײ'ם אַטלאַנטישען ברעג און אויפ'ן מ'טעלען פלאַכלאַנד בייטען זיך וועטערן פון גאָר הייס ביז גאָר קאַלט. וויט צו זיד און בײ'ם בוזים פון מעקסיקאָ איז דיא היץ אין זומער שטאַרק און אין ווינטער איז דיא טעמפעראַטור מילד. דער קליימאַט פון פאַסיפישען ברעג איז זעהר רעגעלמעסיג, אָהן איבערגעגנג פון איין עקסטרעם צום אַנדערן. אין דיא אָסטליכע געגענדען און אין דעם מיססיססיפפי טאָל איז דאָ פיעל רעגען, וועלכער איז גלייך פערטיילט. דער פאַסיפישער ברעג האָט פייכטע און טרוקענע צייטען פון יאָהר. דאָס וועסטליכע טאַפעל־לאַנד האָט כמעט גאָר קיין רעגען ניט.

## 5. קאפיטעל.

# דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

## צווייטע אָפטיילונג.

**אַגריקולטור־באָדען. — פראָדוקציאָן פון געטריידע, באַוועל, פרוכט. — וועלדער און געהילץ־אינדוסטריע. — מינעראַל־פראָדוקטען: מעטאַלען, קויהלען א. ז. וו.**

פון קלימאַט איז אָפהענגיג דיא טויגליכקייט פון באָדען פיר אַגרי קולטור. דיא הויפט אַגריקולטור־געגענד אין דיזען לאַנד ליעגט אין אָסט־ליכען טייל פון דעם ניעדערלאַנד און פערנעהמט בערך ½ פון דעם שטח, וואָס ציהט זיך פון דעם בוזים פון מעקסיקאָ ביז'ן גרענעץ פון קאַנאַדאַ און פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן ביז $100^0$ וועסטל. לענג. צו וועסט ביי'ם פאַסיפיק איז אויך דאָ אַגריקולטור־באָדען; דאָס זיינען דיא ניעדער־לענדער פון דיא שטאַאַטען וואַשינגטאָן, אָרעגאָן און קאַליפאָרניאַ צו וועסט פון דיא קאַסקאַדען און סיעררא נעוואַדאַ. דער שטח פון אַלע דיזע ניעדערלענדער איז אונגעפעהר אַ צוואַנציגסטעל פון דעם

אָסטליכען ניעדערלאַנד. אויף דעם טרוקענעם טאַפעל-לאַנד צווישען דיא פּאַסיפישע בערג-רייהעס און דעם 100טען גראַד ווערען נאָר קליינע טיילען פון דער אויבערפלעך בעאַרבייט און מעהרסטענס דורך קינסטליכע בעוואַסערונג (irrigation).

דער אַגריקולטור-באָדען פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען קען לויט דיא הויפּט פּראָדוקטען פון דיא בעזונדערע געגענדען איינגע־טיילט ווערען אין דריי פּאַסען, נעמליך: 1) אַ זידליכען פּאַס (southern belt), 2) אַ מיטעלען פּאַס (middle belt) און 3) אַ נאָרדליכען פּאַס (northern belt). דער הויפּט פּראָ־דוקט פון דעם זידליכען פּאַס איז באַוועל, אַ פלאַנצע, וועלכע שטאַמט פון דיא טראָפּישע געגענדען און פּאָרדערט צום וואַקסען אַ וואַרימען און פייכטען קלימאַט. דיא באַוועל-געגענד שליעסט איין דעם גאַנצען באָדען פון דעם בוזים פון מעקסיקאָ אָן ביז דער מינדונג פון דעם טייך אָהאַייאָ. דער מיטעלער פּאַס פּראָדוצירט הויפּטזעכ־ליך קאָרן; ער שליעסט איין דיא שטאַאטען איללינאָיז (Illinois), קאַנזאַס (Kansas), אַייאָוואַ (Iowa), מיזורי (Missouri), נעב־ראַסקאַ (Nebraska) און אינדיאַנאַ (Indiana), און ציהט זיך צו אָסט ביז דעם טשעסאַפּיק און פון דאַנען צו נאָרד-אָסט ביז ניו העמפשיר. אין דעם נאָרדליכען פּאַס זיינען דיא הויפּט פּראָדוקטען ווייץ און האָבער; ווייץ אין דיא טרוקענע וועסטליכע געגענדען, האָבער אין דיא פייכטערע געגענדען צו אָסט. אין דעם נאָרדליכען פּאַס וואַקסט אויך דער גרעסטער טייל פון דיא גערשטען, שוואַר־צען קאָרן און בוכווייץ (רעטשקע), וואָס ווערט פּראָדוצירט אין דיזען לאַנד. אויף דעם אַגריקולטור-באָדען פון דיא פּאַסיפישע שטאַאטען זיינען דאָ פייכטע ערטער, וואָס זיינען גוט פיר דיא פּראָדוקציאָן פון האָבער, צו נאָרד פון סאַן פראַנסיסקאָ, איבער־הויפּט אין דעם וועסטליכען טייל פון דעם שטאַאט וואַשינגטאָן,

וועהרענד ווייץ און גערשטען זיינען דיא הויפט פראָדוקטען אין דיא טרוקענע געגענדען. אין דיזע ערטער ווערט געטריידע געזעעט מעהרסטענס אין יאנואר און פעברואר, אום זיא זאָל קענען האָבען דיא רעגענס, וועלכע פאלען דאָ אין ווינטער. אין דעם אָסטליכען טייל פון לאנד, וואו דער ווינטער איז שטארקער, ווערט אלעס געזעעט און געפלאנצט אין פריהלינג, אויסער אין דיא זידליכע געגענדען, וואו דער ווינטער-ווייץ ווערט געזעעט אין הערבסט (אָסען).

דער הויפט געטריידע-ארטיקעל, וואָס ווערט פראָדוצירט אין דיא פערייניגטע שטאאטען איז קאָרן; ער ווערט פראָדוצירט מעהר וויא אלע אנדערע געטריידעס צוזאמען, אָדער צוויי מאָל אזוי פיעל וויא ווייץ און באוועל. דער גרעסטער טייל פון דעם קאָרן ווערט פערברויכט אין דעם לאנד אלס שפייז פיר מענשען און הייזליכע טיערע. דיא הויפט ערטער, וועלכע פראָדוצירען קאָרן, זיינען דיא אויבען-דערמאָהנטע שטאאטען: איללינאָיז, קאנזאס, איאָווא, מיז־זורי, נעבראסקא און אינדיאנא. דיזע שטאאטען זיינען אויך דיא הויפט ערטער פיר פיה-צוכט. דיא שטעדט טשיקאגאָ (Chicago) [איללינאָיז], קאנזאס סיטי (Kansas City) [מיזזורי], סט. לואיס (St. Louis) [מיזזורי], אינדיאנאפאָלים (Indianapolis) [אינדיאנא], מילוואָקי (Milwaukee) [וויסקאָנסין] און אנדערע שטעדט פיהרען א גרויסען האנדעל מיט רינד-פלייש און שוויינען-פלייש און דיזע צוויי ארטיקלען בילדען א גרויסען טייל פון עקספאָרט (ארויספיהר) פון דיזען לאנד. אויסער דעם ווערען פיה און שאָף ערצויגען אי־בעראל, וואו עס זיינען נאָך דאָ גרויסע שטרעקעס מיט גראָז. פארמס פיר פיה-צוכט אָדער, וויא זיי ווערען אָנגערופען, ר ע נ ט ש ע ס (ranches), געפינען זיך זעהר פיעל אין טעקסאס, קאליפאָרניא און אין דיא שטאאטען פון דיא פלאכלענדער. דיזע צוויי שטאאטען

און אָהאַייאָ איבערשטייגען אַלע אַנדערע שטאַאַטען אין דער פּראָ־דוקציאָן פון וואָל. דאַגעגען איז דיא מאַנופאַקטור פון וואָלענע וואַארען אַם גרעסטען אין דיא שטאַאַטען פון ניי ענגלאַנד (מעין, ניו העמפּשיר, ווערמאָנט, מאַססאַטשוסעטטס, קאָננעטיקוט, רהאָוד איי־לאַנד), ניו יאָרק און פּעננסילווייניאַ.

היי פערנעהמט דאָ דעם צווייטען אָרט נאָך קאָרן לויט דעם ווערט פון דער מאַסע, וועלכע ווערט יעהרליך בעאַרבייט. היי ווערט פּראָדוצירט זעהר פיעל אין ניו יאָרק, אייאָוואַ און אַנדערע שטאַאַטען אין דיא צווייי נאָרדליכע אַגריקולטור־פּאַסען, וועלכע ענטהאַלטען אויך דיא שטאַאַטען, וואָס פּראָדוצירען דיא מעהרסטע מילך, פּוטער און קעז. ווייץ איז דיא הויפּט פּראָדוקציאָן אין דעם נאָרדליכען פּאַס און אין קאַליפאָרניאַ, און זייט פיעלע יאָהרען זיינען ווייץ און ווייצענעם מעהל צווישען דיא ערסטע אַמעריקאַנישע עקספּאָרט־אַרטיקלען. דיא צאָהל פון בושעלס, וואָס אַן אַקער לאַנד גיט דאָ אַרויס, איז פערהעלטניסמעסיג קליין, אָבער דער שטח פון באָדען, וואו ווייץ קען וואַקסען, איז אַזוי גרויס, דאָס ער גיט אַרויס דיזען פּראָדוקט פיעל מעהר, וויא פיעל מען קען איהם פערברויכען אין לאַנד. דיא פּראָדוקציאָן פון ווייץ אין דיזען לאַנד איז גרעסער, וויא אין אירגענד וועלכען אַנדערן לאַנד אין דער וועלט. פיר דיזע גרויסע פּראָדוקציאָן פון ווייץ האָט מען אויך פיעל צו פערדאַנקען דער מאַשינעריע, וועלכע ווערט היער בענוצט צום אַקערן, זעען, שניידען און דרעשען. דער נעכסטער גרויסער פּראָ־דוקט איז האָבער. דיזער געטריידע־אַרטיקעל איז דער הויפּט פּראָ־דוקט אין דיא שטאַאַטען מעין, ווערמאָנט און ניו יאָרק, אָבער ווערט פּראָדוצירט פיעל מעהר אין אינדיאַנאַ, איללינאָיז און אַנדערע וועסטליכע שטאַאַטען. דיא שטאַאַטען, וועלכע זיינען דיא ערסטע אין דער פּראָדוקציאָן פון האָבער, האָבען דיא מעהרסטע פערד.

אין דיא געגענדען, וואו עס וואקסט באוועל, ווערען מעהרסטענס בענוצט מויל-עזלען (mules). אין דיא שטאאטען, וועלכע פראָדוצירען האָבער, ווערט אויך פראָדוצירט פיעל קארטאָפעל.

גרויסע וואסער-פאלען, וויא צום ביישפיעל דיא וואסער-פאַלען פון דעם מיססיססיפפי ביי מיננעאפאָלים אין מיננעסאָטאַ אָדער דיא וואסער-פאלען פון דעם טייך דזשענעסי (Genesee) ביי ראָטשעסטער אין דעם שטאאט ניו יאָרק, האָבען אַזעלכע שטעדט געמאַכט פיר מיטעל-פונקטען פון מעהל, וועלכעס איז דער וויכטיגסטער פראָדוקט אין דיזען לאַנד. דיא שטעדט טשיקאַגאָ [איללינאָאיז], דיולוטה (Duluth) [מיננעסאָטאַ] און סט. לואיס (מיזורי) זיינען דיא הויפט פּאָרטען פון געטריידע אין דעם וועסטליכען טייל פון דעם לאַנד. דיא שטעדט באָפפאַלאָ (שטאאט ניו יאָרק), ניו יאָרק און ניו אָרלינז (לואיזאַנאַ) זיינען דיא וויכטיגסטע פונקטען פיר איבערשיפונג.

דער פראָדוקט פון באוועל אין דיזען לאַנד איז כמעט אַזוי גרויס, דאָס הייסט אין ווערט, וויא דער פראָדוקט פון ווייץ, און ער פערנעהמט דעם ערסטען אָרט אין עקספּאָרט. דער טייל פון דיזען פראָדוקט, וועלכער ווערט געשיקט נאָך איירּאָפאַ (אונגעפעהר צוויי דריטעל) בילדעט אַ פערטעל פון אַלע עקספּאָרטען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיא שטאָדט ניו אָרלינז אין לואיזאַנאַ איז דער הויפט-פּאָרט, פון וואַנען דיא באוועל ווערט פערשיקט, אָבער דיא הויפט ערטער פיר דעם האַנדעל מיט דיזען ארטיקעל זיינען גאַלוועסטאָן (Galveston) [טעקסאַס], מאָביל (Mobile) [אַלאַבאַמאַ], סאַוואַננאַה (Savannah) [דזשאָרדזשיאַ] און טשאַרלזטאָן (Charleston) [סאַוטה קאַראָלאַיינאַ]. דיא מאַנופאַקטור פון באוועל אין דיא פעראייניגטע שטאאטען איז מעהרסטענס אין דיא שטאאטען פון ניי-ענגלאַנד (מאַססאַטשוסעטטס, קאָננעטיקוט א. ז. וו.), ניו יאָרק און פּענסילוויינאַ, אָבער אין דיא לעצטע יאָהרען איז דיא באוועל-

מאַנופאַקטור אויך געוואַקסען אין דיא שטאַאַטען, וועלכע פראָדוצירען דיזען אַרטיקעל. כמעט דיא גאַנצע באַוועל-געגענד גיט זיך אָפּ מיט דער פּראָדוקציאָן פון באַוועל. דיא פראָדוקציאָן פון געטריידע פער־נעהמט דאָ דעם צווייטען אָרט. אין דיא זידליכע טיילען פון לואי־זאַנאַ ווערט אויך פּראָדוצירט דער צוקער-ראָהר, אָבוואָהל דער באָ־דען איז דאָ ניט אַזוי גוט פיר דיזען אַרטיקעל וויא אין קובאַ, וואו אַן אַקער לאַנד גיט אַרויס פון דריי ביז זעקס מאָל אַזוי פיעל צוקער וויא היער. לואיזאַנאַ, דזשאָרדזשיאַ און סאוטה קאַראָלאַיינאַ זיינען דיא הויפּט ערטער, וואו עס ווערט פראָדוצירט רייז, אָבער דער האַנדעל מיט דיזען פּראָדוקט איז ניט קיין גרויסער. טאַבאַק ווערט פּראָדוצירט אין אַלע שטאַאַטען; דיא גרעסטע פּראָדוצירער פון דיזען אַרטיקעל זיינען דיא שטאַאַטען קענטאָקקי, ווירדזשיניאַ. פּעננסילווייניאַ, אָהאַייאָ און טעננעסי. האָפּענס (hops) ווערען בעאַרבייט אין דיא וויטסטע נאָרדליכע שטאַאַטען און ניו יאָרק איז דער גרעסטער פּראָדוצירער. פלאַקס ווערט פראָדוצירט וועגען דיא ליינ-זוימען פיר אויל אין איינינע שטאַאַטען ביי'ם אויבערען טייל פון דעם מיססיססיפּפּי און אין דער געגענד, וועלכע ליעגט צו וועסט פון דיא קאַסקאַדענ-בערג.

אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען ווערט אויך פּראָדוצירט פיעל פרוכט. דיא פּראָדוקציאָן פון אַפּעלסינען (oranges) און אַנדערע פרוכטען, וועלכע וואַקסען אין וואַרימע קלימאַטען, איז בעזאָנדערס גרויס אין פלאָרידאַ און קאַליפאָרניאַ. אַנדערע פרוכטען, וויא עפּעל, בערנעס, פלוימען און קאַרשען וואַקסען אַם בעסטען אויף דעם באָדען, וועלכער ליעגט צווישען דעם טשעסאַפּיק בעי (וויר־דזשיניאַ און מערילאַנד) און דעם טייך קאָננעטיקוט (ניי ענגלאַנד), וויא אויך אין דיא מילדע קלימאַטען פון דעם זידליכען טייל פון דעם שטאַאַט מיטשיגאַן און דעם וועסטליכען טייל פון דעם שטאַאַט

אָרעגאָן. פערסיקעס אָדער פערסישע עפּעל (peaches) זיינען א הויפּט פּראָדוקט פון דיא שטאַאטען דעלאַווער און ניו דזשערזי. וויינטרויבען פיר וויין וואַקסען אַם בעסטען אין קאַליפאָרניא, וואו עס בליהען דיא טייערסטע אייראָפּעאישע מינים פון דיזער פּלאַנצע. אין מיזורי, איללינאַיז און אָהאַייאָ ווערען מעהרסטענס בעאַרבייט דיא היימישע סאָרטען וויינטרויבען און עס ווערט דאָרט געמאַכט פיעל וויין, וואָס ווערט געברויכט צום טיש.

דיא פעראייניגטע שטאַאטען ליעפערן אויך ניט וועניג געהילץ. אונגעפעהר א פערטעל פון דעם גאַנצען שטח פון לאַנד איז בעדעקט מיט וואַלד. דיא פּראָפּאָרציע פון וואַלד איז דאָ קלענער וויא אין שוועדען, רוסלאַנד און עסטרייך-אונגאַרן, אָבער אונגעפעהר דיא זעלביגע וויא אין דייטשלאַנד און גרעסער וויא אין יעדען אַנדערן לאַנד אין אייראָפּא. דער פּיכטענ-בוים (pine), דיא פעכ-סאָסנע (spruce), דער צעדער-בוים (cedar) און דער שיערלינג (hemlock) [א בוים, וואָס זיין קאָרע ווערט בענוצט צום גאַרבען לעדער] וואַקסען אין מיטשיגאַן, פּעננסילווייניא, ניו יאָרק, וויסקאָנסין און מעין, וויא אויך אין דעם וועסטליכען טייל פון וואַשינגטאָן (שטאַאט) און אָרעגאָן. מעין און וואַשינגטאָן ליעפערן פיעל מאַטעריאַל צום בויען שיפען. לאַנגע מאַסטען פון דיא הויכע בוימער אין דיזע געגענדען ווערען עקספּאָרטירט זאָגאַר נאָך אייראָפּא פיר קריעגס-שיפען. פיעל געהילץ פון וואַשינגטאָן געהט נאָך אויסטראַליען. זעהר פיעל פעל פון אַנדערע אַמעריקאַנישע מדינות ווערט געשיקט צום בעאַרבייטען נאָך ניי-ענגלאַנד, ניו יאָרק און פּעננסילווייניא, ווייל אין דיזע שטאַאַטען וואַקסט דער שיערלינג, וועלכער ווערט בענוצט אין גערבערייי. אין דיא אַנדערע געגענדען איז דיא הויפּט פּראָדוקציאָן געהילץ צום בויען הייזער. אין דער אָסטליכער העלפט פון דעם מיססיססיפּפּי-טאָל און ביי דיא זייטען פון דיא אַפּפּאַלאַטשישע בערג ווערט גע-

שניטען פיעל הארטעס האָלץ, וויא היקאָרי (hickory) [אַ סאָרט נוס-בוים], אַהאָרן (maple) און וואַלנוס (walnut), וועלכעס ווערט בענוצט אין דער מאַנופאַקטור פון געציינ, מאַשינעריע, פוהרען, וואַגאָנען, מעבעל און צו בעשלאָגען הייזער פון אינוועניג. פון טשיקאַגאָ ווערען עקספּאָרטירט מעבעל נאָך שאָטלאַנד (ענגלאַנד) און וואַגאָנען נאָך זיד אפריקא. דער געלער פיכטענ-בוים (yellow pine) ווערט געשניטען הויפּטזעכליך אין דזשאָרדזשיא און ווערט בענוצט פיר דילען און אין שיפען. דער „לעבעדיגער דעמב“ (live oak), איינס פון דיא שטייפסטע האָלצען, ווערט אויך געשניטען ביי דעם בוזים פון מעקסיקאָ. דיא שיפען-ווערקשטאַט (navy yard) פון דיא פערא״ניגטע שטאַאַטען אין פענסאַקאָלאָ (אַ פּאָרט-שטאָדט אין פלאָרידאַ) האָט זיך דאָרטען עטאַבלירט, ווייל עס געפינט זיך נאָהענט דערביי פיעל מאַטעריאַל צום בויען שיפען. אין פלאָרידאַ געפינט זיך אַ פיינעס האָלץ, וואָס ווערט בענוצט פיר בליי-שטיפ-טען. דיא יעהרליכע פּראָדוקציאָן פון געהילץ אין דיעזען לאַנד איז אונגעהייער גרויס. דיא פּראָדוקטען פון דיא זעג-מיהלען פערנעה-מען דעם פינפטען אָרט צווישען דיא מאַנופאַקטורען.

דער מינעראַל-רייכטום פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען איז זעהר גרויס. גאָלד ווערט פּראָדוצירט זעהר פיעל אין קאַליפאָרניאַ, וואו דיזעס מעטאַל איז ענטדעקט געוואָרען אין 1848. נאָך קאַלי-פאָרניאַ ווערט דאָס מעהרסטע גאָלד פּראָדוצירט אין דיא שטאַאַטען קאָלאָראַדאָ, מאָנטאַנאַ, סאַוטה דאַקאָטאַ און נעוואַדאַ, און עס געפינט זיך אויך אין דער גאַנצער געגענד צו וועסט פון דיא פעלזענ-בערג, וויא אויך אין קליינע מאַסען אין דיא אַפּפּאַלאַטשישע בערג. זילבער געפינט זיך כמעט אין אַלע שטאַאַטען, וועלכע פּראָדוצירען גאָלד, בעזאָנדערס אין קאָלאָראַדאָ, מאָנטאַנאַ, יוטאַה און נעוואַדאַ. זילבער געפינט זיך כמעט אימער אין פערבינדונג מיט אַן אַנדערן מעטאַל,

וויא צום בײשפּיעל מיט בלײ אין לעדוויללע (Leadville), קאָלאָראַ־דאָ. קוועקזילבער איז דאָ זעהר פיעל אין דיא בערג פון קאַליפאָר־ניאַ. ניט וועניגער וויכטיג און טיילס נאָך וויכטיגער וויא דיא פּראָדוקציאָן פון גאָלד און זילבער איז אין דיזען לאַנד דיא פּראָ־דוקציאָן פון דיא אײנפאַכע מעטאַלען: קופּער, בלײ, צינק, צין און אײזען. קופּער געפינט זיך צום מעהרסטען אין דעם שטאַאַט מיטשיגאַן איף דעם קיווינאָ פּאָינט (Keeweenaw Point) [אַ קלײ־נער קאַפּ] און אויף דיא אינזלען אין דעם לעיק סופּיריאָר. דאָס זיינען דיא רייכסטע מינעס פון דיזען מעטאַל אין דער וועלט. דאָס קופּער געפינט זיך דאָ אין גרויסע מאַסען און כמעט גאַנץ ריין, דאָס הייסט, ניט געמישט מיט אַנדערע מאַטעריאַלען. בלײ געפינט זיך אין קלײנע מאַסען אין דעם אָסטליכען טײל, אָבער זעהר פיעל און איף אַ גאַנץ גרויסען שטח אין דער געגענד פון דיא פעלזענ־בערג. דיאָ גרעסטע מאַסע ווערט פּראָדוצירט אין לעדוויללע, קאָלאָראַדאָ, און בעדייטענדע מאַסען געפינען זיך אין יוטאַה, מיזזורי און קאַנזאַס. מינעס פון בלײ זיינען אויך דאָ אין אײאָוואַ און איללינאָיז. צינק געפינט זיך צוזאַמען מיט בלײ אין דיא מינעס פון מיזזורי און קאַנ־זאַס און איז אויך דאָ פיעל אין איללינאָיז און אין אייניגע שטאַאַ־טען פון דער אַפּפּאַלאַטשישער געגענד, בעזאָנדערס אין ניו דזשערזי. צין ווערט פּראָדוצירט אין דעם זידליכען טײל פון דאַקאָטאַ אין דיא שוואַרצע בערג (Black Hills) און אין קאַליפאָרניאַ. אײזען איז דער גרעסטער מעטאַל־פּראָדוקט אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. דיא מאַסע אײזען, וועלכע ווערט דאָ פּראָדוצירט יעהרליך, איז כמעט אַזוי גרויס אין ווערט, וויא דער פּראָדוקט פון גאָלד און זילבער צוזאַמען. אין דער מאַנופאַקטור פון אײזען פערנעהמט דיזעס לאַנד דעם צווייטען אָרט נאָך ענגלאַנד. דיא אַפּפּאַלאַטשישע בערג און אַלע שטאַאַטען פון ניו יאָרק ביז דזשאָרדזשיאַ און פון אָהאַײאָ

ביז אלאבאמא ענטהאלטען גרויסע מאסען אייזען. זעהר רייך אין אייזען זיינען דיא שטאאטען מיטשיגאן, וויסקאנסין און מיננעסאָטא. דיזע ערטער צייכנען זיך אויס מיט דיא לעיק סופיריאָר רודעס (Lake Superior ore), וועלכע זיינען פון זעהר א גוטען סאָרט. פיעל אייזען איז אויך דאָ אין דעם שטאאט מיזורי; דאָרטען געפינען זיך דיא צוויי בעריהמטע אייזען־בערג אייראָן מאונטעין (Iron Mountains) [„אייזען־בארג"] און פאיילאָט נאָב (Pilot knob), וועלכע זיינען פול מיט אייזען־רודעס. פערשיעדענע געגענדען האָבען פערשיעדענע סאָרטען רודעס, און אזוי וויא געמישטע רודעס גיבען ארויס א בעסערן פראָדוקט וויא רודעס פון איין סאָרט, בעציהען דיא שמעלץ־פאבריקען רודעס פון פערשיעדענע ערטער. צ. ב. לעיק סיפיריאָר רודעס ווערען בעצויגען נאָך מיזורי, נאָך פיטסבורג (פעננסילוויניא) און זאָגאר נאָך אלאבאמא. צו דעם זעלבינגען צוועק ווערט דאָ אימפאָרטירט אייזען פון שאָטלאנד (ענגלאנד) און זאָגאר פון אלזשיר (נאָרד־וועסט אפריקא), שפאניען און גריכענלאנד.

דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען זעהר רייך אין שטיין־קויהלען. דער קויהלען־שטח פון דיזען לאנד איז גרעסער וויא דער קויהלען־שטח אין יעדען אנדערן לאנד אויסער כינא. זיין גרויס איז אונגעפעהר 200,000 קיואדראט־מיילען. דעם נעכסטען גרעסטען שטח פון קויהלען האָט קאנאדא, מיט אונגעפעהר 65,000 קוו. מ. אינדיען פערנעהמט דעם דריטען אָרט מיט אונגעפעהר 35,000 קוו. מ., רוסלאנד האָט 30,000, אויסטראליען 20,000 און ענגלאנד 12,000. אין דער מאסע פון פראָדוקציאָן פערנעהמט ענגלאנד דעם ערסטען אָרט און דיא פעראייניגטע שטאאטען דעם צווייטען. ענגלאנד פראָדוצירט יעהרליך איבער 180,000,000 טאָן, דיזעס לאנד — איבער 160,000,000 טאָן. דיא קויהלען־פעלדער אין כינא, וועלכען זיינען

אַזוי גרויס אין פיעללייכט נאָך גרעסער אין שטח וויא דיא קויהלענ־פעלדער אין דיזען לאַנד, זיינען וועניג ענטוויקעלט.

דאָס הויפט קויהלענ־פעלד אין דיא פעראייניגטע שטאאטען איז אין דיא אללעגעני־בערג (א טייל פון דיא אפפאלאטשישע בערג), וועלכע ציהען זיך פון נאָרד פעננסילוויניא צו זיד ביז אלאבאמא און דזשאָרדזשיא. דיא קויהלען פון דיזען פעלד זיינען פעט־קויהלען (bituminous coal), וועלכע זיינען ווייך און לאָזען זיך לייכט גראָבען. דיזער סאָרט קויהלען געפינט זיך זעהר פיעל ביי פיטטסבורג (פעננסילוויניא), וועלכע איז א גרויסער מיטעלפונקט פון דיא אינדוסטריען, וואָס האָבען נויטיג קויהלען, בעזאָנדערס פון אייזען און גלאָז. וועגען דער גרויסער מאסע קויהלען, וועלכע איז דאָרטען אין פריהערדיגע צייטען בעניצט געוואָרען, האָט פיטטסבורג געקראָגען דעם נאָמען „רויכיגע שטאָדט" (smoky city), אָבער זייט דיא לעצטע יאָהרען ווערט דאָ אָנשטאָט קויהלען פיעל בענוצט נאטירליכער גאז (natural gas), וועלכער קומט פון אונטער דער ערד. דיזער גאז געפינט זיך געוועהנליך אין פערבינדונג מיט פעטראָלעאום און ער איז דאָ ניט נאָר אין פעננסילוויניא, נאָר אויך אין זיד־וועסט ניו יאָרק, אין אָהאַייאָ, וועסט ווירדזשיניא, אינדיאנא, איללינאָיז, זאָגאר אין זיד קאליפאָרניא, און ווערט בענוצט ניט נאָר צום בעהייצען פאבריקען און הייזער, נאָר אויך פיר בעלייכטונג. גאנצע שטעדט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען האָבען זייער בעהייצונג און בעלייכטונג פון דיזען אונטער־ערדישען גאז. מאנכע סאָרטען פיטטסבורגער קויהלען זיינען אויך רייך אין גאז און זיי ווערען געגראָבען און אויעקגעשיקט נאָך אַנדערע שטעדט איהם צו פאבריצירען. דיא קויהלען, פון וועלכע דער גאז איז שוין ארויסגעצויגען געוואָרען, אָדער, וויא מען רופט זיי, דיא קאָקס (cokes), זיינען גוט פיר בעהייצונג. אין פעננסילוויניא זיינען דאָ מינעס פון הארטע

קויהלען (anthracite coal). דער צוזאַמענגענומענער שטח פון דיזע מינעס איז וועניגער וויא 500 קוו. מ., דאָך ליעפערן זיי בעי־הייצונג פיעללייכט פיר אַ פערטעל פון דיא איינוואוינער פון גאַנצען לאַנד. דער ווערט פון דער יעהרליכער פראָדוקציאָן פון דיזע מינעס איז גרעסער וויא דיא גרעסטע פראָדוקציאָן פון גאָלד אין קאַליפאָר־ניאַ. האַרטע קויהלען אין קליינע מאַסען געפינען זיך אויך אין רהאָוד אײלאַנד און אין ווירדזשיניאַ. האַרטע קויהלען ענטהאַל־טען וועניגער גאַז און מעהר קויהלען־שטאָף אַלס דיא ווייכע קויה־לען, זיי גיבען אַ גרויסע היץ און וועניג רויך. אויסער אין דיא אַלליגעינים געפינען זיך ווייכע קויהלען אין מיטשיגאַן און אין דעם גרויסען קויהלען־פעלד פון איללינאָיז, וועלכעס ציהט זיך אריין אין קענטאָקקי און אינדיאַנאַ. דאָס דריטע גרויסע פעלד פון ווייכע קויהלען איז דאָס פעלד פון מיזורי, וועלכעס פערנעהמט אויך טיילען פון אײאָוואַ, נעבראַסקאַ, אַרקאַנזאַס און אינדיאַן טער־ריטאָרי (Indian Territory). קליינע שיכטען פון דיזען סאָרט קויהלען געפינען זיך אויך אין טעקסאַס. צווישען דיזע פעלדער און דעם פאַסיפיק איז דאָ כמעט אין יעדען שטאַאַט אַ סאָרט קויה־לען, וועלכע ווערען אָנגערופען ליגניט (lignite) אָדער ברוינע קויהלען (brown-coal). דיזע קויהלען גיבען ניט אַרויס קיין גרויסע היץ.

דיא פעראייניגטע שטאַאַטען צייכנען זיך אויס מיט דער פראָ־דוקציאָן פון שטיינ־אויל אָדער פעטראָלעאום (petroleum). דער הויפט אָרט פון דיזען פראָדוקט איז פעננסילווייניאַ. טאַיטאָסוויללע (Titusville), אָיל סיטי (Oil City), בראַדפאָרד (Bradford) און נאָך אַנדערע שטעדט אין דיזען שטאַאַט לעבען כמעט פון דיזעז איינעם אַרטיקעל. פון דיזע און אַנדערע ערטער ווערט דאָס שטיינ־אויל געצויגען דורך אײזערנע רעהרען אונטער דער ערד צו ראַפינירי

פאבריקיין, וועלכע געפינען זיך אין בעקוועמע ערטער צום פערשיקען. אזעלכע רעהרען ציהען זיך ביז ניו יארק, קליוולאנד, באפפאלא און פיטסבורג. פעטראלעאום געפינט זיך אויך אין אהאייא, וועסט ווירדזשיניא, קענטאקקי, קאלאראדא, וואייאמינג און קאליפאר־ניא. דיזעס לאנד איז דער הויפט פראדוצירער פון פעטראלעאום, אבער אין דיא לעצטע יאהרען זיינען גרויסע קוואלען פון שטיין־אויל געעפענט געווארען אין זא־קאווקאז, רוסלאנד, און רוסישעס פעט־ראלעאום קאנקורירט יעצט אין איראפא און אזיען מיט דעם אמע־ריקאנישען פראדוקט.

בעדייטענד גרויס אין דיזען לאנד איז אויך דיא פראדוקציאן פון זאלץ. דיא הויפט פראדוצירער פון דיזען ארטיקעל זיינען דיא שטאאטען מיטשיגאן ניו יארק, אהאייא, לואיזיאנא, וועסט ווירדזשיניא, נעוואדא, קאליפארניא און קאנזאס; עס ווערט אויך פראדוצירט אין דעם שטאאט יוטאה. מיטשיגאן און ניו יארק ליעפערן אונגעפעהר דריי פערטעל פון דעם גאנצען פראדוקט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דאס זאלץ פון קאליפארניא ווערט געמאכט פין ים־וואסער; דאס זאלץ פון יוטאה ווערט פראדוצירט פון דער אזיערע גרעיט סאלט לעיק (Great Salt Lake); דאס זאלץ פון לואיזיאנא און קאנזאס קומט טיילס פון מינעס. דער זאלץ־פראדוקט פון דיא אנדערע שטאאטען קומט הויפטזעכליך פון געזאלצענע קוועלען, וועלכע ווע־רען דורכגעבייערט.

## 6. קאפיטעל.

# דיא פערא‌יינגטע שטאַאטען.

### דריטע אָפטיילונג.

מאַנופאַקטור. — האנדעל. — אייזענ־באַהנען. — פערקעהר פון שיי־פען. — עקספּאָרט און אימפּאָרט.

דיא פעראייניגטע שטאאַטען זיינען זעהר גרויס אין מאַנופאַק־טור און דיא מאַנופאַקטור איז דאָ זעהר פערשיעדענארטיג. עס איז כמעט ניטאָ אַן ארטיקעל, וועלכען ציוויליזירטע מענשען געברויכען, וואָס זאָל אין דיזען לאַנד ניט פאַבריצירט ווערען. כמעט אַלעס ווערט דאָ געמאַכט פיעל בילליגער, וויא אין יעדען אַנדערן אָרט, ווייל אין קיין אַנדערן לאַנד ווערען ניט בע־נוצט אַזוי פיעלע מאַשינען צום שפּאָרען אַרבייט, וויא אין דיא דיא פעראייניגטע שטאַאטען. דיא גרעסטע מאַנופאַקטורען אין דיזען לאַנד זיינען: פערשיעדענע מעהלען, באַוועלנע און וואָלענע שטאָ־פען, געפּאַקטע פליישען, אייזענ־וואַרג און שטאָל־וואַארע, מאַשי־נעריע, געהילץ, קליידער, שטאַרקע געטרענק, שיך און לעדער־וואַרג, ביכער און צייטונגען. אין געוועבטע שטאָפען פערנעהמען דיא פעראייניגטע שטאַאטען דעם צווייטען אָרט נאָך ענגלאַנד. דער הויפּט אָרט פון באַוועל־מאַנופאַקטור איז ניי־ענגלאַנד (מאַססאַטשו־סעטטס, קאָננעטיקוט א. ז. וו.) און אין דער לעצטער צייט האָבען זיך אין דיעזער אינדוסטריע אויך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען דיא זידליכע שטאַאטען, וואו דיא באַוועל ווערט פּראָדוצירט. וואָל־מאַנופאַקטור

איז מעהרסטענס אין דיא נאָרדליכע אַטלאַנטישע שטאַאטען, זייד אין פּאַטערסאָן (Paterson) [ניו דזשערזי], ניו יאָרק און פּי־לאַדעלפיאַ (פּעננסילווייניאַ). דיזעס לאַנד צייכענט זיך אויס אין דער מאַנופאַקטור פון מאַשינען, עלעקטרישע אַפּפּאַראַטען און אַגריקול־טור־מאַשינעריע. צווישען דיא אַנדערע וויכטיגע אינדוסטריען פון דיזען לאַנד זיינען: געהילץ, לעדער, גלאָזוואַרג און לעהמענע כּלים.

לויט דעם ווערט פון דיא פאַבריצירטע אַרטיקלען זיינען ניו יאָרק, מאַססאַטשוסעטטס, איללינאָיז, אָהאַייאָ און ניו דזשערזי דיא הויפּט שטאַאטען פון מאַנופאַקטור, אָבער אין מאַססאַטשוסעטטס, קאָננעטיקוט און רהאָוד אַיילאַנד, וועלכע זיינען געדיכטער בעזעצט וויא דיא אַנדערע שטאַאטען, בעשעפטיגט זיך מיט מאַניפאַקטור דיא גרעסטע פּראָפּאָרציע פון דער בעפעלקערונג. דיא הויפּט מאַנופאַק־טורען נאָך מעהל, געפּאַקטע פליישען, פישען און פרוכטען, זיינען: שטאָהל און אַייזען, וועלכע ווערען הויפּטזעכליך פּראָדוצירט אין פּעננסילווייניאַ; קליידונג, וועלכע ווערט געמאַכט אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיאַ, טשיקאַגאָ, סינסיננאַטי און באָסטאָן; געהילץ; מאַ־שינעריע, וועלכע ווערט געמאַכט אין ניו יאָרק, פּעננסילווייניאַ, מאַססאַטשוסעטטס און אָהאַייאָ; באַוועל־וואַרע; לעדער; שטיעפעל און שיך; וואָלענע וואַארע. פון דיא גרויסע מאַנופאַקטור־שטעדט זיינען דיא פאָלגענדע צוהן דיא וויכטיגסטע: ניו יאָרק, אין דער מאַנופאַקטור פון קליידער, שפּייז־אַרטיקלען, דרוק־זאַכען, טאַבאַק און געטרענק; פילאַדעלפיאַ (פּעננסילווייניאַ) — געוועבטע שטאָפען, צוקער און קליידער; טשיקאַגאָ (איללינאָיז) — שפּייז־שטאָפען, קליידער און שטאָהל; ברוקלין (ניו יאָרק) — צוקער; באָסטאָן (מאַססאַטשוסעטטס) — צוקער און קליידער; סט. לואיס (מיזורי) — שפּייז־שטאָפען; סינסיננאַטי (אָהאַייאָ) — קליידער, שפּייז־שטאָפען און געטרענק; באַלטימאָר (מערילאַנד) — קליידער, געפּאַקטע

פּראָכטען און כעמישע אַרטיקלען צום מיסטיגען פעלדער; פּיטטס־בורג (פּעננסילוואַניאַ) — אייזען, שטאָהל און גלאָז; סאַן פראַנסיסקאָ (קאַליפאָרניאַ) — פּראָוויזיאָן און זעהר פיעלע אַנדערע אַרטיקלען אין קליינע מאַסען. דיא יעהרליכע מאַנופאַקטור פון אַלע אַרטיקלען אויסער נאַהרונגס־מיטלען מאַכט אויס אונגעפעהר 75 דאָללאַר אויף יעדען איינוואוינער.

דער האַנדעל אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, דאָס הייסט דער אינלענדישער האַנדעל, איז גרעסער וויא אין אירגענד וועלכען אַנדערן לאַנד. אין אויסלענדישען האַנדעל פערנעהמט דיזעס לאַנד דעם פערטען אָרט. ענגלאַנד, דייטשלאַנד און פראַנקרייך איבער־שטייגען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען אין אויסלענדישען האַנדעל.

דער אינלענדישער האַנדעל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען איז זעהר גרויס און דער אויסלענדישער האַנדעל איז פערהעלטניס־מעסיג קליין. פון דער גאַנצער פּראָדוקציאָן פון מאַנופאַקטור, מינע־ראַל־פּראָדוקטען און אַגריקולטור־פּראָדוקטען, וועלכע בעטרעפען אונגעפעהר אַכט טויזענד מיליאָן דאָללאַר, ווערט בלויז עקספּאָר־טירט פיר אַכט הונדערט מיליאָן דאָללאַר אָדער איין צעהנטעל.

אין מיטלען פון פערקעהר און טראַנספּאָרטאַציאָן איי־בערשטייגען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען אַלע אַנדערע לענ־דער פון דער וועלט. דיזעס לאַנד האָט מעהר אייזענ־באַהן, וויא אַלע לענדער אין אייראָפּאַ צוזאַמענגענומען. אין קיין לאַנד ווערען אייזענ־באַהנען ניט געבויט אַזוי שנעל וויא דאָ. דיא אורזאַך דערפון ליעגט אין דיא גרויסע פערבעסערונגען פון לאַנד פיר אַגריקול־טור, אין דיא ענטדעקונגען פון ערטער פיר מינעס און אין דעם אימער וואַקסענדען האַנדעל. אַזוי באַלד וויא פאַרמערס זיינען זיכער, דאָס זיי קענען פּראָדוצירען גענוג געטריידע אויף לאַנד, וועלכעס ליעגט נאָך לעער, ווערט שוין איבער דעם דאָזיגען לאַנד געבויט

אַן אייזען-באַהן צו פיהרען קודם-כל דיא מאַשינעריע פיר לאַנד-אַרבייט און דאַן דיא געטריידע צום מאַרק. ווערט ערגעץ ענטדעקט גאָלד, זילבער אָדער אַן אַנדער מעטאַל, און עס איז דאָרטען ניטאָ קיין מיטעל פון פערקעהר, ווערט גלייך געבויט אַן אייזען-באַהן צו העלפען דער פּראָדוקציאָן. וועגען דער וואַקסענדער פּראָדוקציאָן פון דעם פּאַסיפישען ברעג און דעם וואַקסענדען האַנדעל מיט דיא אָסט-אַזיאַטישע לענדער זיינען געבויט געוואָרען עטליכע אייזען-באַהן ליניעס איבער דער גאַנצער ברייט פון דעם טאַפעל-לאַנד. אום צו העלפען בויען אייזען-באַהנען איבער לאַנגע שטרעקעס, וועלכע זיינען וועניג בעפעלקערט, האָבען דער קאָנגרעס פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען און דיא רעגיערונגען פון דיא פערשיעדענע איינצעלנע שטאַאטען בעווילינט גרויסע שטיקער לאַנד, איבער וועלכע דיא באַהנען האָבען געדאַרפט געלעגט ווערען. דורך דעם פערקויף פון דיזען לאַנד צו קאָלאָניסטען קריעגען דיא אייזען-באַהן געזעלשאַפטען דירעקטע הילף פון דעם געלד, וואָס זיי קריגען דאַפיר, און אינדירעקטע הילף פון דעם פערקעהר פון דיא מענשען, וועלכע בעזעצען זיך ביי דיא באַהנען.

דיא גרויסע פּאַסיפישע אייזען-באַהנען פערבינדען דעם פּיודזשענט סאַונד (אין דעם שטאַאט וואַשינגטאָן) מיט טשיקאַגאָ (איללינאָיז) און סט. לואיס (מיזזורי), אויך סאַן פראַנסיסקאָ (קאַליפאָרניאַ) מיט טשיקאַגאָ, סט. לואיס און ניו אָרלינז (לואיזיאַנאַ), וועלכע איז אַ פּאָרט ביי'ם ים. דיא הויפט אייזען-באַהן ליניעס אין דעם אָסטליכען טייל פון לאַנד פערבינדען טשיקאַגאָ איבער מאָנטרעאָל (קאַנאַדאַ) מיט פּאָרטלאַנד (מעין), ניו יאָרק, פילאַדעלפיא (פּעננסילווייניאַ) און באַלטימאָר (מערילאַנד), און ניו אָרלינז (לואיזיאַנאַ) מיט סאַוואַננאַה (דזשאָרדזשיאַ) און טשאַרלזטאָן (סאַוטה קאַראָליינאַ). ניו יאָרק ביי'ם אַטלאַנטישען אָקעאַן, טשיקאַגאָ אין דעם מיטעלען טאָל און סאַן

פראַנסיסקאָ ביי'ם פאַסיפיק זיינען דיא וויכטיגסטע פונקטען. דיזע הויפט ליניעס זיינען פערבונדען מיט אונצעהליגע אנדערע ליניעס, וועלכע זיינען אויסגעלעגט אין פערשיעדענע ריכטונגען. דיא גרויסע אייזענבאהן פערבינדונגען גיבען דיא מעגליכקייט דיא פארמערס פון דיא וועסטליכע געגענדען און דיא באוועל-פלאַנצער פון דיא זידליכע שטאַאטען צו פראָדוצירען פיעל פיר וויטע מערק. דיא פארמערס אין דיא אָסטליכע געגענדען קענען קריגען געטריידע פון דיא וועסטליכע געגענדען און פראָדוצירען אויף זייער באָדען אזעלכע ארטיקלען, וועלכע לוינען זיך בעסער אין מעהר בעפעל-קערטע ערטער. דיא שטאַאטען דעלאַווער און ניו דזשערזי פראָדו-צירען פרוכט און גאָרטענ-גרינס, וועלכע האָבען א גרויסען אָפזאץ אין דיא שטעדט ניו יאָרק און פילאַדעלפיא.

א גרויסער טייל פון דעם אינלענדישען האַנדעל ווערט גע-פיהרט דורך שיפען אויף דיא טייכען און אויף דיא גרויסע אָזיע-רעס. סט. לואיס און ניו אָרלינז אויף דעם מיססיססיפפי-טייך און טשיקאגאָ, מילוואָקי (וויסקאָנסין) און באָפפאלאָ אויף דיא אָזיערעס זיינען אין דיזען אינלענדישען פערקעהר דיא הויפט פונקטען. ביי דיא ברעגען איז דער וואַסער-פערקעהר א גרעסערער, איבערהויפט ביי דעם אַטלאַנטישען ברעג. דער פערקעהר ביי דעם פאַסיפישען ברעג איז אונגעפעהר א דריטעל פון דעם פערקעהר אויף דיא טיי-כען פון דעם מיססיססיפפי-סיסטעם און א זעקסטעל פון דעם פער-קעהר אויף דיא גרויסע אָזיערעס. דער פערקעהר ביי דעם אַטלאַנ-טישען ברעג און אויף דיא טייכען איז כמעט אַזוי גרויס וויא דער פערקעהר אויף אַלע איבריגע וואַסערן צוזאַמען. דער שיפענ-פער-קעהר אויף דעם בוזים פון מעקסיקאָ איז פערהעלטניסמעסיג קליין. דיא שיפען, וועלכע ווערען בענוצט אויף דיא וואַסערן אין דיזען לאַנד, געהערען דורכאוים צו אַמעריקאַנער.

ביי מעהרערע פונקטען אויף דיא וואסער־וועגען זיינען דא קאנאלען, פון וועלכע דער וויכטיגסטער איז דער איריע קאנאל (Erie Canal). זיין הויפט וויכטיגקייט בעשטעהט אין דעם, דאס ער קאנקורירט מיט דיא אייזענבאהנען, וועלכע ליעגען אין דער זעלביגער ריכטונג. ווען עס איז ניט נויטיג, אז פראכט זאל געהן שנעל, לוינט בעסער צו שיקען מיט'ן קאנאל, ווייל טראנספארטאציאן מיט'ן וואסער איז ביליגער וויא מיט אייזענבאהן. ווייץ, געהילץ, אייזען און קויהלען זיינען דיא הויפט פראכטען, וועלכע ווערען טראנספארטירט דורך דיזען קאנאל.

דיא הויפט עקספארט־ארטיקלען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען באוועל, געפאקטע פליישען אין פרוכטען, געטריידע, פעטראלעאום און פיה, וועלכע בילדען 73 פראצענט פון דעם גאנצען עקספארט. מאנופאקטורען פון האלץ, אייזען, באוועל און לעדער מאכען אויס צוזאמען 9 פראצענט פון דעם עקספארט. אמעריקאנישע געוועהר, אוהרען, נעה־מאשינען, שלעסער, געצייג, אגריקולטור־מאשינען, וואגאנען און לאקאמאטיווען צייכנען זיך אויס מיט זייער פראקטישקייט און שטארקקייט. אונגעפעהר א העלפט פון דיא עקספארטירטע ארטיקל'ען ווערט געשיקט נאך ענגלאנד; דייטשלאנד נעהמט צו א צעהנטעל און אנדערע לענדער קריגען קלענערע פראצענטען פון דעם עקספארט. דיא שטאט ניו יארק פערנעהמט דעם ערסטען ארט אין דעם אויסלענדישען האנדעל, פון וועלכען זיא האט מעהר וויא אלע אנדערע פארטען צוזאמענגענומען. נאך ניו יארק קומען סאן פראנסיסקא, ניו ארלינז, באסטאן, באלטימאר און פילאדעלפיא; יעדע פון דיזע שטעדט האט פון 5 ביז 14 פראצענט פון דעם עקספארט.

דיא הויפט ארטיקל'ען, וואס ווערען אימפארטירט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען שניט־וואארען (dry goods) פון ענגלאנד,

פראנקרייך און דייטשלאנד; צוקער פון קובא, האוואאי אינזלען און בראזיליען; קאפע פון בראזיליען, מיטעל-אמעריקא (צענטראל אמעריקא, מעקסיקא, וועסט אינדיען) און יאווא; אייזען און שטאָהל פון ענגלאנד, דייטשלאנד און בעלגיום; בעמישע שטאָפען און מעדיצינען פון ענגלאנד און דייטשלאנד; פעל און לעדער פון ענגלאנד און ארגענטינא; רויהע זייד פון יאפאן, בינא און פראנקרייך, און פיעלע סאָרטען פרוכט פון פערשיעדענע ערטער. פון דיא ארטיקלען, וואָס ווערען אימפאָר־טירט אין קלענערען ווערט, זיינען: טעע פון בינא און יאפאן; געהילץ פון קאנאדא; גומעלאסטיק (India rubber) פון בראזי־ליען, ענגלאנד און צענטראל אמעריקא; טאבאק פון קובא און האָללאנד און דיאמאנטען פון האָללאנד און אנדערע לענדער. דיזער לעצטער ארטיקעל (דיאמאנטען), וועלכער איז דער קלענסטער אין אימפאָרט פון דיא אלע דערמאָהנטע ארטיקלען, בעטרעפט אכט מיליאָן דאָללאר יעהרליך, אָדער עטוואָס מעהר וויא 1 פראָצענט פון דעם גאנצען אימפאָרט.

דיא צאָהל פון פערזאָנען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען, וועלכע זיינען בעשעפטיגט אין האנדעל און אין דעם טראנספּאָרטי־רען פון וואארע, איז אונגעפעהר 10 פראָצענט פון אלע בעשעפ־טיגטע קלאסען; צוויי מאָל אזוי פיעל זיינען בעשעפטיגט אין מאַ־נופאקטור און מינע-ארבייט, און פיער מאָל אזוי פיעל אין לאנד-ארבייט און פאשע. דיא צאָהל, וועלכע איז בעשעפטיגט אין פראָ־פעסיאָנען און פערשיעדענע דיענסטען, איז אונגעפעהר אזוי גרויס וויא דיא צאָהל, וואָס איז בעשעפטיגט אין מאנופאקטור און מינע-ארבייט אָדער א העלפט פון דער צאָהל פערזאָנען, וואָס זיינען בע־שעפטיגט אין לאנד-ארבייט.

## 7. קאפיטעל.

# דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

## פערטע אָפטיילונג.

בעפעלקערונג. — רעגיערונג. — פּאָליטישע פּאַרטייען. — רעלי־
גיאָן. — שול=בילדונג.

---

דיא פעראייניגטע שטאַאטען זיינען בעזעצט געוואָרען פון אײנוואַנדערער פון דער אַלטער וועלט, בעזאָנדערס פון דיא אייראָ־פּעאישע לענדער. דיא ערסטע אײנוואַנדערער זיינען געווען מעהרס־טענס פון ענגלאַנד, אירלאַנד, דייטשלאַנד און דיא סקאַנדינאַווישע לענדער (שוועדען, דענעמארק, נאָרוועגען); אין דיא לעצטע עט־ליכע צעהנדליג יאָהרען האָבען אַהער אויך אָנגעהויבען קומען גרויסע מאַסען פון איטאַליען, עסטרייך-אונגאַרן און רוסלאַנד. אַ בעדייטענדער טייל פון דער בעפעלקערונג פון דיזען לאַנד זיינען דיא נעגערס, דיא קינדער פון דיא שוואַרצע, וועלכע זיינען אַהער געבראַכט געוואָרען אַלס שקלאַפען פון אַפריקאַ. דיא פערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען, קומענדיג אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען, נעהמען אָן דיא ענגלישע שפּראַך און דיא אַלגעמיינע פיהרונגען פון לאַנד און ווערען צוזאַמענגעשמאָלצען אין איין גלייכע מאַסע. אַ וויכטיגען טייל פון דער בעפעלקערונג פון דיזען לאַנד בילדען אויך דיא אידען, וועלכע צעהלען יעצט נאָהענט פון דריי מיליאָן. אידען האָבען זיך אָנגעהייבען בעזעצען אויף דיא טעררימאָריעס פון דיזען לאַנד אַ סך פריהער, וויא דיזע טעריטאָריעס האָבען זיך אָפּגעריסען פון

ענגלאַנד און זיינען געוואָרען אַ זעלבסט-שטענדיגע מדינה אונטער דעם נאָמען פעראייניגטע שטאַאטען. אין דעם יעצטיגען שטאַאט ניו יאָרק, צום ביישפיעל, זיינען שוין געזעסען אידען נאָך אונטער דער הערשאַפט פון דיא האָללענדער, מעהר אַלס 250 יאָהר צוריק.

לויט דער קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען מוז געמאַכט ווערען אַ צעהלונג (census) פון דער בעפעלקערונג פון דיזען לאַנד אַלע צעהן יאָהר. ווען עס איז געמאַכט געוואָרען דיא ערסטע צעהלונג אין 1790 איז דיא בעפעלקערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען געווען כמעט פיער מיליאָן, דאַרונטער 750,000 שווארצע שקלאַפען. דיא ווייסע בעפעלקערונג איז דאַן כמעט אין גאַנצען בעשטאַנען פון ענגלענדער. פון דיא אַנדערע אייראָפּעאישע פעלקער זיינען דאָ געווען ווייניג, און אייגוואַנדערער פון דייטשלאַנד זיינען געווען דיא מעהרסטע. דיא דייטשען האָבען זיך גרעסטענטיילס בעזעצט אין פּענסילווייניאַ, וואו זיי האָבען געגרינדעט דיא שטאָדט דזשערמאַנטאַון (Germantown), וועלכע איז יעצט אַ טייל פון פילאַדעלפיאַ. אין דעם מיטען פון דעם אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט האָט אַ העלפט פון דיא איינוואויינער פון פּעננסילווייניאַ גערעדט דייטש און עס איז דאָ דאַן געווען אַ פראַגע, אויב דייטש אָדער ענגליש זאָל זיין דיא אָפפיציעלע שפראַך. פון 1790 ביז 1840 איז דיא בעפעלקערונג אין דיזען לאַנד געוואַקסען ביז 17 מיליאָן. צווישען דיזער צייט איז דיא איינוואַנדערונג געווען זעהר קליין און דיא בעפעלקערונג איז געוואָרען פערמעהרט גרעסטענטיילס דורך געבורטען. נאָך דעם קאַרטאָפּעל-הונגער אין אירלאַנד (אין 1846—47) האָבען פיעלע אירלענדער אויסגעוואַנדערט נאָך אַמעריקאַ. דיא פאָלקס-צעהלונג (census) פון דעם יאָהר 1850 האָט געוויעזען, דאַס עס זיינען צוגעקומען איבער צוויי מיליאָן אויסלענדער אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען. אין 1860 זיינען

דאָ געווען איבער פיער מיליאָן איסלענדער און נעגערס זיינען שוין אויך געווען אַזוי פיעל. אין 1890 האָט דיא פאָלקס־צעהלונג געוויעזען, דאָס עס זיינען אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען געוועזען 9,250,000 אויסלענדיש־געבאָרענע און 7,470,000 נעגערס. דיא גאַנצע בעפעלקערונג לויט דער צעהלונג פון דיזען יאָהר איז געווען 62,622,000. לויט דער צעהלונג פון 1900 איז דיא בעפעלקערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען געווען 77,303,387.

דיא אַיינוואַנדערער פון דיא פערשיעדענע נאַציאָנען, בעזעצען זיך דאָ מעהרסטענס אין דיא נאָרדליכע שטאַאטען, וואו דיא טעמפעראַטור איז עהנליך צו דער אייראָפּעאישער און דיא בעשעפטיגונגען זיינען בּיינאַהע דיא זעלביגע. דיא מעהרסטע עמיגראַנטען קומען אָן דורך דיא פּאָרטען: באָסטאָן, ניו יאָרק, פילאַדעלפיאַ, באַלטימאָר. אידען געפינען זיך מעהרסטענס אין דיא אָסטליכע שטאַאטען און דיא גרעסטע אידישע בעפעלקערונגען געפינען זיך אין דיא שטעדט ניו יאָרק, פילאַדעלפיאַ, באַלטימאָר, באָסטאָן און טשיקאַגאַ. דיא אידישע בעפעלקערונג פון דער שטאָדט ניו יאָרק ווערט געשאַצט נאָהענט פון אַ מיליאָן. דיא מעהרסטע פון דיא דייטשע אַיינוואַנדערער געפינען זיך אין ניו יאָרק, איללינאָיז, אָהאַייאָ, וויסקאָנסין, פּעננסילווייניאַ, און מיטשיגאַן. טשיקאַגאָ האָט מעהר דייטשען וויא אַלע אַנדערע שטעדט און אין מילוואָקי (וויסקאָנסין) בילדען זיי דיא גרעסטע פּראָפּאָרציע. זיי בעשעפטיגען זיך מיט מאַנופאַקטור און אַגריקולטור. פון דיא פיעלע אירלענדער, וועלכע געפינען זיך אין דיזען לאַנד, זיינען דיא מעהרסטע אין ניו יאָרק, פּעננסילווייניאַ, מאַססאַטשוסעטס און איללינאָיז, איבערהויפּט אין דיא שטעדט. אין ניו יאָרק זיינען דאָ מעהר אירלענדער, וויא אין יעדער אַנדערער שטאָדט. ענגלענדער און קאַנאַדער צעהלען איבער צוויי מיליאָן און וואוינען אין דיא שטאַאטען ניו יאָרק, פּעננסילווייניאַ, מיטשיגאַן און מאַססאַטשוסעטס.

נאָרוועגער און שוועדען זיינען דאָ אונגעפעהר אַ מיליאָן און געפינען זיך מעהרסטענס אין דיא שטאַאַטען מיננעסאָטאַ, איללינאָיז, וויס־קאָנסין און אייאָווא. פּאָליאַקען געפינען זיך אין אַ בעדייטענדער צאָהל אין דיא שטאַאַטען ניו יאָרק, פּעננסילווייניאַ, איללינאָיז און מיטשיגאַן. איטאַליענער קומען אַהער יעהרליך מעהר, וויא אַלע אַנ־דערע נאַציאָנען, אָבער ניט אַלע פון זיי בעזעצען זיך דאָ אויף שטענ־דיג; זיי געפינען זיך גרעסטענטיילס אין ניו יאָרק, פּעננסילווייניאַ, ניו דזשערזי און קאַליפאָרניאַ. פראַנצויזען, וועלכע האָבען אין 1890 געצעהלט בײַ אַ הונדערט טויזענד, וואוינען אין ניו יאָרק, אָהאַיאָ, איללינאָיז, לואיזיאַנאַ און קאַליפאָרניאַ. אין קאַליפאָרניאַ און אין דיא נאָהענטע שטאַאַטען געפינען זיך בײַ אַ הונדערט טויזענד כינעזער. דיא נעגערס געפינען זיך כּמעט אין גאַנצען אין דיא שטאַאַטען, וואו עס ווערט פּראָדוצירט באַוועל. אין סאַוטה קאַראָלאַיינאַ, מיס־סיססיפּפּי און לואיזיאַנאַ זיינען זיי דאָ מעהר וויא דיא ווייסע; אין אַלאַבאַמאַ, דזשאָרדזשיאַ, פלאָרידאַ און ווירדזשיניאַ זיינען דיא שוואַרצע און ווייסע כּמעט גלייך אויף גלייך.

דיא איינוואַנדערער אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען אונטער־שיידען זיך אין זייערע בעשעפטיגונגען לויט דיא נאַציאָנען, צו וועלכע זיי געהערען. דיא הויפּט בעשעפטיגונגען פון אידען אין דיזען לאַנד זיינען מאַנופאַקטור פון קליידער און האַנדעל; אין דיא שטעדט, וואו זייער צאָהל איז גרויס, זיינען דאָ פון זיי פיעלע בעלי־מלאכות פון פערשיעדענע פאַכען און אַ פּאָאָר טויזענד אין פערשיע־דענע שטאַאַטען גיבען זיך אָפּ מיט לאַנד־אַרבייט. פון דיא אירלענ־דער בעשעפטיגט זיך אונגעפעהר אַ זיעבעטיל מיט לאַנד־אַרבייט, צוויי מאָל אַזוי פיעל מיט מאַנופאַקטור און דער איבריגער טהייל מיט פערשיעדענע אַרבייטען. דיא ענגלענדער און קאַנאַדער בע־שעפטיגען זיך מיט מאַנופאַקטור, מינע־אַרבייט און אַגריקולטור.

נאָרוועגער און שוועדען גיבֿען זיך מעהרסטענס אָפּ מיט לאַנד־אַרבֿייט. דיא סלאַווישע נאַציאָנען און דיא אונגאַרען זייַנען גרעסטענטיילס אייַנפֿאַכע אַרבֿייטער און פֿיעלע פֿון זיי זיינען בֿעשעפֿטיגט אין קויהלען־מינעס. דיא נעגערס, וועלכֿע וואוינען כּמעט אין גאַנצען אין דיא בֿאַוועל־געגענדען, זיינען מעהרסטענטיילס בֿעשעפֿטיגט בֿיי דיזען פּראָדוקט.

אין דער הינזיכט פֿון רעגיערונג בֿילדען דיא פֿעראייניגטע שטאַאטען אַ רעפּובֿליק, פֿון וועלכֿע דער אָפֿיציעלער נאָמען איז פֿעראייניגטע שטאַאטען פֿון אַמעריקאַ (United States of America). דיזער נאָמען שליעסט איין אַכט און פֿערציג שטאַאטען, דיא אינדיאַנישע טעררריטאָריע אָדער אינדיאַן טעררריטאָרי (Indian Territory), דעם דיסטריקט אַלאַסקאַ (District of Alaska) און דעם דיסטריקט קאָלומבֿיאַ (District of Columbia), אין וועלכֿען עס געפֿינט זיך וואַשינגטאָן (Washington), דיא הויפּט־שטאָדט פֿון דיא פֿעראייניגטע שטאַאטען. דיא רעגיערונג ווערט געפֿיהרט לויט אַ קאָנסטיטוציאָן (Constitution), וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין 1787—1790 פֿון דיא ערסטע דרייצעהן שטאַאטען, וועלכֿע האָבֿען זיך בֿעפֿרייט פֿון ענגלאַנד און זיך פֿערבֿונדען אין איין רעפּובֿליק. נייע שטאַאטען, וועלכֿע טרעטען אַריין אין דעם בֿונד פֿון דיא פֿעראייניגטע שטאַאטען, מוזען אָננעהמען דיא אַלגעמיינע קאָנסטיטוציאָן. אַ בֿעזיצונג פֿון דיא פֿעראייניגטע שטאַאטען, וועלכֿע איז נאָך ניט בֿערעכטיגט צו זיין אַ שטאַאט פֿיר זיך, ווערט בֿעצייכֿענט אַלס טעררריטאָריע (Territory). דיא פֿאָלגענדע טאַבֿעלעס צייגען, ווען דיא ערסטע דרייצעהן שטאַאטען האָבֿען אָנגענומען דיא קאָנסטיטוציאָן, ווען דיא אַנדערע שטאַאטען זיינען צוגעלאָזען געוואָרען צום בֿונד און ווען דיא איבֿריגע בֿעזיצונגען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען:

## 1) דיא ערסטע דרייצעהן שטאאטען.

| | שטאַאטען. | אָרגאַניזירט. | | שטאַאטען. | אָרגאַניזירט. |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 | דעלאַווער | 7. דעצ. 1787. | 8 | סאַוטה קאַראָלאַיינאַ | 23. מאַי 1788. |
| 2 | פּעננסילווייניא | 12. דעצ. 1787. | 9 | ניו העמפּשיר | 21. יוני 1788. |
| 3 | ניו דזשערזי | 18. דעצ. 1787. | 10 | ווירדזשיניאַ | 26. יוני 1788. |
| 4 | דזשאָרדזשיאַ | 2. יאַנ. 1788. | 11 | ניו יאָרק | 26. יולי 1788. |
| 5 | קאָננעטיקוט | 9. יאַנ. 1788. | 12 | נאָרטה קאַראָלאַיינאַ | 21. נאָוו. 1789. |
| 6 | מאַססאַטשוסעטטס | 6. פעב. 1788. | 13 | רהאָוד אַיילאַנד | 29. מאַי 1790. |
| 7 | מערילאַנד | 28. אַפּר. 1888. | | | |

## 2) שטאַאטען, וואָס זיינען צוגעלאָזען געוואָרען שפּעטער.

| | שטאַאטען. | אָרגאַניזירט. | | שטאַאטען. | צוגעלאָזען. |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 | ווערמאָנט | 4. מערץ 1791. | 19 | מיננעסאָטאַ | 11. מאַי 1858. |
| 2 | קענטאָקקי | 1. יוני 1792. | 20 | אָרעגאָן | 14. פעב. 1859. |
| 3 | טעננעססי | 1. יוני 1793. | 21 | קאַנזאַס | 29. יאַנ. 1861. |
| 4 | אָהאַייאָ | 19. פעב. 1803. | 22 | וועסט ווירדזשיניאַ | 19. יוני. 1863. |
| 5 | לואיזיאַנאַ | 30. אַפּר. 1812. | 23 | נעוואַדאַ | 31. אָקט. 1864. |
| 6 | אינדיאַנאַ | 11. דעצ. 1816. | 24 | נעבראַסקאַ | 1. מערץ 1867. |
| 7 | מיססיססיפּפּי | 10. דעצ 1817. | 25 | קאָלאָראַדאָ | 1. אויג. 1876. |
| 8 | איללינאָיז | 3. דעצ. 1818. | 26 | נאָרטה דאַקאָטאָ | 2. נאָוו. 1889. |
| 9 | אַלאַבאַמאַ | 14. דעצ. 1819. | 27 | סאַוטה דאַקאָטאַ | 2. נאָוו. 1889. |
| 10 | מעין | 15. מערץ 1820. | 28 | מאָנטאַנאַ | 8. נאָוו. 1889. |
| 11 | מיזזורי | 10. אויג. 1821. | 29 | וואַשינגטאָן | 11. נאָוו. 1889. |
| 12 | אַרקאַנזאַס | 15. יוני 1836. | 30 | אַיידאַהאָ | 3. יולי 1890. |
| 13 | מישיגאַן | 26. יאַנ. 1837. | 31 | וואַייאָמינג | 11. יולי 1890. |
| 14 | פלאָרידאַ | 3. מערץ 1845. | 32 | יוטאַה | 4 יאַנ. 1896. |
| 15 | טעקסאַס | 29. דעצ. 1845. | 33 | אָקלאַהאָמאַ | 16. נאָוו. 1907. |
| 16 | אַייאָוואַ | 28. דעצ. 1846. | 34 | ניו מעקסיקאָ | 1910. |
| 17 | וויסקאָנסין | 29. מאַי. 1848. | 35 | אַריזאָנאַ | 1910. |
| 18 | קאָליפאָרניאַ | 9. סעפּט. 1850. | | | |

## 3) דיא טערריטאָריעס.

| טערריטאָריעס. | אָרגאַניזירט. | טערריטאָריעס. | אָרגאַניזירט. |
|---|---|---|---|
| דיסטר. קאָלומביאַ | 16 יולי 1790. | האַוואַאי | 14. יוני 1900. |
| דיסטריקט אַלאַסקאַ | 27. יולי 1868. | אינד. טערריטאָרי. | ניט אָרגאַניזירט. |

אונטער דער איבער-הערשאפט פון דיא פעראייניגטע שטאאַ־טען זיינען אויך דיא אינזעל פּאָרטאָ ריקאָ (Porto Rico) פון דיא אַנטיללען און דיא פיליפּינישע אינזלען (Philippines) אין דעם כינעזישען מעער, יועלכע געהערען צו דיזער רעפּובליק זייט דעם שפּאַניש-אַמעריקאַנישען קריעג פון 1898. אויסער דיזע געהערען נאָך צו דיא פעראייניגטע שטאאַטען: גוואַם (Guam) אָדער סאַן חואַן (San Juan), דיא גרעסטע אינזעל פון דיא לאַדראָנעס; טוטואילאַ (Tutuila), איינע פון דיא סאַמאָאַ-אינזלען אין דעם זיד־ליכען טייל פון דעם פּאַסיפיק, און דער קאַנאַל-גאַרטעל (Canal Zone) — דער אָרט אויף דעם איסטמוס פון פּאַנאַמאַ, וואו עס ווערט געבויט דער פּאַנאַמאַ-קאַנאַל.

דיא פעראייניגטע שטאאַטען ווערען לויט דער קאָנסטיטוציאָן רעגיערט אויף דער פאָלגענדער אַרט. דיא געזעצע ווערען געמאַכט פון אַ קאָנגרעס (Congress), וועלכער בעשטעהט פון צוויי אָפּטיילונגען: אַ הויז פון רעפּרעזענטאַנטען (House of Representatives) און אַ סענאַט (Senate). דיא רעפּרעזענטאַנטען ווערען געוועהלט פון פאָלק פיר צוויי יאָהר און זייער צאָהל ווערט בעשטימט לויט דער גרויס פון דער בעפעלקערונג אין יעדען שטאאַט. מאַנכע קליינע שטאאַטען האָבען נאָר גענוג בעפעלקערונג פיר איין רעפּוטאַט. דער שטאאַט ניו יאָרק שיקט זיעבען און דרייסיג. יעדער שטאאַט, גרויס אָדער קליין, שיקט צוויי סענאַטאָרען. לויט דער יעצטיגער צאָהל פון דיא שטאאַטען (אַכט און פערציג) בעשטעהט דער סענאַט פון זעקס און ניינציג מיטגליעדער. סענאַטאָרען ווערען ניט געוועהלט פון פאָלק, נאָר פון דיא געזעצ-געבענדע הייזער (legislatures) פון דיא שטאאַטען. זייער טערמין איז זעקס יאָהר און עס איז אַזוי איינגעאָרדענט, דאָס אַ דריטעל פון דיא סענאַטאָרען ווערט געוועהלט אַלע צוויי יאָהר. דער

קאָנגרעס, דאָס הייסט דיא דעפוטירטע און דער סענאט, קומט צו־זאמען דעם 1טען דעצעמבער יעדען יאָהר אין דעם קאָנגרעס־הויז אָדער קאפיטאָל (Capitol) אין וואשינגטאָן.

דער פרעזידענט איז דער העכסטער בעאַמטער פון לאנד. ער איז דער קאָפּ פון דער געזעץ־דורכפיהרענדער אָפּטיילונג (Executive Department) און זיין הויפט פליכט איז אויפצופאַ־סען, אַז עס זאָל אָפּגעהיט ווערען דיא קאָנסטיטוציאָן און עס זאָלען דורכגעפיהרט ווערען דיא געזעצע, וועלכע דער קאָנגרעס האָט געמאַכט. ער שרייבט אונטער דיא געזעץ־פּראָיעקטען, וועלכע דער קאָנגרעס פיהרט דורך, און ער האָט דאָס רעכט פון וועטאָ (veto), דאָס הייסט צוריקצו־ווייזען געזעץ־פּראָיעקטען, ווען ער שטימט מיט זיי ניט איין; ער ערנענט דיא פערטרעטער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען פיר אַנדערע לענדער (געזאַנדטע, קאָנס־לען א. ז. וו.) און פערשיעדענע בעאַמטע און ריכטער; ער שליעסט טראַקטאַטען (אָפּמאַכען) מיט אַנדערע לענדער און ער איז דער הויפט קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע און פלאָטע. אין דער ערנענונג פון וויכטיגע בעאמטע און אין טראַקטאַטען מיט לענדער איז נויטיג דיא צושטימונג פון דעם סענאַט. פיר הילף און בעראַטונג ער־וועהלט דער פרעזידענט אַ קאַבינעט (Cabinet), וועלכער בע־שטעהט געוועהנליך פון אַזוי פיעל מיטגליעדער, אין וויא פיעל פערשיעדענע אָפּטיילונגען דיא רעגיערונג איז אַיינגעטיילט. לויט דער יעצטיגער איינטיילונג זיינען דאָ ניין מיטגליעדער, נעמליך: אַ שטאַאטס־סעקרעטער (Secretary of State), פינאַנס־סעקרעטער (Secretary of the Treasury), קריעגס־סעקרעטער (Secretary of War), גענעראַל־אַדוואָקאַט (Attorney-General), גענעראַל־פּאָסטמייסטער (Postmaster-General), סעקרעטער פון דער פלאָטע

(Secretary of the Navy), סעקרעטער פון אינערן (Secretary of Interior), סעקרעטער פון אגריקולטור (Secretary of Agriculture), סעקרעטער פון האנדעל און ארבייט (Secretary of Commerce and Labor).

דער פרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען ווערט ניט געוועהלט דירעקט דורך דאס פאלק, נאר דורך וועהלער, וועלכע ווערען אויסגעקליעבען אין יעדען שטאאט. דיזע וועהלער דארפען זיין אזוי פיעל, וויא פיעל דעפוטאטען און סענא־טארען דער שטאאט האט, און זיי ווערען געוועהלט דורך דירעקטע שטימען פון פאלק. דער פרעזידענט ווערט אויסגעקליעבען פיר א טערמין פון פיער יאהר. צוזאמען מיט'ן פרעזידענט און פיר דעם זעלביגען טערמין ווערט אויסגעקליעבען א וויצע־פרעזידענט (Vice-President), וועלכער איז דער פארזיצענדער פון דעם סע־נאט און פערנעהמט דעם פרעזידענט'ס ארט, ווען דער פרעזי־דענט שטארבט איידער זיין טערמין ענדיגט זיך. נאך דעם וויצע־פרעזידענט קען דער שטאאטס־סעקרעטער און דיא אנדערע מיט־גליעדער פון דעם קאבינעט פערנעהמען דעם ארט פון פרעזידענט. דער פרעזידענט וואוינט אין וואשינגטאן אין דעם עקזעקוטיוו־גע־ביידע (Executive mansion) אדער „ווייסען הויז" (White House).

דיא געריכטליכע אפטיילונג (Judicial Department) פון דיא פעראייניגטע שטאאטען אדער דיא געריכטס־הייזער פון דעם אלגעמיינעם בונד (Federal Courts) בעשטעהען פון דעם אויבער־געריכט (Supreme Court) אין וואשינגטאן, ניין קרייז־גע־ריכטען (Circuit Courts) און זעכציג דיסטריקט־געריכטען (District Courts). דאס אויבער־געריכט בעשטעהט פון ניין מיטגליעדער מיט איינעם אלס הויפט־ריכטער (Chief Justice). דיא ריכטער פון דיזע אלע געריכטס־הייזער ווערען ערנענט פון דעם פרעזידענט און

בעשטעטיגט פון דעם סענאַט. ווען עס איז דאָ אָ פראַגע, אויב א געזעץ, וועלכעס איז אָנגענומען געוואָרען פון קאָנגרעס, שטימט איין מיט דער קאָנסטיטוציאָן אָדער ניט, ווערט דאָס ענטשיעדען פון דעם אייבער-געריכט.

יעדער שטאַאט אין יעדע טעררימאָריע האָט א געזעץ-געבענדעס הויז און געריכטס-הייזער, וועלכע זיינען ענליך אין זייער מאַכט און ווירקונג צו דעם קאָנגרעס און צו דיא געריכטס-הייזער פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער רעגיערונג. דער העכסטער בעאַמטער פון א שטאַאט איז דער גובערנאַטאָר, וועלכער ווערט געוועהלט פון דיא בירגער פון דעם שטאַאט. א טעררימאָריע ווערט רעגיערט פון א גובערנאַטאָר און פון ריכטער, וועלכע ווערען ערנענט פון דעם פרעזידענט, און שיקט צום קאָנגרעס בלויז איין דעפוטאַט, וועלכער האָט קיין שטימע ניט. געזעצע, וועלכע ווערען דורכגעפיהרט אין א געזעץ-געבענדען הויז פון א טעררימאָריע, דאַרפען האָבען דיא צושטימונג פון קאָנגרעס. דער דיסטריקט קאָלומביא ווערט רעגיערט פון דריי קאָמיסאַרען (Commissioners), וואָס ווערען ערנענט פון דעם פרעזידענט, וועלכער וועהלט אויך דעם גובערנאַטאָר און דיא אנדערע בעאַמטע פיר דיא פערוואַלטונג פון דעם דיסטריקט אַלאַסקאַ. אין דער אינדיאַנישער טעררימאָריע (Indian Territory) האָבען דיא פערשיעדענע אינדיאַנישע שבטים אָדער גרופעס זייערע אייגענע פאָרמען פון רעגיערונג. אַן אַלגעמיינע רעגיערונג פיר דיזע טער־ריטאָריע איז נאָך ניט אָרגאַניזירט.

דאָס פאָלק פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען איז געטיילט אין צוויי גרויסע פאָליטישע פאַרטייען: דעמאָקראַטען (Democrats) און רעפובליקאַנער (Republicans).

דיא דעמאָקראַטישע פאַרטיי איז דיא עלטעסטע. זיא האָט זיך געגרינדעט אונגעפעהר אין 1792, באַלד נאָך דעם אויפשטאַנד

פון דיא נאָרד-אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס געגען ענגלאַנד. גאָר צום אָנפאַנג האָט דיזע פאַרטיי געטראָגען דעם נאָמען רעפובליקאַנישע (Republican), שפעטער — דעמאָקראַטיש-רעפובליקאַנישע (Democratic-Republican) און ענדליך איינפאַך — דעמאָקראַטישע פאַרטיי (Democratic Party). איהר הויפט פרינציפ בעשטעהט אין דעם, דאָס דיא אַלגעמיינע רעגיערונג אין וואַשינגטאָן זאָל האָבען וואָס וועניגער מאַכט איבער דיא בעזונדערע שטאַאטען, דאָס הייסט, אַז יעדער שטאַאט זאָל זיין וואָס פרייער אין דער פערוואַלטונג פון זיינע אינטערעסען. אין עקאָנאָמישע פראַגען צייכענט זיך דיא דעמאָקראַטישע פאַרטיי אויס מיט איהר שטעלונג געגען אָפצאָהל אויף אַריינגעפיהרטע סחורה; זיא גלויבט, אַז דער טאַריף אויף אימפאָרטירטע וואַארע פון אויסלאַנד דאַרף זיין אַזוי קליין וויא מעגליך אָדער אין גאַנצען אָפגעשאַפט ווערען. דיזע שטרעבונג איהרע איז בעקאַנט אַלס פרייער האַנדעל (Free Trade). דיא דעמאָקראַטישע פאַרטיי ווערט בעטראַכט אַלס דיא פאַרטיי פון דעם איינפאַכערען פאָלק אין געגענזאַץ צו דער רעפובליקאַנישער, וועלכע מען בעטראַכט אַלס דיא פאַרטיי פון דיא רייכע און דיא אַריסטאָקראַטען; דאָך, ווען עס האָט זיך אין דיזען לאַנד געהאַנדעלט וועגען דיא שקלאַפען-פראַגע, זיינען דיא רעפובליקאַנער געשטאַנען פיר דיא בעפרייאונג פון דיא שקלאַפען און דיא דעמאָקראַטען פיר דיא פאָרטזעצונג פון שקלאַפעריי. דיא דעמאָקראַטען זיינען געוועזען אין מאַכט אונטער דיא פאָלגענדע פרעזידענטען פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען: דזשעפפערסאָן (1801—9), מעדיסאָן (1809—17), מאָנראָו*) (1817—25), דזשעקסאָן

*) דאָס איז דער פרעזידענט, וועלכער האָט ערקלערט, אַז דיא פעראייניגטע שטאַאטען דאַרפען זיך ניט מישען אין אויסלענדישע פאָליטיק און דאַרפען וויעדער ניט צולאָזען, אַז אַנדערע לענדער זאָלען זיך מישען אין אַמעריקאַ. דיזע טאַקטיק זיינע איז בעקאַנט אַלס דיא „מאָנראָו דאָקטרין" (Monroe Doctrine).

(1829—37), וואַן ביורען (1837—41), פאָלק (1845—49), פירס (1853—57), באָקענען (1857—61) און קליוולאַנד (1885—89 און 1893—97). דער הויפט גרינדער פון דער דעמאָקראַטישער פאַרטיי איז געווען דזשעפפערסאָן.

דיא רעפובליקאַנישע פאַרטיי איז געגרינדעט געוואָרען אין 1854. איהר הויפט צוועק איז אין אָנפאַנג געווען אָפּצושאַפען דיא נעגער-שקלאַפעריי. איהרע מיטגליעדער זיינען בעשטאַנען פון פערשיעדענע אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען פון יענער צייט, דאַרונטער אויך פון אַ טייל דעמאָקראַטען, וועלכע זיינען געווען גענען שקלאַפעריי. שפּעטער האָט דיזע פּאַרטיי זיך געשטעלט נאָך אַנדערע צוועקען. זיא גלויבט, אַז דאָס לאַנד דאַרף האָבען אַ הויכען טאַריף אויף סחורות, וואָס קומען פון אויסלאַנד, אום צו שיצען דיא איני-לענדישע פאַבריקאַנטען און דעם לוין פון דיא אינלענדישע אַרבייטער, און איהר הויפט שטרעבונג איז, אַז דיא אַלגעמיינע רעגיערונג אין וואַשינגטאָן זאָל האָבען וואָס מעהר מאַכט איבער יעדען בעזונדערן שטאַאַט. דער ערסטער קאַנדידאַט פון דיא רעפובליקאַנער פיר פרעזידענט איז ערנענט געוואָרען אין 1856. אין 1860 האָבען זיי ערוועהלט זייער קאַנדידאַט פיר פאָרזיצענדען אָדער ראש־המדברים (Speaker) אין דעם פערטרעטער-הויז און אין 1861 איז ערוועהלט געוואָרען זייער קאַנדידאַט אייבראַהאַם לינקאָלן פיר פרעזידענט און זיי האָבען געהאַט דיא קאָנטראָל איבער ביידע הייזער פון קאָנגרעס. דיא פרעזידענטען פון 1861 ביז 1885 — לינקאָלן (1861—65), דזשאָהנסאָן (1865—69), גראַנט (1869—77), העיז (1877—81), גאַרפיעלד (1881) *) און אַרטהור (1881—85) — זיינען געווען כסדר רעפובליקאַנער. אין דעם קאָנגרעס האָבען

*) פרעזידענט גאַרפיעלד איז ערמאָרדעט געוואָרען אין דעם ערסטען יאָהר פון זיין טערמין.

דיא רעפובליקאנער אָהן אונטערברעכונג אָנגעהאלטען זייער מאכט ביז 1875. זיי האָבען דאַן פערלאָרען דאָס פערטרעטער־הויז, האָבען עס צוריקגעקראָגען אין 1881, דאַן ווידער פערלאָרען אין 1883, ווײַן דער דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט קליוולאַנד איז געוועהלט געוואָרען פיר פרעזידענט, און ווידער געקראָגען אין 1889 מיט דער ערוועהלונג פון פרעזידענט האררידסאָן. זיי האָבען דאָס הויז ווידער פערלאָרען אין 1892, ווען קליוולאַנד איז צום צווייטען מאָל געוועהלט געוואָרען פיר פרעזידענט, און האָבען עס ווידער געקראָגען אין 1897 מיט דער ערוועהלונג פון מעקקינלי. דער סענאַט איז אימער געווען זייערער אויסער 1881—83 און 1893—97, ווען ביידע אָפטיילונגען פון קאָנגרעס — דאָס פערטרעטער־הויז און דער סענאַט — זיינען אריבער צו דיא דעמאָקראַטען.

אויסער דיא צוויי גרויסע פּאָליטישע פּאַרטייען זיינען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען דאָ איינינגע קלענערע, נעמליך: דיא סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (Socialist Party), דיא סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי (Socialist Labor Party), דיא פּאָלקס־פּאַרטיי ((People's Party)), דיא פּערבאָט־פּאַרטיי (Prohibition Party) און מאנכע אַנדערע.

פון דיא צוויי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען איז דיא, וועלכע ווערט דאָ דערמאָהנט צום ערסטען, דיא גרעסערע. אין דער פּרעזידענטען־וואהל פון 1908 האָט דער קאַנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געקראָגען 420,793 שטימען, וועהרענד דער קאַנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי האָט ערהאַלטען 13,825 שטימען. דיא צוועקען און ציעלען פון דיזע צוויי פּאַרטייען, אָבוואָהל זיי אונטערשיידען זיך עטוואָס אין זייערע טאַקטיקען, זיינען דיא זעלביגע, נעמליך: אָפּצושאַפען פּריוואַט־אייגענטום

און איינצופיהרען אַן אָרדנונג פון געזעלשאַפט, אין וועלכער אַלע פראָדוקציאָנס־מיטלען זאָלען געהערען צום שטאַאט און אַלע בירגער זאָלען זיין גלייך בערעכטיגט צו דעם פערמעגען פון לאַנד. דער אָנפאַנג פון סאָציאַליזמוס אין אמעריקא דאטירט פון דיא 80־ער יאָהרען פון דעם פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט. ביז 1898 איז דאָ בלויז געווען איין פאַרטיי פון סאָציאַליסטען — דיא סאָציאַליסטישע ארבייטער פאַרטיי. אין יענעם יאָהר איז אין דיזער פארטיי פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג און עס איז ענטשטאַנען אַ צווייטע פּארטיי — דיא יעצטיגע סאָציאַליסטישע פארטיי.

דיא פאָלקס־פּארטיי האָט זיך געגרינדעט אין 1891 מיט אַ גרויסער צאָהל אַנהענגער. דיא צוועקען און ציעלען פון דיזער פּארטיי זיינען געווען: איינצופיהרען זילבער אָנשטאָט גאָלד אַלס הויפט מעטאַל פיר געלט; אראָפּצונעהמען דיא שטייערן פון אריינגעפיהרטע סחורות; איינציפיהרען אַ שטייער אויף פּערזענליכע איינקונפט (income tax); אָפּצושאַפען טראָסטס (trusts), ד. ה. געשעפטס־פּעראייניגען, וועלכע פערנעהמען דעם גאַנצען האַנדעל פון פּראָדוקטען, טרייבען ארויס דיא קלענערע געשעפטס־לייט און דיקטירען דיא פּרייזען; דורכצופיהרען, אַז אַלע מיטלען פון פערקעהר און קאָמוניקאַציאָן — אייזענבאַהנען, טעלעגראַפען א. ז. וו. — זאָלען ניט געהערען צו פּריוואַט־קאָמפּאַניעס, נאָר צום שטאַאט, און נאָך אַזעלכע ציעלען. דיזע פּארטיי האָט אָנפאַנגס געקראָגען אַ גרויסע מאַכט אין איינינע זידליכע און וועסטליכע שטאַאטען; צו יעצטיגער צייט איז זיא אונבעדייטענד, ווייל איינינע פון איהרע פּרינציפּען זיינען אָנגענומען געוואָרען פון דיא הערשענדע פּארטייען, דיא דעמאָקראַטען און דיא רעפּובליקאַנער. וועהרענד דיא פאָלקס־פּארטיי האָט אין דער פּרעזידענטען־וואַהל פון 1892 געהאַט 1,041,028 שטימען, האָט זיא אין דער וואַהל פון 1908 בעקומען

בלויז 29,100 שטימען. דיא אנהענגער פון דער פאלקס-פארטיי ווע־רען בעצייכענט מיט דעם נאמען פאפוליסטען (Populists).

דיא פערבאט-פארטיי האט זיך ארגאניזירט אין 1869 און זייט 1872 שטעלט זיא אויף קאנדידאטען פיר פרעזידענט. דיזע פארטיי האט בלויז אן איינציגען צוועק: דורכצופיהרען פערבאט-געזעצע געגען דעם פערקויף פון שטארקע געטרענק, אויסער פיר מעדיצי־נישען געברויך. דיזע שטרעבונג ווערט טיילוויז אויך אונטערשטיצט פון אנדערע פארטייען און אין מאנכע שטאאטען, וויא אין מעין, קאנזאס און איאווא, זיינען אזעלכע געזעצע שוין דורכגעפיהרט גע־ווארען. דיא אנהענגער פון דיזער פארטיי ווערען אנגערופען פראָ־היביציאָניסטען (Prohibitionists).

דיא פערשיעדענע פארטייען בעשטימען קאנדידאטען פיר עמ־טער אויף פאָליטישע צוזאמענקונפטען (political conventions), וועלכע ווערען צוזאמענגערופען א קורצע צייט פאר דעם, וויא עס געהט אוים דער טערמין פון דיא פערזאנען, וועלכע זיינען אין אמט. דיזע צוזאמענקונפטען זיינען פון פערשיעדענע גראַ־דען: פון שטאאטען, שטעדט, בעצירקען (אויעזדען) און קאנגרעס-דיסטריקטען, אבער אלע ווערען געפיהרט אויף דיא זעלביגע ארט. דיא בירגער פון א פאליטישער פארטיי ווערען צוזאמענגערופען פיר אן ערסטע וואהל (primary election) אין זייער בעצירק אויסצוקלייבען דעלעגאטען צו דיזע צוזאמענקונפטען, וועלכע זיינען פריי צו ערנענען קאנדידאטען און צו שטימען לויט זייער פערשטאנד איבער דיא נעמען, וועלכע ווערען פארגעשלאגען. אין מאנכע פעלע שטימען דיא בירגער ביי דיא ערסטע וואהלען דירעקט פיר דעם קאנ־דידאט און דער דעלעגאט דארף נאר אויסדריקען דעם ווילען פון דער מאיאריטעט (מעהרהייט), וועלכע האט איהם אויסגעקליעבען.

צו פערדאנקען דער פרייער פארם פון רעגיערונג צייכנען זיך

דיא פעראייניגטע שטאאטען אוים מיט זייער פרייהייט אין רעליגיאָנס-זאכען און אין שול-בילדונג.

רעליגיאָן איז אין דיא פעראייניגטע שטאאטען א פריוואט-זאך און דיא רעגיערונג האָט זיך אין דעם ניט צו מישען. דיא אלגע־מיינע רעליגיאָן איז דיא קריסטליכע, פון וועלכער עס געפינען זיך דאָ זעהר פיעלע סעקטעס. פראָטעסטאנטען זיינען דאָ פיעל מעהר וויא קאטאָליקען. דיא אידישע רעליגיאָן האָט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען איבער צוויי מיליאָן אנהענגער, פון וועלכע דיא מעהרסטע זיינען אָרטהאָדאָקסען און א פערהעלטניסמעסיג קליינע צאָהל זיינען רעפאָרמירטע. מערקווירדיג צווישען דיא קריסטליכע סעקטעס זיינען דאָ דיא מאָרמאָנען (Mormons) אין דעם שטאאט יוטאה. דיזע סעקטע האָט געגרינדעט אין 1830 דזשאָזעף סמיטה (Joseph Smith) פון שאראָן, שטאאט ווערמאָנט. דיא מאָרמאָנישע קירכע בעשטעהט פון צוויי ראנגען (orders): דעם ראנג פון מלכי צדק (order of Melchizedek) און דעם ראנג פון אהרן (Aaronic order). דער ראנג פון מלכי צדק איז דער העכערער אין ווערט רעגיערט פון א פרעזידענט און צוויי ראט-גע־בער, וועלכע האבען צו בעפעהלען איבער דער גאנצער קירכע, און ער שליעסט איין צוועלף זאָ-גענאנטע אפאָסטאָלען (apostles), א קאָמיטע פון זיעבציג, וועלכע ווערען אָנגערופען דיא זיעבציגער (seventies), אן אויבער-בישאָף אָדער פאט־ריארך (patriarch), אויבער-פריעסטער (high priests) [כהנים גדולים] און עלטסטע (elders). דיא אפאָסטאָלען האָבען דיא אלגעמיינע מאכט און שטעלען אָן דיא אנדערע בעאמטע פון דער קירכע. דיא זיעבציגער זיינען דיא פראָפאגאנדירער און מיסיאָ־נערען פיר דיזע סעקטע; דער פאטריארך זאָגט דיא ברכה פון דער קירכע; דער אויבער-פריעסטער ריכט אָפּ גאָטעס-דיענסט

(דיא עבודה) און דיא עלסטע פיהרען דיא פערזאמלונגען און פאַסען אויף אויף דיא פריעסטער. דער ראַנג פון אהרן שליעסט איין דיא בישאָפען, דיא איינפאַכע פריעסטער, דיא לעהרערס און דיא אונטער-פריעסטער (deacons). דיא לעהרערס און דיא אונטער-פריעסטער זיינען דיא קלענסטע ראַנגען אין דער מאָרמאָנישער קירכע. דיא פליכט פון דיא בישאָפען איז אויפצופאַסען אויף וועלטליכע זאַכען. דיא מאָרמאָנען אַנערקענען דיא ביבעל, דאָס בוך פון מאָרמאָן (Book of Mormon) און דאָס בוך פון לעהרע און בונד (Book of Doctrine and Covenants) [ספר התורה והברית]. דאָס בוך פון מאָרמאָן איז לויט דיא אַנהענגער פון דיזער קירכע דיא געשיכטע פון פאַרצייטיגע פעלקער אין אַמעריקאַ, וועלכע אַ נביא מאָרמאָן האָט איבערגעגעבען בקיצור אויף גאָלדענע פלאַטען און דזשאָזעף סמיטה האָט ענטדעקט און איבערזעצט. דיא מאָרמאָנען גלויבען, דאָס דער עלסטער פון דער קירכע האָט אַ פאָלמאַכט פון גאָט און זיינע ענטפלעקונגען ווערען אָנגענומען אַלס דאָס וואָרט פון גאָט. זיי גלויבען אין תשובה, אין תחית המתים און בעטראַכטען פיר אַ היילינע פליכט צו נעהמען פיעלע פרויען.

שול-בילדונג איז אויך אַ זאַך, מיט וועלכער דיא אַלגעמיינע רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט ווענינ צו טאָן. דיא רעגיערונג בעוויליגט נאָר געלט פיר דיא אינדיאַנער און פיר מיליטער-שולען, פון וועלכע דיא וויכטיגסטע זיינען דיא מיליטערישע אַקאַדעמיע (Military Academy) פון ועסט פאָינט (West Point) אין דעם שטאַאט ניו יאָרק און דיא מאַרינ-אַקאַדעמיע (Naval Academy) פון אַננאַפּאָליס (Annapolis) אין דעם שטאַאט מערילאַנד. דיא רעגיערונג האָט אָבער אויך פיעל געטאָן פיר אַלגעמיינע בילדונג דורך דעם, וואָס זיא האָט געשענקט פיעל לאַנד, פון וועלכען שולען זאָלען האָבען אַ הכנסה. דיא פאָלקס-שולען

(public schools) ווערען זאָנסט אויסגעהאַלטען פון שטייערן, וועל־בע דיא שטאַאַטען, טעררימאָריעס, בעצירקען און שטעדט לעגען אַרוין. אויף דיא בירגער צו דיעזען צוועק.

דיא געזעצע ווענען שול־אונטערריכט זיינען ניט אין אַלע שטאַאַטען גלייך און דיא שולען זיינען ניט אין אַלע ערטער פון דער זעלביגער קוואַליטעט. געזעצע, וועלכע צווינגען יעדעס קינד צו געהן אין שולע, זיינען נאָר דאָ אין איניגע שטאַאַטען; דאָך בלייבען וועניגע אויסער דער שולע און אין וועניגע לענדער זיינען דאָ אַזוי פיעלע פון דער בעפעלקערונג, וואָס זאָלען קענען לעזען און שרייבען, וויא אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. אויסער דיא פאָלקס־שולען, וועלכע ווערען אויסגעהאַלטען פון דיא שטאַאַטען און שטעדט, עקסיסטירען דאָ פיעלע פריוואַטע לעהר־אַנשטאַלטען (אַקאַדעמיעס, סעמינאַריעס א. ז. וו.), פון וועלכע כמעט אַ העלפט ווערט אויסגעהאַלטען אין קאָנטראָלירט פון פערשיעדענע רעליגיעזע געמיינדעס.

פיר העכערע שול־בילדונג עקסיסטירען דאָ שטעדטישע הויב־שולען (High Schools), גימנאַזיומס אָדער קאָללע־גיומס (Colleges) און נאָרמאַל־שולען (Normal Schools) פיר לעהרערס. דיזע אַנשטאַלטען האָבען נאָך דיא געוועהנליכע פאָלקס־שולען דיא גרעסטע צאָהל שילער. פיר פרייע אַלזייטיגע בילדונג (liberal education) עקסיסטירען אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען הונדערטע העכערע קאָללעגיומס און אוניווערזיטע־טען (universities). דיזע העכערע אַנשטאַלטען זיינען פערבונ־דען מיט איינער אָדער מעהרערע פראָפעסיאָנעלע שולען. צ. ב. דיא אוניווערזיטעט פון האַרוואַרד (Harvard University) אין מאַססאַ־טשוסעטטס און דיא אוניווערזיטעט פון יעיל (Yale University) אין קאָננעטיקוט האָבען אָפטיילונגען פיר טהעאָלאָגיע, יוריספרודענץ

און מעדיצין. אזוי זיינען דא פיעלע אנדערע הויכע לעהר־אנשטאלטען, וואס האבען אזעלכע פראפעסיאנעלע אפטיילינגען. פיעלע פראפעסיאנעלע שולען עקסיסטירען בעזונדער פיר זיך. וויסענשאפטליכע שולען פיר אגריקולטור, בערג־בוי, אינזשענעריע און ארכיטעקטור עקסיסטירען בעזונדער אדער זיינען אפטיילונגען פון קאללעגיומס. א גרויסער טייל פון דיא קאללעגיומס אין דיא פעראייניגטע שטאאטען איז אונטער דער קאנטראל און דעם שוץ פון רעליגיעזע געמיינדעס. פיעלע קאללעגיומס אבער שטעהען אונטער קיין רעליגיעזער געמיינדע, איבערהויפט אזעלכע, וועלכע זיינען געגרינדעט געווארען פון שטאאטען און האבען אלס שטיצע פון דער רעגיערונג געקראגען לאנד.

דיא וויכטיגסטע קאללעגיומס און אוניווערזיטעטען אין דיזען לאנד זיינען: דאס קאלומביא קאללעגיום (Columbia College) אין דער שטאדט ניו יארק; דאס קאללעגיום פון פרינסטאן (College of Princeton) אין פרינסטאן, ניו דזשערזי; דיא אוניווערזיטעט פון פעננסילוויניא (University of Pennsylvania) אין פילאדעלפיא, פעננסילוויניא; דיא יעיל אוניווערזיטעט (Yale University) אין ניו העיווען, קאננעטיקוט; דיא הארווארד אוניווערזיטעט (Harvard University), דיא עלטסטע און גרעסטע לעהר־אנשטאלט אין אמעריקא, אין קעמברידזש, מאססאטשוסעטטס; דיא דזשאהנז האפקינז אוניווערזיטעט (Johns Hopkins University), אין באלטימאר, מערילאנד; דיא קאלומבישע אוניווערזיטעט (Columbian University), אין וואשינגטאן, און דיא אוניווערזיטעט פון טשיקאגא (University of Chicago) אין טשיקאגא, איללינאיז.

## 8. קאַפּיטעל.

# דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

### פינפטע אָפּטיילונג.

איינטיילונג און פערצייכניס פון דיא שטאַאַטען. — דיא וויכטיגסטע שטעדט אין בעפעלקערונג, אינדוסטריע און האנדעל. — דער דיסטריקט אלאַסקאַ.

דיא שטאַאַטען ווערען לויט זייער געאָגראַפישער לאַגע איינגעטיילט אין דריי הויפּט גרופּעס, נעמליך: דיא אַטלאַנטישע שטאַאַטען (Atlantic States), דיא מיטעלע שטאַאַטען (Central States) און דיא וועסטליכע שטאַאַטען (Western States). דיא אַטלאַנטישע גרופּע ווערט איינגעטיילט אין נאָרד־אַטלאַנטישע שטאַאַטען (North Atlantic States) און זיד־אַטלאַנטישע שטאַאַטען (South Atlantic States); אַזוי ווערען אויך דיא מיטעלע שטאַאַטען איינגעטיילט אין נאָרדליכע מיטעל־שטאַאַטען (North Central States) און זידליכע מיטעל־שטאַאַטען (South Central States). דיא שטאַאַטען האָבען נאָך בעצייכנונגען לויט דיא ערטער, וואו זיי ליעגען, וויא צ. ב. דיא שטאַאַטען פון דעם גאָלף (Gulf States), דיא שטאַאַטען פון דיא אָזיערעס (Lake States), דיא שטאַאַטען פון דיא פעלזענ־בערג (Rocky Mountain States), דיא שטאַאַטען פון דעם טאַפעל־לאַנד (Plateau States) און דיא פּאַסיפישע שטאַאַטען (Pacific States). דיא זעקס שטאַאַטען, וועלכע ליעגען צום

סאמע נאָרד — מעין, ניו העמפשיר, ווערמאָנט, מאססאטשוסעטטס, רהאָוד אײלאנד, קאָננעטיקוט — ווערען אויך אָנגערופען ניי־ענגלאנד שטאאטען (New England States).

צו דער נאָרד־אטלאנטישער גרופע געהערען: מעין (Maine), ניו העמפשיר (New Hampshire), ווערמאָנט (Vermont), מאַססאַטשוסעטטס (Massachusetts), רהאָוד אײלאַנד (Rhoud Island), קאָננעטיקוט (Connecticut), ניו יאָרק (New York), ניו דזשערזי (New Jersey), פעננסילוויניאַ (Pennsylvania).

צו דער נאָרדליכער מיטעל־גרופע געהערען: אָהאַיאָ (Ohio), אינדיאַנאַ (Indiana), איללינאָיז (Illinois), מיטשיגאַן (Michigan), וויסקאָנסין (Wisconsin), מיננעסאָטאַ (Minnesota), אײאָוואַ (Iowa), מיזזורי (Missouri), קאַנזאַס (Kansas), נאָרטה דאַקאָטאַ (North Dakota), סאַוטה דאַקאָטאַ (South Dakota).

צו דער זיד־אטלאנטישער גרופע געהערען: דעלאַווער (Delaware), מערילאַנד (Maryland), דיסטריקט קאָלומביאַ (District of Columbia), ווירדזשיניאַ (Virginia), וועסט ווירדזשיניאַ (West Virginia), נאָרטה קאַראָלאַײנאַ (North Carolina), סאַוטה קאַראָלאַײנאַ (South Carolina), דזשאָרדזשיאַ (Georgia), פלאָרידאַ (Florida).

צו דער זידליכער מיטעל־גרופע געהערען: אַלאַבאַמאַ (Alabama), מיססיססיפפי (Mississippi), טעננעססי (Tennessee), קענטאָקקי (Kentucky), אַרקאַנזאַס (Arkansas), אינדיאַן טעררימאָרי (Indian Territory), אָקלאַהאָמאַ (Oklahama), לואיזיאַנאַ (Louisiana), טעקסאַס (Texas).

צו דער וועסטליכער גרופע געהערען: נעבראסקא (Nebraska), ניו מעקסיקאָ (New Mexico), קאָלאָראדאָ (Colorado), וואייאָמינג (Wyoming), מאָנטאנא (Montana), איידאהאָ (Idaho), יוטאה (Utah), נע־וואדא (Nevada), אריזאָנא (Arizona), קאליפאָרניא (California), אָרעגאָן (Oregon), וואשינגטאָן (Washington).

דיזע פינף גרופעס אונטערשיידען זיך זעהר פיעל אין דער גרויס און אין דער פערטיילונג פון זייערע בעפעלקערונגען. דיא נאָרד־אטלאנטישע שטאאטען האָבען דיא געדיכטעסטע בעפעלקע־רונג; דיא איינוואוינער אין דיזער גרופע מאבען אויס אונגעפעהר 177 אויף א קוואדראט-מייל. דיא זיד־אטלאנטישע שטאאטען האָבען אויף א קוואדראט־מייל 47 איינוואוינער, דיא נאָרדליכע מיטעל־שטאאטען 40, דיא זידליכע מיטעל־שטאאטען 28 און דיא וועסט־ליכע שטאאטען בלויז עטוואס מעהר וויא 3.*) פון 448 שטעדט, וועלכע האָבען איבער 8,000 איינוואוינער, זיינען 351 אין דיא צוויי נאָרדליכע גרופעס, 73 אין דיא צוויי זידליכע און 24 אין דער וועסטליכער. אין דיא זידליכע גרופעס בילדען דיא שטעדטישע איינוואוינער אונגעפעהר א זיעבעטעל פון דער בעפעלקערונג, אין דער וועסטליכער אונגעפעהר א דריטעל, אין דיא נאָרדליכע גרו־פעס אונגעפעהר דריי אַכטעל. דיא דאָרפישע איינוואוינער זיינען אין אלע גרופעס מעהר וויא דיא שטעדטישע.

פאָלגענדע טאבעלע ווייזט דעם שטח פון יעדען שטאאט, זיין בעפעלקערונג און דיא צאָהל איינוואוינער אויף א קוואדראט־מייל:

*) אזוי איז אונגעפעהר דער דורכשניט פון איינוואוינער פער קוואד־ראט מייל לויט דעם צענזוס פון דיא פעראייניגטע שטאאטען פון 1900.

## שטאאטען, זייערע הויפט־שטעדט, שטח און בעפעלקערונג.

| שטאאטען און טעררימאָריעס. | הויפט־שטעדט. | שטח קוו. מ. | בעפעלקערונג .1900 | איינוו. אויף יעדע קוו. מ. 1900 |
|---|---|---|---|---|
| אָהאייאָ | קאָלאָמבוס | 41,060 | 4,257,545 | 102.0 |
| אַייאָוואַ | דע מאָין | 56,025 | 2,231,853 | 40.2 |
| אַיידאַהאָ | באָיזע סיטי | 84,800 | 161,772 | 1.9 |
| איללינאָיז | ספרינגפיעלד | 56,650 | 4,821,550 | 86.1 |
| אינדיאַנאַ | אינדיאַנאַפּאָליס | 36,350 | 2,516,462 | 70.1 |
| אינד. טעררימאָרי | ——— | 31,400 | 392,060 | 12.6 |
| אַלאַבאַמאַ | מאָנטגאָמערי | 52,250 | 1,828,697 | 35.5 |
| אַלאַסקאַ | סיטקאַ | 577,390 | 63,592 | 0.1 |
| אָקלאַהאָמאַ | גאָטהרי | 39,030 | 398,331 | 10.3 |
| אַריזאָנאַ | פיניקס | 113,020 | 122,931 | 1.1 |
| אָרעגאָן | סעילעם | 96,030 | 413,536 | 4.4 |
| אַרקאַנזאַס | ליטטל ראָק | 53,850 | 1,311,564 | 24.7 |
| דזשאָרדזשיאַ | אַטלאַנטאַ | 59,475 | 2,216,331 | 37.6 |
| דיסטר. קאָלומביאַ | ——— | 70 | 278,718 | 4,645.3 |
| דעלאַוועַר | דאָווער | 2,050 | 184,735 | 94.3 |
| האַוואַיאַי | הילאָ | 4,210 | 154,001 | 23.9 |
| וואַייאָמינג | שעיענן | 97,890 | 92,531 | 0.9 |
| וואַשינגטאָן | אָלימפּיאַ | 69,180 | 518,103 | 7.7 |
| וויסקאָנסין | מעדיסאָן | 56,040 | 2,069,042 | 38.0 |
| ווירדזשיניאַ | ריטשמאָנד | 42,450 | 1,854,184 | 46.2 |
| וועסט ווירדזש ביאַ | טשארלזטאָן | 24,780 | 958,800 | 38.9 |
| ווערמאָנט | מאָנטפּיליער | 9,565 | 343,641 | 37.6 |
| טענגעססי | נאַשוויילל | 42,050 | 2,020,616 | 48.4 |
| טעקסאַס | אָסטין | 265,780 | 3,048,710 | 11.6 |
| יוטאַה | סאָלט לעיק סיטי | 84,970 | 276,749 | 3.4 |
| לואיזיאַנאַ | באַטאָן רוזש | 48,720 | 1,381,625 | 30.4 |
| מאָנטאַנאַ | העלענאַ | 146,080 | 243,329 | 1.7 |

| שטאַאַטען און טערריטאָריעס. | הויפּט־שטעדט. | שטח קוו. מ. | בעפעלקערונג 1900. | איינוו. אויף יעדע קיו. מ. 1900. |
|---|---|---|---|---|
| מאַססאַטשוסעטטס | באָסטאָן | 8,315 | 2,805,346 | 348.9 |
| מיזזורי | דזשעפערסאָן סיטי | 69,415 | 3,106,665 | 45.2 |
| מיטשיגאַן | לאַנסינג | 58,915 | 2,420,982 | 42.2 |
| מיננעסאָטאַ | סט. פּאָל | 83,365 | 1,751,394 | 22.1 |
| מיססיססיפּפּי | דזשעקסאָן | 46,810 | 1,551,270 | 33.5 |
| מעין | אָגאָסטאַ | 33,040 | 694,466 | 23.2 |
| מערילאַנד | אַננאַפּאָליס | 12,210 | 1,188,044 | 120.5 |
| נאָרטה דאַקאָטאַ | ביסמאַרק | 70,795 | 319,146 | 4.5 |
| נאָרטה קאַראָלאַיינאַ | ראַלי | 52,250 | 1,893,810 | 39.0 |
| ניו דזשערזי | טרענטאָן | 7,815 | 1,883,669 | 250.3 |
| ניו העמפּשיר | קאָנקאָרד | 9,305 | 411,588 | 45.7 |
| ניו יאָרק | אָלבּאַני | 49,170 | 7,268,894 | 152.6 |
| ניו מעקסיקאָ | סאַנטאַ פּע | 122,580 | 195,310 | 1.6 |
| נעבראַסקאַ | לינקאָלן | 77,510 | 1,066,300 | 13.9 |
| נעוואַדאַ | קאַרסאָן סיטי | 110,700 | 42,335 | 0.4 |
| סאַוטה דאַקאָטאַ | פּיערר | 77,650 | 401,570 | 5.2 |
| סאַוטה קאַראָלאַיינאַ | קאָלומביאַ | 30,570 | 1,340,316 | 44.4 |
| פלאָרידאַ | טאַללאַהאַססי | 58,680 | 528,542 | 9.7 |
| פּעננסילווייניאַ | האַרריסבּורג | 45,215 | 6,302,115 | 140.1 |
| קאָלאָראַדאָ | דענווער | 103,925 | 539,700 | 5.2 |
| קאַליפאָרניאַ | סאַקראַמענטאָ | 158,360 | 1,485,053 | 9.5 |
| קאַנזאַס | טאָפּיקאַ | 82,080 | 1,470,495 | 18.0 |
| קאָננעטיקוט | האַרטפאָרד | 4,990 | 908,420 | 187.5 |
| קענטאָקקי | פראַנקפאָרט | 40,400 | 2,147,174 | 53.7 |
| רהאָוד איילאַנד | פּראָווידענס | 1,250 | 428,556 | 407.0 |

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דיא נאָרד-אטלאנטישע שטאא־טען זיינען:

אין מעין — פּאָרטלאַנד (Portland), וועלכע האָט אייגעם פון דיא גרעסטע האפענס פון לאַנד און איז א סטאַציאָן פון דיא הויפּט אייזענבאהן ליניעס פון אָסט קאנאדא. זיא פאבריצירט שוכוואַרג און פיהרט אַרויס פיעל אייז און פיש. ליואיסטאָן (Lewiston) פאבריצירט באַוועלנע און וואָלענע וואַארע. אָבורן (Auburn) האָט גרויסע פאבריקען פון שוכוואַרג. בענגאָר (Bangor) איז אַ וויכטיגער פּאָרט און איינער פון דיא גרעסטע געהילץ-פּונקטען פון לאַנד. בידדעפאָרד (Biddeford) האָט גרויסע באַוועל-פאבריקען. אַגאָסטאַ (Augusta), דיא הויפּט-שטאָדט, פאבריצירט באַוועלנע וואַארע און שוכוואַרג. דיא שטאָדט באַטה (Bath) איז דער מיטעלפּונקט פיר שיפּ-בוי.

אין ניו העמפּשיר — מאַנטשעסטער (Manchester) און נאַשואַ (Nashua), וועלכע צייכנען זיך אויס מיט דער מאַנופאַקטור פון באַוועל. קאָנקאָרד (Concord), דיא הויפּט-שטאָדט, האָט פאבריקען פון טוך, פאבריקען פון וואָגענס און קאַרעטען, און ערטער, וואו עס ווערט געבראָכען פיינער גראַניט. דיא שטאָדט דאָווער (Dover) האָט זעהר גוטע וואסער-קראַפט, וועלכע ווערט בענוצט פיר גרויסע באַוועל-פאבריקען און וואָל-פאבריקען.

אין ווערמאָנט — בוירלינגטאָן (Burlington), דיא וויכטיגסטע שטאָדט, אַ פיינער האפען און אַ וויכטיגער מאַרק פון געהילץ. ביי ראָטלאַנד (Rutland) זיינען דאָ גרויסע ברוכ-ערטער פון מאַרמאָר-שטיין און באַררי (Barre) האָט פיינע ברוכ-ערטער פון גראַניט. דיא הויפּט-שטאָדט איז מאָנטפּיליער (Montpelier).

אין מאַססאַטשוסעטטס — באָסטאָן (Boston), וועלכע איז

דער מיטעלפונקט פון האנדעל פון כמעט אַלע ניי-ענגלאַנד שטאַאַטען; זיא איז אויך איינער פון דיא גרויסע מיטעלפונקטען פון מאַנופאַקטור אין לאַנד; איהרע הויפט אינדוסטריען זיינען: מאַנופאַקטור פון קליידער, מאַשינען און ביכער. וואוסטער (Worcester) איז אַ גרויסער מיטעלפונקט פון אייזענבאַהנען און צייכענט זיך אויס מיט דער מאַנופאַקטור פון מאַשינען, שוכוואַרג און דראָהט. אין קעמברידזש (Cambridge) געפינט זיך דיא האַרוואַרד אוניווערזיטעט, דיא עלטסטע און איינע פון דיא גרעסטע אין לאַנד. דיא שטעדט פאָלל ריווער (Fall River), לאָועלל (Lowell) און ניו בעדפאָרד (New Bedford) זיינען גרויסע מיטעלפונקטען פון באַוועל-מאַנופאַקטור; לאָרענס (Lawrence) איז אַ מיטעלפונקט פון באַוועל און וואָל; לינן (Lynn), בראָקטאָן (Brocton) און העיווערהילל (Haverhill) פאַבריצירען זעהר פיעל שוכוואַרג. אין ספרינגפיעלד (Springfield) האָט דיא רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען אַן אַרסענאַל, וואו עס ווערט געמאַכט פייער-געוועהר. האָליאָוק (Holyoke) האָט גרויסע פאַבריקען פון פאַפיער. גלאָסטער (Gloucester) איז אַ גרויסער פאָרט פון פיש.

אין רהאָוד איילאַנד — פראָווידענס (Providence), דיא צווייטע וויכטיגע שטאָדט אין דיא ניי-ענגלאַנד שטאַאַטען; זיא האָט דיא גרעסטע באַוועל-פאַבריק אין דער וועלט און איז דיא גרעסטע פון אַלע אַנדערע שטעדט פון לאַנד אין דער מאַניפאַקטור פון ציערונג; זיא האָט אויך פיעלע וואָל-פאַבריקען. פאָטאָקקעט (Pawtucket) און וואונסאָקקעט (Woonsocket) זיינען אויך מיטעלפינקטען פיר דיא מאַנופאַקטור פון באַוועל און וואָל. ניופאָרט (Newport) איז אַ בעריהמטער זומער-פלאַץ.

אין קאָננעטיקוט — ניו העיווען (New Haven), דיא

גרעסטע אין דיזען שטאאט, א בעדייטענדע האנדעל־שטאדט; אין איהר געפינט זיך דיא יעיל אוניווערזיטעט, איינע פון דיא בעריהמ־טעסטע אין לאנד. האַרטפאָרד (Hartford) איז דער מיטעל־פונקט פון פיעלע אסעקוראנץ געזעלשאפטען און צייכענט זיך אויס מיט דער מאַנופאַקטור פין פייער־געווערר, וועלאָסיפעדען (bicycles) און גומענע וואַארע. ברידזשפאָרט (Bridgeport) האָט מאַ־נופאַקטור פון קאַרעטען און נעה־מאשינען. וואָטערבורי (Waterbury) צייכענט זיך אויס מיט בראָנז־אַרבייט און זייגערס. ניו בריטען (New Britain) מאַכט שלעסער און בלעכוואַרג.

אין ניו יאָרק — דיא שטאָדט ניו יאָרק (New York), דיא גרעסטע און וויכטיגסטע אין דיא פעראייניגטע שטאאטען און דער הויפט מאנופאַקטור־אָרט פון לאַנד. היער ווערען געמאַכט אַלערליי וואַארען, אָבער דיא מאַנופאַקטור פון קליידער איז דאָ דיא גרעסטע אינדוסטריע. היער ווערט ראַפינירט פיעל צוקער, וואָס קומט פון וועסט־אינדיען, און פעטראָלעאום, וואָס פליעסט אהער אין רעהרען פון פעננסילוויניא, ווערט אויסגעאַרבייט אין קעראָסין. אין ניו יאָרק געהען אַרויס מעהר ביכער, צייט־שריפטען און טעג־ליכע צייטונגען וויא אין אירגענד וועלכער אַנדערער שטאָדט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיא קאָלומביא אוניווערזיטעט, איינע פון דיא גרעסטע אין לאַנד, געפינט זיך אין ניו יאָרק. דיא גרעסטע שטאָדט נאָך ניו יאָרק איז באָפפאַלאָ (Buffallo), וועלכע איז דער פאָרט פון דיא גרויסע אָזיערעס און דער מיטעלפונקט פון אייזענבאַהנען פון דעם וועסטליכען טייל פון שטאאט. דיא איבער־שיפונג פון ווייץ, מעהל און פלייש פון דעם וועסטליכען טייל פון לאַנד איז דאָ זעהר א וויכטיגע אינדוסטריע. פון היער ווערט טראַנספאָרטירט פיעל קויהלען און זאַלץ נאָך דיא וועסטליכע געגענ־דען. געהילץ, מעהל און געפאַקטע פליישען זיינען דאָ דיא הויפט

מאַנופאַקטורען. א טייל פון דער וואַסער־קראַפט פון דעם וואַסער־פאַל נאַייאַגאַראַ ווערט דאָ בענוצט צו שאַפען עלעקטריציטעט. — ראָטשעסטער (Rochester) צייכענט זיך אויס מיט דער מאַנופאַקטור פון קליידער, שיכוואַרג און מעהל. — סיראַקיוז (Syracuse) פאַבריצירט קליידער, כעמישע שטאָפען און אַגריקולטור־מאַשינען. — יוטיקאַ (Utica) צייכענט זיך אויס אַלס דער הויפט מאַרק פון קעז אין דעם מיטעלען טייל פון דעם שטאַאַט. — אָלבאַני (Albany), דיא הויפט־שטאָדט, איז א וויכטיגער מיטעלפונקט פון אייזען־באַהנען און האָט גרויסע מאַנופאַקטור פון אויוועגס און האָלץ. — טראָי (Troy) האָט וויכטיגע מעטאַל־גיעסעריען, פאַבריקען פון אויוועגס און גרויסע פאַבריקען פון העמדער, קראַגענס און מאַנשעטען. — אין וועסט־פּאָינט (West Point) געפינט זיך דיא מיליטערישע אַקאַדעמיע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. דיא קאָרנעלל אוניווערזיטעט (Cornell University) אין איטהאַקאַ (Ithaca) איז איינע פון דיא גרעסטע הויכע לעהר־אַנשטאַלטען פון לאַנד.

אין ניו דזשערזי — דזשערזי סיטי (Jersey City), געגענאיבער ניו יאָרק; זיא איז דיא סטאַציאָן פון פיעלע זידליכע און וועסטליכע אייזען־באַהנען און ביי איהר וואַסער־ברעג ליעגען פיעלע לאַנדונגס־ערטער פיר שיפען. זיא האָט גרויסע פאַבריקען פון כעמישע שטאָפען און זייף. האָבאָקען (Hoboken) און בעיאָנן (Bayonne) בילדען כמעט איין שטאָדט מיט דזשערזי סיטי. ניואַרק (Newark) ראַפינירט (לייטערט) מעטאַלען און פאַבריצירט מאַשינען, לעדער און פאָדים. פּאַטערסאָן (Paterson) צייכענט זיך אויס מיט דער מאַנופאַקטור פון זייד. טרענטאָן (Trenton) איז איינער פון דיא גרעסטע מיטעלפונקטען פון לאַנד פיר לעהמענע געשיר. קאַמדען (Camden), פאַבריצירט וואַקס־טוך (צעראַטע).

אין פעננסילוויינא — פילאַדעלפיאַ (Philadelphia), דיא דריטע שטאָדט אין לאַנד אין בעפעלקערונג. איהרע הויפט מאַ־נופאַקטורען זיינען וואָלענע וואַארען, טעפּיכען און קליידער. וויכטיגע אינדוסטריען פון דיזער שטאָדט זיינען אויך: ראַפינירונג פון צוקער, מאַנופאַקטור פון גרויסע מאַשינען, לאָקאָמאָטיווען און שטאָהלענע שיפען. פיטטסבורג (Pittsburg) און אַלליגהעני (Allegheny) ליעגען אין דעם סאַמע מיטען פון ווייכע קויהלען, פעטראָלעאום און נאַטירליכען גאַז. מעהר וויא אַ העלפט פון דיא קאָקס (אויסגע־ברענטע קויהלען) און אַ פינפטעל פון דעם אייזען און שטאָהל פון לאַנד ווערען געמאַכט אין פיטטסבורג און אומגעגענד. דיזע געגענד איז אויך דער גרעסטער מיטעלפּונקט אין דער וועלט פיר דיא מאַ־נופאַקטור פון גלאָז. אַלליגהעני האָט וויכטיגע גערבערייען. — סקרענטאָן (Scranton) איז אַ מיטעלפּונקט פון מינעס און פון הארטע קויהלען; זיא איז אויך אַ מיטעלפּונקט פון אייזען־באַהנען און האָט גרויסע פאַבּריקען פון אייזען און שטאָהל, ביער־ברייע־רייען און זייד־פאַבּריקען. — רעדינג (Reading) איז אַ רייכע געגענד פון אַגריקולטור. — אירי (Erie) האָט אַ פיינעם האַפען און אַ גרויסען האַנדעל מיט רויהען אייזען, געהילץ און קויהלען. זיא האָט וויכטיגע אייזען־פאַבּריקען, מעטאַל־גיעסערייען און מיהלען. האַררריסבּורג (Harrisburg), דיא הויפּטשטאָדט, ליעגט אין אַ פרוכטבּאַרער געגענד און האָט מאַנופאַקטיר פון אייזען, שטאָהל און אייזען־באַהן וואַגאָנען.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דיא נאָרדליכע מיטעל־שטאַאטען זיינען:

אין אָהאַייאָ — קליוולאַנד (Cleveland), דיא גרעסטע שטאָדט פון דיזען שטאַאט, און סינסיננאַטי (Cincinnati), וועלכע זיינען וויכטיגע מיטעלפּונקטען פון מאַנופאַקטור און האַנדעל.

**קאָלומבוס** (Columbus), דיא הויפּט־שטאָדט, האָט פערבּינדונג מיט דעם לעיק אירי און דעם טייך אָהאַיאָ דורך אַ קאַנאַל; זיא איז אַ וויכטיגער מיטעלפּונקט פין האַנדעל און פאַבּריצירט קארעטען און וואַגאָנען. **טאָלידאָ** (Toledo) פיהרט אַ גרויסען האַנדעל אויף דיא אָזיערעס און האָט גרויסע מיהלען. **דעיטאָן** (Dayton), **ספּרינגפיעלד** (Springfield) און **עקראָן** (Akron) פאַבּריציִרען אַגריקולטור־מאַשינען און דעיטאָן האָט גרויסע ווערקשטאַטען פון וואַגאָנען און גריבּער פין קאַלכּ־שטיין. **יאָנגזטאַון** (Youngstown) האָט גרויסע פאַבּריקען פין שטאָהל און אַייזען.

אין אינדיאַנאַ — **אינדיאַנאַפּאָליס** (Indianapolis) איז אַ וויכטיגער מיטעלפּונקט פון אַייזען־באַהנען און האָט אַן אונגעהייער גרויסען היימישען האַנדעל. **עוואַנזוויל** (Evansville) איז דער הויפּט פּאָרט פון דעם זידליכען טייל פון אינדיאַנאַ און האָט מיהלען און זעג־פאַבּריקען פון געהילץ. **פאָרט וועין** (Fort Wayne) און **סאַוטה בּענד** (South Bend) זיינען לעבּען דער געגענד פון געהילץ און פאַבּריצירען אַייזען־באַהן וואַגאָנען, וואָגענס און אַגריקולטור־מאַשינען. **טערר האָט** (Terre Haute) האָט גרויסע מיהלען; **מאָנסי** (Muncie) און **ניו אָלבּאַני** (New Albany) פאַבּריצירען גלאָז, אַייזען און שטאָהל.

אין איללינאָיז — **טשיקאַגאָ** (Chicago), דיא גרעסטע שטאָדט פון לאַנד נאָך ניו יאָרק און דער גרעסטער מאַרק אין דער וועלט פיר פלייש און געטריידע. טשיקאַגאָ'ער פיה־הויפען (stock-yards) זיינען וועלט־בּעריהמט, טעגליך ווערען דאָרטען געשלאַכטעט טויזענדער רינדער און שווינען און גרויסע מאַסען רינד־פלייש, שוויינען־פלייש און פערשידענע פאַבּריצירטע פּראָדוקטען פון טיערע ווערען פערשיקט איבּער'ן גאַנצען לאַנד און נאָך אויסלאַנד. **פּיאָריאַ** (Peoria), וועלכע געפינט זיך אויף דעם **פּיאָריאַ לעיק**

(Peoria Lake), האָט גרויסע ברייזער פון שטארקע געטרענק, פיה־הויפען און פעקערייען פון פלייש; אויסער דעם פאַבריצירט זיא אַגריקולטור־מאַשינען און אַנדערע מאַשינען. קווינסי (Quincy) איז אַ גרויסער מיטעלפונקט פון האַנדעל און האָט מיהד־לען פיר מעהל און אייזענ־גיעסערייען. ספרינגפיעלד (Springfield), דיא הויפט־שטאָדט, איז אַ וויכטיגער מיטעלפונקט פון קויהלענ־מינעס. ראָקפאָרד (Rockford) פאַבריצירט אַגרי־קולטור־מאַשינען, מעבעל, געשטריקטע וואַארע און אוהרען. על־דזשין (Elgin) האָט גרויסע פאַבריקען פון אוהרען. דזשאָליעט (Joliet) האָט וויכטיגע ווערקשטאַטען פין שטאָהל און אייזען און גרויסע ברוכ־ערטער פון קאַלכ־שטיין.

אין מיטשיגאַן — דעטראָיט (Detroit), אַ גרויסער מי־טעלפונקט פון האַנדעל און מאַנופאַקטור; איהרע הויפט מאַנופאַק־טורען זיינען: אייזענ־באַהן וואַגאָנען, מאַשינען, טאַבאַק און געהילץ. גראַנד ראַפידז (Grand Rapids) האָט דיא בעסטע וואַסער־קראַפט אין דעם שטאַאט און צייכענט זיך אויס מיט דער מאַנופאַק־טור פון מעבעל. סאַגינאָ (Saginaw) און בעי סיטי (Bay City) זיינען מיטעלפינקטען פיר דעם האַנדעל פון געהילץ און פיר דיא מאַנופאַקטור פון זאַלץ. אין אַנן אַרבאָר (Ann Arbor) געפינט זיך דיא בעריהמטע אוניווערזיטעט פון מיטשיגאַן.

אין וויסקאָנסין — מילוואָקי (Milwaukee) איז אַ וויכטיגער פאָרט צום איבערשיקען געטריידע און געהילץ און האָט גרויסע ביער־ברייעריען און מעטאַל־גיעסערייען. לאַ קראָסס (La Crosse) און אָשקאָש (Oshkosh) זיינען מיטע־פינקטען פיר דעם האַנדעל פון געהילץ און האָבען אַ גרויסע מיהל־אינדוסטריע. ראַסין (Racine) פיהרט אַ גרויסען האַנדעל אויפ'ן וואַסער און פאַבריצירט אַגריקולטור־מאַשינען.

אין מיננעסאָטאַ — מיננעאַפּאָליס (Minneapolis) און סעינט פּאָל (St. Paul), צוויי בעזונדערע שטעדט, וועלכע ליעגען נאָהענט איינע פון דער אַנדערער; זיי בילדען איינעם פון גרעסטע מיטעלפונקטען פון לאַנד אין האַנדעל און מאַנופאַקטור. דיולוטה (Duluth) איז דער הויפּט פּונקט פון דעם פערקעהר פון שיפען אויף דיא גרויסע אָזיערעס; זיא געפינט זיך ביי דעם אָסטליכען ענד פון אַן אייזענ-באַהן, וואָס געהט צום פּאַסיפיק, און זיא פערשיקט ווייץ, מעהל, געהילץ, רויהעס אייזען און קופער. ווינאָנאַ (Winona) פיהרט אַ גרויסען האַנדעל מיט געהילץ און ווייץ.

אין אייאָווא — דע מאָין (Des Moines), דיא הויפּט-שטאָדט, איז אַ וויכטיגער מיטעלפונקט פון אייזענ-באַהנען און האַנדעל אין אַ געגענד פון מינעס און רייכער פּאַשע. דובּיוק (Dubuque) האָט גרויסע זעג-מיהלען פון געהילץ, פּאַבּריקען פון קאַרעטען און פּעקערייען פון פלייש. דעווענפּאָרט (Davenport) איז אַ וויכטיגע שטאָדט פון האַנדעל און מאַנופאַקטור; זיא איז אַ מאַרק פון געטריידע און איהרע מאַנופאַקטורען זיינען: געהילץ און מעהל. סיאו סיטי (Sioux City) האָט גרויסע פּעקערייען פון פלייש און זיא איז אַ וויכטיגער מיטעלפונקט פון האַנדעל. בּוירלינגטאָן (Burlington) האָט פיעלע זעג-מיהלען פון געהילץ.

אין מיזזורי — סעינט לואיס (St. Louis), דיא פערטע שטאָדט אין בעפעלקערונג און איינער פון דיא גרעסטע מיטעלפונקטען אין דעם האַנדעל אין אייזענ-באַהן פערקעהר פון לאַנד. זיא איז דער הויפּט פונקט צוזאַמענצונעהמען און פערנאַנדערצושיקען פּראָדוקטען אין דעם זיד-וועסטליכען טייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. קאַנזאַס סיטי (Kansas City) איז אַ וויכטיגער פונקט צום זאַמלען און צום פערטיילען פּראָדוקטען פיר דיא וועסט-

ליכע געגענד; זיא געפינט זיך האַרט ביי קאַנזאַס סיטי פון דעם שטאַאַט קאַנזאַס און בילדעט מיט דיזער שטאָדט אַ מיטעלפּונקט פון בעפעלקערונג. סעינט דזשאָזעף (St Joseph) צייכענט זיך אויס מיט דער מאַנופאַקטיר פון העמדער און אויבער־קליידער (overalls) און מיהלען פיר מעהל. דזשאָפּלין (Joplin) איז אַ מיטעלפּונקט פון מינעס. ספּרינגפּיעלד (Springfield) האָט וויכטיגע מיהלען פיר מעהל און אַ גרויסען האַנדעל אין דער געגענד אַרום.

אין קאַנזאַס — קאַנזאַס סיטי (Kansas City), וועלכע איז נאָך טשיקאַגאָ דער גרעסטער אָרט פיר דאָס שלאַכטען פון פיה און פעקעריי פון פלייש. דיזע שטאָדט געפינט זיך האַרט ביי קאַנזאַס סיטי פון דעם שטאַאַט מיזורי; דיא צוויי שטעדט זיינען אָפּגעטיילט בלויז דורך אַ גאַס. טאָפּיקאַ (Topeka), דיא הויפּט־שטאָדט, האָט גרויסע מיהלען פיר מעהל. וויטשיטאַ (Wichita) ליעגט אין אַ געגענד פון ווייץ און פיה־צוכט. לעווענוואָירטה (Leavenworth) איז אין אַ געגענד פון קויהלען־מינעס אין דעם נאָרד־וועסטליכען טייל פון קאַנזאַס.

אין נעבראַסקאַ — אָמאַהאַ (Omaha), דיא גרעסטע שטאָדט פון דיזען שטאַאַט; זיא האָט גרויסע ביער־ברויעריען, פאַבריקען צום שמעלצען און לייטערן זילבער־רודעס פון דיא פעלזען־בערג און זעהר גרויסע פעקערייען פון פלייש. לינקאָלן (Lincoln), דיא הויפּט־שטאָדט, איז אַ מיטעלפּונקט פון האַנדעל; זיא איז אַ וויכטיגער פּונקט צום פערנאַנדערשיקען קויהלען, געטריידע און פיה.

אין נאָרטה דאַקאָטאַ — פאַרגאָ (Fargo), דער הויפּט פּונקט פון דעם פערקעהר פון שיפען אויף דעם רויטען טייך (Red River) און אַ מיטעלפּונקט פון עטליכע אייזענבאַהן ליניעס.

גראַנד פאָרקס (Grand Forks) ליעגט אין אַ רייכער געגענד פון ווייץ.

אין סאוטה דאַקאָטאַ — סיאו פאָללז (Sioux Falls), דער מיטעלפונקט פון אייזענבאַהנען אין דעם שטאַאַט. דעדוואוד (Deadwood), אַ שטאָדט, וועלכע ליעגט אין דעם מיטעלפונקט פון מינעס.

די וויכטיגסטע שטעדט אין די זיד־אַטלאַנטישע שטאַאַטען זיינען:

אין דעלאַווער — ווילמינגטאָן (Wilmington), די גרעסטע שטאָדט, ענטהאַלט כמעט אַ העלפט פון דער גאַנצער בעפעלקערונג פון דעם שטאַאַט; זיא צייכענט זיך אויס מיט פאַבריקען פון וואַגאָנען, ווערקשטאַטען פון שיפען און מיט דער מאַנופאַקטור פון לעדער און שיס־פולווער. די הויפט־שטאָדט פון דיזען שטאַאַט איז דאָווער (Dover).

אין מערילאַנד — באַלטימאָר (Baltimore), אַ וויכטיגער פאָרט פיר ים־שיפען, איינער פון די גרעסטע פאָרטען צום פערנאַנדערשיקען שפייז־אַרטיקלען. איהרע וויכטיגסטע אינדוסטריען זיינען: מאַנופאַקטור פון קליידער, פרעזערווען פון פרוכט און גרינס, פאַנג פון אויסטערן אין דעם טשעסאַפיק בעי און מאַנופאַקטור פון טאַבאַק. אין באַלטימאָר געפינט זיך די בעריהמטע דזשאָהנז האָפקינז אוניווערזיטעט. קאָמבערלאַנד (Cumberland) איז אַ פינקט פיר דעם פערקעהר מיט די קויהלען־געגענדען; זיא האָט וויכטיגע גיעסערייען און פאַבריקען פון שטאָהל און אייזען. אין אַננאַפאָליס (Annapolis) געפינט זיך די מארינ־אַקאַדעמיע פון די פעראייניגטע שטאַאַטען.

אין דעם דיסטריקט קאָלומביאַ — וואַשינגטאָן (Washington), די אַלגעמיינע הויפט־שטאָדט פון די פעראיי־

גיגטע שטאאטען, וועלכע ווערט גערעכענט פיר דיא שעהנסטע שטאָדט פון לאנד. זיא איז אונבעדייטענד אין האנדעל און האָט ווייניג מאנופאקטור, אויסער דיא גרויסע דרוקערייען פון דער רעגיערונג.

אין ווירדזשיניא — ריטשמאָנד (Richmond) און פּיטערזבורג (Petersburg) צייכנען זיך אויס מיט דער מאנופאקטור פון טאבאק. נאָרפאָלק (Norfolk) האָט א פיינעם האפען און איז א וויכטיגער פּונקט פיר דיא איבערשיפונג פון קויהלען, באוועל, געהילץ, פיש און ערד־נים (pea-nuts). אין דיזער שטאָדט האָט דיא רעגיערונג א ווערקשטאט פון קריעגס־שיפען (Navy Yard). ראָאנאָוק (Roanoke) האָט גרויסע פאבריקען פון אייזען און מאשינען. ניופּאָרט ניוז (Newport News) איז א וויכטיגע סטאציאָן פין אייזענבאהנען און א פּאָרט פון ים. לינטשבורג (Lynchburg) איז א גרויסער מארק פון טאבאק.

אין וועסט ווירדזשיניא — הווילינג (Wheeling), א מאנופאקטור־שטאָדט אין דער געגענד פון קויהלען און גאז. אנדערע מאנופאקטורען זיינען: אייזען, שטאָהל און גלאָז. האָנטינגטאָן (Huntington) איז א פּונקט צום פערנאנדערשיקען קויהלען און געהילץ אין פּארקערזבורג (Parkersburg) ליעגט אין דער געגענד פון פּעטראָלעאום.

אין נאָרטה קאראָלאיינא — ווילמינגטאָן (Wilmington), דער הויפּט פּאָרט פון דעם שטאאט, איז א וויכטיגער מארק פיר באוועל און שיפט איבער פיעל געהילץ און קריעגס־פּאָררעט פיר דיא מארין. ראלי (Raleigh) האָט וויכטיגע פאבריקען פיר דיא מאנופאקטור פון באוועל און טאבאק. שארלאָטט (Charlotte) איז דער גרעסטער מיטעל־פּונקט פין דעם שטאאט פיר דיא מאנופאקטור פין באוועל. אשוויל (Asheville) איז א מיטעלפּונקט פון האנדעל אין דעם

וועסטליכען טייל פון דעם שטאַאט און איז בעריהמט אַלס אַ קור־אָרט. גרינזבאָראָ (Greensboro) און ווינסטאָן (Winston) האָבען גרויסע פאַבריקען פון טאַבאַק.

אין סאוטה קאַראָלאַיינאַ — טשארלזטאָן (Charleston), איינע פון דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דעם זידליכען טייל פון לאַנד; זיא האָט אַ פיינעם האַפען, פון וועלכען עס ווערט פערשיקט פיעל באַוועל, רייז, געהילץ און אַרטיקלען צום מיסטיגען פעלדער. קאָלומביאַ (Columbia) איז דיא הויפט־שטאָדט פון דעם שטאַאט; זיא האָט פיינע וואַסער־קראַפט, מיט וועלכער עס ווערען געטריעבען עטליכע גרויסע באַוועל־פאַבריקען. גרינוויללע (Greenville) און ספּאַרטענבורג (Spartanburg) פאַבריצירען באַוועלנע צייג אָדער טוך.

אין דזשאָרדזשיאַ — אַטלאַנטאַ (Atlanta), דיא הויפט־שטאָדט, איינע פון דיא גרעסטע האַנדעל־שטעדט און מיטעל־פונקטען פון אַייזענ־באַהנען אין דעם זידליכען טייל פון לאַנד; זיא האָט פאַבריקען פון באַוועל און פון פיעלע אַנדערע אַרטיקלען. סאַוואַננאַה (Savannah) האָט איינעם פון דיא טיעפסטע האַפענס אויף דעם זידליכען ברעג. זיא שיפט איבער פיעל באַוועל, רייז, געהילץ און מעהר קריעגס־פּאָרראַט וויא אירגענד אַן אַנדערער פּאָרט אין דער וועלט. אָגאָסטאַ (Augusta) און קאָלומבוס (Columbus) האָבען פיעלע באַוועל־פאַבריקען. מעיקאָן (Macon) פערפערטיגט געהילץ און פאַבריצירט אַרטיקלען פיר מיסטיגונג.

אין פלאָרידאַ — דזשעקסאָנווילל (Jacksonville), דער מיטעלפונקט פון געשעפט אין דעם שטאַאט; זיא פיהרט אַרויס געהילץ און אַפּעלסינען און איז אַ גרויסער פּלאַץ פיר פערגניגען אין ווינטער. קי וועסט (Key West), וועלכע ליעגט אין דעם וויטסטען זידליכען פונקט פון לאַנד, צייכענט זיך אויס מיט דער

מאַנופאַקטור פו ציגאַרען און דעם עקספּאָרט פון שוואַמען (גאָמקעס). טאַמפּאַ (Tampa) איז אַ וויכטיגער פּונקט פיר שיפען צו דעם זידליכען טייל פון פלאָרידאַ און האָט מאַנופאַקטור פון ציגאַרען. סעינט אָגאָסטין (St. Augustine) איז דיא עלטעסטע שטאָדט אין דיא פערֿאייניגטע שטאַאַטען און האָט פיעלע האָטעלען פיר בעזוכער אין ווינטער.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דיא זידליכע מיטעל־שטאַאַטען זיינען:

אין אַלאַבאַמאַ — מאָביל (Mobile) איז אַ גרויסער פּאָרט צום איבערשיפען באַוועל און האָט גרויסע זעג־פאַבריקען פיר געהילץ. בירמינגהאַם (Birmingham) און אַנניסטאָן (Anniston) ליעגען אין דער געגענד פון מינעס און האָבען פיעלע שמעלצ־אויווענס און ווערצ־פאַבריקען פון מעטאַלען. מאָנטגאָמערי (Montgomery), דיא הויפּט־שטאָדט, איז אַ וויכטיגער מיטעלפּונקט פון האַנדעל.

אין מיססיססיפּפּי — וויקסבורג (Vicksburg) איז דיא גרעסטע שטאָדט פון דעם שטאַאַט און אַ מאַרק פון באַוועל. מערידיאַן (Meridian) איז דער מיטעלפּונקט פון האַנדעל אין דעם אָסטליכען טייל פון מיססיססיפּפּי. נאַטשעז (Natchez) איז אַ פּונקט, פון וועלכען עס ווערט אַרויסגעשיקט פיעל באַוועל.

אין טעננעססי — נאַשוויל (Nashville), דיא הויפּט־שטאָדט, איז אַ וויכטיגער פּונקט פון האַנדעל און האָט אַ גרויסען פערקעהר אויף דיא טייכען מיססיססיפּפּי און אָהאַיאָ. מעמפיס (Memphis) פיהרט אַ גרויסען האַנדעל מיט באַוועל, האָט פיעלע פאַבריקען פון מאַשינען און איז אַ גרויסער מיטעלפּונקט פיר דיא מאַנופאַקטור פון באַוועל־זוימען אויל. נאַקסוויל (Knoxville) איז דער מיטעלפּונקט פון האַנדעל פיר דעם אָסטליכען טייל פון

טעננעססי און האָט גיעסערייען און וועלץ-פאַבריקען פון מעטאַלען און זעג-מיהלען פון געהילץ. טשאַטטאַנוגאַ (Chattanooga) איז אין אַ געגענד פון מינעס פון קויהלען און אַייזען און פאַבריצירט אַייזען און שטאָהל; זיא איז אויך אַ מיטעלפונקט פון אַייזען-באַהנען.

אין קענטאָקקי — לואיסוויללע אָד. לואיוויללע (Louisville), איינער פון דיא גרעסטע מערק פון טאַבאַק אין דער וועלט; איהרע הויפּט אינדוסטריען זיינען: מאַנופאַקטור פון טאַבאַק, ברענעריי פון בראַנפען, ברייעריי פון ביער, פעקעריי פון פלייש און גערבעריי. קענטאָקקיער „הוויסקי" (בראַנפען) איז בעריהמט. קאָווינגטאָן (Covington) און ניופּאָרט (Newport) געפינען זיך געגענאיבער סינסיננאַטי (אָהאַייאָ) און האָבען דיא זעלביגע אינדוסטריען וויא דיזע שטאָדט: אַייזען-וואַרג, האָלץ-וואַרג, טאַבאַק, בראַנפען, ביער, קליידונג און פּראָוויזיאָן. לעקסינגטאָן (Lexington) איז אַ מיטעל-פונקט פון פיה-צוכט.

אין אַרקאַנזאַס — ליטטל ראָק (Little Rock), דיא הויפּט-שטאָדט, האָט מאַנופאַקטור פון באַוועל-זוימען איל און געהילץ. פאָרט סמיטה (Fort Smith) איז דער מיטעלפינקט פון דער געגענד פון קויהלען. פּאַיין בלאָף (Pine Bluff) איז אַ פונקט, פון וועלכען עס ווערען פערשיפט באַוועל און געהילץ.

אין אינדיאַן טעררימאָרי — אַרדמאָור (Ardmore) און מאָסקאָגי (Muscogee) זיינען דיא גרעסטע שטעדט. דיא הויפּט אינדוסטריע פון דיזער טעררימאָריע איז פיה-צוכט.*)

*) דיזע טעררימאָריע האָט דיא רעגירונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען בעשטימט פיר דיא בעזעצונג פון אינדיאַנישע שבטים, וועלכע פערלאָזען זייער היים אין אַנדערע טיילען פון לאַנד. דאָ וואוינען אונגעפעהר אַ פערטעל פון דיא אינדיאַנער פון גאַנצען לאַנד. דיא טעררימאָריע האָט ניט קיין רעגעלמעסיגע אָרגאַניזירטע רעגיערונג; יעדער אינדיאַנישער שבט רעגיערט זיך אַליין אונטער דער אויפזיכט פון בעאַמטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

אין אָקלאַהאָמאַ — גאָטהרי (Guthrie), דיא הויפּט־שטאָדט, און אָקלאַהאָמאַ (Oklahoma) זיינען וויכטיגע מיטעל־פּונקטען פון האַנדעל. דיא אינדוסטריען פון דיזען שטאַאַט אין אַלגעמיין זיינען: ווייץ, באַוועל און פיה־ציכט.

אין לואיזיאַנאַ — ניו אָרלעאַנז (New Orleans), דיא גרעסטע שטאָדט אין דעם זידליכען טהייל פון לאַנד, זעהר אַ וויכטיגע האַנדעל־שטאָדט און וויכטיגער פּאָרט; זיא איז דער גרעסטער באַוועל־מאַרק אין דיא פערייניגטע שטאַאַטען און אויסער באַוועל פיהרט זיא אַרויס צוקער, סיראָפּ, מעהל, טאַבאַק, רייז, ווייץ, שוויינען־פלייש און נאָך אַנדערע אַרטיקלען. שריוופּאָרט (Shreveport) איז אַ מאַרק פיר באַוועל. באַטאָן רוזש (Baton Rouge) איז דיא הויפּט־שטאָדט.

אין טעקסאַס — דאַללאַס (Dallas) און פאָרט וואָירטה (Fort Worth) זיינען דיא מיטעלפּונקטען פון האַנדעל און אייזענבאַהנען אין דעם נאָרדליכען טהייל פון טעקסאַס. סאַן אַנטאָניאָ (San Antonio) פיהרט אַ בעדייטענדען האַנדעל מיט וואָל, פיה, געטריידע, פעל און אַנדערע אַרטיקלען. גאַלוועסטאָן (Galveston), דער הויפּט ים־פּאָרט, איז איינער פון דיא גרויסע פּונקטען, פון וועלכע עס ווערט פערשיקט באַוועל. אָסטין (Austin), דיא הויפּט־שטאָדט, האַוסטאָן אָד. יוסטאָן (Houston) און וועיקאָ (Waco) זיינען וויכטיגע מיטעלפּונקטען פון האַנדעל.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון דער וועסטליכער גרופּע פון שטאַאַטען זיינען:

אין ניו מעקסיקאָ — אַלבוקערקי (Albuquerque), דיא גרעסטע שטאָדט אין דעם שטאַאַט, איז אַ פערייניגונגס־פּינקט פון אייזענבאַהנען. לאַס וועגאַס (Las Vegas) האָט גיעסע־

רייען פון אייזען, פאַבריקען פון וואָל און-איז בעריהמט פיר איהרע מעדיצינישע קוואַלען. סאַנטאַ פע (Santa Fe) איז דיא הויפּט-שטאָדט.

אין קאָלאָראַדאָ — דענווער (Denver), אַ וויכטיגער פונקט פון פערקעהר פיר אַ גרויסע געגענד פון מינעס און פיה-צוכט; זיא איז דער הויפּט מיטעלפּונקט פון דיא אייזענ-באַהנען פון דעם שטאַאַט. פּיועבלאָ (Pueblo), אַ בעקוועמער פונקט פון פערקעהר צווישען דיא בערג, פון וועלכע מען בעקומט בליי, אייזען, קויהלען און פעטראָלעאום; זיא האָט פאַבריקען צום שמעלצען און וועלצען מעטאַלען און צום ראַפינירען שטיינ-אויל. קאָלאָראַדאָ ספּרינגז (Colorado Springs) איז אַ גרויסער קור-אָרט; ניט וויט פון דער שטאָדט געפינט זיך דער פּרעכטיגער טאָל, וועלכער ווערט אָנגערופען דער גאָרטען פון דיא געטער (Garden of the Gods). לעדוויל (Leadville), איינע פון דיא העכסטע שטעדט אין דער וועלט, איז דער מיטעלפּונקט פון מינעס פון בליי, גאָלד און זילבער.

אין וואַיאָמינג — שאַייען (Cheyenne) און לאַראַמי (Laramie), וויכטיגע פונקטען פיר דעם פערקעהר פון האַנדעל פער אייזענ-באַהן. ראָק ספּרינגז (Rock Springs) איז אַ וויכטיגער פונקט אין דער געגענד פון קויהלען. אין וואַיאָמינג ליעגט דער גרעסטער טהייל פון דעם בעריהמטען נאַציאָנאַלען יעלאָוסטאָון פּאַרק (Yellowstone National Park), וועלכער איז שוין פריהער בעשריעבען געוואָרען.

אין מאָנטאַנאַ — העלענאַ (Helena), דיא הויפּט האַנדעל-שטאָדט פון דעם שטאַאַט, אין אַ רייכער מינעראַל-געגענד. ביוטט (Butte) איז איינער פון דיא גרויסע מיטעלפּונקטען פון קופּפער-מינעס אין דער וועלט. אַנאַקאָנדאַ (Anaconda) האָט

גרויסע פאַבריקען פיר דיא אויסאַרבייטונג פון קופער־רודעס. גרעיט פאָללז (Great Falls) איז אַ וויכטיגער מיטעלפונקט פון מאַנופאַקטור.

אין אײדאַהאָ — באָאיזע (Boisé), דיא הויפט־שטאָדט, ליעגט אין אַן אויסגעצייכענטער געגענד פיר פאַשע. דיא אינדוסט־ריען פון דיזען שטאאט זיינען: אַגריקולטור, געהילץ און בערג־בוי (מינעס). אײדאַהאָ איז איינער פון דיא שטאאטען, וואָס פראָדוצי־רען פיעל בליי; דיא פראָדוקציאָן פון גאָלד און זילבער איז דאָ אויך גרויס.

אין יוטאַה — סאָלט לעיק סיטי (Salt Lake City), דער מיטעלפונקט פון האַנדעל אין דיזען שטאאט. אָגדען (Ogden) איז אַ מיטעלפונקט פון אַן אייזען־באַהן ליניע, וועלכע ציהט זיך איבער דעם קאָנטינענט. פראָוואָ סיטי (Provo City) און לאָגאַן (Logan) זיינען וויכטיגע מיטעלפינקטען פון געשעפט־פערקעהר צווישען דיא געגענדען, וועלכע ווערען קינסטליך בעוואַ־סערט. דיא אינדוסטריען פון יוטאַה זיינען: אַגריקולטור און בערג־בוי פון זילבער און בליי. דאָ ווערט אויך פראָדוצירט פיעל וואָל.

אין נעוואַדאַ — קאַרסאָן סיטי (Carson City) האָט הייסע קוועלען און איז אַ קור־אָרט פיר קראַנקע. ווירדזשיניאַ סיטי (Virginia City) איז דער מיטעלפונקט פון מינעס. רינאָ (Reno) איז אַ מיטעלפונקט פון האַנדעל אויף דער אייזען־באַהן, וועלכע לויפט איבער'ן קאָנטינענט. דיא הויפט אינ־דוסטריע אין נעוואַדאַ איז בערג־בוי פון גאָלד, זילבער און בליי. אַגריקולטור איז דאָ ווענינ; אַ גרויסער טייל פון דעם שטאאט איז טרוקענער, אונפרוכטבאַרער באָדען.

אין אַריזאָנאַ — פיניקס (Phoenix) — אַ מיטעלפונקט אין אַ געגענד, וועלכע איז גוט בעוואַסערט. טאָסקאָן (Tuscon) איז אַ מיטעלפונקט פון מינעס און האָט פאַבריקען פיר דיא

אויסאַרבייטונג פון רויהע גאָלד, זילבער און קופּער. דיא ניעדערלענדער פון זיד-וועסט אַריזאָנאַ זיינען דער טרוקענסטער און הייסעסטער טייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, אָבער דאָרטען, וואו עס איז מעגליך איינצופיהרען קינסטליכע בעוואַסערונג, קענען וואַקסען גוטע פרוכטען און פלאַנצען, וואָס געהערען צו דיא וואַרימע געגענדען.

אין קאַליפאָרניאַ — סאַן פראַנסיסקאָ (San Francisco), איינע פון דיא גרעסטע שטעדט אין דעם לאַנד, דיא גרעסטע שטאָדט און דער וויכטיגסטער פּאָרט ביי דעם פּאַסיפיק. דיזער פּאָרט האָט אַ גרויסען פערקעהר מיט יאַפּאַן, כינאַ, אויסטראַליען און דיא פּאַסיפישע אינזלען, און אַרום דעם קאַפּ-האָרן (זיד אַמע-ריקאַ) מיט אייראָפּאַ און דעם אָסטליכען טייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטע; דאָך איהר גרעסטען האַנדעל פיהרט סאַן פראַנסיסקאָ איבער יבשה דורך דיא אייזענבאַהן ליניעס, וועלכע ציהען זיך איבער דעם קאָנטינענט. מעהר אַלס אַ העלפט פון דער מאַנופאַקטור פון דעם שטאַאַט איז אין דיזער שטאָדט; איהרע הייפּט אינדוסטריען זיינען: ראַפינירונג פון צוקער און דיא מאַנופאַקטור פון קליידער און מאַשינעריע פיר בערג-בוי (מינעס). — לאָס אַנדזשעלעס (Los Angeles) איז דער מיטעלפונקט פון האַנדעל פון זיד קאַלי-פאָרניאַ און ליעגט אין דער געגענד, וואו עס ווערען פּראָדוצירט אַפּעלסינען. אָוקלאַנד (Oakland) איז אַ גרויסע פאָרשטאָדט און אייזענבאַהן סטאַציאָן פון סאַן פראַנסיסקאָ. סאַקראַמענטאָ (Sacramento) איז אַ שטאָדט אין אַ פרוכטבאַרער אַגריקול-טור געגענד. סאַן חאָסע (San Jose) און סטאָקטאָן (Stocton) זיינען וויכטיגע מיטעלפונקטען פון האַנדעל. סאַן דיעגאָ (San Diego) האָט אַ גוטען האַפען.

אין אָרעגאָן — פּאָרטלאַנד (Portland), דיא גרעסטע שטאָדט אין דעם שטאַאַט, אַ מיטעלפונקט פון אייזענבאַהנען און

סטאַציאָן פון מעהרערע ליניעס פון ים־שיפען; זיא פיהרט אַ גרויסען האַנדעל מיט אויסלאַנד אין עקספּאָרטירט לאַקס, געהילץ, ווייץ און מעהל. סעילעם (Salem) האָט גרויסע מיהלען פון מעהל אין פאַבריקען פון וואָל. אַסטאָריאַ (Astoria) איז דער מיטעלפּונקט פיר דעם פאַנג פון לאַקס און פיש־פּעקערייען און שיקט אַרויס פיעל געהילץ.

אין וואַשינגטאָן — סיאַטטל (Seattle), איינע פון די וויכטיגסטע שטעדט אין דעם שטאַאַט; זיא האָט אַ גרויסען האַנדעל פון געהילץ און קויהלען. טאַקאָמאַ (Tacoma) איז אַ וויכטיגער פּונקט פון פערקעהר ביי דעם וועסטליכען ענד פון אַן אייזענ־באַהן, וואָס ציהט זיך איבערן קאָנטינענט. ספּאָקעין (Spokane) האָט גוטע וואַסער־קראַפט און פיעלע פאַבריקען.

אַלאַסקאַ (Alaska). — דער דיסטריקט אַלאַסקאַ פערנעהמט דעם סאַמע נאָרד־וועסטליכען טהייל פון נאָרד אַמעריקאַ צווישען דעם פּאַסיפיק אין דעם אַרקטישען אָקעאַן (נאָרדליכען אייז־מעער) און שליעסט איין די אינזלען, וועלכע ליעגען נאָהענט פון די ברעגען. דער זיד־וועסטליכער טהייל פון דיזען דיסטריקט בילדעט די האַלבּ־אינזעל אַלאַסקאַ (Alaska Peninsula). צו וועסט פון דיזער האַלבּ־אינזעל ליעגט די אַלעאוטישע אינזעל־גרופּע (Aleutian Archipelago). אויף דיזער האַלבּ־אינזעל און אויף דער אינזעל־גרופּע געפינען זיך מעהרערע טעטיגע וואולקאַנען. דער נאָרדליכער טהייל פון אַלאַסקאַ איז אַ טאַפעל־לאַנד מיט אַ שאַרפען, ניט גלייכען באָדען. פון אָסט צו וועסט שטראָמט דער טייך יוקאָן (Yukon River), וועלכער האָט מעהר וואַסער וויא דער מיססיססיפּפּי און איז גיט פיר דעם פערקעהר פון שיפען אויף אַ שטרעקע פון אונגעפעהר 1,500 מייל. צום סאַמע זיד־אָסט געפינט זיך דער בארג סט. עליאַס אָד. מאַונט סעינט

אילאייאס (Mount St. Elias), וועלכער שטייגט אונגעפעהר 18,000 פוס הויך. דער העכסטער בארג פון אלאסקא איז מאונט מעקקינלי (Mount Mckinley), 24,464 פוס הויך.

אלאסקא ליעגט צווישען 50° און 70° נאָרדליכע ברייט. דער קלימאט איז, נאטירליך, וואס ווייטער צו נאָרד אלץ רויהער, וואס ווייטער צו זיד אלץ מילדער. אין דעם זידליכען טייל איז דער קלימאט אין מיטען זומער א מעסיגער. אין דעם זיד-אָסטליכען טייל און אין מאנכע מיטעלע געגענדען זיינען דא וועלדער פון גרויסע בוימער. אגריקולטור קען אלאסקא ניט האבען פיעל, ווייל דיא זומערן זיינען דאָרטען צו קורץ און אין אלגעמיין צו קאלט. אקערבוי איז נאָר דאָ אין דעם זידליכען טייל, וואו דער קלימאט איז נאטירליך אם מילדעסטען, אָבער אפילו דיזער טייל איז אויך נאָר גוט פיר גראָבע פלאנצען, וויא קארטאָפעל, ריבען, ברוקיווע (turnip) און נאָך אזעלכע; געטריידע קען דאָ ניט וואקסען. דיא הויפט אינדוסטריע אין אלאסקא איז רויכווארג פון פוקסען, מארדערס, באָבערס און זעע-הינט — איבערהויפט זעע-הינט, וועלכע ווערען געפאנגען זעהר פיעל אויף דיא פריבילאָוו אינזלען (Pribyloff Islands). א צווייטע וויכטיגע אינדוסטריע איז דאָ דער פאנג פון פיש, וועלכע געפינען זיך ביי דיא ברעגען זעהר פיעל. אלאסקא האט אויך שטיינ-קויהלען, גאָלד, זילבער, קופער, סאלפעטער (סעליטרע), פעטראָלעאום און ברוכ-ערטער פון מארמאר-שטיין.

דער שטח פון אלאסקא איז אונגעפעהר 532,000 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג, לויט דעם צענזוס פון 1900, איז 63,592. דיא מעהרסטע איינוואוינער זיינען דיא איינגעבאָרענע עסקימאָסען און אינדיאנער. דיא הויפטשטאָדט איז סיטקא (Sitka) אין דער אינזעל באראנאָוו (Baranoff Island) [צו זיד-אָסט]; דיא צווייטע וויכטיגע שטאָדט איז סעינט פאָל (St. Paul) [צו זיד].

סט. פאָל שפיעלט א גרויסע ראָלע אין דעם האנדעל פון ברעג. אלאסקא איז ניט קיין אָרגאניזירטע טערריטאָריע מיט אן אייגענער רעגיערונג און איז אונטער דער אויפזיכט פון דעם קאָנגרעס פון דיא פעראיי־ניגטע שטאאטען. זיא האט א גובערנאטאָר; א גענעראל־אינספעק־טאָר (Surveyor-General), וועלכער איז צו גלייכער צייט אויך א סעקרעטער; א שטייער־קאָללעקטאָר און פיעלע געהילפען, אָבער זיא שיקט ניט קיין פערטרעטער אין קאָנגרעס, וויא אן אָרגאני־זירטע טערריטאָריע.

אלאסקא איז ענטדעקט געוואָרען אין 1741 פון דעם דעני־שען זעע־רייזענדען וויטוס בערינג (Vitus Bering), וועלכער איז געוועזען אין רוסישען דיענסט. (פון דיעזען בערינג האט עס גע־קראָגען איהר נאָמען דיא בערינג־שטראס (Bering Strait), וועלכע טיילט אָפּ דעם אמעריקאנישען קאָנטינענט פון אזיען.) רוסען האָבען זיך דאָ שפעטער בעזעצט צו ענטוויקלען א האנדעל מיט רויכוואַרג. אין 1799 האט דיא רוסישע רעגיערונג דיזע טעררי־טאָריע איבערגעגעבען אויף א קאָנטראקט צו דער רוסיש־אמעריקא־נישער רויכוואַרג־געזעלשאפט (Russo-American Fur Company), וועלכע האט זיא אָנגעהאלטען ביז 1863. דיא שטאָדט סיטקא, וועלכע האט פריהער געהייסען נ י י א ר ח א נ ג ע ל (New Archangel), איז געוועזען דיא הויפּט בעזעצונג פון דיזער קאָמפּאניע, אָבער זיא האט אויסער דיזען פונקט געהאט אין דער געגענד פערציג סטאציאָנען. אין 1867 האט רוסלאנד דיזע גאנצע טערריטאָריע פערקויפט צו דיא פעראייניגטע שטאאטען פיר דיא קליינע סומע פון 7,200,000 דאָללאר. אלאסקא האט זייט דאן דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען אריינגעבראכט הונדערטער מיל אָנען דאָללארס.

## 9. קאפיטעל.

## אויסווערטיגע בעזיצונגען פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

פאָרטאָ ריקאָ. — דיא פיליפפינישע אינזלען. — האַוואַאי. — גוואַם. — וועיק אײלאַנד. — טוטואילאַ. — דער קאַנאַל־גאַרטעל.

אויסער דיא שטאַאַטען און טערריטאָריעס אויף דעם נאָרדליכען טייל פון דעם אַמעריקאַנישען קאָנטינענט, וועלכע זיינען שוין בעשריעבען געוואָרען, האָבען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען אויך אויסווערטיגע בעזיצונגען אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן צווישען נאָרד און זיד אַמעריקאַ און אין דעם פּאַסיפישען אָקעאַן צווישען אַמעריקאַ, אַזיען און אויסטראַליען. דיזע אויסווערטיגע בעזיצונגען פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען זיינען: פאָרטאָ ריקאָ (Porto Rico) און דיא פיליפפינישע אינזלען (Philippine Islands), וועלכע געהערען צו דיזען לאַנד זייט דעם שפאַניש־אַמעריקאַנישען קריעג פון 1898; האַוואַאי (Hawai), דיא אינזעל גוואַם (Guam), דיא אינזעל טוטו־אילאַ (Tutuila), וועיק אײלאַנד (Wake Island) און דער קאַנאַל־גאַרטעל (Canal Zone) אויף דעם איסטמוס פון פּאַנאַמאַ.

פאָרטאָ ריקאָ. — פאָרטאָ ריקאָ איז איינע פון דיא וועסט־אינדישע אינזלען, וועלכע ליעגען צווישען נאָרד און זיד אַמע־ריקאַ צו אָסט און זונדערן אָפּ דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן פון דעם קאַריבּ־בעאישען מעער און דעם בוזים פון מעקסיקאָ. זיא געהערט צו דער גרופּע אינזלען, וועלכע ווערען בעצייכענט מיט דעם נאָמען:

גרויסע אַנטיללען (Great Antilles). דיא אַנדערע אינזלען פון דיזער גרופע זיינען: קובאַ (Cuba), דזשאַמעיקאַ (Jamaica) און האאיטי (Haiti). פאָרטאָ ריקאָ איז דיא קלענסטע אינזעל פון דיא גרויסע אַנטיללען און איהר שטח איז אונגעפעהר 3,600 קוואַדראַט-מיילען.

דיא פאָרם פון דער אויבערפלעך פון פאָרטאָ ריקאָ איז ניט קיין גראַדע; איבער איהר מיטען פון אָסט צו וועסט געהט אַ רייהע פון בערג, פון וועלכע דער העכסטער איז אונגעפעהר 3,600 פוס הויך. פון דיזע בערג, וועלכע זיינען בעדעקט מיט געוועקס, פליע־סען מעהר אַלס 1,200 טייכען צו נאָרד און זיד אין ים אַריין. פיעלע פון דיזע טייכען, בעזאָנדערס אויף דער נאָרדליכער זייט, זיינען פון בעדייטענדער גרויס.

דער קלימאַט פון פאָרטאָ ריקאָ איז אַ וואַרימער און אַ געזונ־טער. איהר דורכשניטליכע טעמפעראַטור אין זומער-צייט איז 83° און אין ווינטער-צייט 76°. דער מאָנאַט פעברואַר איז דאָ דער טרי־קענסטער און אין נאָוועמבער געהט דאָ פיעל רעגען. צווישען יולי און אָקטאָבער קומען אָפט פאָר טראָפּישע שטורם-ווינטען.

דער באָדען פון פאָרטאָ ריקאָ איז זעהר פרוכטבאַר, סיי אין דיא הויכע סיי אין דיא ניעדריגע ערטער. דיא בערג קענען בעאַר־בייט ווערען ביז דיא סאַמע אויבערסטע טיילען. אויף דער אינזעל וואַקסען זעהר פיעל באַנאַנאַס, וועלכע זיינען אַ זעהר אַיינטרעגלי־כער פראָדוקט. אַפּעלסינען, ציטראָנען און אַנאַנאַסען וואַקסען דאָ אויך אַ סך. וועלדער זיינען דאָ זעהר פיעל אויסגעשניטען געוואָרען, אָבער עס זיינען נאָך אין פיעלע ערטער פערבליעבען פיעלע בוימער פיר געהילץ; צווישען דיזע זיינען: מאַהאָגאַני-בוימער, צעדער-בוי־מער, וואַל-נוס בוימער און לאָרבער-בוימער. אויסער דיזע זיינען דאָ זעהר שעהנע בלומען-בוימער און איבעראַל וואַקסען קאָקאָס-ניס,

פאַלמען, טאַמאַרינדען, פיינענ-דערנער, גוּאַוואַס, מאַנגאָס און פיעלע בוימער און קוסטאַרניקעס, וועלכע האָבען אַ גרויסען ווערט וועגען זייערע מעדיציינישע אייגענשאַפטען.

אגריקולטור איז כמעט דיא איינציגע אינדוסטריע אין פאָרטאָ ריקאָ. אונגעפעהר 79 פראָצענט פון דער גאַנצער בעפעלקערונג לעבען אויף דעם לאַנד, אויסערהאַלב דיא שטעדט. דער הויפט פראָדיקט איז קאַפע, וועלכער בעטרעפט יעהרליך אונגעפעהר 34,000,000 פונט. נאָך דיזען אַרטיקעל קומט צוקער-ראָהר, וועל-כעער ליעפערט יעהרליך אַן ערך 140,000,000 פונט צוקער. דאָ ווערט אויך פראָדוצירט טאַבאַק ביז 7,000,000 פונט אַ יאָהר און פיעל רייז, וועלכער בילדעט דאָ דיא הויפט נאַהרונג פון דיא אַרבייטער-מאַסען. אויף דיא ניעדערלענדער איז דאָ גוטע פאַשע און דיא איינ-וואוינער בעשעפטיגען זיך דאָרטען מיט דער ערציהונג פון פיה, וועלכעס ווערט פיעל עקספּאָרטירט.

מיטלען פון פערקעהר זיינען נאָך אין פאָרטאָ ריקאָ ניט פאָל-קאָמען. עס איז דאָרטען דאָ אַ פּאָאַר הונדערט מיילען אייזענבאַהן און ביי אַ פינף הונדערט מיילען טעלעגראַף. אויסגעלעגטע וועגען פיר פוהרען זיינען דאָ גאַנץ גוטע און דיא שטעדט סאַן חואַן (San Juan) און פאָנסע (Ponce) זיינען פערבונדען מיט אַ פיינעם שאָסע. דיא וויכטיגסטע האַפענס זיינען ביי סאַן חואַן און אַרעסיבאָ (Arecibo) צו נאָרד, ביי פאָנסע, אַררויאָ (Arroyo) און גואַיאַניללאַ (Guyanilla) צו זיד. דיא הויפט עקספּאָרטען זיינען קאַפע, צוקער, טאַבאַק און האָניג.

דיא בעפעלקערונג פון פאָרטאָ ריקאָ איז פיר דעם שטח פון דער אינזעל זעהר אַ גרויסע. לויט דער צעהלונג, וועלכע איז געמאַכט געוואָרען אין 1899, זיינען דאָרטען געווען 953,000 איינוואוינער. פון דיזע זיינען מעהר אַלס 364,000 שוואַרצע (נעגערס), וועלכע

שטאַמען פון דיא אַמאָליגע שקלאַפען, דיא ווייסע איינוואוינער שטאַמען מעהרסטענס פון שפּאַניער. שול־בילדונג איז אין פּאָרטאָ ריקאָ נאָך אויף אַ ניעדריגער שטופע; עס זיינען דאָ פינף הונדערט שולען, אָבער זעהר וועניגע קינדער בעזוכען זיי. דיא קירכע איז דיא רוימיש־קאַטוילישע.

פּאָרטאָ ריקאָ ווערט רעגיערט פון אַ גובערנאַטאָר מיט אַ קאַבינעט, וועלכער ווערט ערנענט פון דעם פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. דער קאַבינעט מיט נאָך פינף פּערזאָנען בילדען אַן עקזעקוטיוו־ראַט (Executive Council), פון וועלכען וועניגסטענס פינף מיטגליעדער דאַרפען זיין געבירטיגע פון דער אינזעל. דיזער עקזעקוטיוו־ראַט איז דאָס אויבער־הויז; דאָס הויז פון דעלעגאַטען, אָדער דאָס אונטער־הויז, בעשטעהט פון פינף און דרייסיג מיטגליעדער, וועלכע ווערען ערוועהלט צו פינף פון יעדערער פון דיא זיעבען פּראָווינצען פון דער אינזעל. אום צו האָבען דאָס רעכט צו וועהלען, מוזען דיא בירגער בעזיצען עטוואָס אייגענטום און עטוואָס שול־קענטניס. דער עקזעקוטיוו־ראַט קען זיך ענטזאַגען אָנצונעהמען אַ געזעץ, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך דאָס הויז פון דיא דעלעגאַטען, און דער גובערנאַטאָר האָט דיא מאַכט צוריקצוווייזען דיא דורכפיהרונגען פון בײדע הייזער.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון פּאָרטאָ ריקאָ זיינען: — סאַן חואַן (San Juan), דיא הויפּט־שטאָדט, וועלכע צייכענט זיך אויס מיט איהרע שעהנע רעגיערונגס־געבײדען און מיט איהר פּאָזיציאָן ביי איינעם פון דיא שעהנסטע האַפענס אין וועסט־אינדיען. זיא האָט קליינע פאַבריקען פון בעזימער, שוועבעלאַך און זייף און איהר בעפעלקערונג איז אונגעפעהר 32,000. פּאָנסע (Ponce), דיא צווייטע שטאָדט אויף דער אינזעל, איז אויף דעם זידליכען ברעג, זעכציג מייל פון סאַן חואַן; זיא האָט פאַבריקען פון אייז

און גאַז־בעלייכטונג און האָט אַ בעפעלקערונג פון אונגעפעהר 28,000. אַרעסיבאָ (Arecibo), אַ פּאָרט־שטאָדט אויף דעם נאָרדליכען ברעג, איז דער מיטעלפּונקט פון דער צוקער־אינדוסטריע. מאַיאַגועץ (Mayaguez), אויף דעם וועסטליכען ברעג, און אַגואַדיללאַ (Aguadilla), אין דעם נאָרד־וועסטליכען טייל, זיינען וויכטיגע האנדעל־שטעדט. פאַחאַרדאָ (Fajardo), אויף דעם אָסטליכען ברעג, און אַררויאָ (Arroyo), אין דעם זיד־אָסטליכען טייל, זיינען וויכטיגע שטעדט פיר דיא פּראָדוקציאָן פון צוקער.

נאָהענט פון פּאָרטאָ ריקאָ ליעגען דיא קליינע אינזלען מאָנאַ (Mona), קולעבראַ (Culebra) און וויעקעס (Vieques), וועלכע זיינען מיט איהר פּאָליטיש פעראייניגט. דיא אינזעל מאָנאַ איז זיעבען מייל לאַנג און צוויי מייל ברייט און ליעגט צווישען פּאָרטאָ ריקאָ און האַאיטי.

דיא פיליפּינישע אינזלען. — דיזע אינזעל־גרופּע ליעגט צווישען דעם כינעזישען מעער צו וועסט און דעם פּאַסיפיק (שטילען אָקעאַן) צו אָסט. דער ווייטסטער נאָרדליכער טייל פון דער גרופּע איז אינגעפעהר ביי 22° נאָרדליכע ברייט און דער ווייטסטער זידליכער פּונקט איז נאָר 5½° פון דעם עקוואַטאָר. דיא לענג פון דער גאַנצער אינזעל־גרופּע איז 1,000 מייל, דיא ברייט — 640 מייל; דער צוזאַמענגענומענער שטח פון לאַנד איז איבער 14,000 קוו. מ. דיא צאָהל פון דיא אינזלען, וועלכע געהערען צו דיזער גרופּע, איז ניט בעשטימט; מען שאַצט זיי פון 500 ביז 2000. לוצאָן (Luzon) און מינדאַנאַאָ (Mindanao) זיינען דיא גרעסטע און ענטהאַלטען מעהר וויא העלפט פון דעם שטח פון דער גאַנצער גרופּע. אויף דיזע אינזלען זיינען דאָ מעהרערע בערג, וועלכע שטאַמען פון וואולקאַנישע אויסברוכען; עס זיינען אויך דאָ פיעלע טייכען, פון וועלכע דיא גרעסטע זיינען דער

ריאָ גראַנדע (Rio Grande) אין לוצאָן און דער ריאָ אַגוּסאַן (Rio Agusan) אין מינדאַנאַאָ. יעדערער פון דיזע צוויי טייכען איז איבער 200 מייל לאַנג.

דער קלימאַט פון דיא פיליפפינישע אינזלען איז אַ טראָפּישער און עס זיינען דאָרטען דאָ די יי צייטען פון יאָהר: דיא קיהלע מיט אַ טעמפּעראַטור פון $77^0$ ביז $80^0$, פון נאָוועמבער ביז מערץ; דיא הייסע, פון מערץ ביז יולי מיט אַ טעמפּעראַטור, וועלכע גרייכט אין סעפּטעמבער ביז $100^0$; און דיא נאַסע, פון יולי ביז נאָוועמבער, צווישען וועלכע מאָנאַטען עס פאַלען גרויסע רעגענס. דיא נאָרדליכע אינזלען ווערען אָפט בעזיכט פון גרויסע אוראַגאַנען (שטירם־ווינטען).

דיא פיליפפינישע אינזלען זיינען רייך אין מינעראַלען, אָבער זייער מינעראַל־רייכטום איז ווענינ ענטוויקעלט. לוצאָן האָט גראַניט, קאַלכ־שטיין און מערגעל (אַ געמיש פון לעהם מיט קויהלענזויערען קאַלך). אין לוצאָן, סעבו (Cebu) און נעגראָס (Negros) זיינען דאָ שטיינ־קויהלען. לוצאָן האָט אויך קופּער, אַייזען, גאָלד, בליי, קוועקזילבער און שוועבעל.

דער באָדען פון דיזע אינזלען איז רייך אין געוועקס און גוט פיר אַגריקולטור. עס זיינען היער דאָ וועלדער, וועלכע ענטהאַלטען צעדערן, עבענ־האָלץ, אַייזענ-האָלץ, בלוי־האָלץ און אינדישע אייכענבוימער (teaks). דיא קאָקאָס־נוס פאַלמע געפינט זיך דאָ איבעראַל און זעהר פיעל זיינען דאָ דיא באַמבוס־ראָהרען, דיא ראָהר־פאַלמעס (rattans), דיא מאַנגאָס, דיא ברויט־בוימער (jack-trees) און אַלע מאַלאַיאישע פרוכטען.

אַגריקולטור איז אין דיא פיליפפינישע אינזלען דיא גרעסטע אינדוסטריע און זייערע הויפט פּראָדוקטען זיינען צוקער־ראָהר, קאַפע און דער בעריהמטער מאנילאַ־האַנף (פעדימלאַך, וועלכע מען ב קיקט פון א מין באַנאַנא). דער פיינסטער צוקער ווערט פּראָדוצירט

אין פּאַנאַי (Panay). דער גאַנצער יעהרליכער עקספּאָרט פון צוקער איז 250,000 טאָן. קאַפּע וואַקסט אויף אַלע אינזלען און רייז איז דיא געוועהנליכע נאַהרונג פון דיא געבאָרענע איינוואוינער. וויכטיגע פּראָדוקטען אין דיא פיליפּפּינען זיינען קאַקאַאָ-באָהנען, וועלכע זיי־נען געבראַכט געוואָרען פון מעקסיקאָ, קוקירוזע, וואָס איז גע־בראַכט געוואָרען פון אַמעריקאַ, באַוועל, פּעפּער, אינגבער, וואַניל־לאַ און אַנדערע פּלאַנצען.

דיא טיערע פון דיא פיליפּפּינען זיינען: דער ווייסער אַף, דער הירש, דיא ווילדע קאַץ, דער אַלליגאַטאָר, דיא טורטעל-טויב, דער באָאַ-קאָנסטריקטאָר, דער פּיטהאָן (אַ מין ריעזענ-שלאַנג) און פערשיע־דענע סאָרטען שלאַנגען, פון וועלכע נאָר איין סאָרט זיינען גיפטיגע. פון פויגלאַך געפינען זיך 200 מינים און עס זיינען דאָ פּיעלע שעהנע שמעטערלינגען (מאָטילקעס) און צושטערענדע אַמייזען (מור־ראַשקעס). דער ווילדער בופלאָקס ווערט געצאַהמט און בענוצט אַלס לאַסט-טיער. קליינע פערד, רינדער, שאָף און ציעגען ווערען דאָ ערצויגען אין גאַנצע סטאַדעס.

מאַנופאַקטור מיט מאַשינען איז אין דיא פיליפּפּינען ניט ענט־וויקעלט, אָבער דיא געבאָרענע איינוואוינער זיינען זעהר געשיקט צו מלאָכות מיט דער האַנד. זיי וועבען באַוועל און מאַכען דיא פיינסטע פאָזאַמענטור פון דיא זייד-פעדים פון דער פּיניאַ (pina) (אַזאַ פּלאַנצע). אין מאַנילאַ זיינען פרויען בעשעפטיגט ביי'ם מאַכען היט, ראָגאָזשעס, ציגאַרען און ציגאַרענ-פּושקעס. דער האַנדעל אויף דיא אינזלען ליידט פון דעם, וואָס עס זיינען דאָ ווייניג וועגען; עס איז דאָ נאָר איין אייזענ-באַהן — אין לוצאָן, 123 מייל לאַנג. מאַנילאַ איז דער גרעסטער פּאָרט פיר דעם אויסלענדישען האַנדעל.

דיא בעפעלקערונג פון דיא פיליפּפּינישע אינזלען ווערט געשאַצט אויף 7,000,000. דיא מעהרסטע פון דיא געבאָרענע

איינוואוינער שטאמען פון מאלאיער; צו זיי געהערען דיא טאגאלען (Tagals) פון לוצאָן און דיא וויסאיאנען (Visayans), וועלכע בעוואוינען עטליכע אינזלען צו זיד פון לוצאָן. דיזע ביידע קלאסען בעקענען זיך צו דער רוימיש-קאטוילישער קירכע. נאָך א קלאס פון מאלאיער זיינען דיא מאָראָס (Moros), וועלכע זייענען מאָהאמעדאנער. אויסער דיזע פעלקערשאפטען זיינען דאָ מענשען פון אנדערע ראסען, נעמליך: נעגריטאָס (Negritos), שווארצע מענשען מיט וואָליגע האָאר, וועלכע שטאמען פון דיא אור-איינוואוינער; פיעלע כמעט ווילדע שבטים, וועלכע בעוואוינען בעזונדערע אינזלען; איבער 30,000 כינעזער און פיע"ע מעסטיצאָס (געמישטע); אונגעפעהר 20,000 שפאניער און אנדערע ווייסע מענשען. דיא לעצטערע געפינען זיך מעהרסטענס אין מאנילא. מען גלויבט, דאָס אין דיא פיליפפינעז ווערען גערעדט א פינף הונדערט דיאלעקטען.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דיא פיליפפינישע אינזלען זיינען: — מאנילא (Manila), דיא הויפט-שטאָדט, א שטאָדט מיט מאָדערנע איינריכטונגען אין 150,000 איינוואוינער; זיא איז דער הויפט פאָרט פיר אויסלענדישען האנדעל. קאוויטע (Cavite), 15 מייל פון מאנילא, א סטאציאָן פון מיליטער און מארין. אילאָאילאָ (Iloilo), אויף דער אינזעל פאנאי (Panay); זיא איז דיא וויכטיגסטע שטאָדט נאָך מאנילא און האָט א גרויסען האנדעל פון צוקער. סעבו (Cebu), דיא הויפט-שטאָדט פון דער אינזעל סעבו; זיא איז פיין געבויט און האָט 35.000 איינוואוינער.

האוואאי. — דיזע טערריטאָריע שליעסט איין דיא האוואאישע אינזלען (Hawaiian Islands) אָדער — וויא זיי הייסען אויך — דיא סאנדוויטש-אינזלען (Sandwich Islands), וועלכע ליעגען אין דעם פאסיפיק, אונגעפעהר 2,500 מייל זיד-וועסט

פון סאַן פראַנסיסקאָ. דיזע גרופע בעשטעהט פון צוועלף אינזלען, וועל־כע ליעגען אין אַ רייהע צווישען 18° און 23° נאָרדליכע ברייט. פון דיזע צוועלף אינזלען זיינען בעוואוסט זיעבען, וועלכע האָבען אַ שטח פון 6,544 קוו. מ. דיא גרעסטע אינזעל איז האַוואַאי (Hawaii).

דיא גאַנצע אינזעל־גרופע בעשטעהט פון אַ רייהע וואולקאַנען, וואָס זיינען יעצט אויסגעלאָשען, אויסער מאַונאַ לאָאַ (Mauna Loa) און קילאַועאַ (Kilauea) אויף דער אינזעל האַוואַאי, וועלכע זיינען נאָך טעטיג. דער וואולקאַנישער באַרג מאַונאַ קעאַ (Mauna Kea), אויך אויף דער אינזעל האַוואַאי, איז 13,805 פוס הויך. כמעט אַלע דיזע אינזלען זיינען טיילס אַרומ־גערינגעלט פון ריפען און דיא בערגיגע אויבערפלעך איז איבעראַל דורכגעבראָכען מיט טאָלען און וואַסערן, אָבער עס זיינען דאָרטען ניטאָ קיין טייכען. פון מינעראַלען געפינען זיך אין דיזע נאָר אַזעלכע, וועלכע זיינען דאָ אין וואולקאַנישע געגענדען, וויא צ. ב. שוועבעל, קופער־וואַסער און סאַלפעטער (סעליטרע).

דער קלימאַט פון דיא האַוואַאישע אינזלען איז וואַרים, דיא לופט איז ריין און אַננעמעהם און דער באָדען איז זעהר פרוכטבאַר. דיא זייטען פון דיא בערג און דיא טאָלען זיינען געדיכט בעדעקט מיט טראָפישע געוועקס און דיא וועלדער ענטהאַלטען פיעלע בוי־מער, וואָס ליעפערן טייערע געהילצען. פון דיא ניצליכערע הײמישע ביימער און פלאַנצען זיינען: דער שרויבענ־בוים, דער קאָקאָס־נוס, דער ליכט־נוס (אַ מין גומי־בוים, וועלכער ווערט בענוצט פיר בע־לייכטונג), דער ברויט־פרוכט בוים, דיא באַנאַנאַ און דער טאַראָ, וועלכער איז זעהר נאַהרהאַפט און איז דיא הויפט שפייז־פלאַנצע פון דיא איינגעבאָרענע איינוואוינער.

טיערע זיינען אין האַוואַאי ניטאָ פיעל. שווינען הינט און ראַטען זיינען אַהין אַריבערגעבראַכט און פערשלעפט געוואָרען פון

אנדערע ערטער. פין געפליגעלטע טיערע זיינען דא שנעפּפען (snipes), רעגענ-פּייפערס (plovers), ענטען און אייניגע סארטען זינג-פויגלען. אריבערגעבראכטע ציעגען און רינדער האבען זיך היער פערמעהרט און עס זיינען פון זיי דא ווילדע סטאדעס. דיא איינציגע קריעכעדיגע חיה, וואס געפינט זיך דא, איז א קליינע יאשטשעריצע.

אינדוסטריע אויף דיא האוואאישע אינזלען איז בעדייטענד גרויס. דיא הויפּט בעשעפטיגונג איז דא אגריקולטור; מאנופאקטור איז נאך קליין. צוקער-ראהר איז דער וויכטיגסטער פּראדוקט און צוקער איז דיא הויפּט אינדוסטריע. קאפע, וועלכער וואקסט אויף דיא הויכע ערטער, איז דער צווייטער וויכטיגער פּראדוקט נאך צוקער. כינעזער פּראדוצירען דא פיעל רייז אויף זומפּיגע פעלדער. דיא געוועהנליכע גארטענ-גרינסען און פערסיקעס, אפּעלסינען, אנאנאסען, באנאנאס, גואוואס ווערען פּראדוצירט זעהר פיעל. דיא טעע-פּלאנצע, דאס כינעזישע גראז (China-grass) און דיא פּילו (pulu) [אן ארט פאדים-גראז] זיינען דא אריבערגעפּלאנצט געווארען און געדייהען זעהר גוט. (דאס כינעזישע גראז און דיא פּולו ליעפערן פיינע פעדים צום וועבען.) עס זיינען דא גרויסע פארמס פיר דיא ערציהונג פון שאף און ווילדע רינדער ווערען געשלאכט פיר זייערע פעל.

דיא האוואאישע אינזלען זיינען זעהר וויכטיג פיר דיא פעראייניגטע שטאאטען אלס סטאציאן פון האנדעל. האנאלולו איז אין א גראדער ליניע פון שיפען, וועלכע געהען צווישען דעם פּאסיפישען ברעג און כינא, יאפּאן און אויסטראליען.

דיא בעפעלקערונג פון האוואאי איז לויט דער צעהלונג פון 1900 געווען 154,001. פון דיזער צאהל איינוואינער זיינען א זעקסטעל יאפּאנעזער, אן אכטעל כינעזער, א צעהנטעל פּארטוגעזען, ביי א 2,000 ענגלענדער און איבער 3,000 אמעריקאנער. דיא

איבריגע זיינען דיא אײנגעבאָרענע אײנוואוינער, וועלכע ווערען אָנגערופען דיא קאַנאַקאַס (Kanakas). דיא קאַנאַקאַס זיינען עדעלע און פערשטענדיגע מענשען, אָבער וועגען דיא ענדערונגען, וואָס זיינען אײנגעפיהרט געוואָרען אין זייער אַרט לעבען, ווערט זייער צאָהל אימער קלענער.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון דער האַוואַאישער טערריטאָריע זיינען: — האָנאָלולו (Honolulu), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דער אינזעל האַוואַאי, מיט אַ בעפעלקערונג פון 39,000 אײנוואוינער. דער האַפען איז זעהר אַ גרויסער, עס קענען צו איהם צוקומען דיא גרעסטע שיפען. דיא שטאָדט האָט גוטע רעגיערונגס־געביידען, קירכען און שעהנע וואוינונגען, אויך איניגע הובעל־פאַבריקען, רייז־מיהלען און אײזען־פאַבריקען. הילאָ (Hilo), מיט 20,000 אײנוואוינער, אויך אויף דער אינזעל האַוואַאי, איז דיא צווייטע וויכטיגע שטאָדט נאָך האָנאָלולו. אויף דער וועסטליכער זייט פון דער זעלביגער אינזעל איז קאַאוהאַקאָ (Kauhako). לאַהאַאינאַ (Lahaina) איז דיא וויכטיגסטע שטאָדט אויף דער אינזעל מאַואי (Maui). וואַאילוקו (Wailuku), קאַהולואי (Kahului) און ספּרעקקלזווילל (Sprecklesville), אויף דער זעלביגער אינזעל, זיינען בליהענדע דערפער.

גוואַם. — גוואַם איז דיא גרעסטע פון דיא לאַדראָנען, אַ גרופּע אינזלען וועלכע ליעגען אין דעם נאָרדליכען טייל פון פּאַסיפיק צווישען $13^0$ — $21^0$ נאָרדליכע ברייט און $144^0$ — $146^0$ אָסטליכע לענג.*) דיא בעפעלקערונג פון דיזער אינזעל איז אין

*) דיא לאַנדראָנען זיינען ענדעקט געוואָרען פון דעם בעריהמטען זעע־רייזענדען מאַגעללאַן, וועלכער האָט זיי אַזוי אַ נאָמען געגעבען, ווייל דיא געבאָרענע אײנוואוינער פון דיזע אינזלען זיינען געוועזען גנבים („לאַנדראָנעס" מיינט אין שפּאַניש גנבים). דיא שפּאַניער האָבען דיא אײנוואוינער אויסגעראָט און דיא אינזלען זיינען בעזעצט געוואָרען פון אײנוואַנדערער פון מעקסיקאָ און דיא פיליפּפינען.

1887 געווען 8,561. גוואם איז נאָר וויכטיג אַלס אַ מארינע־סטאַציאָן און קויהלענ־סטאַציאָן.

וועיק אַיילאַנד. — דיזע בעזיצונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען איז אַן אַטאָלל (אַ קאָראַללישע רינג־אינזעל) אין דעם נאָרדליכען טהייל פון דעם פאַסיפיק, צווישען דער אינזעל גוואַם און דיא האַוואַאישע אינזלען. זיא האָט ניט קיין איינוואוינער און דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָבען זיא אין 1899 גענומען אין בעזיץ אַלס אַ קויהלענ־סטאַציאָן און לאַנדונג פיר דעם קאַבעל (טעלעגראַפישען דראָהט־שטריק) אויפ'ן ים.

טוטואילאַ. — דאָס איז איינע פון דיא דריי גרעסטע פון אַ גרופע אינזלען, וועלכע זיינען בעקאַנט אַלס דיא סאַמאָאַ־אינזלען (Samoa Islands); זיא איז אונגעפעהר 18 מייל לאַנג און 6 מייל ברייט און ליעגט אונגעפעהר ביי 14° זידליך פון דעם עקוואַטאָר און אַן ערך 3,000 מייל צו אָסט פון אויסטראַליען. דיא איינגעבאָרענע פון דיזע אינזלען צייכנען זיך אויס אַלס שטאַרקע העלדישע און פערשטענדיגע מענשען. פיר איניגע יאָהר זיינען דיא סאַמאַאָ־אינזלען געוואָרען רעגיערט פון זייערן אַן אייגענעם קעניג אונטער דער אויפזיכט פון ענגלאַנד, דייטשלאַנד און דיא פעראייניגטע שטאַאטען. לויט אַ שפעטערען אָפּמאַך האָט זיך ענגלאַנד צוריקגעצויגען און טוטואילאַ אין נאָך עטליכע אינזלען זיינען איבערגעגאַנגען אין דעם בעזיץ פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. פּאַנגאָ־פּאַנגאָ (Pango-Pango), אַן אויסגעצייכענטער האַפען אויף דער זידליכער זייט פון טוטואילאַ, ווערט בענוצט אַלס אַ סטאַציאָן פיר קויהלען און קריעגס־שיפען.

דער קאַנאַל־גאַרטעל. — מיט דיזען נאָמען ווערט בעצייכענט דער טהייל פון דעם איסטמיס פון פּאַנאַמאַ, וואו דיא פעראייניגטע שטאַאטען בויען יעצט דעם גרויסען קאַנאַל, וואָס

וועט פעראייניגען דעם אטלאַנטישען אָקעאַן מיט דעם פּאַסיפיק. דיא געגענד פון דיזען „גאַרטעל“ געהערט איינענטליך צו דער רע־פובליק פּאַנאַמאַ (Panama), נאָר וועגען דעם קאַנאַל איז אָפּ־געמאַכט געוואָרען, אַז זיא זאָל זיין אונטער דער קאָנטראָל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

### 10. קאפּיטעל.

## דיא רעפּובליק מעקסיקא.

איהר לאַגע און גרויס. — פאָרם פון איהר אויבערפלעך. — קלי־מאַט. — געוועקסע און חיות. — פּראָדוקטען, אינדוסטריען, האַנדעל. — איינוואוינער. — סיסטעם פון רעגיערונג. — וויכטיגסטע שטעדט.

דיא רעפּובליק מעקסיקאָ (Mexico) ליעגט אין נאָרד אַמעריקאַ אונגעפעהר צווישען 15° און 32° נאָרדליכע ברייט, 86° און 117° וועסטליכע לענג. זיא גרענעצט זיך צו איהר נאָרד און נאָרד־אָסט מיט דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, צו אָסט מיט דעם בוזים פון מעקסיקאָ און דעם קאַריבבעאישען מעער, צו זיד־אָסט מיט צענטראַל אַמעריקאַ, צו זיד און זיד־וועסט מיט דעם פּאַסיפיק. מעקסיקאָ שליעסט איין דיא האַלב־אינזעל אונטער־קאַליפאָר־ניאַ (Lower California), וועלכע איז אַ טערריטאָריע פון דיזער רעפּובליק. דער שטח פון דער גאַנצער מדינה איז 757,760 קוואַדראַט־מיילען.

דער באָדען פון מעקסיקאָ איז אַ פאָרטזעצונג פון דער גע־גענד פון דיא פעלזען־בערג (Rocky Mountains), מיט וועלכער ער בילדעט איין הויכלאַנד. דיא אויבערפלעך פון דעם הויכלאַנד

פון מעקסיקאָ איז עהנליך צו דער אויבערפלעך פון דעם גרויסען טאַפעל-לאַנד אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען. צו אָסט אין וועסט איז מעקסיקאָ בעזוימט מיט רייהען פון בערג, וועלכע זיינען פ.רט-זעצונגען פון דיא פעלזענ-בערג און דיא קאַסקאַדענ-בערג (Cascade Mountains). דיא רייהע בערג, וועלכע ליעגט אין מעקסיקאָ צו וועסט, איז פיעל העכער און געדיכטער וויא דיא רייהע בערג, וועלכע ליעגט צו אָסט. אין דעם נאָרדליכען טייל איז דאָס טאַפעל-לאַנד אונגעפעהר ¾ מייל הויך; זידליך שטייגט דער באָדען צוויי מאָל אַזוי הויך.

דער קלימאַט פון מעקסיקאָ איז אַ וואַרימער און עס איז דאָ וועניג אונטערשיעד צווישען דער טעמפעראַטור פון זומער אין דער טעמפעראַטור פון ווינטער; נאָר וויל דיא הויך פון דעם באָדען איז ניט איבעראַל גלייך איז דאָ אַ גרויסער אונטערשיעד אין דער טעמפעראַטור פון פערשיעדענע געגענדען. אין דיא ניעדערלענדער איז אימער הייס; אויף דעם הויכלאַנד איז דיא טעמפעראַטור אימער מיטעלמעסיג; אין דער בערגיגער געגענד, וועלכע איז איבער אַנדערטהאַלבען מייל הויך, איז קיהל אָדער קאַלט, און דיא שפיצען פון דיא העכערע בערג זיינען אימער בעדעקט מיט שנעע. אין מעקסיקאָ זיינען דאָ צוויי וועטער-צייטען אין יאָהר: דיא נאַסע און דיא טרוקענע. כמעט דער גאַנצער רעגען פאַלט דאָרטען אין דיא זומער-חדשים. דער נאָרדליכער טייל האָט זעהר וועניג רעגען.

פלאַנצען און טיערע געפינען זיך אין מעקסיקאָ אי פון דיא מינים, וועלכע געהערען צו נאָרד אַמעריקאַ, אי פון דיא, וועלכע געהערען צו זיד אַמעריקאַ. אין דיא ניעדערלענדער זיינען דאָ געדיכטע וועלדער, וועלכע ענטהאַלטען מאַהאָגאַני-בוימער, רויזענ-האָלץ, בלוי-האָלץ, גוממי-בוימער, מעדיצינישע פלאַנצען און

וואניללא. פלאנצען, וועלכע ווערען דאָ פּראָדוציררט, זיינען: רייז, צוקער-ראָהר, טאבאק און פערשיעדענע טראָפּישע פרוכטען, וויא אויך קאססאווא (Cassava), פון וועלכער דיא איינגעבאָרענע מאכען מעהל פיר ברויט, און סיסאל-האנף (Sisal hemp), פון וועלכען עס ווערען געמאכט שטריק. אויף דיא זייטען פון דיא בערג זיינען דאָ וועלדער פון אייכען-בוימער, פיכטען (סאָסנעס) און אנדערע בוימער פון דיא מעסיגע גארטלען; אויף דיא ניעדריגערע, וואריי-מערע טיילען פון דיא בערג ווערט פראָדוצירט קאפע. אויף דיא טאפעל-לענדער זיינען געטריידע און באָהנען דיא הויפט פראָדוקטען. אין דיא טריקענערע הויכע טיילען פון לאנד ווערען ערצויגען פיה, פערד און שאָף און עס ווערט עקספּאָרטירט פיעל פיה און פעל.

דער הויפט רייכטום פון מעקסיקאָ זיינען איהרע מינעס; זיא איז איינע פון דיא גרעסטע לענדער פון דער וועלט אין דער פּראָ-דוקציאָן פון זילבער, וועלכעס איז דער הויפט עקספּאָרט פון דיזען לאנד. אנדערע פּראָדוקטען פון דיא מינעס זיינען גאָלד, פּלאטינום, בלייא, אייזען, קופער, קוועקזילבער, אויך דער טייערער שטיין, וועלכער ווערט אָנגערופען אָניקס (onyx).

דיא מאנופאקטורען פון מעקסיקאָ זיינען באוועל-צייג, פּאַ-פּיער און לעהמענע כלים פיר היימישען געברויך. דיא אינדיאַנער מאכען דעקעס און פוץ-ארטיקלען פון פעדערן און לעדער מיט דער האנט. דער אויסלענדישער האנדעל איז צום גרעסטען טייל מיט דיא פעראייניגטע שטאאטען מיט'ן וואסער און מיט דיא אייזען-באהנען, וועלכע פערבינדען דיא געגענדען פון דעם טאפעל-לאנד מיט דיא אייזען-באהנען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

דיא בעפעלקערונג פון מעקסיקאָ איז 13,607,259. דיא איינ-וואוינער זיינען מעסטיצאָס (געמישטע), מולאטען און אינדיאַנער; ווייסע מענשען זיינען דאָ וועניג. דיא הערשענדע ראסע בעשטעהט

פון אייראָפּעער, וועלכע שטאַמען פון שפּאַניער. דיא רעליגיאָן פון לאַנד איז דיא קאַטוילישע. פיר בילדונג זיינען דאָ אַן אוניווערזי־טעט און אַנדערע לעהר־אַנשטאַלטען. דיא הערשענדע שפּראַך איז דיא שפּאַנישע; אויסער דיזער ווערען גערעדט מעהרערע אַנדערע שפּראַכען. אַגריקולטור און בערג־בוי (מינע־אַרבייט) זיינען דיא הויפּט בעשעפטיגונגען פון דיא איינוואוינער.

מעקסיקאָ איז פון 1521 ביז דעם אָנפאַנג פון פאָריגען יאָהר־הונדערט געוועזען אַ בעזיצונג פון שפּאַניען. אין 1824 האָט זיא זיך בעפרייט פון שפּאַנישער הערשאַפט און איז געוואָרען אַ רעפּובליק. פיר פערציג יאָהר נאָך דעם זיינען אין מעקסיקאָ פאָרגעקומען אָפטע אונרוהען, וועלכע האָבען זיא פערוויקעלט אין מלחמות מיט אַנדע־רע לענדער און געפיהרט צו אָפטע ענדערונגען אין דער רעגיערונג. צוויי מאָל איז זיא זאָגאַר געוואָרען אַ קייזער־רייך: פון 1822 ביז 1823 אונטער דעם מעקסיקאַנישען רעוואָלוציאָנער איטורבידע (Iturbide) און פון 1864 ביז 1867 אונטער דעם קייזער מאַקסימיליאַן (Maximilian), וועלכער איז געוועזען אונטערשטיצט פון פראַנקרייך. דיא רעפּובליק פון מעקסיקאָ בעשטעהט פון 27 שטאַאַטען, 2 טעררי טאָריעס און אַ דיסטריקט פון דעם אַלגעמיינעם בונד, וויא דער דיסטריקט קאָלומביאָ פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

דיא רעגיערונג פון מעקסיקאָ איז עהנליך אין פאָרם צו דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. דער העכסטער בעאַמ־טער פון לאַנד איז אַ פּרעזידענט, וועלכער ווערט געוועהלט אויף פיער יאָהר, און דיא געזעץ־געבענדע מאַכט איז איבערגעגעבען צו אַ קאָנגרעס, וועלכער בעשטעהט פון צוויי אָפּטהיילונגען: אַ סענאַט און אַ הויז פון פערטרעטער. דער פּרעזידענט האָט צו זיך אַ קאַבינעט פון סעקרעטערען (מיניסטאָרען), פון וועלכע יעדערער

האָט צו פערוואַלטען אַ בעזונדערע אָפּטהיילונג פון דער רעגיערונג.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון מעקסיקאָ זיינען: — מעקסיקאָ (Mexico), דיא הויפּט־שטאָדט פון בונד; זיא האָט 344,721 איינוואוינער און איז איינע פון דיא שעהנסטע שטעדט פון אַמעריקאַ. פּועבּלאַ (Puebla), 73,521 איינוואוינער; לעבען דיזער שטאָדט געפינט זיך דער אָניקס־שטיין. גואַדאַלאַחאַראַ (Guadalajara), 101,208 איינוואוינער, איז דיא צווייטע גרעסטע שטאָדט אין מעקסיקאָ.

## 11. קאַפּיטעל.

## צענטראַל אַמעריקאַ און וועסט אינדיען.

דיא טערריטאָריע פון צענטראַל אַמעריקאַ. — דיא רעפּובּליקען גואַטעמאַלאַ, סאַלוואַדאָר, האָנדוראַס, ניקאַראַגואַ, קאָסטאַ ריקאַ און פּאַנאַמאַ. — דיא וועסט־אינדישע אינזלען. — בעזיצונגען פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, האָללאַנד און דענעמאַרק. — דיא רעפּובּליקען קובּאַ, האַיטי און סאַן דאָמינגאָ.

צענטראַל אַמעריקאַ (Central America) ווערט אָנגערופען דיא טערריטאָריע, וועלכע ליעגט צווישען מעקסיקאָ און דעם איסטמוס פון פּאַנאַמאַ. דיזע טערריטאָריע שליעסט איין דיא זעקס רעפּובּליקען גואַטעמאַלאַ (Guatemala), סאַלוואַדאָר (Salvador), האָנדוראַס (Honduras), ניקאַראַגואַ (Nicaragua), קאָסטאַ ריקאַ (Costa Rica) און פּאַנאַמאַ (Panama). דיא גאַנצע טעריטאָריע איז אין שטח בּיינאַהע אַ פערטעל דיא גרויס פון מעקסיקאָ און איהר בעפעלקערונג איז עטוואָס מעהר וויא אַ פערטעל פון דער בעפעלקערונג פון מעקסיקאָ.

די אויבערפלעך פון צענטראַל אַמעריקאַ איז ענליך צו דער אויבערפלעך פון מעקסיקאָ, אָבער אין גאַנצען גענומען איז דער באָדען ניעדריגער. איינער פון די טיעפסטע ערטער איז דער טאָל צווישען די וועסטליכע בע־ג פון ניקאַראַגואַ און די בערג פון קאָסטאַ ריקאַ. אין דיזען טאָל ליעגט די גרויסע אָזערע ניקאַראַגואַ, וועלכע פליעסט אַריין אין דעם קאַריבבעאישען מעער דורך דעם טייך סאַן חואַן (San Juan). די בעפעלקערונגען פון צענטראַל אַמעריקאַ זיינען אויך פון דעם זעלביגען סאָרט וויא אין מעקסיקאָ. די פראָדוקטען זיינען די זעלביגע וויא אין די טראָפּישע טיילען פון מעקסיקאָ; קאַפע איז דער הויפט פראָדוקט און אַנדערע וויכטיגע פּראָדוקטען זיינען אינדיגאָ, גוממי און פערשיע־דענע מעדיצינען. די וועלדער פון צענטראַל אַמעריקאַ ליעפערן טייערע געהילצען צום בויען און פאַרב־האָלצען. די שטאָדט בעליז (Belize) אין בריטיש האָנדוראַס, דער איינציגער פּלאַץ מיט אַ גוּ־טען האַפען אויף דעם אַטלאַנטישען ברעג, איז אַ גרויסער אָרט פיר דעם עקספּאָרט פון מאַהאָגאַני־האָלץ. גואַטעמאַלאַ, די הויפּט־שטאָדט פון דער רעפּובליק גואַטעמאַלאַ, איז די גרעסטע שטאָדט אין צענטראַל אַמעריקאַ. די גרעסטע שטעדט אין די אַנדערע רעפּובליקען פון דיזער טעררימאָריע האָבען יעדערע פון 20,000 ביז 30,000 איינוואוינער.

פאָלגענדע זיינען אין קורצע שטריכען בעשרייבונגען פון די זעקס רעפּובליקען פון צענטראַל אַמעריקאַ:

גואַטעמאַלאַ ליעגט צו זיד־אָסט פון מעקסיקאָ; איהר שטח איז 46,800 קוו. מ. און זיא האָט 1,575,000 איינוואוינער. די הויפּט־שטאָדט איז גואַטעמאַלאַ (Guatemala) מיט 72,000 איינוואוינער. איהרע פראָדוקציאָנען זיינען קאָשעניל, קאַ־קאָאָ, קאַפע, אינדיגאָ.

סאַלוואַדאָר איז דיא קלענסטע רעפובליק פון צענטראַל אַמע־ריקאַ, אָבער זיא האָט דיא געדיכטעסטע בעפעלקערונג. זיא ליעגט צווישען גואַטעמאַלאַ, האָנדוראַס און ניקאַראַגואַ. איהר שטח איז 7,255 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג איז 1,007,000. דיא הויפט־שטאָדט איז סאַן סאַלוואַדאָר (San Salvador) מיט איבער 20,000 איינוואוינער. דער באָדען איז בערגיג און וואולקאַניש, אָבער פרוכטבאַר. דיא פראָדוקטען זיינען: רייז, צוקער־ראָהר, קאַפע, געטריידע.

האָנדוראַס ליעגט צווישען גואַטעמאַלאַ און ניקאַראַגואַ; איהר שטח איז 64,000 קוו. מ. און בעפעלקערונג 544,000. דיא הויפט־שטאָדט איז טעגוסיגאַלפּאַ (Tegucigalpa). דער באָדען איז בערגיג און גוט בעוואַסערט. דיא פראָדוקטען זיינען: קאַקאַאָ, קאַפע, באַוועל, אינדיגאָ, טאַבאַק און מאַהאָגאַני־האָלץ.

צו נאָרד־וועסט פון האָנדוראַס ביי'ם קאַריבבעאישען מעער איז דאָ אַן ענגלישע בעזיצונג, וועלכע ווערט אָנגערופען בריטיש האָנדוראַס (British Honduras). דיזע ענגלישע קאָ־לאָניע האָט אַ שטח פון 7,562 קוו. מי מיט אַ בעפעלקערונג פון אונגעפעהר 32,000. דיא הויפט־שטאָדט איז בעליז (Belize) מיט אונגעפעהר 5,000 איינוואוינער. דיא פראָדוקטען זיינען: בלוי־האָלץ, פריכט, צוקער און אַנדערע.

ניקאַראַגואַ האָט אַ שטח פון 40,000 קוו. מ. און איהר בע־פעלקערונג איז אונגעפעהר 430,000. דיא הויפט־שטאָדט איז מאַנאַגואַ (Managua). דער באָדען פון דיזער רעפובליק איז אַ בערגיגער. דיא פראָדוקטען זיינען: רייז, באַוועל, צוקער־ראָהר.

קאָסטאַ ריקאַ האָט אַ שטח פון 20,873 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג איז 323,000. דיא הויפט־שטאָדט איז סאַן חאָסע (San José).

פאַנאַמאַ איז דיא יונגסטע רעפובליק פון צענטראַל אַמעריקאַ; זיא האָט זיך געגרינדעט אין 1903 פון אַ טערריטאָריע, וואָס איז דורך אַן אויפשטאַנד אָפּגעריסען געוואָרען פון דער רעפובליק קאָ־לאָמביאַ (Colombia), וועלכע געהערט צו זיד אַמעריקאַ. אויף דיזער רעפובליק ליעגט עס דער קאַנאַל־גאַרטעל (Canal Zone), דיא געגענד, וואו עס ווערט געבויט דער פאַנאַמאַ קאַנאַל און וועל־כע איז אונטער דער קאָנטראָל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. דער שטח פון פאַנאַמאַ איז 54,412 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג איז 400,000. דיא הויפט־שטאָדט איז פ אַ נ אַ מ אַ (Panama).

וועסט אינדיען (West Indies) ווערט אָנגערופען דיא גרופע אינזלען, וועלכע ליעגט צווישען נאָרד און זיד אַמעריקאַ און זונדערט אָפּ דאָס קאַריבבעאישע מעער פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן און פון דעם בוזים פון מעקסיקאָ.

דיא וועסט־אינדישע אינזלען ווערען אײנגעטיילט אין צוויי גרופעס: דיא אַ נ ט י ל ל ע ן (Antilles) און דיא ב אַ ה אַ מ אַ ס (Bahamas). דיא אַנטיללען ווידער ווערען אײנגעטיילט אין דיא ג ר ו י ס ע אַ נ ט י ל ל ע ן (Greater Antilles) און ק ל י י נ ע אַ נ ט י ל ל ע ן (Lesser Antilles). דיא אַנטיללען ליעגען צו אָסט געגענאיבער מעקסיקאָ און צענטראַל אַמעריקאַ. דיא באַהאַמאַ־אינזלען ליעגען צו אָסט פון פלאָרידאַ.

אויסער דיא באַהאַמאַס, וועלכע זיינען פלאַכע קאָראַלל־אינז־לען, זיינען אַלע וועסט־אינדישע אינזלען בערגיג און האָבען צוריי־סענע, געדרעהטע, און משופע׳דיגע ברעגען און פיעלע בוכטען מיט זעהר גוטע האַפענס. דיא בערג און דיא הויכע טיילען פון דיא אינזלען אין אַלגעמיין זיינען בעדעקט מיט געדיכטע וועלדער, וועלכע ענטהאַלטען פיעלע פאַלמען און פאַרן־בוימער, אויך פיעלע בוימער, וועלכע ליעפערן טייערע געהילצען, וויא מאַהאָגאַני־

בוימער, עבענ־בוימער און אַנדערע. דער קלימאַט אין דיזע אינז־לען איז אין אַלגעמיין היים און זיי האָבען צווייא צייטען פון יאָהר: אַ טרוקענע און אַ נאַסע. דיא טרוקענע צייט איז דאָרטען אין אונ־זערע ווינטער־מאָנאַטען און דיא נאַסע, ווען ביי אונז איז זומער. אין מאָנאַט סעפּטעמבער קומען דאָרט אָפט פאָר אוראַגאַנען. דיא באַהאַמאַס האָבען אַ מילדערן, אַנגענעהמערן קלימאַט, וויא דיא אַנטיללען. דער גרעסטער רייכטהום פון דיא וועסט־אינדישע אינז־לען בעשטעהט אין פלאַנצען און זייער הויפּט אינדוסטריע זיינען פלאַנטאַציאָנען, פון וועלכע דיא וויכטיגסטע פּראָדוקטען זיינען צו־קער, קאַפע, באַוועל און טאַבאַק. מינעראַל־פּראָדוקציאָן איז דאָר־טען זעהר קליין. דער איינציגער וויכטיגער פּראָדוקט פון טיערע זיינען שוואַמען (גאָמקעס), וועלכע מען קריעגט אַרויס ביי דיא ברעגען פון דיא באַהאַמאַס.

דיא גאַנצע בעפעלקערונג פון וועסט־אינדיען שטאַמט פון איינגעוואַנדערטע פין אַנדערע לענדער — פון אייראָפּאַ, אַפריקאַ און אַזיען; אַ גרויסער טייל זיינען נעגערס אין מולאַטען, וועלכע שטאַמען פון דיא שוואַרצע שקלאַפען, וואָס זיינען דאָ אַריבערגע־בראַכט געוואָרען פון אַפריקאַ.

פון דיא גרויסע אַנטיללען זיינען דיא וויכטיגסטע: קובאַ (Cuba), האַאיטי (Haiti) און פּאָרטאָ ריקאָ (Porto Rico). מיט דער אויסנאַהמע פון קובאַ און האאיטי זיינען אַלע וועסט־אינדישע אינזלען בעזיצונגען פון פרעמדע לענדער. דער גרעסטער טייל געהערט צו ענגלאַנד; פּאָרטאָ ריקאָ געהערט צו דיא פעראייניגטע שטאַאַטען (זעה ז. 112); דאָס איבריגע איז פערטיילט צווישען פראַנקרייך, האָללאַנד און דענעמאַרק.

צו ענגלאַנד געהערען: 1) דזשאַמעיקאַ (Jamaica), צו זיד פון קובאַ; זיא פּראָדוצירט צוקער, קאַפע און פימענטאָ

(אזא פעפער); היפט פארט קינגזטאָן (Kingston). 2) דיא באהאמאס (Bahamas). 3) דיא ליווארד איילאנדז (Leeward Islands) צווישען פּאָרטאָ ריקאָ און האאיטי. 4) דיא ווינדוואָרד איילאנדז (Windward Islands). 5) דיא בארבאדאָס (Barbados). 6) טרינידאד (Trinidad) און טאָבאגאָ (Tobago). דער וועסטליכער טייל פון טריני־דאד האָט א רייכען באָדען, וועלכער פּראָדוצירט צוקער און קאַקאַאָ. דיזע אינזעל צייכענט זיך אוים מיט דעם, דאָס זיא האָט אַן אָזערע פון אספאלט.

צו פראנקרייך געהערען: גאדעלופּ (Guadeloupe), מארטיניק (Martinique) און אייניגע קלענערע אינזלען.

צו האָללאנד געהערען: קוראסאאָ (Curaçao), ארובא (Aruba), באָנעיר (Bonair) אָדער בוען איירע (Buen Aire) און נאָך אייניגע קלענערע אינזלען.

צו דענעמארק געהערען: סאנטא קרוץ (Santa Cruz), סעינט טהאָמאס (St. Thomas) און א פּאָאר אַנדערע אינזלען.

קובא האָט ביז 1898 געהערט צו שפּאַניען; זייט דאַן איז זיא א רעפּובליק. זיא ליעגט צווישען דעם אטלאנטישען אָקעאַן און דעם קאַרריבבעאישען מעער ביי'ם אַריינגאַנג פון דעם בוזים פון מעקסיקאָ, זעהר נאָהענט פון דיא פערייניגטע שטאַאטען; איהר נאָרדליכער ברעג איז בלויז פינף שטונדן רייזע פון קי וועסט, פלאָרידא. דער שטח פון דיזער אינזעל 41,655 קוו. מ. אין איהר בעפעלקערונג איז אין 1890 געוועזען 1.631.687. דער באָדען איז פרוכטבאַר אין דער קלימאַט איז א וואַרימער און געזונטער. דיא מעה־סטע רעגענס געהען אין מאי, יוני און יולי, וועלכע זיינען דיא הייסעסטע מאָנאַטען; שנעע פאַלט דאָרטען קיינמאָל ניט. דיא

גרעסטע פּראָדוקטען זיינען טאַבאַק, באַוועל, צוקער, קאַפע און פרוכטען און עס זיינען דאָ פיעלע טייערע האָלצען. די אינזעל איז רייך אין פערשיעדענע שעהנע פויגלאַך און די וואַסערן ביי איהרע ברעגען זיינען פול מיט פערשיעדענע סאָרטען פיש. די מאַנופאַקטורען זיינען גראָבע וואָל־צייג, שטרויענע היט, ציגאַרען און נאָך אַנדערע אַרטיקלען. די אַרטיקלען פון עקספּאָרט זיינען: צוקער, קאַפע, סיראָפּ, האָניג, וואַקס, ספּירט, טאַבאַק, ציגאַרען, קופּער־רודעס (רויהעס קופּער), האַרטע האָלצען א. ז. וו. די איינוואוינער זיינען טיילס קינדער פון שפּאַניער און טיילס שוואַרצע און מולאַטען, וועלכע שטאַמען פון שקלאַפען, וואָס זיינען דאָ אַריבערגעבראַכט געוואָרען. די וויכטיגסטע שטעדט זיינען: ה אַ וו אַ נ אַ (Havana), די הויפּט־שטאָדט, מיט 262,500 איינוואוינער, אַ מיטעלפּונקט פיר די פּראָדוקציאָן פון טאַבאַק, ציגאַרען (האַוואַנער ציגאַרען האָבען אַ שם), ראָם און קאַפע; ס יע נ פ ו ע ג אָ ס (Cienfuegos), אַ פּאָרט־שטאָדט אויף דעם זידליכען ברעג פון קובאַ מיט 59,000 איינוואוינער; ס אַ נ ט י אַ ג אָ ד ע ק ו ב אַ (Santiago de Cuba), אַ שעהנע פּאָרט־שטאָדט אופ'ן זידליכען ברעג מיט 46,000 איינוואוינער.

די אינזעל האַיטי ליעגט צווישען קובאַ און פּאָרטאָ ריקאָ. זיא איז אויך אַ זעלבסטשטענדיגע טעררימאָריע; אויף איהר געפינען זיך צוויי רעפּובליקען: ה אַ א י ט י (Haiti) און ס אַ ן ד אָ מ י נ ג אָ (San Domingo).

די רעפּובליק האַאיטי פערנעהמט דעם וועסטליכען טייל פון דער אינזעל האַיטי. איהר שטח איז 10,204 קוו. מ. און זיא האָט 1,124,000 איינוואוינער, פון וועלכע אונגעפעהר ניין צעהנטעל זיינען שוואַרצע. דער העכסטער בעאַמטער פון דיזער רעפּובליק איז אַ פּרעזידענט, וועלכער ווערט געוועהלט אויף 7 יאָהר, און די

געזעצגעבענדע מאכט געהערט צו א פארלאמענט, וועלכער בע־שטעהט פון א סענאט און א פעהטרעטער־הויז. דיא הערשענדע שפראך איז פראנצויזיש און דיא רעליגיאן איז דיא קאטוילישע. דער וויכטיגסטער עקספארט פון האאיטי איז קאפע. דיא הויפט־שטאדט איז פארט־א־פרינס (Port-au-Prince), אויף דעם זידליכען ברעג, מיט א בעפעלקערונג פון אונגעפעהר 60,000. האאיטי איז ביז 1804 געוועזן א בעזיצונג פון פראנקרייך.

דיא רעפובליק סאן דאמינגא פערנעהמט דעם אסטליכען און גרעסטען טייל פון דער אינזעל האאיטי. איהר שטח איז 18,045 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג איז לויט אן אפשאצונג פון 1888 געוועזן 610,000. דער גרעסטער טייל פון דיא איינוואוינער זיינען פון געמישטע געבורטען פון שפאניער, אינדיאנער און נעגערס. ווייסע זיינען דא פערהעלטניסמעסיג וועניג. שפאניש איז דיא אל־געמיינע שפראך; אין דיא שטעדט ביי דיא ברעגען ווערען אויך גערעדט ענגליש און פראנצויזיש. דיא הערשענדע רעליגיאן איז דיא קאטוילישע, אבער אנדערע רעליגיאנען ווערען דא אויך גע־דולדעט. אגריקולטור, פיה־צוכט און געהילץ זיינען כמעט דיא איינ־ציגע אינדוסטריען. דיא הויפט עקספארטען זיינען צוקער, קאפע, טאבאק, פעל און האלצען. דיזע רעפובליק האט זיך געגרינ־דעט אין 1814 נאך א רעוואלוציאן, דורך וועלכע זיא האט זיך אפגעטיילט פון האאיטי. פון 1862 ביז 1865 איז זיא געוועזן אין בעזיץ פון שפאניען; זייט דאן איז זיא געבליעבען זעלבסטשטענ־דיג. זיא ווערט רעגירט פון א פרעזידענט, וועלכער ווערט גע־וועהלט אויף פיער יאהר, און א קאנגרעס פון 22 מיטגליעדער. דיא הויפט־שטאדט איז סאנטא דאמינגא (Santo Domingo) בעפעלקערונג 25,000.

## 11. קאפיטעל.

## זיד אַמעריקאַ און איהרע מדינות.

לאגע, פאָרם און שטח פון זיד אמעריקא.— פאָרם פון איהר אויבערפלעך.— קלימאט, פלאנצען און טיערע. — בעפעלקערונג. — מדינות. — װענעצועלא. — קאָלומביא. — עקואדאָר. — פערו. — באָליוויא. — טשילע. — אורוגואי. — פאראגואי. — ארגענטינא. — בראזיליען. — גואיאנא.

---

זיד אַמעריקאַ איז דער זידליכער טייל פון דעם אמעריקאַ־נישען קאָנטינענט צווישען 12° נאָרדליכע — 53° זידליכע ברייט און 36° — 81° װעסטליכע לענגע. זיא ליעגט צווישען דעם זידלי־כען טייל פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן און דעם פּאַסיפיק און איז פעראייניגט מיט דעם נאָרדליכען טייל פון דעם קאָנטינענט דורך דעם שמאָלען שטריך לאַנד, װעלכער װערט אָנגערופען דער איסט־מוס פון פּאַנאַמאַ. זיא האָט אַ דריי־קאַנטיגע פאָרם (פאָרם פון אַ „גאָמעלקע") און ליעגט אַזוי, דאָס זיא קומט אוים צו נאָרד מיט אַ ברייטער זייט און צו זיד מיט אַ שפיציגען װינקעל. דער זידליכער שפּיץ ענדיגט זיך מיט דעם ארכיפעלאַג (אינזעל־גרופּע) פייערלאַנד אָדער טיערראַ דעל פועגאָ (Tierra del Fuego). דער שטח פון זיד אַמעריקאַ איז אינגעפעהר 6,637,000 קוו. מ.

איבער דער גאַנצער לענג פין זיד אַמעריקאַ גלייך מיט דעם װעסטליכען ברעג ציהט זיך אַ רייהע פון בערג, װעלכע װערען אָנגע־רופען דיא אַנדען (Andes) אָדער קאָרדיללערען (Cordilleras). דיזע אנדען אָדער קאָרדיללערען זיינען דיא גרעסטע בערג־קייט אין

דער וועלט. דער זי־ליכער טייל פון דיזער קייט בעשטעהט פון אַן איינצעלנער רייהע; צו נאָרד צווייגען זיך דיא בערג פערנאַנדער און שליסען איין אַ טאַפעל־לאַנד, וועלכעס איז פון 11,000 ביז 16,000 פוס הויך און ביי 400 מייל ברייט. דיא בערג־רייהעס קומען ווידער צוזאַמען אין דיא געגענדען פון דעם עקוואַטאָר; עטוואָס צו נאָרד פון דעם עקוואַטאָר צוטיילט זיך דיא גרופע בערג אין דריי צווייגען, וועלכע שליעסען איין הויכע טאָלען. דיזע טאָלען לאָזען זיך ביסלאַכ־וויז אַראָפּ משופּע צו נאָרד, וואו זיי ענטהאַלטען צוויי טייכען, מאַגדאַלענאַ (Magdalena) און קאַוקאַ (Cauca), וועלכע פעראייניגען זיך ווייטער צו נאָרד און פאַלען אריין אין דאָס קאַריבּבעאישע מעער. דער גרעסטער טייל פון דיא אַנדען איז שטאַרק וואולקאַניש און דער גאַנצער ברעג, וואו זיי געפינען זיך, איז אויסגעזעצט צו ערד־ציטערניסען. דער העכסטער באַרג פון דיזער רייהע איז אַקאָנקאַגואַ (Aconcagua) אונגעפעהר ביי 32° זידליכע ברייט, וועלכער איז 23,910 פוס הויך. צו דיא אַנדען געהערט דער באַרג טשימבאָראַזאָ (Chimborazo), וועלכען דער בעריהמטער רייזענדער פאָרשער אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט האָט כמעט אין גאַנצען בעשטיעגען אין 1802. דער באַרג ליעגט ביי 1° 30′ זידליכע ברייט (1½ גראַד פון דעם עקוואַטאָר) און איז 20,498 פוס הויך.

גלייך מיט דעם נאָרדליכען ברעג געהט אַ קורצע רייהע פון בערג, וועלכע טראָגען דעם נאָמען סיערראַ נעוואַדאַ (Sierra Nevada), דאָס הייסט דיא „קייט פון שנעע־בערג“, וויילמעהרערע פון זיי זיינען ביי דיא שפּיצען בעדעקט מיט אַן אייביגען שנעע. דיזע איז דיא איינציגע רייהע פון בערג אין זיד אַמעריקאַ, וועלכע געהערען ניט צו דיא אַנדען. אין נאָרד־אָסט און אָסט ליעגען צוויי טאַפעל־לענדער; דאָס ערסטע טאַפעל־לאַנד ענטהאַלט

דיא הויכלענדער פון גואיאַנאַ און פון דעם אָסטליכען טייל פון וועי־נעצועלאַ; דאָס צווייטע ענטהאַלט דיא הויכלענדער פון בראַזיליען. צווישען דיזע הוכלענדער און דיא אַנדערן ציהען זיך דיא גרויסע פלאַכלענדער פון זיד אַמעריקאַ, וועלכע ענטהאַלטען דיא דריי גרויסע טייכען אָרינאָקאָ (Orinoco), אַמאַזאָן (Amazon) און פּאַראַגואַי (Paraguay). דיזע טייכען זיינען אַלע זעהר גוט פיר דעם פערקעהר פון שיפען. אויף דעם אָרינאָקאַ קענען שיפען געהן אויף אַ שטרעקע פון אונגעפעהר 1,000 מייל; דער פּאַראַגואַי און דער ביי־טייך פּאַראַנאַ זיינען גוט פיר דעם פער־קעהר פון שיפען ביז אין דעם אינערן טייל פון בראַזיליען; דער אַמאַזאָן איז גוט פיר דעם פערקעהר פון שיפען פיר 2,600 מייל כסדר, אָהן אונטערברעכונג, און אויף איהם צוזאַמען מיט זיינע ביי־טייכען קענען שיפען פערקעהרען אויף אַ שטרעקע פון 6,000 מייל.

דער קלימאַט פון זיד אַמעריקאַ איז פערשיעדען לויט דער פאָרם פון אויבערפלעך און לויט דער לאַגע פון דיא ערטער אין בעציהונג צו דיא בערג. דיא אַנדען האָבען אַ גרויסע ווירקונג אויף דיא קלימאַטישע בעדינגונגען פון זיד אַמעריקאַ. אויףביידע זייטען פון דיזער בערג־קייט, אויסער ווייט צו נאָרד, איז דאָ אַ גרויסער קאָנטראַסט אין רעגען און געוועקס. אין דעם נאָרדלי־כען טייל זיינען ביידע זייטען רייך אין רעגען און אין טראָפּישע פלאַנצען; דיא אָסטליכע פלאַכלענדער פון דיזער געגענד, וועלכע בילדען דיא ליאַנאָס (llanos) פון דעם אונטערן טייל פון אָרינאָקאָ, ווערען אין דער רעגען־צייט פערפלייצט און אין דער טרוקענער צייט פון יאָהר ערשיינען זיי גרויסע שטרעקעס־וויז בעוואַקסען הויפּטזעכליך מיט גראָז און עטוואָס מיט ביימער. אין דעם טייל פון זיד אַמעריקאַ צווישען $4^0$ און $30^0$ זידליכע ברייט איז אַ גרויסער

אונטערשיעד צווישען דיא קלימאַטען אויף דער אָסטליכער זייט פון דיא אַנדען און אויף דער וועסטליכער זייט פון דיזער רייהע בערג. דיא אָסטליכע ווינטען, וועלכע בלאָזען פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן דעם גרעסטען טייל פון יאָהר פערפלייצען דיא אָסטליכע זייטען פון דיא אַנדען מיט רעגען און בעדעקען זיי מיט געדיכטע וועלדער. געדיכטע טראָפּישע וועלדער אָדער סעלוואַס בעדעקען אויך דעם טאָל פון דעם טייך אַמאַזאָן, נאָר צו זיד פון דעם אַמאַזאָן נעהמען צו דיא בערג פון דעם בראַזילישען ברעג פיעל פייכטקייט פון דיא אַטלאַנטישע ווינטען, און דיא הויכלענדער און פלאַכלענדער. וועלכע ליעגען צווישען דיזע בערג און דיא אַנדען, האָבען ווינציג רעגען. אויף דער וועסטליכער זייט פון דיא אַנדען, צווישען דיא בעצייכענטע גראַדען, פאַלט קיין רעגען ניט אויסער אויף דיא סאַמע הויכע טיילען פון דיא בערג-זייטען, און פייכטקייט בעווייזט זיך אויף דעם ניעדריגען באָדען נאָר אין דער פאָרם פון נעבעל (טומאַן). דיזע אונטערשיעדען אין פייכטקייט אויףביידע זייטען פון דיא אַנדען שפּיעלען נאַטירליך אויך אַ גרויסע ראָלע אין דער פערטיילונג פון פלאַנצען.

אין טיערע איז זיד אַמעריקאַ זעהר רייך און זיא האָט פיעלע מינים חיות, וועלכע געפינען זיך ניט אין קיין אַנדערן וועלט-טייל. דאָ געפינען זיך זעהר פיעלע סאָרטען אַפען, וועלכע לעבען שטענדיג אויף בוימער, בלוט-זויגענדע פלעדער מייז, פויל-טיערע, אַרמאַדיללאָס, ליאַמאַס, אַלפּאַקאַס (קעמעל-ציעגען), פּאַפּוגאַיעס, קאָליבּרים און נאָך אַנדערע סאָרטען פויגלאַך. (וועגען דיא חיות פון זיד אַמעריקאַ זעה ערסטען באנד ז. 243.)

דיא בעפעלקערונג פון זיד אַמעריקאַ איז אין פערהעלטניס צו איהר שטח זעהר קליין. לויט דער נייעסטער שאַצונג איז דיא צאָהל פון מענשען דאָרטען אונגעפעהר 45,000,000. אונגעפעהר

פיער צעהנטלאַך פון דיזער בעפעלקערונג זיינען אינדיאַנער, צוויי צעהנטלאַך פון דער ווייסער ראַסע, איין צעהנטעל נעגערס (איבער־הויפט אין בראַזיליען) און דיא איבריגע זיינען פון געמישטע געבור־טען. דיא ווייסע בעפעלקערונג אין בראַזיליען שטאַמט פון פּאָרטוּ־געזען; אין אַנדערע ערטער, אויסער אין גואיאַנאַ, איז דיא ווייסע בעפעלקערונג פון שפּאַנישער אָפּשטאַמונג.

וועגען דעם הייסען קלימאַט, וועלכער האָט אַן אָפּשוואַכענדע ווירקינג אויף דעם מענשען, איז זיד אַמעריקאַ הינטערשטעליג אין ענטוויקלונג. אָבוואָהל דיזער טייל פון אַמעריקאַ איז שוין אַזוי לאַנג אין די הענט פון אייראָפּעער זיינען נאָך דאָרטען דאָ זעהר וועניג שאָסע־וועגען. אין אייזען־באַהנען איז יע געמאַכט געוואָרען עטוואָס פאָרטשריט און ביי יעצטיגער צייט איז דאָרטען דאָ 34,911 מיילען אייזען־באַהן. אין פּערו זיינען דאָ צוויי אייזען־באַהנען, וועל־כע זיינען דיא מערקווירדיגסטע אין דער וועלט; מען רופט זיי דיא „וואָלקען־באַהנען", ווייל זיי שטייגען אַרויף זעהר הויך אויף דיא טאַפעל־לענדער צווישען דיא אַנדען. איינע פון דיזע, וועלכע געהט פון לימאַ ביז אַראָיאַ, שטייגט ביז אַ הויך פון 15,600 פוס.

דיא מדינות פון זיד אַמעריקאַ זיינען: ווענעצועלאַ (Venezuela), קאָלאָמביאַ (Colombia), עקואַדאָר (Ecuador), פּערו (Peru), באָליוויאַ (Bolivia), טשילע (Chile), אורוגואַי (Uruguay), פּאַראַגואַי (Paraguay), אַרגענטינאַ (Argentina), בראַזיליען (Brazil). דיא אייראָפּעאישע קאָלאָניע גואיאַנאַ (Guiana).

ווענעצועלאַ איז אַ רעפּובליק פון 9 פעראייניגטע פּראָווינצען (פעראייניגטע שטאַאַטען פון ווענעצועלאַ) אין דעם באַסיין פון אָרינאָקאָ, אין דעם נאָרדליכען טייל פון דעם קאָנטינענט. איהר שטח איז 597,960 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג איז 2,591,000, פון

וועלכער דיא מעהרכטע געפינען זיך אויף אַ קליינעם שטח אין דעם נאָרד-וועסטליכען טייל. דיא איינוואוינער שטאַמען פון שפּאַניער, אינדיאַנער און נעגערס. דער הויפּט פּראָדוקט פון לאַנד איז קאַפּע; אויסער דיזען אַרטיקעל ווערען פּראָדוצירט קאַקאַאָ, באַוועל טאַבאַק, צוקער און אַנדערע טראָפּישע געוועקס. גאָלד און קופּער זיינען דאָ אין בעדייטענדע מאַסען. אויף דיא ליאַנאָס (פּרייריעס) פון דעם אָרינאָקאָ ווערען ערצויגען פיה און פערד. דיא הויפּט-שטאָדט איז קאַראַקאַס (Caracas), 72,500 איינוואוינער. לאַגואַיראַ (La Guayra) און פּאָרטאָ קאַבעללאָ (Porto Cabello) זיינען וויכטיגע האַפען-שטעדט.

קאָלאָמביאַ איז אַ פעדעראַלע רעפּיבליק (פון פעראייניגטע שטאַאַטען) אין דעם נאָרד וועסטליכען טייל פון זיד אַמעריקאַ. איהר שטח איז 504,773 און איהר בעפעלקערונג, 3 917,000. דיא מעהרכטע איינוואוינער געפינען זיך אין דיא העכערע טיילען פון דיא טאָלען פון דיא טייכען קאַוקאַ (Cauca) און מאַגדאַלענאַ (Magdalena), וואו עס ווערט פּראָדוצירט דיא געטריידע פון מעסיגע געגענדען, ווייל דער קלימאַט אויף דיזע העכערע ערטער איז אַ מעסיגער. אין 1904 האָט דער שטאַאַט פּאַנאַמאַ, וועלכער איז געוועזען אַ טייל פון קאָלאָמביאַ, זיך אָפּגעריסען פון איהר און איז געוואָרען אַ בעזונדער רעפּובליק. קאָלאָמביאַ איז רייך אין מינעראַלען, אין גאָלד און טייערע שטיינער זיינען צווישען דיא הויפּט עקספּאָרטען. אַנדערע עקספּאָרטען זיינען כינין-קאָרע, קאַפּע, קאַקאַאָ א. ז. וו. דיא הויפּט-שטאָדט איז באָגאָטאַ (Bogota), מיט 120,000 איינוואוינער; זיא ליעגט 8,000 פוס איבער'ן מעער און האָט זעהר אַ געזונטען קלימאַט, אָבוואָהל זיא געפינט זיך וועניגער אַלס 5 גראַד פון דעם עקוואַטאָר; אין דער געגענד פון דיזער שטאָדט קומען פאָר אָפטע ערד-ציטערניסען.

עקואַדאָר, א רעפובליק, וועלכע ליעגט צווישען קאָלאָמ־ביא צו נאָרד און פערו צו זיד. איהר נאָמען בעדייט אין שפּאַניש „עקוואַטאָר" און זיא ווערט אַזוי אָנגערופען, וויל איהר הויפּט־שטאָדט קיטאָ (Quito) געפינט זיך כמעט אויף דעם עקוואַטאָר. זיא האָט אַ שטח פון 275,964 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג איז 1,272,000. קיטאָ, דיא הויפט־שטאָדט, מיט 80,000 איינוואוי־נער, געפינט זיך אויף אַ חויכקייט פון 9,000 ביז 10,000 פוס און איהר טעמפעראַטור איז דעם גאַנצען יאָהר וויא אין אונזערע גע־גענדען אין מאַי. דער איינציגער פּאָרט איז גואַיאַקיל (Guayaquil), 51,000 איינוואוינער, פון וועלכען עס ווערט עקס־פּאָרטירט קאַקאַאָ. צו עקואַדאָר געהערען דיא גאַלפּאַגאָס (Galpagos), אַ גרופּע אינזלען, וועלכע ליעגען אויף דעם עקוואַ־טאָר, איינגעפעהר 700 מייל צו וועסט פון דיזער רעפּובליק.

פערו איז אַ רעפובליק, וועלכע ליעגט צו זיד פון עקוא־דאָר, מיט אַ שטח פון 463,747 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 4,560,000 איינוואוינער, פון וועלכע וועניגסטענס אַ העלפט זיינען ריינע אינדיאַנער. זיא בעשטעהט פון דריי נאַטירליבע אַפּטיילונגען, וועלכע זיינען: 1) דער ברעג־שטריך, ד. ה. דער שטריך ביים ברעג פון פּאַסיפיק, וועלכער איז פרוכטלאָז און ווערט נאָר ערטערווייז בעוועסערט דורך טייכען פון דיא אַנדען; אויף דיא ברעגען פון דיזע טייכען זיינען דאָ צוקער־פּלאַנטאַציאָנען, וואָס ווערען בעאַרבייט פון כינעזער; 2) דיא סיערראַ, אָדער דיא טאָלען און טאַפעל־לענדער פון דיא אַנדען; אויף איינעם פון דיא העכ־סטע טאַפעל־לענדער ליעגט דיא אָזערע טיטיקאַקאַ (Titicaca), דיא גרעסטע אין זיד אַמעריקאַ, אויף אַ הויך פון 12,600 פוס איבער'ן מעער; 3) דיא מאָנטאַניאַ, דיא געגענד אויף דיא אָסטליכע זייטען פון דיא אַנדען, וואו עס פאַנגען אָן צו

שטראָמען די װאַסערן פֿון דעם טייך אַמאַזאָן; דיזע געגענד איז בעדעקט מיט געדיכטע װעלדער, פֿון װעלכע דער טייער־סטער פּראָדוקט איז כינין־קאָרע. אין דיזער מדינה זיינען דאָ טייערע זילבער־מינעס און אָפּלאַגערונגען פֿון גואַנאָ (guano) [פֿויגעלס־קויט] און נאַטראָן־סעליטרע, װעלכע װערען בענוצט אַלס מיסטיגונג. דער גואַנאָ און די נאַטראָן־סאַליטרע געפֿינען זיך אויף דעם ברעג־שטריך, װאו די טרוקענקייט פֿון דעם קלימאַט האָט עס געמאַכט מעגליך, אַז זיי זאָלען זיך דאָרטען אָנלאַגערן. די זילבער־מינעס געהערען צו די אַנדען. די װיכטיגסטע שטעדט פֿון פּערו זיינען: ליטאַ (Lima), די הויפּט־שטאָדט, מיט 113,000 איינװאוינער; קאַללאַאָ (Callao), אַ פּאָרט אויף דעם פּאַסיפֿיק, 48,200 איינװאוינער; סערראָ דע פּאַסקאָ (Cerro de Pasco), ביי װעלכער עס געפֿינט זיך די װיכטיגסטע זילבער־מינע; זיא איז די העכסטע שטאָדט אין דער װעלט — איבער 14,000 פֿוס איבער דעם מעער.

באָליװיאַ איז אַ רעפּובליק, װעלכע ליעגט צו אָסט פֿון פּערו, מיט אַ שטח פֿון 771,514 קװ. מ. און אַ בעפֿעלקערונג פֿון 1,734,000. איהר יעצטיגען נאָמען האָט באָליװיאַ געקריעגען נאָך דעם בעריהמטען רעװאָלוציאָנער באָליװאַר (Bolivar), װאָס האָט אָנגעפֿיהרט די בעװעגונג, דורך װעלכע די שפּאַנישע מדינות אין זיד אַמעריקאַ האָבען אַראָפּגעװאָרפֿען דעם יאָך פֿון שפּאַניען. דער באָדען פֿון דיזער רעפּובליק איז בערגיג, װעניג פּרוכטבאַר, אָבער ער איז רייך אין מינעראַלען: גאָלד, זילבער, און קופּער. די װיכטיגסטע שטעדט פֿון באָליװיאַ זיינען: — לאַ פּאַץ (La Paz), די הויפּט־שטאָדט פֿון באָליװיאַ און פֿון דער פּראָװינץ לאַ פּאַץ, אונגעפֿעהר 65,000 איינװאוינער; סוקרע (Sucre), אַ צװייטע הויפּט־שטאָדט, מיט 24,000 איינװאוינער; פּאָטאָסי

(Potosi), וועלכע איז אַ מיטעל־פונקט פון זילבער־מינעס. מיט 25,000 איינוואוינער.

טשילע איז אַ רעפּובליק, וועלכע פערנעהמט דעם גאַנצען שטריך ביי דעם פּאַסיפישען ברעג צו זיד פון פערו צוזאַמען מיט דיא אינזלען, וואָס ליעגען ביי דיזען ברעג, אויך אַ טייל פון פייערלאַנד (טיעררא דעל פועגאָ); איהר שטח איז אונגעפעהר 250,000 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג, 3,175,000. דער נאָרדליכער טייל פון דעם לאַנד איז אַ טייל פון דעם מדבר פון זיד אַמעריקא. דער מיטעלער טייל, אונגעפעהר צווישען 33° און 38° זידליכע ברייט, ענטהאלט דעם גרעסטען טייל פון דער בעפעלקערונג, וועלכע בעשטעהט פון ווייסע און שוואַרצע (ווייסע זיינען דאָ מעהר). דיא געוועקס־פּראָדוקטען זיינען ווייץ און פרוכטען, מעהרסטענס עפּעל, אָבער אויך אַפּעלסינען, ציטראָנען, פערסיקעס און אנדערע. דיא בערג ליעפערן מעטאַלען, איבערהויפּט קופּער. אין דעם מדבר פון דעם נאָרדליכען טייל זיינען דאָ לאַגערן פון גואַנאָ (פויגעלס־קויט) און נאַטראָן־סעליטרע, וועלכע זיינען אויסגעצייכענטע מיטלען פיר מיסטיגונג. אַלע דיזע פּראָדוקטען, אויסער פרוכטען, ווערען עקספּאָרטירט. טשילע עקספּאָרטירט אויך פעל און וואָל. דיא וויכטיגסטע שטעדט זיינען: סאַנטיאַגאָ (Santiago), דיא הויפּט־שטאָדט, מיט 332,000 איינוואוינער; וואַלפּאַראַאיסאָ (Valparaiso), אַ האַנדעל־פּאָרט, מיט 142,000 איינוואוינער.

אַרגענטינאַ אָדער דיא אַרגענטינישע רעפּובליק (Argentine Republic) פערנעהמט אַ שטח פון 1,168,682 קוו. מ. און האָט אַ בעפעלקערונג פון 5,191,000 איינוואוינער. איהר באָדען בעשטעהט פון אַ גרויסען פלאַכלאַנד, וועלכער געהט משופע אַרונטער ביז דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן פון דיא

וועסטליכע און נארד=וועסטליכע בערג. דיא בעפעלקערונג איז אם גרעסטען אין דיא פראווינצען, וועלכע ליעגען נאהענט פון דער מינדונג פון דעם טייך לא פלאטא (La Plata) און ביי דיא ברעגען פון דעם אונטערן טייל פון דעם טייך פאראנא (Parana).

דיא הויפט אינדוסטריען פון דער רעפובליק זיינען אגריקולטור און פיה=צוכט. עס זיינען דא 253,195,000 אקער לאנד, וועלכע טויגען גלייך פיר בעארבייטונג, און אן ערך 10,000,000 אקער, וועלכע האבען נויטיג קינסטליכע בעוואסערונג אום זיי צו קענען בעארבייטען. דיא הויפט אגריקולטור=פראדוקטען זיינען געטריידע, אלפאלפא, גארטענ=גרינס, וויינטרויבען, צוקער=ראהר, טאבאק, באיועל און ערד=נים. געטריידע וואקסט הויפטזעכליך אין דיא פראווינצען בוענאס איירעס (Buenos Ayres), סאנטא פע (Santa Fe), קארדאבא (Cordoba) און ענטרע ריאס (Entre Rios). פיה=צוכט איז דיא לעצטע יאהרען געווארען שטארק פערגרעסערט און עס ווערט יעצט עקספארטירט זעהר פיעל פלייש. אין דיא פאמפאס אדער פרייריעס לויפען ארום גרויסע סטאדס פיה און פערד, וועלכע ווערען פון רייטענדע פאסטוכער (גאוטשאס) געפאנגען מיט פעטליעס. גאלד, זילבער, בליי ווערען אין איניגע געגענדען געגראבען אין בעדייטענדע מאסען, און עס זיינען דא מעהרערע אנדערע מעטאלען און מינעראלען. דיא הויפט עקספארטען פון ארגענטינא זיינען: פעל, האאר, וואל, געפרוירענעס פלייש, חלב, פוטער, ווייץ, קוקירוזע, מעהל, קלייען, ליינ=זוימען, היי, טאבאק, צוקער און נאך אנדערע ארטיקלען.

דיא איינוואוינער פון ארגענטינא זיינען: געבירטיגע פון שפאנישער אפשטאמונג און פיעלע איינגעוואנדערטע פון איטאליען, שפאניען, פראנקרייך און אנדערע לענדער. איטאליענישע איינוואנדערער זיינען דא מעהרער, וויא פון איר געטנד וועלכער אנדערער

נאַציאָן. דיא לעצטע 25 יאָהר האָט דאָ אויך איינגעוואַנדערט א בעדייטענדע צאָהל אידען; זיי צעהלען דאָרט יעצט פון 60,000 ביז 70.000. א טייל פון דיא אידישע איינוואַנדערער האָבען זיך בעזעצט אין דיא קאָלאָניעס, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען פון דעם פערשטאָרבענעם באַראָן דע הירש.

דיא רעגיערונג פון אַרגענטינאַ איז אין פאָרם עהנליך צו דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. דאָס לאַנד איז איינגעטיילט אין פּראָווינצען, פון וועלכע יעדע פערוואַלטעט זיך בעזונדער פיר איהרע לאָקאַלע אינטערעסען. אַלע דיזע פּראָווינצען זיינען פעראייניגט אונטער איין הויפּט רעגיערונג. עס זיינען דאָ 14 פּראָווינצען און 9 טערריטאָריעס. דער העכסטער בעאַמטער פון לאַנד איז אַ פּרעזידענט און דיא געזעצגעבענדע מאַכט איז איבערגעגעבען צו אַ קאָנגרעס, וועלכער בעשטעהט פון 86 דעפּו־טאַטען און 30 סענאַטאָרען.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון אַרגענטינאַ זיינען: בועֶנאָס איירעס (Buenos Ayres), דיא הויפּט־שטאָדט פון דער רעפּוב־ליק, ביי דער מינדונג פון דעם טייך לאַ פּלאַטאַ, 612,000 איינ־וואוינער; לאַ פּלאַטאַ (La Plata), דיא הויפּט־שטאָדט פון דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס, אַ פּאָרט־שטאָדט אויף דעם סאַנ־טיאַגאָ, אַ ביי־פלוס פון דעם טייך לאַ פּלאַטאַ, אונגעפעהר 70,000 איינוו.; ראָסאַריאָ (Rosario), אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ פע, 124,000 איינוו.; קאָרדאָבאַ (Cordoba), הויפּט־שטאָדט פון דער פּראָווינץ קאָרדאָבאַ, 47,600 איינוו.; טוקומאַן (Tucuman), הויפּט־שטאָדט פון דער פּראָווינץ טוקומאַן, 25,000 איינוו.

צו אַרגענטינאַ געהערט אַ טייל פון דער אינזעל־גרופּע פייערלאַנד אָדער טיעררא דעל פועגאָ, וואו עס זיינען דאָ צוויי קליינע קאָלאָניעס, וועלכע זיינען געגרינדעט

געוואָרען פון ענגלענדער. דער שטח פון דיזער ארגענטינישער טערריטאָריע איז 8,817 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג אונגעפעהר 3,000. צו אָסט פון פייערלאַנד געפינט זיך אַן אינזעל־גרופע, פאלקלאנד איילאנדז (Falkland Islands), וועלכע געהערט צו ענגלאַנד. אויף דיזע אינזלען ווערען ערצויגען פיעל שאָף.

אורוגאַי איז אַ רעפובליק, וועלכע ליעגט צווישען בראַזיליען, דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן און דעם טייך אורוגואַי. זיא האָט אַ שטח פון 72,172 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 978,000 איינוואוינער. דער באָדען איז עטוואָס בערגיג און בעוועסערט פון פיעלע ביי־פלוסען פון דעם טייך לאַ פלאַטאַ און פון דעם טייך אורוגואַי. אויף דער אַטלאַנטישער זייט זיינען דאָ אונגעזונטע זומפּען. דיא הויפּט אינדוסטריען זיינען פיה־צוכט און דיא פּראָדוקציאָן פון טאַבאַק, צוקער־ראָהר, קאַפע, אָליווען־בוימער און וויינטרויבען. דער באָדען איז רייך אין גאָלד, זילבער, אייזען און קופּער, אָבער ער ווערט ניט פאָלקאָמען בעאַרבייט דיזע מעטאַלען אַרויסצוקריעגען אין גרויסע מאַסען. עס ווערען פון דאַנען עקספּאָרטירט נאָך אייראָפּאַ פליישען, פעל, וואָל, זייד א. ז. וו. אורוגואַי בעשטעהט פון 19 פּראָווינצען. דיא הויפּט־שטאָדט איז מאָנטעווידעאָ (Montevideo), אַ גוטער פּאָרט ביי דער מינדונג פון לאַ פלאַטאַ מיט 200,000 איינוואוינער.

פּאַראַגואַי איז אַ רעפובליק, וועלכע ליעגט צווישען בראַזיליען און אַרגענטינאַ, גרעסטענטיילס צווישען דיא טייכען פּאַראַנאַ און פּאַראַגואַי. זיא פערנעהמט אַ שטח פון אונגעפעהר 90,000 קוו. מ. און האָט אַ בעפעלקערונג פון 636,000 איינוואוינער, פון וועלכע פיעלע זיינען געבילדעטע אינדיאַנער. דאָס לאַנד איז אין אַלגעמיין ניעדריג און פלאַך, ערטערווייז זומפּיג, אָבער

פרוכטבאַר. זיא פיהרט אַ האַנדעל מיט טאַבאַק, פיגל און אַפּעל-
סינען. איהר הויפּט פּראָדוקט איז מ אַ ט ע (mate), אַ מין גראָז,
וועלכער ווערט בענוצט אין דיא זידליכע געגענדען פון זיד אַמע-
ריקאַ אָנשטאָט טעע אָדער קאַפע און ווערט אויך פּראָדוצירט אין
דיא נאָהענטע מדינות צו זיד פון פּאַראַגואַי. (דיזע פלאַנצע ווערט
אויך אָנגערופען פּ אַ ר אַ ג ו אַ י ע ר ט ע ע.) דיא הויפּט-שטאָדט
איז אַ ס ו נ ס י אָ ן (Asuncion), אויף דעם טייך פּאַראַגואַי, מיט
51 800 איינוואוינער.

ב ר אַ ז י ל י ע ן איז דיא גרעסטע מדינה פון זיד אַמעריקאַ;
זיא ליעגט צווישען 4° נאָרדליכע — 33° זידליכע ברייט און 35° —
72° וועסטליכע לענג און גרענעצט זיך מיט קאָלאָמביאַ, ווענע-
צועלאַ און גויאַנאַ צו נאָרד, מיט דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן צו
אָסט, מיט אורוגואַי צו זיד, מיט אַרגענטינאַ, פּאַראַגואַי, באָלי-
וויאַ, פּערו און עקוואַדאָר צו וועסט. זיא האָט אַ שטח פון
3,209,878 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 14,400,000 איינ-
וואוינער.

דער זידליכער טייל פון בראַזיליען איז בערגיג; דער מיטע-
לער טייל און טיילען צו נאָרד-אָסט און וועסט בילדען אַ גרויסעס
טאַפעל-לאַנד, מיט דיא ניעדריגע פלאַכלענדער פון דעם טייך
אַמאַזאָן צו נאָרד און דיא ניעדערלענדער פון דעם טייך פּאַראַגואַי
צו וועסט. צו נאָרד פון דיא פלאַכלענדער פון דעם טייך אַמאַזאָן
שליעסט בראַזיליען איין אַ טייל פון דעם טאַפעל-לאַנד פון גויאַנאַ.
דיא בערגיגע געגענד און אַ גרויסער טייל פון דעם ניעדערלאַנד
פון דעם אַמאַזאָן זיינען בעדעקט מיט וואַלד; דער איבריגער טייל
איז אין אַלגעמיין פרייעס, אָפענעס לאַנד. דיא הויפּט טייכען זיינען
דער אַ מ אַ ז אָ ן (Amazon) מיט זיינע ביי-פלוסען, דער טייך
פּ אַ ר אַ ג ו אַ י (Paraguay) און דער טייך ס אַ ן פ ר אַ נ ס י ס-

קאָ (São Francisco), וועהרענד דיא טייכען פאַראַנאַ (Parana) און אורוגאַי (Uruguay) געפינען זיך בײַ דיא גרענעצען.

דאָס לאַנד איז זעהר רייך אין אַגריקולטור־פּראָדוקטען און קאַפע, צוקער, באַוועל, פעל, טאַבאַק, גוממי און נאָך אַנדערע אַרטיקלען. דאָרטען ווערט פיעל פּראָדוצירט דיא פלאַנצע מאַניאָק (manioc), וועלכע ליעפערט טאַפּיאָקאַ (tapioca), דיא הויפּט נאַהרונג פיר גרויסע מאַסען פון דיא אַיינוואוינער. אַ העלפט פון דעם קאַפע, וואָס ווערט פּראָדוצירט אין דער וועלט, ווערט געליעפערט פון בראַזיליען.

בראַזיליען איז אַ רעפּובליק פון פעראייניגטע פּראָווינצען און ווערט אָנגערופען דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון בראַזיליען (United States of Brazil). זיא בעשטעהט פון 20 שטאַאטען און אַ דיסטריקט פון דעם אַלגעמיינעם בונד, וועלכער טראָגט דעם נאָמען ריאָ (Rio). דער העכסטער בעאַמטער פון לאַנד איז אַ פּרעזידענט און דיא מאַכט דורכצופיהרען געזעצע איז איבערגעגעבען צו אַ קאָנגרעס, וועלכער בעשטעהט פון אַ סענאַט פון 63 מיטגליעדער און אַ פערטרעטער־הויז פון 205 דעפּוטירטע. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא רוימיש־קאַטוילישע און דיא הערשענדע שפּראַך איז פּאָרטוגעזיש. דאָס לאַנד איז פריהער געוועזן אַ קאָלאָניע פון פּאָרטוגאַל און זיא איז געוועזן דיא רעזידענץ פון דער פּאָרטוגעזישער קעניגליכער פאַמיליע, וועלכע איז אויסגעוויעזען געוואָרען אין דער צייט פון נאַפּאָלעאָן. אין 1822 האָט זיך בראַזיליען ערקלערט פיר אַן אונאָפּהענגיגע מדינה און האָט אָנגענומען אַ מאָנאַרכישע פאָרם פון רעגיערונג, וועלכע האָט אָנגעהאַלטען ביז דער רעוואָלוציאָן פון 1889, ווען זיא האָט זיך ערקלערט אלס רעפּובליק.

דיא בעפעלקערונג אין בראַזיליען בעשטעהט פון ווייסע פון פאָרטוגעזישער אָפשטאַמונג, אינדיאַנער, נעגערס, געמישטע ראַסען, און קאָלאָניסטען פון דייטשלאַנד, איטאַליען און דער שווייץ; דיא נעגערס אין בראַזיליען, וויא אין אַלע אַנדערע מדינות פון אַמעריקאַ, שטאַמען פון אַפריקאַנער, וועלכע זיינען דאָ אַריבערגעבראַכט געוואָרען אַלס שקלאַפען. צו יעצטיגער צייט זיינען דיא נעגערס דאָרט פרייע מענשען. שקלאַפעריי איז אין דיזען לאַנד אָפגעשאַפט געוואָרען אין 1888.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין בראַזיליען זיינען: ר י אָ  ד ע  ז ש אַ נ ע י ר אָ (Rio de Janeiro), אויף אַ צווייג פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, מיט 700,000 איינוואוינער; זיא איז אַ גרויסע און שעהנע שטאָדט און איז דער מיטעלפונקט פון האַנדעל מיט קאַפע און גוממי; ב אַ ה י אַ (Bahia) אָדער ס אַ ן  ס אַ ל וו אַ ד אָ ר (San Salvador), אַ פאָרט ביי'ם אַטלאַנטישען אָקעאַן, 230,000 איינוו.; פ ע ר נ אַ מ ב ו ק אָ (Pernambuco) אָדער ר ע ס י פ ע (Recife), אַ פאָרט-שטאָדט אויך אויף דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, 120,000 איינוו.

ג ו א י אַ נ אַ איז אַ שטיק טערריטאָריע, וועלכע געהערט טיילס צו בראַזיליען און ווענעצועלאַ, טיילס צו ענגלאַנד, פראַנקרייך און האָללאַנד; זיא ליעגט ביי'ם אַטלאַנטישען אָקעאַן צו נאָרד צווישען ווענעצועלאַ און בראַזיליען.

ע נ ג ל י ש ע  ג ו א י אַ נ אַ (British Guiana) ליעגט צווישען ווענעצועלאַ און האָללענדישער גואיאַנאַ; זיא האָט אַ שטח פון 109,000 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 96,000 איינוואוינער; דיא הויפט-שטאָדט פון דיזער קאָלאָניע איז ד ז ש אָ ר ד ז ש-ט אַ ו ן (Georgetown) אָדער ד ע מ ע ר אַ ר אַ (Demerara), 53,000 איינוו.

ה אָ ל ל ע נ ד י ש ע   ג ו א י אַ נ אַ (Dutch Guiana) אָדער ס ו ר י נ אַ ם (Surinam) ליעגט צווישען ענגלישער און פראַנצויזי־שער גואיאַנאַ; איהר שטח איז 46,060 קוו. מ. און בעפעלקערונג 89,000. דיא הויפט־שטאָדט איז פ אַ ר אַ מ אַ ר י ב אָ (Paramaribo), אויף דעם טייך סורינאַם, 31,000 איינוו.

פ ר אַ נ צ ו י ז י ש ע   ג ו א י אַ נ אַ (French Guiana) האָט אַ שטח פון 46,850 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 33,000 איינוו. זיא ווערט בענוצט פון דער פראַנצויזישער רעגיערונג אַ ס שטראָפ־קאָלאָניע, ד. ה. צום פערשיקען פערברעכער אויף קאַטאָרזשנע אַרבייט. דיא הויפט־שטאָדט איז ק אַ י ע נ ן (Cayenne), אויף דער אינזעל קאַיענן, 12,500 איינוו.

דיזע דריי קאָלאָניעס פראָדוצירען צוקער, קאַפע, ראָם און סיראָפ; אַחוץ דעם פראָדוצירט קאַיענן געווירצען, סורינאַם באַ־וועל און ענגלישע גואיאַנאַ געהילץ. דיא אַרבייטער אין דיזע קאָ־לאָניעס זיינען נעגערס, מולאַטען און כינעזער.

---

## 12. קאפיטעל.

# דער וועלט־טייל איירָאָפּאַ.

איירָאָפּאַ פּאַרצייטען. — דער נאָמען „איירָאָפּאַ“. — איהר לאַגע און גרויס. — דיא ברעג־ליניע. — ימים, טייכען און אָזיערעס. — בערג, דיא אלפּען. — קלימאַט. — פלאַנצען און טיערע. — בעפעלקערונג. — איירָאָפּעאישע מדינות.

איירָאָפּאַ ליעגט אויף דער אָסטליכער האַלבער קוגעל און זיא בילדעט מיט אַזיען און אַפריקאַ דיא זאָ־גענאַנטע „אַלטע וועלט“. דיזער וועלט־טייל איז שוין געווען בעקאַנט אין זעהר אַלטע צייטען, אָבער ביז מיט אַ פּאָאָר טויזענד יאָהר צוריק איז דיא בעקאַנטשאַפט מיט איהם ניט געווען קיין פאָלקאָמענע. דיא פאַרצייטיגע מענשען האָבען פון איירָאָפּאַ בלויז געוואוסט דיא ברעגען פון מיטעללענדישען מעער, דיא זידליכע האַלב־אינזלען (דיא פירענעאישע, אַפּעננישע, באַלקאַנישע) און דיא ברעגען פון דעם שוואַרצען מעער. דער אינערער טייל פון שפּאַניען, גאַליען (דיא היינטיגע פראַנקרייך) און דיא לענדער, וועלכע ליעגען צו נאָרד פון דיא אַלפּען־בערג, זיינען צוערסט געעפענט געוואָרען דורך דיא רוימער. דיא סקאַנדינאַווישע לענדער און אַ גרויסער טייל פון היינטיגע רוסלאַנד און פוילען (סאַרמאַטיאַ) זיינען אין אַלטע צייטען געווען אין גאַנצען אונבעקאַנט. דער נאָמען „איירָאָפּאַ“ שטאַמט פון דעם סעמיטישען וואָרט ע ֶר ב, וועלכעס בעדייט אַבענד, זונען־אונטערגאַנג, ווייל אין געגענזאַץ צו אַזיען געפינט זיך איירָאָפּאַ אין דער זייט, וואו דיא זון געהט אונטער, ד. ה. צו וועסט. (אַזיען געפינט זיך צו אָסט, וואו דיא זון געהט אויף.)

איירָאפּאַ איז דיא קלענסטע אָפּטיילונג פון דער יבשה פון דער אָסטליכער האַלבער קוגעל. איהר לאַגע איז צווישען 71° 11′ —35° 59′ נאָרדליכע ברייט און 9° 31′ וועסטליכע — 60° אָסטליכע לענג, און גרענעצט זיך מיט דעם אַרקטישען אָקעאַן (נאָרדליכען אייז־מעער) צו נאָרד, דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן צו וועסט און דעם מאַרמאָראַ־מעער, שוואַרצען מעער און מיטעללענדישען מעער צו זיד. צו אָסט זיינען איהרע גרענעצען מיט אַזיען דיא קאַווקאַזישע בערג, דאָס קאַספּישע מעער, דער טייך אוראַל, דיא אוראַל־בערג און דער טאָל קאַראַ. איהר לענג אין דער ריכטונג פון זיד־וועסט און נאָרד־וועסט איז 3,400, איהר ברייט אָסט און זיד איז 2,400 מייל, און איהר שטח איז אונגעפעהר 3,750.000 קוו. מ., עטוואָס גרעסער וויא דער שטח פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען צוזאַמענ־גענומען מיט אַלאַסקאַ.

דיא ברעגען פון איירָאפּאַ האָבען זעהר פיעלע איינשניטען און איהר ברעג־ליניע איז בערך צו איהר שטח לענגער פון דער ברעג־ליניע פון אירגענד וועלכען אַנדערן וועלט־טייל. דיא איינ־שניטען זיינען ניט נאָר פיעל, נאָר זיי געהען אַזוי, דאָס זיי ביל־דען גרויסע אינלענדישע ימים און בוזמס, צווישען וועלכע דיא יבשה שטעקט אַרוים אין האַלבע אינזלען. דער אינערער טייל קומט אויף אַזאַ אַרט אוים נעהענטער צום ים און אין קיין אָרט איז דיא יבשה פון איירָאפּאַ קיין טויזענד מייל ניט ווייט פון ברעג. מיט איהרע האַפענס פיר דעם פערקעהר פון גרויסע שיפען פערנעהמט איירָאפּאַ צווישען דיא וועלט־טיילען דעם גרעסטען אָרט.

איירָאפּאַ האָט דריי גרויסע אינלענדישע ימים: דאָס באַל־טישע מעער (Baltic Sea), דאָס מיטעללענדישע מעער (Mediterranean Sea) און דאָס שוואַרצע מעער (Black Sea). זיי ווערען אָנגערופען אינלענדישע, ווייל זיי

פערבינדען זיך מיט דעם אָקעאַן אָדער מיט אַנדערע ימים נאָר דורך שמאָלע שטראַסען אָדער קאַנאַלען. דאָס באַלטישע מעער האָט פערבינדונג מיט׳ן ים דורך דיא שטראַס קאַטטעגאַט (Kattegat), צווישען דענעמאַרק און שוועדען, און דיא שטראַס סקאַגעררק (Skagerrak), אַ צווייג פון דעם דייטשען מעער (German Ocean) אָדער נאָרד-זעע (North Sea); דאָס מיטעללענדישע מעער פערבינדט זיך מיט דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן דורך דיא גיבראַלטאַר-שטראַס (Strait of Gibraltar); דאָס שוואַרצע מעער איז פערבונדען דורך דעם באָספאָרוס (Bosphorus) מיט דעם מאַרמאָרא-ים (Sea of Marmora), וועלכער איז דורך דיא דאַרדאַנעל-לען-שטראַס (Dardanelles) פערבונדען מיט דעם עגע-אישען מעער (Aegean Sea) און דעם מיטעללענדישען מעער.

לויט דער פאָרם פון זיין איבערפלעך קען דער אייראָפּעאישער קאָנטינענט איינגעטיילט ווערען אין דריי געגענדען: נאָרדליכע, זיד-ליכע און מיטלע. דער נאָרדליכער טייל, דיא האַלב-אינזעל סקאַנדינאַוויאַ (Scandinavian peninsula), איז אַ הויכלאַנד אָדער בערגיגע געגענד; דער גרעסטער טייל צו זיד, וועלכער גרייכט ביז מיטען דייטשלאַנד, איז אויך אויפגעהויבען און בערגיג. צווי-שען דיזע צוויי בערגיגע טיילען פון נאָרד און זיד ליעגט אַן אונ-געהייערעס פלאַכלאַנד, וועלכעס ציהט זיך פון דיא ברעגען פון דעם ענגלישען קאַנאַל און דעם דייטשען מעער (נאָרד-זעע) ביז אָסט אייראָפּאַ, און אין רוסלאַנד פון דיא ברעגען פון דעם אַרקטישען אָקעאַן (נאָרדליכען אייז-מעער) ביז דיא ברעגען פון דעם שוואַר-צען מעער.

דיא וויכטיגסטע גרופּעס פון בערג אין אייראָפּאַ זיינען דיא

אַלפּען (Alps), דיא פּירענעען (Pyrenees), דיא קאַרפּאַטהען (Carpathians) און דיא אוראַל־בערג (Ural Mountains).

וועגען איהר קלענערן שטח און וועגען דער פאָרם פון איהר אויבערפלעך, וויא אויך וועגען דער פאָרם פון איהרע איינשניטען, קען איירָאפּאַ ניט האָבען אַזעלכע גרויסע טייכען, וויא אַזיען, אַפריקאַ און אַמעריקאַ. דיא גרעסטע טייכען אין איירָאפּאַ זיינען דיא וואָלגאַ (Volga) און דער דונאַי (Danube) — דיא וואָלגאַ אין דעם איירָאפּעאישען פלאַכלאַנד און דער דונאַי אין דער פערטיעפונג צווישען דיא אַלפּען און דיא קאַרפּאַטהען.

דיא וויכטיגע אָזיערעס געהערען צו צוויי גרופּעס. איין גרופּע ליעגט אַרום דעם באַלטישען מעער און שליעסט איין גרויסע אָזיערעס אין רוסלאַנד, וויא דיא לאַדאָגאַ (Ladoga), דיא גרעסטע אין איירָאפּאַ, דיא אָנעגאַ (Onega) און דיא לעטטישע אָזיערע אָדער פּעאיפּוס (Lake Peipus); דיא אָזיערעס ווענער (Wener), וועטטער (Wetter) און מאָלאַר (Mälar) אין שווידען; און זעהר פיעלע קליינע אָזיערעס אין פינלאַנד און נאָרד־דייטשלאַנד. דיא צווייטע גרופּע ליעגט צו נאָרד און זיד פון דיא אַלפּען, הויפּטזעכליך אין דער שווייץ און אין איטאַליען.

דיא רייהעס בערג צו נאָרד פון דיא האַלב־אינזלען, וועלכע ליעגען אין דעם מיטעללענדישען מעער, האָבען אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם קלימאַט און דיא געוועקס פון דיזער געגענד, וועלכע איז דאַדורך פיעל אַנדערס וויא דיא איבריגע טיילען פון איירָאפּאַ. דיא בערג שיצען דיא זידליכע געגענד פון דיא קאַלטע ווינטען, וועלכע בלאָזען פון נאָרד אין נאָרד־אָסט און דיא טעמפּעראַטור איז דאָ דעריבער מילד און זעהר רעגעלמעסיג דעם גאַנצען יאָהר. דיא

ווירקונג פון דיא בערג אויף דעם קלימאַט זעהט מען זעהר דייט־ליך, ווען מען פערגלייכט דיא ערטער, וועלכע ווערען פון זיי גע־שיצט, מיט דיא ערטער, וועלכע ליעגען ווייטער צו אָסט, וואו זיי ענדיגען זיך. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, צום ביישפּיעל, וועלכע ליעגט אויסערהאַלב דיא בערג, איז דיא טעמפּעראַטור אין יאַנואַר מיט 10 גראַד ניעדריגער וויא אין נעאַפּעל, איטאַליען, וועלכע ליעגט כמעט ביי דעם זעלביגען ברייט־גראַד. דאָס מיטעללענדישע מעער ווירקט אויך פיעל צו מילדערן דיא טעמפּעראַטור פון דעם זידליכען טייל פון אייראָפּאַ.

דיא מיטעללענדישע געגענדען אונטערשיידען זיך אויך פון דיא אַנדערע געגענדען פון אייראָפּאַ אין דער פערטיילונג פון רע־גען. דיא זומערן זיינען דאָ דיא טריקענסטע צייט פון יאָהר און גאָר אַרונטער צו זיר האָבען דיזע געגענדען כמעט גאָר קיין רעגען ניט דעם גאַנצען יאָהר. צוליעב דיזער אורזאַך זיינען דיא טייכען אין דיזע געגענדען, איבערהויפּט אין דיא ווייטע זידליכע טיילען, אין זומער אָרים אין וואַסער, און פיעלע פון זיי טריקענען זומער אויס גאָר אין גאַנצען. דיזע טייכען טויגען ניט פיר דעם פערקעהר פון שיפען, נאָר זיי זיינען זעהר ניצליך פיר דיא בעוואַסערונג פון פעלדער.

דיא ווינציגקייט פון רעגען און דיא הויכע טעמפּעראַטור אין דיא זידליכע געגענדען פון אייראָפּאַ האָבען אַ גרויסע ווירקונג אויף דיא געוועקס און דיא בעשעפטיגונג פון דיא מענשען. ערטער פיר פאַשע, וואָס זאָלען זיין גוט פיר פיה־צוכט, זיינען דא ווינציג און ווייט אָפּגעלעגען איינער פון אַנדערן. מילכ־פּראָדוקציאָן, איבער־הויפּט פוטער, איז דאָ דעריבער זעהר קליין. אָנשטאָט פוטער ווערען דאָ בענוצט אָליווען, וועלכע וואַקסען אין דיא מיטעללענ־דישע געגענדען. אויסער אָליווען וואַקסען אויף דיא מיטעללענדישע

אינזלען דיא פרוכטען, וועלכע געהערען צו דיא ווארימע געגענדען, וויא אַפּעלסינען, ציטראָנען, פייגען, מילגרוימען, וויינטרויבען, מאַנדלען, און מאַנכע אַנדערע; דאָ וואַקסען אויך, אין ווילדען צושטאַנד, אַגאַווען און קאַקטוסען, וועלכע זיינען דאָ אריבערגעפּלאַנצט געוואָרען נאָך דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ.

צו נאָרד פון דער מיטעללענדישער געגענד איז דער קלימאַט קיהלער און ניט איבעראַל גלייך. צום וועסטליכען ברעג פון קאָנטינענט זיינען דיא זומערן קיהל, דיא ווינטערן מילד און רעגען פיעל. צו אָסט ווערען דיא ווינטערן קעלטער, דיא זומערן וואַרימער און דיא רעגענס אין אַלגעמיין ווינציגער. דיא וועסטליכע געגענדען פון נאָרד אייראָפּאַ זיינען ווינטער מילד צוליעב דער ווירקונג פון דעם וואַרימען גאָלף-שטראָם, וועלכער געהט דיזע געגענדען פאַרביי. (זעה ערסטען באַנד ז. 183 און 229—230.) דאָס ערקלערט וואָרום, צום ביישפּיעל, דיא ברעגען פון נאָרוועגען אַפּילו אין דעם אַרקטישען קרייז זיינען קיינמאָל ניט געפרוירען און טייכען אין זיד רוסלאַנד ווערען יעדען יאָהר אויף אַ געוויסע צייט פערפרוירען.

אייראָפּאַ איז זעהר גרויס אין פּראָדוקציאָן און זיא צייכענט זיך אויס מיט דער גרויסער מאַסע פון פאַבריצירטע וואַארע, וועלכע זיא גיט אַרויס און פערשיקט אין דיא אַנדערע וועלט-טיילען. איהר גרויסקייט אין מאַנופאַקטור האָט זיא צו פערדאַנקען דריי אורזאַכען: 1) ווייל דאָ זיינען צום ערסטען ערפונדען געוואָרען דיא מאַשינען, וועלכע ווערען בעניצט אין מאַנופאַקטור; 2) ווייל דער באָדען איז דאָ רייך אין קויהלען און אייזען אין געגענדען, וועלכע ליעגען נאָהענט פון ים, וואָס דאָס איז זעהר גוט פיר דעם האַנדעל איבער'ן ים; 3) ווייל זיא האָט גוטע האַפענס אין פיעלע בעקוועמע פונקטען, און עס איז איהר דאַדורך לייכט צו ברייננגען פון

אַנדערע וועלט-טיילען רויהע מאַטעריאַלען פיר מאַנופאַקטור און צו פערשיקען דיא אַרטיקלען, וועלכע זיא פאַבריצירט. אין אַגריקול-טור צייכענט זיך אייראָפּאַ ניט אויס, ווען מען נעהמט אין בע-טראַכט איהר גרויסע בעפעלקערונג. דיא פּראָדוקציאָן פון געטריידע איז דאָ בלויז 2—3 מאָל אַזוי גרויס וויא אין נאָרד אַמעריקאַ. דיא הויפּט געטריידע-אַרטיקלען זיינען ווייץ און קאָרן; דער לעצטער איז דער הויפּט פּראָדוקט אין דייטשלאַנד, סקאַנדינאַוויען (נאָרוועגען, שוועדען, דענעמאַרק) און רוסלאַנד. האָבער איז דער הויפּט פּראָ-דוקט אין דעם נאָרד-וועסטליכען טייל און קוקורוזע אין געגענדען, וועלכע האָבען זומער געניג וואַרימקייט און גענוג רעגען.

טיערע אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט זיינען ניטאָ זעהר פיעל. גרויסע ווילדע חיות געפינען זיך יעצט נאָר אין ווייניג בע-פעלקערטע געגענדען. לייבען, וועלכע האָבען זיך פאַרצייטען גע-פינען אויף דער באַלקאַנישער האַלב-אינזעל, זיינען אין גאַנצען אויסגעראָטעט געוואָרען. בערען און וועלף זעהט מען דאָרט יעצט זעהר זעלטען, אויסער אין דיא וועלדער פון דיא אָסטליכע געגענדען. דיא זעמש-ציעג (chamois) פון דיא אַלפּען, פּירענעען און קאַרפּאַטהען ווערט אַלץ זעלטענער און דער שטיינבאָק (ibex) איז כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען. וויים צו נאָרד, אין דיא פּאָלאַר-געגענדען, געפינט זיך דאָס רענ-טיער (אַ מין הירש) אַלס ווילדעס טיער און אַלס געצאַמטעס הויז-טיער. צווישען דיא הייזליכע טיערע פון דיא זידליכע האַלב-אינזעלען (בּיי'ם מיטעללענדישען מעער) ווערען מויל-עזלען און געוועהנליכע עזלען פון אַ פיינעם מין פיעל בענוצט אַנשטאָט פערד. פון דיא שפּייז-פישען זיינען שטאָק-פיש, הערינג און לאַקס דיא וויכטיגסטע אין דיא נאָרדליכע וואַסערן; טהונ-פיש (tunny), אַנשאָווען (anchovies) און סאַרדינען אין דעם מיטעל-לענדישען מעער; און דער שטאָר-פיש (sturgeon) איז דער

טייערסטער פיש אין דיא טייכען פון דיא אָסטליכע געגענדען.

דיא בעפעלקערונג אין אייראָפּאַ איז יעצט ביי 387,000,000 און זיא האַלט זיך שנעל אין פערמעהרען. לויט איהר שטח מאַכט עס אויס ביי 100 איינוואוינער אויף אַ קוואַדראַט=מייל און זיא איז געדיכטער אין בעפעלקערונג, וויא יעדער אַנדערער וועלט=טייל. דיא געגענדען, אין וועלכע דיא בעפעלקערונג איז אַם געדיכטעסטען, זיינען ענגלאַנד, זיד שאָטלאַנד, בעלגיום, האָללאַנד, זאַקסען (אין דייטשלאַנד), פערשיעדענע געגענדען אין דעם טאָל פון דעם רהיין און נאָרד איטאַליען. דיא פעלקער פון אייראָפּאַ געהערען צו דער קאַווקאַזישער ראַסע, מיט דער אויסנאַהמע פון דיא אידען, פינלענ־דער, טערקען און טאַטאַרען.

וואָס אָנבעטרעפט רעליגיאָן בעקענען זיך כמעט אַלע איי־ראָפּעאישע פעלקער צום קריסטענטום. אונגעפעהר אַ העלפט פון דיא קריסטען זיינען קאַטאָליקען, הויפּטזעכליך אין זיד אייראָפּאַ; פון דיא איבריגע זיינען אונגעפעהר אַ העלפט פּראָטעס־טאַנטען, אין דייטשלאַנד און סקאַנדינאַוויען, און אַ העלפט פון דער גריעכישער קירכע („פּראַוואָסלאַוונע"), אין רוסלאַנד און אין דיא באַלקאַנישע מדינות. דיא מאַהאָמעדאַנישע רעליגיאָן איז דיא רעליגיאָן פון דיא טערקען און פון מאַנכע אַנדערע איינוואוינער פון אָסט אייראָפּאַ (צ. ב. דיא טאַטאַרען אין רוסלאַנד). אויסער דעם געפינען זיך צושפּרייט אין דיא פערשיעדענע מדינות פון אייראָפּאַ נאָהענט פון צעהן מיליאָן אידען, פון וועלכע דער גרעסטער טייל געפינט זיך אין דיא אָסטליכע מדינות: רוסלאַנד, עסטרייך, רומעניען.

אייראָפּאַ איז פּאָליטיש געטיילט אין 23 מדינות, וועלכע זיינען: גרויס־בריטאַנניען און אירלאַנד (Great Britain and Ireland), פראַנקרייך (France), בעלגיום (Belgium), האָללאַנד (Netherlands), גרויס־

הערצאָגטום לוקסעמבורג (Luxemburg), פירסטענטום מאָנאקאָ (Monaco), דייטשלאַנד (Germany), דיא שווייץ (Switzerland), עסטרייך-אונגארן (Austria-Hungary), רומעניען (Roumania), רוסלאַנד (Russia), שוועדען (Sweden), נאָרוועגען (Norway), דענעמאַרק (Denmark), פאָרטוגאַל (Portugal), שפאַניען (Spain), איטאַליען (Italy), סאן מאַרינאָ (San Marino), גריעכענלאַנד (Greece), מאָנטענעגראָ (Montenegro), סערביען (Servia), בולגאריען (Bulgaria) און טערקיי (Turkey). דיזע אַלע מדינות ווערען בעשריעבען אין וויטערדיגע קאפיטלען אין דער אָרדנונג, אין וועלכער זיי ווערען דאָ אנגעגעבען.

---

## 13. קאפיטעל.

## גרוים-בריטאַנניען און אירלאַנד.

דיא בריטישע אינזלען. — זייער לאַגע און שטח. — קלימאַט און אג־ריקולטור. — פראָדוקציאָן פון מינעס. — מאַנופאַקטור. — עקס־פאָרט און אימפאָרט. — פערקעהר פון שיפען. — בעפעל־קערונג. — רעגיערונג. — גרוים-בריטאַניען. — ענג־לאַנד און וועיל — שאָטלאַנד. — אירלאַנד.

---

דיא טעררימאָריע פון גרוים-בריטאַנניען און אירלאַנד איז דיא גרופע אינזלען, וועלכע ווערען בעצייכענט מיט דעם נאָמען בריטישע אינזלען (British Isles). דיעזע אינזלען ליעגען צו וועסט פון דעם איירָאָפעאישען קאָנטינענט צווישען 50° — 59°

נאָרדליכע ברייט, 11° וועסטליכע — 2° אָסטליכע לענג און זיינען דורך דעם ענגלישען קאַנאַל (לאַ מאַנש), דיא דאָיוער-שטראַס (פאַ-דע-קאַלע) און דיא נאָרד=זעע אָפּגעטיילט פֿון פראַנקרייך, בעלגיום, דייטשלאַנד, האָללאַנד און סקאַנדינאַוויען. דער צוזאַמענגענומענער שטח פֿון אַלע בריטישע אינזלען איז איבער 120,000 קוואַדראַט=מייל.

דיא בריטישע אינזלען בעשטעהען פֿון דיא צוויי גרויסע אינזלען גרויס=בריטאַנניען (Great Britain) און אירלאַנד (Ireland) און פיעלע קליינע אינזלען, וועלכע געפינען זיך לעבען זיי, וויא דיא העבּרידען (Hebrides), דיא אָרקני=אינזלען (Orkney Islands), דיא שעטלאַנד=אינזלען (Shetland Islands) און דיא אינזלען מאַן (Man) און וואַייט (Wight). גרויס=בריטאַנניען, דיא גרעסטע אינזעל פֿון דער גרופּע, בעשטעהט פֿון ענגלאַנד (England) צו זיד, שאָטלאַנד (Scotland) צו נאָרד און וועילז (Wales) צו וועסט.*) אַלע דיזע טיילען פֿון גרויס=בריטאַנניען צוזאַמען מיט אירלאַנד און דיא אַנדערע אינזלען, וועלכע שטעהען יעצט אונטער איין רעגיערונג, ווערען אָפט בעצייכענט מיד דעם נאָמען: דאָס פעראייניגטע קעניגרייך (United Kingdom).

דיא אינזלען גרויס=בריטאַנניען און אירלאַנד צייכנען זיך ביידע אוים מיט אונרעגעלמעסיגע ברעג=ליניעס און זעהר פיעלע איינשניטען (בוזימס, בוכטען א. ז. וו.), וועלכע מאַכען זיי זעהר בעקוועם פיר דעם פערקעהר פֿון שיפען. גרויס=בריטאַנניען האָט ביי עטליכע

*) מיט דעם נאָמען „ענגלאַנד" בעצייכענט מען זעהר אָפט דיא גאַנצע בריטישע מדינה; און אמת'ן איז דאָס נאָר דער נאָמען פֿון דעם זידליכען טייל פֿון גרויס=בריטאַנניען.

פונקטען איינשניטען איינע געגענאיבער דיא אנדערע, אזוי, דאָס מאַנכע וויכטיגע האַפענס קימען אוים איינער ענטגעגען דעם אַנ־דערן אויף אַ קליינע שטרעקע. אַזעלכע פאָרטען זיינען צום ביישפיעל בריסטאָל (Bristol) און לאָנדאָן (London), וועלכע זיינען אָפּגעזונדערט בלויז דורך אַ שטרעקע פון עטוואָס מעהר וויא הונדערט מייל, אָדער ליווערפול (Liverpool) און הולל (Hull), וועלכע זיינען אויך אונגעפעהר אַזוי וויים איינער פון אַנדערן. גלאַסגאָו (Glasgow) און דער נעהענטסטער פאָרט אויף דעם פירטה אָוו פאָרטה (Firth of Forth) זיינען בלויז אָפּגעטיילט אויף אַ שטרעקע פון פינף און צוואַנציג מייל.

דער קלימאַט פון דיא בריטישע אינזלען איז אַ מילדער און גוט פיר אַגריקולטור, אָבוואָהל זיי ליעגען צווישען אַזעלכע גראַדען, אין וועלכע אין דעם אָסטליכען טייל פון נאָרד אַמעריקאַ איז בע־אַרבייטונג פון לאַנד כמעט אונמעגליך צוליעב דיא רויהע קעלטען און טומאַנען. דיזער מילדער קלימאַט פון דיא בריטישע אינזלען קומט פון . דער ווירקונג פון דיא וואַרימע שטראָמען (בעזאָנ־דערס דעם גאָלף־שטראָם) און דיא וואַרימע ווינטען, וועלכע קימען פון זיד־וועסט. אין דעם זיד־אָסטליכען טייל פון ענגלאַנד, וועלכער ענטהאַלט דאָס מעהרסטע גוטע לאַנד פיר בעאַרבייטונג, זיינען דיא פּראָדוקטען כמעט דיא זעלביגע וויא אין ניו יאָרק. ווייץ ווערט דאָרטען פּראָדוצירט אַם מעהרסטען, אָבער מאַנכע געגענדען אין ענגלאַנד צייכנען זיך אוים מיט דער פּראָדוקציאָן פון האָפּענס און אויבס. אין ווייליז און אין דעם וועסטליכען טייל פון ענגלאַנד, אין שאָטלאַנד און אין אירלאַנד איז דער קלימאַט אין אַלגעמיין צו קאַלט אָדער צו פייכט פיר ווייץ און דער הויפּט פּראָ־דוקט איז דאָרטען האָבער. אַגריקולטור איז אין גרויס־בריטאַנניען אויף אַזאַ הויכער שטופע, דאָס אין דורכשניט ווערט דאָרטען אויף

אַן אַקער פעלד פּראָדוצירט מעהר ווייץ, וויא אין אירגענד וועלכען אַנדערן לאַנד אין דער וועלט.

מיט וואָס דיא בריטישע אינזלען צייכנען זיך אויס אָם מעהרס־טען איז ניט דיא פּראָדוקציאָן פון זייערע פעלדער, נאָר דיא פּראָ־דוקציאָן פון זייערע מינעס און פאַבריקען. אַלס אַ לאַנד פון מאַנו־פאַקטור פערנעהמט בריטאַנניען דעם ערסטען אָרט צווישען אַלע לענ־דער פון דער וועלט, און דאָס האָט זיא צו פערדאַנקען איהר רייכ־טום אין קויהלען און אייזען. איהרע קויהלענ-פעלדער זיינען אין גאַנצען אונגעפעהר אַזוי גרויס וויא דיא קויהלענ=פעלדער פון פענג־סילווייניאַ, אָבער פיעל גרעסער וויא דיא קויהלענ=פעלדער פון אירגענד וועלכער אַנדערער אייראָפּעאישער מדינה, אויסער רוס־לאַנד, און דיא קויהלען איהרע זיינען פון אַן אויסגעצייכענטען סאָרט; אַחוץ דעם איז דאָ אַ מעלה, דאָס דיא קויהלען געפינען זיך דאָרטען איבעראַל אין בעקוועמע ערטער, אין ניעדריגען באָדען און נאָהענט פון ים. מעהרערע רייכע קויהלענ=פעלדער געפינען זיך דאָרטען נאָהענט פון גרויסע האַפענס, אַזוי דאָס דיא פּראָ־דוקטען פון דיא מינעס קענען ביליג פערשיקט ווערען נאָך אַנדערע טיילען פון לאַנד. גראַדע אַזוי ביליג קענען רויהע מאַטעריאַלען פיר מאַנופאַקטור אַריבערגעבראַכט ווערען פון ווייטע ערטער אין דיא פאַבריקען, וועלכע געפינען זיך ביי דיא קויהלענ=פעלדער, און דיא פאַבריצירטע אַרטיקלען קענען וויעדער פון דאַנען לייכט אַרויסגעשיקט ווערען.

בריטאַנניען איז אויך רייך אין אייזען, וועלכעס געפינט זיך דאָרטען אין זעהר בעקוועמע ערטער פיר בעאַרבייטונג. פיעלע אָפּ־לאַגערונגען פון אייזענ=רודעס געפינען זיך אין ערטער, וואו עס זיינען דאָ קויהלען צום שמעלצען דאָס אייזען אויפ'ן אָרט, אָדער נאָהענט פון גרויסע ים=פּאָרטען, וואו מען קען קויהלען לייכט

צופיהרען. װענען דיזען רײכטום אין קויהלען און אײזען צײכענט זיך בריטאַנניען אויס מיט איהר פאַבריקאַטור פון מעטאַלענע װאַארען. די גרויסע אינדוסטריעלע טעטיגקייט האָט דיזעס לאַנד געפיהרט צו ערפינדונגען פון װיכטיגע מאַשינען פיר מאַנופאַקטור און אַנדערע צװעקען, לאָקאָמאָטיװען, װאָס געהען מיט דאַמפף, זײנען ערפונדען געװאָרען אין בריטאַנניען.

צו פערדאַנקען בריטאַנניען׳ס גרויסער ענטװיקלונג אין מאַנופאַקטור זײנען איהרע הויפּט עקספּאָרטען פאַבריצירטע אַרטיקלען. איהרע אימפּאָרטען זײנען רויהע מאַטעריאַלען צום פאַבריצירען און שפּייז־אַרטיקלען, װעלכע זיא קען ניט אַליין גענוג פּראָדוצירען פיר איהר גרויסע מאַנופאַקטור בעפעלקערונג. איהרע װיכטיגסטע עקספּאָרטען זײנען באַװעל־מאַנופאַקטורען און אַרטיקלען פון שטאָהל און אײזען. די הויפּט אימפּאָרטען זײנען געטרײדע, הויפּטזעכליך װײץ און מעהל, און רויהע באַװעל און װאָל. לעבעדיגע טיערע און פלייש, מילך־פּראָדוקטען, אַלערלײ פרוכטען, צוקער און טעע װערען אויך אימפּאָרטירט. פיה און מילך־פּראָדוקטען װערען אויך זעהר פיעל אין גרויס־בריטאַנניען אַרײנגעפיהרט פון אירלאַנד. דיזע אינזעל האָט ניט קײן רײכע מינעס פון קויהלען און אײזען װיא גרויס־בריטאַנניען און זיא האָט ניט קײן גרויסען טייל אין דער אינדוסטריע פון דעם לאַנד. דער אײנציגער װיכטיגער צװײג פון מאַנופאַקטור אין אירלאַנד איז לײװענט.

די בריטישע אינזלען פיהרען אַ גרויסען אויסלענדישען האַנדעל ניט נאָר פיר זיך אַליין, נאָר אויך פיר אַנדערע מדינות, דורך דעם, װאָס זײ ברײנגען אַריבער פּראָדוקטען פון אײן אָרט און פערשיקען זײ נאָך אַן אַנדערן. אונגעפעהר אַ פינפטעל פון זײערע עקספּאָרטען בעשטעהט פון אַרטיקלען, װעלכע װערען אימפּאָרטירט פון אויסלאַנד און װערען װידער עקספּאָרטירט.

דיזע פערמיטלערשע ראָלע פון דיא בריטישע אינזלען אין דעם האַנדעל פון דער וועלט איז צו פערדאַנקען דעם פאַקט, דאָס זיי ליעגען אין אַ בעקוועמען פונקט צווישען דיא קאָנטינענטען, פון וועלכען פונקט שיפען האָבען בעקוועמע וועגען נאָך דיא מדינות פון אַלע וועלט=טיילען. דער שיפענ=פערקעהר פין דיא בריטישע אינזלען איז פיעל גרעסער, וויא זייער אייגענער האַנדעל פאָרדערט, און פיעלע בריטישע שיפען בעשעפטיגען זיך מיט איבערפיהרען וואַארע פון איין פרעמדען פאָרט צו אַן אַנדערן. דיא צוזאַמענגענו־מענע געוויכט פון לאַדונג, וואָס קען אַריינגעהן אין דיא בריטישע האַנדעל=שיפען, איז ווענינסטענס אַכט מאָל אַזוי גרויס וויא פון דיא שיפען פון יעדען אַנדערן לאַנד אין אייראָפּאַ און ביינאַהע צוויי מאָל אַזוי גרויס וויא פון אַלע שיפען אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

דיא בעפעלקערונג פון דיא בריטישע אינזלען איז אונגעפעהר 43,000,000. דער גרעסטער טייל פון דיא איינוואוינער פון גרויס= בריטאַנניען זיינען פּראָטעסטאַנטען, אין אירלאַנד קאַטאָליקען; דיא מעהרסטע קאַטאָליקען אין ענגלאַנד און שאָטלאַנד שטאַמען פון אירלענדער.

דיא רעגיערונג פון דיא בריטישע אינזלען איז אַ קאָנסטיטו־ציאָנעלע מאָנאַרכיע. אַן דער שפּיצע פון דער רעגיערונג איז אַ קע־ניג אָדער אַ קעניגין, וואָס נעהמט איבער דיא הערשאַפט בירושה, אָבער דיא מאַכט פון דעם קעניג אָדער דער קעניגען איז בע־שרענקט דורך אַ קאָנסטיטוציאָן. דיא מאַכט איינצופיהרען געזעצע איז איבערגעגעבען צו אַ פּאַרלאַמענט און זיי דורכצופיהרען — צו מיניסטאָרען, וועלכע זיינען פעראַנטוואָרטליך צום פּאַרלאַמענט. דער בריטישער פּאַרלאַמענט בעשטעהט פון צוויי הייזער: דאָס הויז פון לאָרדען (House of Lords), וועלכעס בעשטעהט

פון אדעל־לייט, אין דאָם הויז פון פאָלקס־פערטרע־טער (House of Commons), וועלכעס בעשטעהט פון מיט־גליעדער געוועהלטע פון פאָלק. אין דעם הויז פון לאָרדען איז אויך פערטרעטען דיא ענגלישע קירכע דורך ערצ־בישאָפען און בישאָפען. צו יעצטיגער צייט בעשטעהט דאָם הויז פון דיא פאָלקס־פערטרעטער פון 670 און דאָם הויז פון לאָרדען פון 617 מיטגליעדער.

שול־בילדונג איז אין גרוים־בריטאַנניען אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגיערונג און אין אַלע טיילען פון לאַנד, אויסער אין אירלאַנד, איז יעדעס קינד געצוואונגען צו געהן אין שולע. פיר העבערע ביידונג זיינען דאָ עלף אוניווערזיטעטען, פון וועלכע דיא בעריהמטעסטע זיינען: אין ענגלאַנד — דיא אוניווערזיטעטען פון אָקספאָרד (Oxford) און קעמברידזש (Cambridge), אין שאָטלאַנד — דיא אוניווערזיטעטען פון עדינבורג (Edinburgh) און גלאַסגאָו (Glasgow), אין אירלאַנד — דיא אוניווערזיטעט פון דאָבלין (Dublin).

פאָלגענדע זיינען בעזונדערע בעשרייבונגען פון גרויס ברי־טאַנניען און אירלאַנד, וועלכע בילדען צוזאַמען דאָם פעראייניגטע קעניגרייך.

גרויס־בריטאַנניען. — דיזער טייל פון דעם פער־אייניגטען קעניגרייך בעשטעהט הויפטזעכליך פון איין גרויסער אינ־זעל, אָבער שליעסט אויך איין פיעלע קלענערע אינזלען, וועלכע ליעגען אין דיא נאָהענטע וואַסערן אַרום. דיא גרויסע אינזעל ווערט אייגעטיילט אין דיא צוויי פאַרצייטיגע קעניגטימער ענגלאַנד (England) און שאָטלאַנד (Scotland) און דאָם פירסטענ־טום וועילז (Wales). ענגלאַנד פערנעהמט דעם זידליכען טייל פון דער אינזעל אויף אַ שטח פון 50,840 קוו. מ. און האָט אַ בעפעלקערונג פון 32,528,000. שאָטלאַנד פערנעהמט דעם נאָרד־

ליכען טייל פון דער אינזעל אויף א שטח פון 30,902 קוו. מ. און האט א בעפעלקערונג פון 4,600,000. וועילז ליעגט צו וועסט מיט א שטח פון 7,470 קוו. מ. און א בעפעלקערונג פון 1,800,000.

פון דיא קלענערע אינזלען, וועלכע געהערען צו גרויס־ברי־טאנניען, ליעגען דיא מעהרסטע אדום שאטלאנד. פיעלע פון זיי זיינען אפגעטיילט פון דער גרויסער אינזעל בלויז דורך שמאלע קא־נאלען און דיזע ווערען אנגערופען דיא אינערע העברידען (Inner Hebrides). וויטער אין ים ארוים ליעגט א לאנגע שורה פון אינזלען, וועלכע ווערען אנגערופען דיא אויסערע העב־רידען (Outer Hebrides). צו נארד פון שאטלאנד ליעגען דיא ארקני־אינזלען (Orkney Islands) און דיא שעטלאנד־אינזלען (Shetland Islands). אלע דיזע אינזלען זיינען אונפרוכטבאר און זייערע קליינע בעפעלקערונגען בע־שעפטיגען זיך מעהרסטענס מיט פישען. צו זיד פון גרויס־בריטאנ־ניען זיינען נאר דא דריי וויכטיגע קליינע אינזלען. איינע פון דיזע איז דיא אינזעל וואייט (Isle of Wight), וועלכע איז אפגעטיילט פון דעם זידליכען ברעג פון ענגלאנד דורך צוויי שמאלע קאנאלען; זיא צייכענט זיך אויס מיט איהר מילדען קלימאט. דיא צווייטע איז דיא אינזעל אנגלסי (Isle of Anglesey), וועלכע איז אפגעטיילט פון וועילז דורך א שמאלען קאנאל און איז מיט איהר פעראייניגט דורך צוויי בריקען. דיא דריטע איז דיא אינזעל מאן (Isle of Man), וועלכע ליעגט אין דעם איר־לענדישען מעער אין געפינט זיך כמעט אויף א גלייכער ווייטקייט פון ענגלאנד, שאטלאנד און אירלאנד.

דיא אויבערפלעך פון גרויס־בריטאנניען איז זעהר פערשיעדענ־ארטיג. דער נארד־וועסטליכער טייל פון שאטלאנד איז זעהר בער־גיג און ווערט בעצייכענט אלס דיא הויכלענדער פון

ש אָ ט ל אַ נ ד (Highlands of Scotland). דער זיד-וועסטליכער טייל פון ענגלאַנד בעשטעהט מעהרסטענס פון ניעדריגע בערג, זומפּ-באָדענס און גראָז-פּלעצער און איז רייך אין צין, בליי און אַנדערע מעטאַלען. דער זיד-אָסטליכער טייל פון ענגלאַנד איז אין אַלגעמיין אַ געגענד פון פלאַכלענדער און ניעדערלענדער און האָט דעריבער דעם בעסטען באָדען פיר אַגריקולטור אין גרויס-בריטאַניען. ביי דעם וו אָ ש (Wash), אַ צווייג פון דער נאָרד-זעע, איז דיא אויבערפלעך אַזוי ניעדריג און פלאַך, דאָס מען מוז זיא שיצען פון דעם ים, זיא זאָל ניט פערפלייצט ווערען. אום דיזע געגענד, וועלכע ווערט אָנגערופען פ ע ן ק אָ נ ט ר י (Fen Country) [ד. ה. זומפּ-לאַנד], צו מאַכען טויגליך פיר אַגריקולטור האָט מען געמוזט אָנווענדען פיעל מיה אָפּצוציהען דאָס וואַסער.

אין דעם זיד-אָסטליכען טייל פון ענגלאַנד געפינען זיך אַלע הויפּט טייכען פון לאַנד, אויסער דעם ס ע ו ו ע ר ן (Severn). דיא ט ה ע מ ז ע אָדער ט ע י מ ז (Thames), דער לענגסטער און וויכטיגסטער פון אַלע טייכען אין גרויס-בריטאַנניען, פאַנגט זיך אָן איינינע מייל פון דער מינדונג פון דעם סעווערן (אין וועילז) און שטראָמענדיג אין דער ריכטונג פון אָסט פליעסט ער אַריין אין דיא נאָרד-זעע (דאָס דייטשע מעער). אויף דער מינדונג פון דיזען טייך קענען געהן דיא גרעסטע שיפען ביז דיא לאָנדאָנער דאָקס. דיא מינדונג פון דעם טייך ה אָ מ ב ע ר (Humber), וועלכער פליעסט אַריין, וויא דיא טהעמזע, אין דיא נאָרד-זעע, איז אויך זעהר גוט פיר דעם פערקעהר פון שיפען אויפ'ן ים. דיזער טייך פעראייניגט זיך ביי זיין אָנפאַנג צו זיד מיט דעם ט ר ע נ ט (Trent), וועלכער געהט דורך דיא בעצירקען פון מיטען לאַנד; דיזער לעצטער איז פערבונדען מיט דעם אוז (Ouse), וועלכער פליעסט צו זיד דורך דעם פרוכטבאַרען טאָל פון יאָרק און פעראייניגט זיך מיט

זעהר פיעלע ביי־טייכען, וועלכע שטראָמען פון דעם וועסטליכען טייל. דער טייך סעווערן פאַנגט זיך אָן אין דעם מיטען פון וועילז און דרעהענדיג זיך נאָך אָסט געהט ער דורך דיא שעהנסטע טייי־לען פון ענגלאַנד, אָבער ער איז ניט בעקוועם פיר דעם פערקעהר פון שיפען, וויול ער ענדיגט זיך מיט אַ פלאַכער, ניט טיעפער מינדונג, ביי וועלכער עס געפינען זיך זאַמד־בענק.

גרויס־בריטאַנניען איז צו דעם צוועק פון רעגיערונג איינגע־טיילט אין קאַונטיס (counties) [„גראַפשאַפטען"]. מיטגליע־דער פון פאַרלאַמענט ווערען געוועהלט פון גאַנצע קאונטיס אָדער פון טיילען פון קאַונטיס און טיילס אויך פון שטעדט, וועלכע ווע־ווערען אָנגערופען „פאַרלאַמענטאַרישע בורגען" (parliamentary boroughs). דיא הויפט־שטאָדט פון דעם פעראייניגטען קעניגרייך איז דיא וועלט־בעריהמטע שטאָדט לאָנדאָן (London), וועלכע ליעגט אויףביידע זייטען פון דער טהעמזע.

לאָנדאָן איז דיא גרעסטע האַנדעל־שטאָדט און דיא בעפעל־קערטסטע שטאָדט אין דער וועלט; זיא האָט 4,513,000 איינוואוי־נער און מיט דיא אַרומיגע דיסטריקטען, וועלכע געהערען יעצט צו איהר, איז איהר בעפעלקערונג 7,537,000. אַלס הויפט־שטאָדט פון דער גאַנצער מדינה געפינען זיך אין איהר אַלע הויכע געריכטס־הייזער, דיא הייזער פון פאַרלאַמענט, איינער פון דיא קעניגליכע שלעסער, איינער פון דיא פאַלאַצען פון דעם ערצ־בישאָף פון קאַנ־טערבורי, דיא גרעסטע ביבליאָטעק און דאָס גרעסטע מוזעאום. (דיא ביבליאָטעק און דאָס מוזעאום זיינען צוזאַמען און זיי טראָגען דעם נאָמען British Museum.) ווייטער אַרויף ביי דער טהעמזע געפינען זיך ווינדזאָר (Windsor), אַ קעניגליכע רעזידענצ־שטאָדט, מיט 12,500 איינוו., און אָקספאָרד (Oxford), מיט 45,800 איינוו., וועלכע האָט אַ בעריהמטע אוניווערזיטעט.

אָרונטער ביי דער מהעמזע ליעגען: גריניטש (Greenwich), פון וועלכער דיא מעהרסטע ציוויליזירטע פעלקער רעכנען דעם ערסטען מערידיאַן, מיט 65.000 איינוו., און וואָלוויטש (Woolwich), וועלכע איז בעריהמט מיט איהרע געוועהר-גיעסעריען, 41.000 איינוו.

פון די 3 וויכטיגע שטעדט אין גרויס-בריטאַנניען זיינען:

אין דעם זידליכען טייל פון ענגלאַנד — קאַנטערבורי (Canterbury), דיא שטאָדט, וואו עס זיצט דער גרעסטער בי-שאָף פון דער ענגלישער קירכע, מיט 24.000 איינוו.; העיסטינגז (Hastings), אַ פאָרט-שטאָדט אויף דעם ענגלישען קאַנאַל (לאַ מאַנש), מיט 65.000 איינוו.; בראַייטאָן (Brighton), אַ פאָרט ביי דעם זעלביגען קאַנאַל, אַ פיינער אָרט פיר ים-בעדער, מיט 125.000 איינוו.; דיא קריעגס-האַפענס פאָרטסמוטה (Portsmouth), 190.000 איינוו., און פלימוטה (Plymouth), 112.000 איינוו. לעבען פאָרטסמוטה געגענאיבער דער אינזעל וואַיט, אויף דעם ענגלישען קאַנאַל, געפינט זיך סאַוטהאָמפּטאָן אָדער סודהאָמפטאָן (Southampton), אַ גרויסער אַטלאַנטישער פאָרט פאַר לאָנדאָן, מיט 105.000 איינוו. אויף דער אַנדערער זייט פון דער אינזעל געגענאיבער לאָנדאָן, ניט ווייט פון דעם בריסטאָל קאַנאַל, איז דיא שטאָדט בריסטאָל (Bristol), דער דריטער גרעסטער פאָרט פון ענגלאַנד, מיט 339.000 איינוו.

אין וועילז — דיא שטאָדט קאַרדיף (Cardiff) ביי'ם בריסטאָל-קאַנאַל, אַ וויכטיגער פאָרט, מיט 164.500 איינוו. אין דעם מיטעלען טייל: בירמינגהאַם (Birmingham), דיא גרעסטע פאַבריק-שטאָדט אין מעטאַל-וואַארען, מיט 533.500 איינוו.; שעפפילד (Sheffield), אַ פאַבריק-שטאָדט פון שטאָהל-וואַארען, איבערהויפט מעסער-פאַבריקאַציאָן, מיט 425.000 איינוואוינער;

נאָטטינגהאם (Nottingham), מיט 246,000 און לעסטער (Leiscester), מיט 220,000 איינוו. דיא לעצטע צוויי שטעדט גיבען זיך אָפּ מיט דער אינדוסטריע פון געשטריקטע ארבייט און פּאָזאמענטיר-ארבייט.

אין דעם נאָרדליכען טייל פון ענגלאנד — דיא שטאָדט הולל (Hull) ביי דעם טייך האָמבער, א האַפען פיר דעם פער-קעהר מיט נאָרד איירָאפּא, 250,000 איינוו.; ניוקאססל (Newcastle), א פּאָרט, פון וועלכען עס ווערען ארויסגעפיהרט דיא קויהלען פון ניוקאססל, מיט 222,250 איינוו.; סאָנדערלאָנד (Sunderland), בעריהמט אַלס אָרט פון שיפּ-בוי, 283,000 איינוו.; יאָרק (York), דיא אַלטע שטאָדט פון נאָרד ענגלאַנד, 77,000 איינוו.; לידז (Leeds), 444,000 איינוו., און בראַד-פּאָרד (Bradford), 283,500 איינוו., הויפּט-ערטער פון וואָל-אינדוסטריע פון דער פּראָווינץ יאָרקשיר. צו וועסט פון נאָרד ענג-לאנד: ליווערפּול (Liverpool), ביי דער מינדונג פו דעם טייך מערזי (Mersey), זעהר א וויכטיגער האַפען, דיא צווייטע האַנדעל-שטאָדט פון דעם לאַנד, מיט 716,000 איינוו.; מאַנ-טשעסטער (Manchester), ביי א קאַנאַל, וואָס האָט פער-קעהר פון ים-שיפען, דער ערסטער פּלאַץ אין דער וועלט פיר באַ-וועל אינדוסטריע, מיט 554,000 איינוו., און איהרע דריי שוועס-טער-שטעדט אין דער באַוועל-אינדוסטריע: ראָטשדעיל (Rochdale), 83,000 איינוו., אָלדהאם (Oldham), 140,000 איינוו., און באָלטאָן (Bolton), 173,500 איינוו.

אין שאָטלאַנד — אין דעם אָסטליכען טייל: דיא אַלטע הויפּט-שטאָדט עדינבורג (Edinburgh), 316,500 איינוו., און דיא האַפען-שטאָדט ליטה (Leith), 77,000 איינוו. אין דעם וועסטליכען טייל: גלאַסגאָו (Glasgow), א פּאָרט ביי

דעם טייך קלאַייד (Clyde), דיא גרעסטע אינדוסטריעלע שטאָדט אין שאָטלאַנד און דיא גרעסטע שטאָדט פון דיא בריטישע אינזלען נאָך לאָנדאָן, מיט 760,000 איינוו.; דאַנדי (Dundee), ביי דער מינדונג פון דעם טעי (Firth of Tay), דער ערסטער פּלאַץ פיר דיא אינדוסטריע פון יוטע (אינדישען פלאַקס), מיט 161,000 איינוו. אין וויק (Wyk), פרעיזערבאָראָ (Fraserburgh) און פּיטערהעד (Peterhead) ווערען געפאַנגען דיא „שאָטישע הערינג". אין דעם נאָרדליכען טייל פון שאָטלאַנד איז דיא וויכטיגסטע שטאָדט: אַבערדין (Aberdeen), אַ וויכטיגער פּאָרט אויף דער נאָרד־זעע (דייטשען מעער), 153,100 איינוו.

אירלאַנד. — דיזע אינזעל, וועלכע בילדעט אַ טייל פון דעם פעראייניגטען קעניגרייך, ליעגט צו וועסט פון גרויס־בריטאַנניען און האָט אַ שטח פון 32,583 קיו. מ. זיא איז עהנליך צו דער אינזעל גרויס־בריטאַנניען אין דער פאָרם פון איהר ברעג־ליניע, וועלכע איז זעהר אינרעגעלמעסיג, און אויך אין דער פאָרם פון איהר אויבערפלעך. דער גרעסטער טייל פון אירלאַנד איז ניעדריג און פלאַך. דיא בערג, וועלכע זיא האָט, געפינען זיך מעהרסטענס אין גרופּעס אָדער קורצע רייהעס נאָהענט פון דיא ברעגען. דיא העכסטע זיינען דיא מאַקגילליקאָדדי ריקס (Macgillicuddy Reeks), וועלכע שטייגען 3,400 פוס; זי געפינען זיך צו וועסט פון דיא שעהנע קיללאַרני אָזיערעס (Lakes of Killarney), וועלכע ווערען יעהרליך בעזוכט פון טויזענדע רייזענדע.

אַ גרויסער טייל פון דער אויבערפלעך פון אירלאַנד איז אַזוי פלאַך, דאָס דיא טייכען האָבען ניט געניג אָפּצוג און אַ גרויסער טייל פון דעם באָדען, איבערהויפּט אין דיא וועסטליכע געגענדען, וועלכע זיינען אויסגעזעצט צו דיא וועסטליכע רעגען־ווינטען, ווערט פערדאָרבען פון צו פיעל פייכטקייט. אין אַנדערע געגענדען זיינען

אָבער דאָ גרויסע שטרעקעס לאַנד, וועלכע זיינען זעהר פרוכטבאַר. דער הויפּט טייך אין אירלאַנד איז דער שאַננאָן (Shannon), דער לענגסטער טייך אין דיא בריטישע אינזלען; ער פליעסט פון נאָרד צו זיד דורך דריי גרויסע אָזיערעס און פערקירעוועט זיך צו וועסט און פאַלט אַריין אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן.

מאַנופאַקטור איז אין אירלאַנד זעהר קליין, ווייל זיא האָט ניט גענוג קויהלען און אייזען. דיא איינציגע בעדייטענדע מאַנופאַקטור אויף דיזער אינזעל איז דיא מאַנופאַקטור פון לייוועגט אין דעם נאָרד=אָסטליכען טייל, וואו קויהלען און אייזען קענען צוגעפיהרט ווערען דורך דעם פּאָרט פון בעלפאַסט (Belfast). דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג בעשעפטיגט זיך מיט אַגריקולטור, אָבער אַקער=בוי איז דאָ ניט אַזוי פאָרטגעשריטען וויא אין גרויס=בריטאַנניען. דיא הויפּט פּראָדוקטען אין אירלאַנד זיינען געטריידע און קאַרטאָפעל.

אירלאַנד איז איינגעטיילט אין 4 פּראָווינצען: אָלסטער (Ulster) אין נאָרד=אָסט, לינסטער (Leinster) אין זיד=אָסט, מאָנסטער (Munster) אין זיד=וועסט און קאָננאָאָט (Connaught) אין נאָרד=וועסט, און דיזע זיינען ווידער איינגעטיילט אין 32 קאַונטיס. דיא פּראָווינץ אָלסטער איז דיא פאָרטגעשריטענסטע אין אַגריקולטור, וויא אויך אין אַנדערע אינדוסטריען. דיא אירלענדער זיינען אַ קעלטישע ראַסע און פיעלע פון זיי, איבערהויפּט פון דער בויערן=בעפעלקערונג, רעדען נאָך אַ קעלטישע שפּראַך. אין רעליגיאָן זיינען דיא אירלענדער קאַטאָליקען. אין דער פּראָווינץ אָלסטער איז אַ גרויסער טייל פון דער בעפעלקערונג פּראָטעסטאַנטיש, ווייל פיעלע פון דיא איינוואוינער אין דיזער געגענד שטאַמען פון איינגעוואַנדערטע ענגלענדער און שאָטלענדער.

דיא רעגיערונג אין אירלאַנד ווערט געפיהרט דורך אַ לאָרד

לייטענאַנט (Lord Lieutenant), וועלכער ווערט אַריינגעזעצט פון דער בריטישער רעגיערונג, מיט דער הילף פון אַ פריוואַט־ראַטה (Privy Council) אין דער שטאָדט דאָבלין און אַ הויפּט סעקרע־טער אין פּאַרלאַמענט. אירלאַנד איז פערטרעטען אין דעם בריטי־שען פּאַרלאַמענט דורך 103 גערוועהלטע מענער פון פאָלק אין דעם הויז פון פאָלקס־פערטרעטער און פון דעם אירלענדישען אַדעל זיצען 28 מיטגליעדער אין דעם הויז פון לאָרדען.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין אירלאַנד זיינען: — דאָבלין (Dublin), דיא הויפּט־שטאָדט, אַ פּאָרט ביי'ם אירלענדישען מעער צו אָסט, מיט 373,000 איינוו. זיא האָט אַמאָל געהאַט פערשיע־דענע צווייגען פון מאַניפאַקטור; דיא איינציגע פּראָדוקטען, מיט וועלכע זיא צייכענט זיך אויס היינט, זיינען הוויסקי (שנאַפּס) און פּאָרטער. בעלפאַסט (Belfast), אַ פּאָרט אין דעם נאָרד־אָסטליכען טייל, מיט 349,000 איינוו., איז דיא וויכטיגסטע שטאָדט אין דער פּראָווינץ אָלסטער; זיא איז דיא איינציגע גרויסע מאַנו־פאַקטור־שטאָדט אין אירלאַנד. לאָנדאָנדערי (Londonderry), אין דעם נאָרדליכען טייל, איז אַ פּאָרט פיר קלענערע שיפען מיט 34,000 איינוו. קאָרק (Cork), אַ פּאָרט אויף דעם זידליכען ברעג, מיט 76,000 איינוו., איז דיא דריטע שטאָדט אין אירלאַנד אין דער הינזיכט פון בעפעלקערונג; זיא איז אַ פּינקט, פון וועלכען עס ווערען עקספּאָרטירט דיא פּראָדוקטען פון לאַנדווירטשאַפט פון דיא אַרומיגע געגענדען, איבערהויפּט פוטער. קווינזטאַון (Queenstown), אַ קליינע שטאָדט אויף אַן אינזעל צו זיד־אָסט פון קאָרק, צייכענט זיך אויס אַלס אַ סטאַציאָן פיר שיפען, וועלכע געהען איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן.

גרויס־בריטאַנניען האָט מיט איהר גוואַלדיגער מאַכט אויפ'ן ים ערָאָבערט פיעלע טערריטאָריעס אין אַלע טיילען פון דער

וועלט. דיא בריטישע אינזלען צוזאַמען מיט דיזע טערריטאָריעס בילדען דיא בריטישע אימפעריע (British Empire).

דיא או סווערטיגע בעזיצונגען פון גרויס-בריטאַנניען זיינען:

אין אייראָפּאַ — דאָס פאָרגעבירג גיבראַלטאַר (Gibraltar) און דיא אינזעל מאַלטאַ (Malta) אין דעם מיטעללענדישען מעער.

אין אַזיען — אינדיען (India)*) און דיא אינזעל ציילאָן (Ceylon); סטרעיטס סעטטלמענטס (Straits Settlements), אַ קאָלאָניע אויף דער מאָלאַיאישער האַלב-אינזעל; האָנג-קאָנג (Hong-Kong) אין כינאַ, אַדען (Aden) אין זיד-וועסט אַראַביען, סאָקאָטראַ (Socotra) און אייניגע קלענערע אינזלען בייא'ם ברעג פון אַראַביען; דיא אינזעל לאַבואַן (Labuan) אין אָסט אינדיען, צו נאָרד-וועסט פון באָרנעאָ, און דיא אינזעל ציפּרוס (Cyprus).

אין אַפריקאַ — קאַפּ קאָלאָניע אָדער קעיפּ קאָלאָני (Cape Colony), נאַטאַל (Natal), זולו-לאַנד (Zululand), אָרענדזש ריווער (Orange River), טראַנסוואַאַל (Transvaal), רהאָדעזיאַ (Rhodesia), באַסוטאָ-לאַנד (Basuto Land) און בעטשואַנאַ-לאַנד (Bechuana Land) — אַלע אין זיד אַפריקאַ; אוגאַנדאַ (Uganda) אין אָסט אַפריקאַ; זאַנזיבאַר (Zanzibar) אויף דער אינזעל זאַנזיבאַר בייא'ם אָסטליכען ברעג פון אַפריקאַ; אַ טייל פון גווינעאַ אָדער גיני (Guinea) און פערשיעדענע אַנדערע טעררימאָריעס אויף דעם וועסטליכען ברעג פון אַפריקאַ.

אין אַמעריקאַ — קאַנאַדאַ (Canada), ניופאַונד-

*) אלס הערשער איבער אינדיען טראָגט דער קעניג פון ענגלאַנד דעם טיטעל קייזער פון אינדיען (Emperor of India).

לענד (Newfoundland) און דיא בערמודאס (Bermudas) אין נאָרד אַמעריקאַ; בריטיש האָנדוראס (British Honduras) אין צענטראַל אַמעריקאַ און דיא וועסט־אינדישע אינד־לען: דזשאַמעיקאַ (Jamaica), דיא באַהאַמאַס (Bahamas), ליוואָרד־אינזלען (Leeward Islands), ווינדוואָרד־אינזלען (Windward Islands), דיא באַרבאַדאָס (Barbados), טרינידאַד (Trinidad) און טאָבאַגאָ (Tobago); בריטישע גואיאַנאַ (British Guiana) און דיא פאַלקלאַנד־אינזלען (Falkland Islands) אין זיד אַמעריקאַ.

אין אויסטראַליען און דעם פאַסיפיק — דער קאָנטינענט אויסטראַליען (Australia), דיא פידזשי־אינזלען (Fiji Islands) צו אָסט פון אויסטראַליען, דיא אינזעל טאַס־מאַניאַ (Tasmania) צו זיד, דיא אינזעל ניי־זעעלאַנד אָדער ניו זילענד (New Zealand) צו זיד־אָסט, דיא אינ־על ניי גווינעאַ אָדער ניו גיני (New Guinea) צו נאָרד, און פערשיעדענע אַנדערע אינזלען.

דיא גאַנצע בריטישע אימפעריע — דיא היימישע אינזלען און אַלע קאָלאָניעס און בעזיצונגען — האָט אַ שטח פון 11,421,100 קו. מ. און אַ בעפעלקערונג איבער 381,404,000. דורך דיא אויס־וואַנדערונגען פון בריטישע איינוואוינער אין דיא פערשיעדענע קאָלאָניעס איז ענגליש געוואָרען דיא מוטער־שפּראַך פון איבער 130,000,000 מענשען.

## 14. קאפיטעל.

# פראַנקרייך.

לאַגע און שטח. — אויבערפלעך. — קלימאַט. — פראָדוקטען. — האַנדעל. — פּאָליטישע איינטיילונג. — בעפעלקערונג. — פאָרם פון רעגיערונג. — שטעדט. — אויסווערטיגע בעזיצונגען.

פראַנקרייך ליעגט צווישען 20′ 42° — 5′ 51° נאָרדליכע ברייט און 9′ 7° וועסטליכע — 55′ 5° אָסטליכע לענג, זיא גרענעצט זיך צו נאָרד מיט לאַ מאַנש (דאָווער-שטראַס), פּאַ-דע-קאַלע (ענגלישען קאַנאַל) און דער נאָרד-זעע (דייטשען מעער); צו נאָרד-אָסט מיט בעלגיען און דייטשלאַנד; צו אָסט מיט דייטשלאַנד, שווייץ און אי־טאַליען; צו זיד מיט דעם מיטעללענדישען מעער און שפּאַניען; צו וועסט מיט דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. איהר שטח איז 204,092 קוואַדראַט-מיילען.

דיא אויבערפלעך פון פראַנקרייך איז אין דעם זידליכען און אָסטליכען טייל בערגיג, אין דעם וועסטליכען און נאָרדליכען טייל פלאַך און ערטערווייז אויפגעהויבען אין קליינע בערגלאַך. אויסער דיא בערג, וועלכע ליעגען ביי דיא גרענעצען — דיא פּירע־נעען ביי שפּאַניען, דיא אַלפּען ביי איטאַליען, דיא יוראַ־בערג ביי דער שווייץ, דיא וואָגעזען (Vosges) ביי דייטשלאַנד — זיינען דיא הויפּט בערג דיא סעווענען (Cevennes), וועלכע ליעגען צו זיד, דיא וואולקאַנישע בערג פון אָווערני' (Auvergne) אין דעם מיטעלען טייל, און דיא רייהע בערג קאָט ד' אָר (Cote d' Or) אין דעם וועסטלי־כען טייל. צו זיד-אָסט איז דאָ אַ ברייטעס טאַפעל-לאַנד אונגעפעהר

3,000 פוס הויך. אויף דיזען טאַפעל=לאַנד פליעסען אין טיעפע טאָלען אין אַ נאָרדליכע ריכטונג פון דער אָסט=זייט דער טייך לואַר (Loire) און פון דער וועסט=זייט דער טייך אַלליער (Allier). דיזע צוויי גרויסע טאָלען האָבען דיא געדיכטעסטע בעפעלקערונג פון דעם טאַפעל=לאַנד. ארום דעם בעצירק קלערמאָן (Clermont) שפרייט זיך אויס דער טאָל פון דעם אַלליער אין אַ ברייטען אויפגעהויבענעם פלאַכלאַנד, לימאַני' (Limagne), וועלכעס איז איינע פון דיא פרוכטבאַרסטע געגענדען אין פראַנקרייך. דאָס טאַפעל=לאַנד אָווערני', איבער וועלכען עס ליעגט פון נאָרד צו זיד אַ רייהע פון אויסגעלאָשענע וואולקאַנישע בערג, איז איינע פון דיא ווילדעסטע געגענדען אין דיזען לאַנד.

פון דיא טייכען פון פראַנקרייך זיינען דיא וויכטיגסטע דיא סען (Seine), דיא לואַר (Loira), דיא גאַראָן (Garonne) און דער רהאָן (Rhone). דיא לואַר, דער לענגסטער טייך, איז גוט פיר דעם פערקעהר פון שיפען אויף אַ שטרעקע פון 400 ביז 500 מייל; דיא סען מיט איהרע ביי=טייכען מאַרן (Marne) און יאָנן (Yonne) זיינען גוט פיר דעם פערקעהר ביז אין דיא וויטע טיילען פון דעם אינערן לאַנד; דער רהאָן איז אויך גוט פיר שיפען=פערקעהר אָבער ווערט וועניג בענוצט. פראַנקרייך האָט אונגעפעהר אַ הונדערט טייכען, וועלכע זיינען גוט פיר דעם פערקעהר מיט דעם אינערן לאַנד.

דער קלימאַט פון פראַנקרייך איז פערשיעדען לויט דער לאַגע פון דיא געגענדען און דער וועסטליכער טייל איז אונטערוואָרפען אונטער דער ווירקונג פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן מיט זיינע וואַרימע ווינטען און שטראָמען. ביי'ם ברעג פון ברעטאַני' (Bretagne), אין דעם זיד=וועסטליכען טייל, איז דער ווינטער אַזוי מילד, דאָס דאָרטען קענען דאַן וואַקסען קאַמעליען, באַמבוסען און אַנדערע

האַלב־טראָפּישע פּלאַנצען, אָבער דער זומער איז דאָרטען אַזוי קיהל און פייכט, דאָס עס איז אוממעגליך דאָרטען צו פּראָדוצירען ווייץ. ווייטער צו אָסט זיינען דיא זומערן אַזוי וואַרים, דאָס זיי פּראָדוצי־רען דיא טרויבען, פון וועלכע עס ווערט געמאַכט דער שאַמפּאַניער, און דיא ווינטערן דאַגעגען זיינען אַזוי קאַלט, דאָס זיי קענען איבער־פריערען מאַנכע פּלאַנצען, וואָס געדייהען אין קאַלטע געגענ־דען. פראַנקרייך קען אין אַלגעמיין איינגעטיילט ווערען אין זיעבען קלימאַטישע געגענדען: 1) דער ב ר ע ט א נ י ש ע ר קלימאַט (פון ברעטאַני'), וועלכער איז מילד און פייכט; 2) דער פ א ר י ־ ז ע ר קלימאַט, קיהל און פייכט אין ווינטער און גוט וואַרים אין זומער; 3) דער ו ו אָ ג ע ז י ש ע ר קלימאַט (פון דיא וואָ־געזען), אין ווינטער רויה און שנעאיג, אין זומער וואַרים און טרו־קען; 4) דער ר ה אָ ד א נ י ש ע ר קלימאַט (פון דעם טייך רהאָן), וויא דער וואָגעזישער, אָבער געוועהנליך טריקענער; 5) דער א ק י ט א נ י ש ע ר קלימאַט (א ק י ט ע ן איז דער פאַרצייטיגער נאָמען פון דער געגענד פון דעם טייך גאַראָנן), אין ווינטער מע־סיג, אין זומער זעהר וואַרים און שטורמיש; 6) דער אָ ו ו ע ר ־ נ י ש ע ר קלימאַט, רויה, פייכט און נעבעלדיג; 7) דער מ י ־ ט ע ל ל ע נ ד י ש ע ר קלימאַט (פון דעם מיטעללענדישען מעער), אין ווינטער זעהר מילד, אין זומער זעהר וואַרים און טרוקען.

דיא אַגריקולטור פּראָדוקטען פון פראַנקרייך זיינען פערשיע־דענע געטריידע־אַרטיקלען, הויפּטזעכליך ווייץ; אין דיא וואַרימע געגענדען קוקורוזע, וויין, צוקער־ריבען, טאַבאַק, און אין דיא פּראָווינצען בײ'ם מיטעללענדישען מעער עלבערטען (אָליווען) און מײלבעערען — דיא לעצטע פיר דיא ערציהונג פון זייד־ווערים. פּראָדוקציאָן פון וויין האָט פראַנקרייך דיא גרעסטע אין דער וועלט. דיא הויפּט ערטער פון דיזער פּראָדוקציאָן זיינען אין דעם טאָל פון

גאראָנן, אין דעם זיד־וועסטליכען טייל פון לאַנד, און דיא פראָווינ־צען שאַמפאַניע (Champagne) און בורגאָניע (Bourgogne) אין דעם אָסטליכען טייל.

דער מינעראַל־רייכטום פון פראַנקרייך איז פערהעלטניסמעסיג קליין. עס זיינען דאָ צוויי הויפט קויהלען־פעלדער, דאָס בעלגישע קויהלען־פעלד, וועלכע ציהט זיך אריין אין פראַנקרייך צו נאָרד, איז רייך אין אייזען. ארום דיזען פעלד געפינט זיך אַ גרויסע אינ־דוסטריעלע בעפעלקערונג אין מעהרערע שטעדט, פון וועלכע דיא וויכטיגסטע זיינען: ליל (Lille), רובע (Roubaix) און טורקואן (Tourcoing). דאָס צווייטע קויהלען־פעלד, וועל־כעס איז אויך רייך אין אייזען, איז אויף דעם אָסטליכען ברעג פון דעם מיטעלען טאַפעל־לאַנד און דיא הויפט־שטעדט, וועלכע געפי־נען זיך דערביי, זיינען סט. עטיען (Ste. Etienne) און קרעזאָ (Creuzot).

אין דעם האַנדעל פון פראַנקרייך זיינען דיא הויפט עקספאָר־טען וויין און וואָלענע און זיידענע צייגען, און דיא הויפט אימפאָר־טען זיינען רויהע מאַטעריאַלען פיר דיא פאַבריקאַטיר פון וואָל, זייד און באַוועל, וויא אויך געטריידע. וואָל פערנעהמט דעם ערסטען אָרט צווישען דיא רויהע מאַטעריאַלען, און עס איז נימאָ נאָך אַ לאַנד אין דער וועלט, וואָס זאָל דיזען ארטיקעל אימפאָרטירען אזוי פיעל פיר זיינע אייגענע מאַנופאַקטורען. פיעל פון דע־מאַסע וואָל, וואָס ווערט אימפאָרטירט אין פראַנקרייך, קומט פון אויס־טראַליען, דירעקט אָדער איבער ענגלאַנד, אָבער זעהר אַ גרויסער טייל איז פון דער ארגענטינישער רעפובליק און אורוגואַי, זיד אַמעריקאַ. פראַנקרייך צייכענט זיך אויס פון אַלע לענדער פון דער וועלט מיט איהר פראָדוקציאָן און גרויסען עקספאָרט פון לוקסוס־ארטיקלען, גאַלאַנטעריי־וואַארען, ציערונג און מאָדע־וואַארען.

דיא בעפעלקערונג פון פראנקרייך איז לויט שפראך און רע־ליגיאן כמעט איין נאציאן. כמעט אלע איינוואוינער רעדען דיא פראנצויזישע שפראך און בעקענען זיך צו דער קאטוילישער רעלי־גיאן. קוים 4 פראצענט פון דער גאנצער בעפעלקערונג (ברעטאנען, באסקען, איטאליענער, פלאמלענדער) רעדען ניט קיין פראנצויזיש און 2 פראצענט (דארונטער אן ערך 100,000 אידען) זיינען ניט קיין קאטאליקען. דיא צאהל פון איינוואוינער אין פראנקרייך איז 38,962,000.

פראנקרייך איז זייט דעם 4טען דעצעמבער 1870 א רעפובּ־ליק. דער העכסטער בעאמטער פון לאנד איז א פרעזידענט, וועל־כער ווערט געוועהלט אויף 7 יאהר און פיהרט דורך דיא געזעצע מיט דער הילף פון פעראנטווארטליכע מיניסטארען. דיא מאכט איינצופיהרען געזעצע איז איבערגעגעבען צו א סענאט און א הויז פון פערטרעטער, וועלכעס ווערט בעצייכענט אלס „קאמער פון דע־פוטירטע“ (Chambre des députés). דער פרעזידענט ווערט ניט געוועהלט דורך דאס פאלק, נאר דורך דעם סענאט און דיא „קאמער“. צו דעם צוועק פון רעגיערונג איז פראנקרייך איינגעטיילט אין 86 דעפארטעמאנס (departements) און 1 טעררי־טאריע — בעלפאר (Belfort), וועלכע ליעגט אין דעם אסטליכען טייל. יעדער דעפארטעמאן, האט אן דער שפיצע א פרעפעקט (préfet) און ווערט איינגעטיילט אין ארראנ־דיססעמאנס (arrondissements) [בעצירקען] אדער אונ־טער־פרעפעקטורען (sous-préfectures), וועלכע ווע־רען ווידער איינגעטיילט אין קאנטאנען (cantons) [קריי־זען] און אין קאממונעס (communes) [שטאדט־געמיינדעס]. דער פרעפעקט פון א דעפארטעמאן פערוואלטעט זיין טעררי־טאריע מיט דער הילף פון א גענעראל־ראט (conseil général),

וועלכע ווערט ערוועהלט דורך אַלגעמיינעם שטימרעכט און בעשטעהט פון איינצעלנע פערטרעטער פון דיא קאַנטאָנען. דער אונטער-פּרע-פעקט רעגיערט מיט דער הילף פון אַ בעצירקס-ראַט (conseil d'arrondissement). יעדע שטאָדט-געמיינדע ווערט פערוואַלטעט דורך אַ מער (maire), מיט דער הילף פון אַ שטאָדט-ראַט (conseil municipal). עס זיינען דאָ אין פראַנקרייך 362 אַררואָנדיסעמאַנס, 2,908 קאַנטאָנען און 36,192 שטאָדט-געמיינדעס. גערעכטיגקייט ווערט פערטיילט אין יעדען קאַנ-טאָן דורך אַ ריכטער פון פריעדען (juge de paix), אין יעדען אַררואָנדיסעמאַן דורך אַ געריכט פון ערסטער אינסטאַנץ (tribunal de 1-re instance). עס זיינען דאָ 26 אַפּעלאַציאָנס-געריכטען (cours d'appel) איבערצוי-משפּט'ן דיא פּראָצעסען פון דיא געריכטען פון ערסטער אינסטאַנץ. איבער אַלע דיזע איז דאָס קאַססאַציאָנס-געריכט (la cour de cassation), וועלכעס זיצט אין פּאַריז.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין פראַנקרייך זיינען:

אין דעם געביעט פון דער סען — אויף ביידע זייטען פון דעם טייך סען דיא שטאָדט פּאַריז (Paris), דער פּאָליטישער מיטעל-פּונקט פון לאַנד, דיא ערסטע שטאָדט פון פראַנקרייך אין וויסענשאַפט, אינדוסטריע און האַנדעל, דיא גרעסטע פעסטונג אין דער וועלט, מיט 2,714,000 אַיינוו. צו זיד וועסט פון פּאַריז איז ווערסאַייל (Versailles), דיא אַמאָליגע רעזידענץ פון דיא פראַנצויזישע קעניגע, מיט 55,000 אַיינוו. צו נאָרד פון פּאַריז סט. דעני (St. Denis), דער בעגרעבניס-אָרט פון דיא פראַנצויזישע קעניגע, 61,000 אַיינוו.; צו זיד סעוור (Sèvres), בעריהמט מיט איהר אינדוסטריע פון פּאָרצעלאַן, 8,200 אַיינוו. צו אָסט ליעגען שאַלאָן-סור-מאַרן (Châlons-sur-Marne),

בעריהמט דורך איהרע שלאכטען, 63,000 איינוו., און עפער־נעי (Epernay), וועלכע פראָדוצירט שאמפאניער, 20,500 איינוו. נאָרדליך פון דאנען ליעגט רענס (Reims), דיא קרוינונגס־שטאָדט פון דיא פראנצויזישע קעניגע, מיט וואָל־אינדוסטריע און פאבריקאציאָן פון שאמפאניער, 108,000 איינוו. ביי דעם טייך מאָאס (Meuse) איז דיא שטאָדט סעדאן (Sedan), וועלכע צייכענט זיך אויס מיט אינדוסטריע פון טוך און איז בעריהמט דורך דיא שלאכט פון 1870, מיט 19,400 איינוו. צו זיד, לאנגר (Langres), בעריהמט דורך איהר פאבריקאציאָן פון מעסערס, 10,000 איינוו. צו נאָרד־אָסט פון פאריז רועז (Rouen), מיט א וויכטיגער באוועל־אינדוסטריע, 116,300 איינוו. צו וועסט פון רועז ביי לא מאנש — האוור (Havre), דער גרעסטער אטלאנטי־שער האפען פון פראנקרייך, 130,200 איינוו. ארויף פון האוור ביי לא מאנש דיעפפ (Dieppe), א באד־אָרט, 23,000 איינוו. פון האוור צו וועסט אויף דעם נאָרדליכען ברעג פון דער האלב־אינזעל קאָטאנטען (Cotentin), וועלכע שטעקט ארויס אין לא מאנש, איז דער מיליטערישער האפען שערבורג (Cherbourg), מיט 43,000 איינוואיינער.

אין דעם נאָרד אָסטליכען טייל — אמיאן (Amiens), 90,000 איינוו.; בולאָני' (Boulogne), א האפען ביי לא מאנש, 50,000 איינוו.; קאלע (Calais), א האפען ביי'ם פא־דע־קאלע, בעריהמט מיט דער אינדוסטריע פון פאָזאמענטיר, 60,000 איינוו. ביי דער בעלגישער גרענעץ: דיונקערק (Dunkerque), דער פערטער אטלאנטישער האפען פון פראנקרייך, 39,000 איינוו.; דיא פעסטונג ליל (Lille), דער גרעסטער מיטעלפונקט פון אינדוסטריע און האנדעל אין דעם נאָרדליכען טייל, איבערהויפט א מארק פון הינטעל־צוקער, 211,000 איינוו. נאָהענט פון דיזער זיינען דיא

וועבער-שטעדט רובע (Roubaix), 124,300 איינוו., און טורקואַן (Tourcoing), 80,000 איינוו. אין לאָררען (Lorraine), גע-גענאיבער דער שטאָדט מעטץ, וועלכע געהערט יעצט צו דייטש-לאַנד, געפינט זיך דיא פעסטונג ווערדען (Verdun), מיט 21,500 איינוו.; נאַנסי (Nancy), ביי דעם טייך מאָרטה (Meurthe), פארצייטיגע הויפטשטאָדט פון לאָררען, מיט אַן אוניווערזיטעט און אינדוסטריע פון פּאָזאַמענטור און ארטיסטישע פּאַיאַנס, 102,600 איינוו.

אין וועסט און זיד-וועסט — דער קריעגס-האַפען ברעסט (Brest) אין ברעטאַני' ביי'ם אטלאַנטישען אָקעאַן, 84,300 איינוו., און לאָריאַן (Lorient), צו זיד-אָסט פון ברעסט, א מיטעל-פונקט פיר דעם פאַנג פון סאַרדינען, 45,000 איינוו. אין מיטען פון ברעטאַני' צו אָסט איז רענן (Rennes), מיט 75,000 איינוו. צו זיד-וועסט, אויף דעם טייך לואַר, איז דער האַפען סט. נאַזעיר (St. Nazaire), 36,000 איינוו.; זיד-אָסטליך פון דיזער, ניט ווייט אַוועק, איז נאַנט (Nantes), איינע פון דיא וויכטיגסטע שטעדט פון פראַנקרייך, מיט שיפ-בוי אינדוסטריע, גרויסען צוקער-האַנדעל, מאַנופאַקטור פון צוקער, טאַבאַק און אַנ-דערע אַרטיקלען, 133,000 איינוו. נאָרד-אָסטליך ארויף פון דיזער איז אַנזשער (Angers), אין דער פראָווינץ אַנזשו (Anjou), מיט 82,400 איינוו. און לע מאַן (Le Mans), אין דער פראָ-ווינץ מען (Maine), מיט 63,500. זידליך אַרונטער אין דער פראָ-ווינץ טורען (Touraine), איז דיא אַלטע שטאָדט טור (Tours), מיט 65,300. און נאָרד-אָסטליך פון דיזער איז אָרלעאַן (Orléans) אין דער פראָווינץ אָרלעאַנעי (Orléanais), 67,300 איינוו. זיד-אָסטליך פון אונטער-לואַר (Loire inféniеure) איז פּואַטיער (Poitiers) אין דער פראָווינץ פּואַטו (Poitou),

40,000 איינוו. אַרונטער זידליך אין דער פּראָווינץ אַנגומואַ (Angoumois) זיינען אַנגולעם (Angoulême), בעריהמט דורך איהר פאַבריקאַציאָן פון פּאַפּיער, 37,650 איינוו., און קאָניאַק (Cognac), אַ מיטעלפונקט פון האַנדעל מיט שנאַפּס (קאָניאַק), 19,500 איינוו. אין דער פּראָווינץ אָניס (Aunis), ביי'ם ברעג פון ים, זיינען דיא האַפענס ראָשפאָר (Rochefort), 36,500 איינוו., און לאַ ראָשעלל (La Rochelle), 31,600 איינוו.

אין דעם מיטעלען און זיד־וועסטליכען טהייל — אין דער פּראָווינץ לימוזאַן (Limousin), דיא שטאָדט לימאָזש (Limoges) מיט אַ גרויסער אינדוסטריע פון פּאָרצעלאַן, 84,000 איינוו. אַרויף צו נאָרד אין דער פּראָווינץ בעררי (Berry) איז בורזש (Bourges) מיט גיעסערייען פון שיס־געוועהר, 46,000 איינוו. נאָרד־וועסטליך פון לימוזאַן אין דער פּראָווינץ בורבאָננעי (Bourbonnais) איז ווישי (Vichy), אַ מינעראַל־באַד, מיט 15.000 איינוו. זידליך פון בורבאָננעי אין דער פּראָווינץ אָווערני' (Auvergne) איז דיא שטאָדט קלערמאָנ־פערראַן (Clermont Ferrand), 53,000 איינוו. צו זיד־וועסט פון אָווערני' אין דער פּראָווינץ גויענן (Guyenne), אויף ביידע זייטען פון דער גאַראָנן, דיא שטאָדט באָרדאָ (Bordeaux), דער צווייטער וויכטיגער האַנדעל־פּאָרט פון פראַנקרייך, 246.700 איינוו. צום סאַמע זיד־וועסט אין דער פּראָווינץ נאַוואַרר (Navarre), ביי דעם ביסקאַיאַ'שען בוזים, דיא פעסטונג בעיאָנן (Bayonne), מיט 27,600 איינוו., און אין דעם אינערן טהייל פון דער פּראָווינץ בעאַרן (Béarn) דיא שטאָדט פּאָ (Pau), מיט 34 200 איינוו. ביי'ם פוס פון דיא פּירענעען, מיט וועלכע דיזע צוויי פּראָווינצען גרענעצען זיך, געפינען זיך דיא בעדער באַניער (Bagnères) און טאַרב (Tarbes) און דאָס בעריהמטע שטעדטעל לורד (Lourdes), וואוהין פיעלע פרומע

פראַנצויזען זיינען עולה־רגל פיר וואונדער־קור; אין דיזען שטעדטעל איז דאָ אַ העהל, פון וועלכער עס ווערט ערצעהלט, דאָס דיא הייליגע מאַריע האָט זיך דאָרטען בעוויעזען צו אַ דאָרפישער מיידעל און איהר ענטדעקט דיא וואונדערבאַרע אייגענשאַפט פון דעם מינעראַל־קוואַל, וואָס געפינט זיך דאָ.

אין דעם זיד־אָסטליכען טייל — אין דער פראָווינץ לאַנגעדאָק (Languedoc) דיא הויפּט־שטאָדט טולוז (Toulouse) מיט 150,000 איינוו. צו אָסט פון דיזער, נאָהענט פון דעם מיטעללענדישען מעער, איז מאָנפעלליער (Montpellier), 76,000 איינוו., און אַביסעל אַרויף צו נאָרד־אָסט איז נים (Nîmes), 80,600 איינוו.; דיזע ביידע שטעדט צייכנען זיך אויס מיט דער ערציהונג פון זייד־ווערים. אין דער פראָווינץ רוססיליאָן (Roussillon), ביי דער גרענעץ פון שפּאַניען, ליעגט פּערפּיניאָן (Perpignan), מיט 36,200 איינוו. אין דער פראָוואָנס (Provence), בײ'ם מיטעללענדישען מעער, איז מאַרסעיל (Marseille), דיא דריטע שטאָדט און דער וויכטיגסטער האַנדעלפּאָרט פון פראַנקרייך, דער מיטעלפּונקט פון דער אינדוסטריע פון בוימאויל און פּאַרפיום, מיט 492,000 איינוו. צו אָסט פון דיזער איז דיא שטאָדט טולאָן (Toulon), דער מיטעללענדישער קריעגס־האַפען פון פראַנקרייך, מיט 101,600 איינוו. אין דער פראָווינץ נים (Nice), אין סאַמע זיד־אָסטליכען פוקט פון פראַנקרייך בײ'ם מיטעללענדישען מעער, איז דיא פּאָרט־שטאָדט נים (Nice), וועלכע ווערט פיעל בעזוכט פיר פערגניגען, מיט 105,000 איינוו.*) אין דער גראַפשאַפט וועגעססען (Comtat Venaissin), דיא שטאָדט אַוויניאָן (Avignon), וועלכע איז אַמאָל געוועזען דיא רעזי־

*) דיא פראָווינץ נים האָט ביז 1860 געהערט צו איטאַליען. איהר איטאַליענישער נאָמען איז ניצצאַ (Nizza).

דענץ פון דיא פאפסטען, מיט 46,000 איינוו. נאָרדליך פון דיזער, אין דער פראָווינץ דאָפינע (Dauphiné), איז דיא פעסטונג גרע־נאָבל (Grenoble), מיט 69.000 איינוו. אין דער פראָווינץ סאַוואָא (Savoie), דיא הויפט־שטאָדט שאַמבערי (Chambéry), 22.000 איינוו. נאָרד־וועסטליך פון שאַמבערי, אין דער פראָווינץ ליאָננעי (Lyonnais), בייא דעם פעראייניגונגס־פונקט פון דיא טייכען רהאָן און סאָן, איז ליאָן (Lyon), דיא דריטע שטאָדט פון פראַנקרייך אין בעפעלקערונג און אינדוסטריע, מיט 459.000 איינוו. צו זיד פון דיזער שטאָדט איז עטיענן (Étienne), הויפט אָרט פיר דיא פאַבריקאַציאָן פון זייד־בענדער, שטאָהלענע וואַארען און בלאַנקע געוועהר, מיט 147,000 איינוו. נאָרדליך אַרויף אין דער פראָווינץ בורגאָני' (Bourgogne) זיינען שאַלאָן־סיור־סאָן (Châlon-sur-Saône), 30,000 איינוו., און דיזשאָן (Dijon), דיא אַלטע הערצאָג־שטאָדט, 71,500 איינוו. נאָרד־אָסטליך אין פראַנש־קאָמטע (Franche-Comté) איז בעזאַנסאָן (Besançon), 55,400 איינוו. דיא פעסטונג בעלפאָר (Belfort), אַרויף צו נאָרד־אָסט, 32,600 איינוו., בעוואַכט פון דער פראַנצויזישער זייט דעם גרענעץ פון עלזאַס.

זייט 1768 געהערט צו פראַנקרייך דיא מיטעללענדישע איטאַליענישע אינזעל קאָרסיקאַ (Corsica), וועלכע בילדעט איינע פון דיא 87 דעפּאַרטעמאַנס. דער שטח פון דיזער אינזעל איז 3,377 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג 295,600. דיא איינוואוינער זיינען איטאַליענער און דאָרטען הערשט דיא איטאַליענישע שפראַך. דיא וויכטיגסטע שטעדט זיינען: באַסטיאַ (Bastia), א האַפען־שטאָדט צו נאָרד־אָסט, 25,500 איינוו., און אַזשאַקסיאָ (Ajaccio), דיא הויפט־שטאָדט, בייא'ם וועסטליכען ברעג, 21,780 איינוו.

אונטער דער אויבערהערשאַפט פון פראַנקרייך און פון דעם

שפּאַנישען בישאָף פון אורגעל (Urgel) שטעהט דיא קליינע רע־פובליק אנדאָררא (Andorra) אין דיא פירענעען ביי דעם גרע־נעץ צווישען פראַנקרייך און שפּאַניען. דיזע קליינע מדינה, וועלכע האָט א שטח פון 175 קוו. מ. און א בעפעלקערונג פון 5,250, ווערט רעגיערט דורך א ראַט פון 24 מיטגליעדער און א סינדיק (syndic), ד. ה. איינעם א געוועהלטען אַלם הויפּט. דיא הויפּט־שטאָדט איז אנדאָררא לא וויעחא (Andorra la Vieja).

ביי דעם מיטעללענדישען מעער צו זיד־וועסט, צווישען איטאַל־יען און פראַנקרייך, איינגעשלאָסען אין דעם פראַנצויזישען דעפּאַרטע־מאַן אַלפּ מאַריטים, ליעגט דאָס פירסטענטום מאָנאַקאָ (Monaco), מיט א שטח פון 8 קוו. מ. און א בעפעלקערונג פון 15,200. דיזע מדינה'לע ווערט רעגיערט דורך א פירסט פון דער פאַמיליע גרימאַלדי, וועלכע שטאַמט פון גענוא, איטאַליען. דיא הויפּט־שטאָדט איז מאָ־נאַקאָ, 3,500 איינוו. ניט ווייט פון דיזער איז דער באַדע־פּלאַץ מאָנטע קאַרלאָ (Monte Carlo), בעריהמט דורך איהר שפּיעל־באַנק, וועלכע ווערט בעזוכט פון אַריסטאָקראַטישע שפּיעלער.

אויסווערטיגע בעזיצונגען. — פראַנקרייך בע־זיצט פיעל טערריטאָריע אין אַזיען, אַפריקאַ, אַמעריקאַ, און דעם אינדישען אָקעאַן און אין דעם שטילען אָקעאַן. דיא וויכטיגסטע פראַנצויזישע קאָלאָניעס זיינען טוניס (Tunis) אין נאָרד אַפ־ריקאַ און אַלזשיר (Algeria) [אין פראַנצויזיש: Algérie] אין נאָרד־וועסט אַפריקאַ. טוניס איז אונטער דעם שוץ פון דער פראַנ־צויזישער רעגיערונג און אַלזשיר איז א ווירקליכער טייל פון פראַנק־רייך. דיא וויכטיגסטע קאָלאָניעס נאָך דיזע זיינען: סענעגאַל (Senegal) אין וועסט אַפריקאַ, דיא אינזעל מאַדאַגאַסקאַר (Madagascar) אין דעם אינדישען אָקעאַן, און אינדאָ־כינא (Indo-China). אין דער פערוואַלטונג פון דיא אויסווערטיגע בע־

זיצונגען פיהרט פראנקרייך א ליבעראלע טאקטיק. פיעלע פון דיא עלטערע קאלאניעס, וויא גואיאנא (אין זיד אמעריקא), סענעגאל, פראנצויזיש־אינדיען, קאשין־כינא א. ז. וו. שיקען פערטרעטער צום פראנצויזישען פארלאמענט.

פאלגענדעס איז א פערצייכניס פון דיא פראנצויזישע קאלאניעס אין דיא פערשיעדענע וועלט־טיילען:

אין אזיען — פראנצויזיש־אינדיען און פראנצויזישע אינדא־כינא. צו דיא בעזיצונגען אין אינדא־כינא געהערען: אננאם (Annam), קאמבאדיא (Cambodia), קאשין־כינא (Cochin-China), טאנקין (Tonkin) און לאאם (Laos).

אין אפריקא — אלזשיר (Algeria) מיט איהרע טערריטאריעס אין דעם מדבר סאהארא; טוניס (Tunis), סענעגאל (Senegal), סענעגאמביא (Senegambia) און ניגער (Niger), פראנצויזישע גוינעא אדער גיני (Guinea), אייווארי קאוסט (Ivory Coast), דאהאמעי (Dahomey), קאנגא (Congo), פראנצויזישע סאמאלי (Somali), רעיוניאן (Reunion), קאמארא־אינזלען (Comoro Islands), מאיאטט (Mayotte), דיא אינזעל מאדאגאסקאר (Madagascar).

אין אמעריקא — פראנצויזישע גואיאנא (Guiana) אין זיד אמעריקא, גאדעלופ (Guadeloupe) און אנדערע וועסט־אינדישע אינזלען, דיא אינזעל מארטיניק (Martinique) פון דיא קלענערע אנטיללען, דיא אינזלען סט. פיערר (Saint Pierre) און מיקעלאן (Miquelon) אין נארד אמעריקא זידליך פון ניופאונדלענד.

אין דעם פאסיפיק — דיא אינזעל ניי־קאלעדאניא (New Caledonia) [אין פראנצויזיש Nouvelle Calédonie], דיא

לאָיאַלטי-אינזלען (Loyalty Islands), דיא מאַרקעסאַס-אינזלען (Marquesas Islands) און נאָך אַנדערע.

דער צוזאַמענגענומענער שטח פון דיא פראַנצויזישע קאָלאָניעס איז 4.072,076 קוו. מ. און זייער צוזאַמענגענומענע בעפעלקערונג איז 51,139 340.

---

## 15. קאַפּיטעל.

---

## האָללאַנד, בעלגיום, לוקסעמבורג.

געאָגראַפישע לאַגע פון דיזע דריי מדינות. — זייערע שטח'ן, באָדענס, בעפעלקערונגען און פאָרמען פון רעגיערונג. — פראָווינצען און שטעדט.

---

דער שטח, וועלכער ענטהאַלט האָללאַנד, בעלגיום און לוקסעמבורג, ליעגט צווישען 50° — 53° נאָרדליכע ברייט און 2½° — 7° אָסטליכע לענג, און גרענעצט זיך מיט דער נאָרד-זעע (דייטשען מעער) צו נאָרד-וועסט, מיט דייטשלאַנד צו אָסט און מיט פראַנקרייך צו וועסט. לוקסעמבורג ליעגט צו זיד פון בעלגיום און איז איינגעשלאָסען צווישען דייטשלאַנד און פראַנקרייך. פאָלגענדע זיינען בעזונדערע בעשרייבונגען פון דיזע דריי מדינות.

האָללאַנד. — דיזע מדינה גרענעצט זיך מיט דער נאָרד-זעע צו וועסט און נאָרד, מיט פרייסען (דייטשלאַנד) צו אָסט און בעלגיום צו זיד, און זיא פערנעהמט אַ שטח פון 12,648 קוו. מ.

דער באָדען פון האָללאַנד איז זעהר פלאַך און ניעדריג און ווערט געשיצט געגען איבערשוועמונגען פון ים דורך וואַסער-צאַמען.

אַ גרויסער טייל פון דער אויבערפלעך איז אַמאָל געוועזען אונטער'ן ים און איז אַרויסגעהויבען געוואָרען דורך קאַנאַלען. דאָס אַרויס־געהויבענע לאַנד איז אָנפאַנגס געווען זעהר זומפּיג און איז אויס־געטריקענט געוואָרען מיט גרויס מיה; אָבער יעצט איז עס אויסגע־צייכענט פיר דיא פּראָדוקציאָן פון געטריידע און פיה־צוכט. וועגען דער ניעדריגקייט פון איהר באָדען ווערט האָללאַנד בעצייכענט מיט דעם נאָמען דיא ניעדערלאַנדען (האָללענדיש: Nederlanden, ענגליש: Netherlands).

דיא הויפּט טייכען פון האָללאַנד זיינען דיא ש ע ל ד ע (Schelde), דיא מ אַ אַ ס (Maas) און דער ר ה י י ן (Rhein). דער רהיין קומט אַריין פון דייטשלאַנד און טיילט זיך פערנאַנדער אין מעהרערע צווייגען, וועלכע ווערען בעצייכענט מיט בעזונדערע נעמען. צו נאָרד־אָסט פון האָללאַנד געפינט זיך דיא זוידער זעע (Zuider Zee), אַ צווייג פון דער נאָרד־זעע, וועלכער געהט אַריין טיעף אין דעם לאַנד.

דיא איינוואוינער פון האָללאַנד שטאַמען הויפּטזעכליך פון ניעדער־דייטשע פעלקער — פראַנקען, פריעזען און זאַקסען — און זיי רעדען אַ ניעדער־דייטשע שפּראַך. ביז 64 פּראָצענט פון דיא האָללענדער געהערען צו דער רעפאָרמירטער קירכע (פּראָטעסטאַנ־טען) און 36 פּראָצענט זיינען קאַטאָליקען. אויסער דיזע זיינען דאָ אין דיזען לאַנד אונגעפעהר 100,000 אידען.

דיא האָללענדער צייכנען זיך אויס איבערהויפּט אַלס אַ פאָלק פון האַנדעל, וועלכער איז לויט דער צאָהל פון בעפעל־קערונג גרעסער וויא אין אירגענד וועלכען אַנדערן לאַנד אין אייראָפּאַ. דיזע אויסצייכנונג האָט האָללאַנד צו פערדאַנקען איהרע קאָלאָניעס אין אַזיען, פון וועלכע זיא קריעגט זעהר פיעל קאַפע, צוקער, רייז, אינדיגאָ, געווירצען און אַנדערע אַרטיקלען, וועלכע

זיא עקספּאָרטירט פיעל נאָך אַנדערע לענדער. אויסער האַנדעל האָבען דיא האָללענדער בעדייטענדע אינדוסטריען פון אַגריקולטור און מאַנופאַקטור.

דיא הויפּט אַגריקולטור פּראָדוקטען אין האָללאַנד זיינען קאָרן, ווייץ און האָבער. אין דעם זיד-אָסטליכען טייל ווערען אויך גע־פלאַנצט וויינטרויבען. גאָרטען-גרינס און האָללענדישע טולפּען-ציבע־לעס (אַ סאָרט בלומען) זיינען דאָ אַ וויכטיגע ספּעציאַליטעט. אויסער דיזע אַרטיקלען ווערען דאָ נאָך פּראָדוצירט: פלאַקס, האַנף (קאָ־נאָפּליע), טאַבאַק, האָפּענס, צוקער-ריבען און נאָך אַנדערע. בע־דייטענדער אַלס אַקערבוי איז אין האָללאַנד דיא פיה-צוכט, און פּיטער, קעז און לעבעדיגע ביערע ווערען אַרויסגעפיהרט מעהר וויא אַלע אַנדערע היימישע פּראָדוקטען. האָללאַנד האָט אויך אַ גרויסע פיש-אינדוסטריע; זיא גיט זיך פיעל אָפּ מיט דעם פאַנג פון אויס־טערן און הערינג.

מאַנופאַקטור איז אין האָללאַנד ניט זעהר גרויס, וועגען דעם מאַנגעל פון קויהלען און אייזען. דיא וויכטיגסטע מאַנופאַקטור איז דאָ דיא פאַבריקאַציאָן פון ליקער, בראַנפען, ציגאַרען, באַוועל און לייווענט. דיא מאַנופאַקטור פון באַוועל און לייווענט איז דאָ זעהר אַ וויכטיגער און האָללאַנד איז יעצט לויט דער צאָהל פון איהרע איינוואוינער דיא צווייטע נאָך ענגלאַנד אין דעם אימפּאָרט פון באַ־וועל. נאָך אַ וויכטיגע אינדוסטריע אין דיזען לאַנד איז דאָס בויען פון הילצערנע שיפען, פיר וועלכע דאָס געהילץ קומט איבער דעם רהיין פון דעם שווארצ-וואַלד פון דייטשלאַנד. צו טרייבען מאַשינען ווערט פיעל בענוצט ווינט אַלס קראַפט. ווינט-מיהלען ווערען בענוצט צו מאָהלען קאָרן, קאַפע און שאָקאָלאַדע, אויסצושלאָגען פלאַקס און האַנף, צו פּרעסען אויל-זוימען, צו מאַכען פּאַפּיער-קאַשע און צו נאָך אַנדערע צוועקען.

האָללאַנד איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע און ווערט רעגיערט דורך אַ קעניג אָדער אַ קעניגין, מיט אַ פּאַרלאַמענט, וועלכער בעשטעהט פון אַן איבער־קאַמער פון 50 מיטגליעדער און אַן אונטער־קאַמער פון 100 מיטגליעדער. דער האָללענדישער פּאַרלאַמענט טראָגט דעם נאָמען דיא גענעראַל־שטאַאַטען (האָללענדיש: Staten Generaal, ענגליש: States-General). צו דיזער צייט רעגיערט קעניגין ווילדעלמינע (Wilhelmine), דיא טאָכטער פון ווילהעלם דעם דריטען, וועלכער איז געשטאָרבען אין 1890.

דיא ניעדערלאַנדען ווערען איינגעטיילט אין פאָלגענדע 11 פּראָווינצען: נאָרד־האָללאַנד (Noord-Holland), זיד־האָללאַנד (Zuid-Holland), זעעלאַנד (Zeeland), אוטרעכט (Utrecht), געלדערלאַנד (Gelderland), גראָנינגען (Groningen), אָווערייסעל (Overijssel), דרענטע (Drente), פריעזלאַנד (Friesland), נאָרד־בראַבאַנט (Noord-Brabant), ניעדערלענדיש־לימבורג (Nederlandsch Limburg). דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דיזע פּראָווינצען זיינען:

אין נאָרד־האָללאַנד — אַמסטערדאַם (Amsterdam), דיא הויפּט־שטאָדט, ערסטע שטאָדט אין האַנדעל און אינדוסטריע, 547 000 איינוו.; האַארלעם (Haarlem), בעריהמט פיר דיא פּראָדוקציאָן פון טולפּען־בלומען, 68,500 איינוו.; העלדער (Helder), אַ סטאַציאָן פון דער פלאָטע בײ'ם אריינגאַנג פון דער זוידער־זעע, 26,000 איינוו.; דיא שטעדט האָאָרן (Hoorn) און אַלקמאַר (Alkmar), וועלכע צייכנען זיך אויס אַלס מ̈רק פון פוטער און קעז.

אין זיד־האָללאַנד — האַאַג (Haag), דיא צווייטע הויפּט־שטאָדט פון לאַנד, דיא רעזידענץ פון דער רעגיערונג, 230,000

איינוו.; ליידען (Leyden), בײ'ם רהײן, בעזיצט דיא עלטעסטע פון דיא 5 אוניווערזיטעטען פון לאַנד, 55,000 איינוו.; דעלפט (Delft), בעריהמט פיר דיא פאַבריקאציאָן פון ארטיסטישע גע־שיר, 32,000 איינוו.; ראָטטערדאַם (Rotterdam), ביי דער מאַאַס, וויכטיגער פאָרט און דיא צווייטע שטאָדט פון לאַנד אין בעפעלקערונג און האַנדעל, 350,000 איינוו.; דיא פאָר־האַפענס פון ראָטטערדאַם: שיעדאַם (Schiedam) מיט ברענעררייען פון בראַנפען, פלאַרדינגען (Vlardingen) מיט דעם פאַנג פון העריגג, הוק פון האָללאַנד (Hoek van Holland) מיט דורכגאַנג נאָך האַרוויטש, ענגלאַנד; דאָרטרעכט (Dordrecht), אַ וויכטיגער האַנדעל־פאָרט אויף דער מאַאַס, 43,000 איינוו.

אין זעעלאַנד — פליססינגען (Vlissingen), אויף דער אינזעל וואַלכערען (Walcheren), דורכגאַנג נאָך קווינבאָראָ, ענג־לאַנד, 16,000 איינוו.

אין אוטרעכט — דיא שטאָדט אוטרעכט (Utrecht), מיט אַן אוניווערזיטעט און פאַבריקען פון סאַמעט, אַ מיטעלפונקט פון דיא אייזענ־באַהן ליניעס, 110,000 איינוו.

אין געלדערלאַנד — ארנהעם (Arnhem), 59,800 איינוו.; נימוועגען (Nimwegen), אויף דעם טייך וואַאַל, 48,000 איינוו.

אין אָווערײסעל — קאַמפען (Kampen), אַ פעסטונגס־שטאָדט, אויף דער איססעל, 19,000 איינוו.; זוואָללע (Zwolle), אויף דעם זעלביגען טייך, 30,000 איינוו.; ענשעדע (Enschede) און אָלדענזאַאל (Oldenzaal), וועלכע צייכענען זיך אוים מיט באַוועל־אינדוסטריע.

אין דרענטע — דיא שטאָדט מעפּפעל (Meppel), מיט אַ בעדייטענדען האַנדעל און בעדייטענדער מאַנופאַקטור, אונגעפעהר 9,000 איינוו.

אין פריעזלאַנד — לעעוואַרדען (Leeuwarden), הויפּט־שטאָדט פון דער פּראָווינץ, 34,000 איינוו.; האַרלינגען (Harlingen), אַ פּאָרט ביי דער נאָרד־זעע, דער הויפּט־אָרט פון האַנדעל אין פריעזלאַנד, אונגעפעהר 10,000 איינוו.

אין גראָנינגען — דיא הויפּט־שטאָדט גראָנינגען (Groningen), מיט אַן אוניווערזיטעט און בעדייטענדען האַנדעל פון געטריידע, 71,000 איינוו.

אין נאָרד־בראַבאַנט — דיא אַמאָליגע פעסטונגס־שטעדט: בערגען־אָפּ־זאָאָם (Bergen-op-Zoom), הערטאָגענבאָש (Hertogenbosch) און פרעדאַ (Vreda); טילבורג (Tilburg), מיט אַ בעדייטענדער אינדוסטריע פון טוך, 36,500 איינוו.

אין ניעדערלענדיש־לימבורג — ווענלאָ (Venlo) אויף דער מאַאַס, מיט פערשיעדענע מאַנופאַקטורען און אַ גרויסען האַנדעל פון שווינען, אונגעפ. 11,000 איינוו.; רורמאָנדע (Roermonde) מיט פאַבריקאַציאָן פון טוך, 9,000 איינוו.; מאַאַסטריכט (Maastricht), דיא הויפּט־שטאָדט פון דער פּראָווינץ, מיט בעדייטענדען האַנדעל און בעדייטענדע מאַנופאַקטורען, 33,500 איינוו.

האָללאַנד האָט מעהרערע אויסווערטיגע בעזיצונגען, וועלכע ברייננגען איהר איין זעהר פיעל מיט זייערע נאַטירליכע רייכטימער און שטעלען איהר זעהר הויך אין דעם האַנדעל פון דער וועלט. אַלע דיזע קאָלאָניעס ווערען ליבעראַל רעגיערט, האָבען פּאָלשטענדיגע רעליגיאָנס־פרייהייט און גוטע אייניאָרדנונגען פיר שול־בילדונג. דיא האָללענדישע אויסווערטיגע בעזיצונגען זיינען וויא פאָלגט:

האָללענדיש־אָסט־אינדיע (Dutch East Indies), וועלכע שליעסט איין דיא אינזעל יאַוואַ (Java), דיא מאָלוקקאַ־אינזלען (Moluccas), טיילען פון באָרנעאָ (Borneo), ניי־גווינעאַ (New Guinea) [דיזע אינזעל געפינט זיך צו נאָרד

פון אויסטראַליען], סומאַטראַ (Sumatra), צעלעבעס (Celebes) און מעהרע קלענערע אינזלען.

האָללענדיש-וועסט אינדיען (Dutch West Indies), וועלכע שליעסט איין דיא קאָלאָניע קוראַסאַאָ (Curaçao) צווישען דיא וועסט-אינדישע אינזלען און האָללענדישע גואיאַנאַ (Dutch Guiana) אין זיד אַמעריקאַ.

דער צוזאַמענגענומענער שטח פון דיא האָללענדישע קאָלאָניעס איז 782,863 קוו. מ. און זייער צוזאַמענגענומענע בעפעלקערונג איז 36,161,000.

בעלגיום. — דיזע מדינה גרענעצט זיך מיט דער נאָרד-זעע צו נאָרד-וועסט, מיט האָללאַנד צו נאָרד, מיט פּרייסען און לוקסעמבורג צו אָסט און מיט פראַנקרייך צו זיד-וועסט און וועסט, און זיא האָט אַ שטח פון 11,373 קוו. מ.

דיא אויבערפלעך פון בעלגיום איז אין אַלגעמיין גראָד, נאָר אין דעם זיד-אָסטליכען טייל איז דער באָדען אויפגעהויבען און בערגיג. צו זיד פערנעהמט בעלגיום אַ טייל פון דיא אַרדעננען (Ardennes), אַ טאַפעל-לאַנד, וועלכעס ציהט זיך פון פראַנקרייך. דיזעס טאַפעל-לאַנד איז רייך אין געהילץ און מינעראַלען.

דיא הויפּט טייכען פון בעלגיום זיינען דיא רופּעל (Rupel), דיא סעננע (Senne), דיא שעלדע (Shelde), דיא מאַאַס (Maas), דיא סאַמבר (Sambre) און דיא ליס (Lys).

ביז 1830 איז בעלגיום געווען אַ טייל פון האָללאַנד; דעם 4טען אָקטאָבער פון יענעם יאָהר האָט זיא זיך אָפּגעריסען דורך אַ רעוואָלוציאָן און איז געוואָרען אַ זעלבסטשטענדיגעס קעניגרייך.

דיא בעפעלקערונג פון בעלגיום איז אונגעפעהר 7,000,000 און זיא בעשטעהט טיילס פון פלאַמלענדער (Flemings), וועלכע געהערען צו דער גערמאַנישער ראַסע, און טיילס פון וואַלאָנען

(Walloons), וועלכע זיינען פון גאַללישער אָפּשטאַמונג און פער־וואַנדט מיט דיא פראַנצויזען; דיא ערסטע בעוואוינען דעם נאָרדליכען טהייל, דיא צווייטע דעם זידליכען טהייל פון לאַנד. דיזע בעזונדערע פעלקערשאַפטען רעדען בעזונדערע שפּראַכען: דיא פלאַמלענדער — פלעמיש, וועלכע איז פערוואַנדט מיט האָללענדיש, און דיא וואַללאָנען — פראַנצויזיש. אין 1890 האָבען 2,485,072 גערעדט נאָר פראַנצויזיש, 2,744,273 נאָר פלעמיש, 700,519 האָבען גערעדט ביידע שפּראַכען. אַרום דער שטאָדט אַרלאָן (Arlon) אין דער פּראָווינץ לוקסעמבורג ווערט גערעדט דייטש. מיט דער אויסנאַהמע פון 15,000 פּראָטעסטאַנטען און 12,000 אידען איז דיא בעלגישע בעפעלקערונג קאַטוליש.

בעלגיום האָט אַ בליהענדע אַגריקולטור און איז זעהר גרויס אין מינעראַל־פּראָדוקציאָן. דיא הויפּט אַגריקולטור פּראָדוקטען זיינען געטריידע, צוקער־ריבען, האָפּענס און פלאַקס. אויסער לאַנד־אַרבייט גיבען זיך דיא בעלגיער פיעל אָפּ מיט פיה־צוכט. דיא פּראָדוקטען פון דיא מינעס זיינען אייזען, קויהלען, קופּער, צינק און אַנדערע מינעראַלען. אַחוץ דיזע אינדוסטריען האָט בעלגיום אַ גרויסע מאַנופאַקטור אינדוסטריע. איהרע פאַבריקאַציאָנען זיינען: וואָלענע און באַוועלנע וואַארען, לינען, פּאָזאַמענטור, געוועהר, הענדשקעס, גלאָז, לעדער און אַנדערע אַרטיקלען.

דיא פאָרם פון רעגיערונג אין בעלגיום איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע מיט הערשער פון דעם הויז זאַקסען־קאָבורג־גאָטהאַ. דער קעניג רעגיערט מיט דער הילף פון אַ סענאַט און אַ קאַמער פון געוועהלטע פערטרעטער פון פאָלק, וועלכע מאַכען דיא געזעצע פון לאַנד, און דיא דורכפיהרונג פון דיא געזעצע איז איבערגעגעבען צו 8 מיניסטאָרען. דיא מיטגליעדער פון סענאַט ווערען ערוועהלט אויף 8 יאָהר און דיא מיטגליעדער פון דער „קאַמער“ אויף 4 יאָהר.

בעלגיום איז איינגעטיילט אין דיא פאָלגענדע 9 פּראָווינצען: בראַבאַנט (Brabant), אַנטווערפּען (פלעמיש: Antwerpen, פראַנצויזיש: Anvers), בעלגיש-לימבורג, ליטטיך (פראַנ־צויזיש: Liège), נאַמור (Namur), בעלגיש-לוקסעמ־בורג, העננעגאַו (פלעמיש: Henegouwen, פראַנצויזיש: Heinaut), וועסט-פלאַנדערן און אָסט-פלאַנדערן. דיא וויכטיגסטע שטעדטע אין דיזע פּראָווינצען זיינען:

אין בראַבאַנט (מיטעל-פּראָווינץ) — בריססעל (פראַנצויזיש: Bruxelles), אויף דער סעננע, הויפּט-שטאָדט און רעזידענץ פון דעם קעניג און דער רעגיערונג, הויפּט אָרט פון בעלגישען האַנדעל און בעלגישער אינדוסטריע, 548.000 איינוו.; לאָוועין (פלע־מיש: Leuven, פראַנצ. Louvain), בעריהמט דורך זעהר אַן אַלטע און גרויסע אוניווערזיטעט, 42,000 איינוו.

אין אַנטווערפּען (אין נאָרדליכען טייל פון לאַנד) — הויפּט-שטאָדט אַנטווערפּען, אַ גרויסער האַנדעל-פּאָרט, איינער פון דיא גרעסטע פּאָרטען אין דער וועלט, געפינט זיך ביי דער שעלדע, 295.000 איינוו.; מעכעלען (פראַנצ. Malines), בעריהמט מיט איהר פאַבריקאַציאָן פון פּאָזאַמענטור, 57,000 איינוו.

אין בעלגיש-לימבורג (נאָרד-אָסטליכער טייל פון לאַנד) — האַס־סעלט (Hasselt), הויפּט-שטאָדט פון דיזער פּראָווינץ. 15,000 איינוו.

אין ליטטיך (זיד-אָסטליכער טייל פון לאַנד) — ליטטיך אָדער ליעזש (Liége), הויפּט-שטאָדט פון דיזער פּראָווינץ, מי־טעלפּינקט פון אייזען און שטאָהל, 164.000 איינוו.; ווערוויער (Verviers), פאַבריקאַציאָן פון טוך און פּאָזאַמענטור, 52.400 איינוו.

אין נאַמור — דיא שטאָדט נאַמור (Namur) ביי דעם פעראייניגונגס-פּונקט פון דער סאַמבר און דער מאַאַס, אינדוסטריע פון קייהלען און אייזען, 32,000 איינוו.

אין הענעגאַו (זיד־וועסטליכער טייל) — מאָנס (Mons), מיטעלפּונקט פון אַ גרויסען קויהלען־פעלד, 26,200 איינוו.

אין וועסט־פלאַנדערן — אָסטענדע (Ostende), פּאָרט־שטאָדט אויף דער נאָרד־זעע, אַ שטאַרק בעזוכטער באַד־אָרט, בע־ריהמט מיט איהרע אויסטערן, 38,500 איינוו.; ברוגגע (Brugge) אָדער ברוזש (Bruges), הויפּט־שטאָדט פון דער פּראָווינץ, וויכטיגער האַנדעל־פּלאַץ, בעריהמט מיט איהרע פּאָזאַ־מענטור, 55,000 איינוו.

אין אָסט־פלאַנדערן — גענט (פלעמיש: Gend, פראַנצ. Gand), הויפּט־שטאָדט פון דער פּראָווינץ, גרויסע פאַבריקאַציאָן פון באַוועל און וואָל, 163,000 איינוו.

אונטער דער אויבערהערשאַפט פון בעלגיום שטעהט דער וועסט־אַפריקאַנישער פריי־שטאַאט קאָנגאָ (ענגליש: Kongo Free State, אָפיציעלער נאָמען אין פראַנצויזיש: Etat indépendant du Congo), וועלכער האָט אַ שטח פון אונגע־פעהר 900,000 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 19,000,000. דיזער שטאַאט איז געגרינדעט געוואָרען לויט דער ענטשיידונג פון דעם בערלינער קאָנגרעס אין 1885 און דער פערשטאָרבענער בעלגישער קעניג לעאָפּאָלד דער צווייטער איז דאַן ערקלערט גע־וואָרען אַלס אויבער־הערשער. קאָנגאָ איז זעהר איינטרעגליך פיר דעם בעלגישען האַנדעל.

דאָס גרויס־הערצאָגטום לוקסעמבורג איז אַ קליי־נע זעלבסטשטענדיגע מדינה מיט אַ שטח פון 998 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 218,000. דיא הויפּט בעשעפטיגונג פון דיא איינוואוינער איז אגריקולטור און דאָס לאַנד איז זעהר רייך אין אייזען. דיא רעגיערונג איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע; אָן דער שפּיצע איז אַ גרויס־הערצאָג, וועלכער רעגיערט מיט דער הילף פון

אַ קאַמער פון 45 דעפּוטירטע. דיא רעליגיאָן איז רוימיש-קאַטוילישׂ און דיא הערשענדע שפּראַך איז דייטש. דיא הויפּט-שטאָדט איז לוקסעמבורג (Luxemburg), 20,000 איינוו.

---

## 16. קאַפּיטעל.

---

## דייטשלאַנד.

לאגע, גרענעצען און שטח. — אויבערפלעך און באָדען. — פּראָדוקטען, אינדוסטריע און האַנדעל. — בעפעלקערונג, שפּראַך, רעליגיאָן און שול-בילדונג. — רעגיערונג. — פּאָליטישע איינטיילונג. — וויכטיגסטע שטעדט. — אויסווערטיגע בעזיצונגען.

---

דייטשלאַנד ליעגט צווישען 47° 18′ — 55° 52′ נאָרדליכע ברייט, 5° 50′ — 22° 50′ אָסטליכע לענגע. זיא גרענעצט זיך מיט דער נאָרד-זעע, דענעמאַרק און דעם באַלטישען מעער צו נאָרד, מיט רוסלאַנד און עסטרייך-אונגאַרן צו אָסט, מיט עסטרייך-אונגאַרן און דער שווייץ צו זיד, מיט פראַנקרייך, לוקסעמבורג, בעלגיום און האָללאַנד צו וועסט. איהר שטח איז 208,738 קוו. מ.

דיא אויבערפלעך פון דייטשלאַנד איז אין דעם זיד-וועסטליכען טהייל מעהרסטענס איפּגעהויבען און בערגיג, וועהרענד אין נאָרד און אָסט איז זיא ניעדריגער און פלאַך. דאָס פלאַכע לאַנד צו נאָרד בילדעט אַ טהייל פון דעם גרויסען מיטעלען פלאַכלאַנד פון איראָפּאַ. דיא הויפּט בערג זיינען: דיא אַלפּען (Alps), שוואַרצוואַלד (Black Forest), דיא וואָגעזען (Vosges), שוואָבישע יורא

(Swabian Jura) און פראָנקישע יוראַ (Franconian Jura), דאָס פיכטעלגעבירג (Fichtelgebirge), דאָס ערצגעבירג (Erzgebirge) [„בערג פון רודעס"], טאַונוס (Taunus), טהורינגערוואַלד (Thüringerwald), דיא סודעטען (Sudetes), האַרצגעבירג (Harzgebirge), דיא בערג פון וועסטפאַליאַ (Westphalia) און פון דעם רהיין (Rhine), דאָס ריעזענגעבירג (Riesengebirge) און באָהמערוואַלד (Böhmerwald). דיא הויפט טייכען זיינען: דער רהיין (Rhine) מיט דיא ביי־טייכען מאָזעל (Moselle), נעקקאַר (Neckar) און מאַין (Main); עמס (Ems), וועזער (Weser), עלבע (Elbe), אָדער (Oder), דיא ווייכסעל (Vistula) און דער דונאַי (Danube).

דאָס דייטשע הויכלאַנד איז זעהר רייך אין מינעראַלען. ביי דיא סידעטען אין אָבער־שלעזיען (פרייסען) זיינען דאָ קויהלען, אייזען און צינק. דאָס ערצגעבירג אין זאַקסען ענטהאַלט זילבער, בלייא און צין און ביי דעם פוס פון דיזער בערג־רייהע איז דאָ אַ רייכעס קויהלען־פעלד, וועלכעס האָט זאַקסען געמאַכט פיר אַ וויכטיגע מאַנופאַקטור געגענד. דאָס האַרצגעבירג, איינע פון דיא עלטעסטע מינע־געגענדען פון דייטשלאַנד, ליעפערט אַלערליי מעטאַלען. דיא נאָרדליכע זייטען פון טאַפעל־לאַנד זיינען אונגעהייער רייך אין קויהלען און אייזען און האָבענדיג אַ לייכטען צוגאַנג צום רהיין, בילדען זיי דיא וויכטיגסטע אינדוסטריעלע געגענד פון דייטשלאַנד. אויסער דיא דערמאָהנטע מינעראַלען איז בערנשטיין אַ וויכטיגער פראָדוקט אויף דיא אָסטליכע ברעגען פון דעם באַלטישען מעער. זאַלץ קען מען בעקומען אין פערשיעדענע ערטער, און אויסער געוועהנליכען זאַלץ פראָדוצירט פרייסיש־זאַקסען גרויסע מאַסען פאָטאַש־זאַלצען, וועלכע זיינען זעהר גוט פיר דיא מיכטיגונג פון פעלדער.

אין דיא אַנדערע טהיילען פון דייטשלאַנד בעשעפטיגען זיך דיא איינוואוינער הויפּטזעכליך מיט אַגריקולטור אין פיה-צוכט. דיא הויפּט אַגריקולטור פּראָ־דוקטען זיינען קאָרן, קארטאָפּפעל און צוקער-ריבען. אין דיא וואַרימערע טהאָלען צווישען דיא הויכלענדער פון מיטען דייטשלאַנד, זיינען וויכטיגע פּראָדוקטען פרוכט און וויין; ווייטער צו זיד-וועסט, איבערהויפּט אויף דיא בערג געגענאיבער דעם רהיין און זיינע ביי-טייכען נעקקאַר און מאַין, איז דער הויפּט פּראָדוקט וויין, אָבער וויכטיגע פּראָדוקטען זיינען דאָרטען אויך טאַבאַק, קיר־קורוזע און האָפּענס. דייטשלאַנד איז זעהר רייך אין געהילץ; דיא וועלדער בעדעקען אונגעפעהר אַ פערטעל פון דער אויבערפלעך פון דעם לאַנד.

דיא טייכען פון דייטשלאַנד, פון וועלכע אַלע, אויסער דעם דונאַי און זיינע ביי-טייכען, פליעסען אַריין אין דיא נאָרד-זעע און אין דאָס באַלטישע מעער, זיינען זעהר ניצליך פיר דעם פערקעהר פון האַנדעל, און זיי האָבען דעריבער ביי זייערע ברעגען אָדער נאָ־הענט פון דיזע פיעלע וויכטיגע שטעדט. דער רהיין, דיא עלבע, דיא אָדער און דיא ווייכסעל זיינען גוט פיר דעם פערקעהר פון שיפען כמעט פיר זייער גאַנצע לענג ביז דער דייטשער גרענעץ. בעזאָנדערס וויכטיג זיינען דיא עלבע און דער רהיין, וועלכע זיינען זעהר ברייט און טיעף; אויף זיי ווערען נאָך אַלץ געפיהרט גרויסע מאַסען וואַארע טראָץ דעם, וואָס אייזענבאַהנען האָבען זיך דיא לעצטע צייטען שטאַרק ענטוויקעלט, און ביי דיא ברעגען פון דעם רהיין געפינען זיך מעהרער וויכטיגע שטעדט, וויא ביי אירגענד אַן אַנדערן טייך אין אייראָפּאַ.

דייטשלאַנד איז זעהר גרויס אין מאַנופאַקטור און האַנדעל. דיא מאַנופאַקטורען זיינען: באַוועלנע און וואָלענע וואַארען, לינען, אייזענ-וואַרג, שטאָהל-וואַרג, צוקער, ביער און פיעלע אַנדערע זאַכען.

צווישען דיא אַרטיקלען, וועלכע דייטשלאַנד אימפּאָרטירט, זיינען דיא וויכטיגסטע וואָל, רויהער באַוועל און געטריידע. דיא הויפּט עקס־פּאָרטען זיינען וואָלענע און זיידענע מאַנופאַקטורען און צוקער.

דיא בעפעלקערונג פון דייטשלאַנד אין איראָפּאַ (ראָם הייסט אויסער איהרע אויסווערטיגע בעזיצונגען) איז 63.886,000. דיא מעהרסטע זיינען פון דער גערמאַנישער ראַסע און רעדען דייטש אָדער דייטשע דיאַלעקטען, אָבער אין דעם אָסטליכען טייל פון לאַנד, אין דער פּראָווינץ פּאָזען און אין מאַנכע געגענדען פון וועסט פּרייסען און שלעזיען, זיינען דיא מעהרסטע איינוואוינער פּאָליאַקען. צו ביסלאַך געפינען זיך אויך אין דייטשלאַנד ליטווינען, ווענדען, טשעכען (בעהמער), דענער, פראַנצויזען און וואַללאָנען. אויסער דיזע נאַציאָנאַליטעטען געפינען זיך נאָך אין דייטשלאַנד 600,000 אידען. דיא רעליגיאָן פון דעם גרעסטען טייל פון דער בעפעלקערונג איז פּראָטעסטאַנטיש; אונגעפעהר 35 פּראָצענט זיינען קאַטאָליקען. שול־בילדונג איז זעהר פערברייטעט און זעהר פאָרטגעשריטען. עס זיינען דאָ איין־און־צוואַנציג אוניווערזיטעטען, פון וועלכע דיא וויכ־טיגסטע זיינען אין בערלין, קעניגסבערג, לייפּציג און מינכען.

דייטשלאַנד איז אַ בונד פון בעזונדערע שטאַאַטען, וועלכע שטעהען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון אַ קייזער (דייטשעס קייזעררייך). דיזע שטאַאַטען זיינען: דיא קעניגרייכען פּרייסען (Prussia), בייערן (Bavaria), זאַקסען (Saxony) און ווירטעמבורג (Wurtemburg); דיא גרויס־הערצאָגטימער באַדען (Baden), העססען (Hesse), מעקלענבורג־שווערין (Mecklenburg-Schwerin), זאַקסען־ווייאַמאַר (Saxe-Weimar), מעקלענבורג־סטרעליטץ (Mecklenburg-Strelitz) און אָלדענבורג (Oldenburg); דיא הערצאָגטי־מער בראונשווייג (Brunswick), זאַקסען־מייניגנען

(Saxe-Meinengen), אלטענבורג (Altenburg), זאקסען-קאָבורג-גאָטהא (Saxe-Coburg-Gotha) און אנהאלט (Anhalt); דיא פירסטענטימער שווארצבורג-זאָנדערסהויזען (Schwarzburg-Sondershausen), שווארצבורג-רודאָלשטאדט (Schwarzburg-Rudolstadt), וואלדעק (Waldeck), רייסס עלטערע ליניע (Reuss, Senior Branch), רייסס יונגערע ליניע (Reiss, Junior Branch) און שוימבורג-ליפפע (Schaumburg-Lippe); דיא פריי-שטעדט לובעק (Lubeck), ברעמען (Bremen) און האמבורג (Hamburg); (*) דאָס רייכסלאַנד עלזאס-לאָטהרינגען (Alsace-Lorraine), וועלכעס איז איבערגעגאנגען צו דייטשלאַנד אלס רעזולטאט פון דעם דייטש-פראַנצויזישען קריעג פון 1870—1871. אין שטח און בעפעלקערונג זיינען דיזע בעזונדערע טיילען פון דייטשלאַנד וויא פאָלגט:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| פרייסען | מיט | 134,603 | קוו. מ. | 34,472,507 | איינוו.(**) |
| בייערן | „ | 29,282 | „ | 6,176,057 | „ |
| ווירטעמבורג | „ | 7,528 | „ | 2,169,480 | „ |
| באַדען | „ | 5,821 | „ | 1,867,944 | „ |

*) דיא שטעדט לובעק, ברעמען און האמבורג רעגיערען זיך זעלבסט-שטענדיג וויא בעזונדערע מדינות. דיזע פרייהייט איז זיי נאָך פערבליעבען פון מיטעל-אלטער, ווען זיי האָבען געהערט צו דער זאָ-גענאַנטער האנזע (Hanse) — א באנד פון נאָרד-דייטשע זעלבסטשטענדיגע האנדעל-שטעדט, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט מיט דעם צוועק זיך צו שיצען געגען דיא רויבער פון באַלטישען מעער, וויא אויך צו שיצען זייערע פרייהייטען פון נאָכבאַר-שאַפטליכע הערשער. דיזע דריי שטעדט ווערען דעריבער אָפט אָנגערופען דיא האנזע-שטעדט (Hanseatic cities).

**) דיא בעפעלקערונגען ווערען דאָ אָנגעגעבען לויט סטאטיסטיק פון דעם יאָהר 1900.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| זאקסען | מיט | 5,787 | קוו. מ. | 4,202 216 | איינוו. |
| מעקלענבורג־שווערין | " | 5,135 | " | 607,770 | " |
| העססען | " | 2,965 | " | 1,119 893 | " |
| אָלדענבורג | " | 2,479 | " | 399,180 | " |
| ברוינשווייג | " | 1,424 | " | 464,333 | " |
| זאקסען־ווייםאר | " | 1,388 | " | 362,873 | " |
| מעקלענבורג־סטרעליטץ | " | 1,131 | " | 102,602 | " |
| זאקסען־מייניגגען | " | 953 | " | 250,731 | " |
| אַנאַהאַלט | " | 906 | " | 316,085 | " |
| זאקסען־קאָבורג־גאָטהא | " | 755 | " | 229,550 | " |
| זאקסען־אַלטענבורג | " | 511 | " | 194,914 | " |
| ליפפע | " | 469 | " | 138,952 | " |
| וואַלדעק | " | 433 | " | 57,918 | " |
| שוואַרצבורג־רודאָלשטאַדט | " | 363 | " | 93,059 | " |
| שוואַרצבורג־זאָנדערסהויזען | " | 333 | " | 80,898 | " |
| רייסס, יונגערע ליניע | " | 319 | " | 139,210 | " |
| רייסס, עלטערע ליניע | " | 122 | " | 68,396 | " |
| שוימבורג־ליפפע | " | 131 | " | 43,1[illegible]2 | " |
| האַמבורג | " | 158 | " | 768,349 | " |
| לובעק | " | 115 | " | 96,775 | " |
| ברעמען | " | 99 | " | 224,882 | " |
| עלזאַס־לאָטהרינגען | " | 5,600 | " | 1,719,470 | " |

אַן דער שפּיצע פון דעם בונד פון דיזע שטאַאטען שטעהט דער קעניג פון פרייסען, וועלכער טראָגט דעם טיטעל קייזער פון דייטשלאַנד און האָט דיא עקזעקוטיווע מאַכט, וויא אויך דאָס רעכט צו שליעסען טראַקטאַטען, צו ערקלערען קריעג און צו ערגענצען געזאַנדטע. דיא געזעצגעבענדע מאַכט איבער מיליטער, פינאַנסען,

האַנדעל, פערקעהר פון אייזענבאַהנען און שיפען, אַלגעמיינע אינ־
לענדישע אינטערעסען און געריכטליכע ענינים געהערט צו דעם
בונדעסראַט און דעם רייכסטאַג. דער בינדעסראַט בע־
שטעהט פון 58 בעפאָלמעכטיגטע, וועלכע ווערען ערנאַנט פון דיא
הערשער פון דיא בעזונדערע שטאַאַטען פון בונד (17 פון פרייסען,
6 פון בייערן, צו 4 פון זאַקסען און ווירטעמבורג, צו 3 פון באַדען
און העססען, צו 2 פון מעקלענבורג־שווערין און ברוינשוויג און צו
1 פון דיא איבריגע שטאַאַטען). דער רייכסטאַג בעשטעהט פון 397
דעפוטירטע (זיי הייסען אין דייטש: „אַבגעאָרדנעטע“), וועלכע ווע־
רען געוועהלט פון דעם דייטשען פאָלק דורך אַלגעמיינע דירעקטע
אָפשטימונג.

יעדער פון דיזע שטאַאַטען, וועלכע רעגיערען זיך זעלבסט
פיר זייערע לאָקאַלע אינטערעסען, איז איינגעטיילט אין פראָווינצען
און האָט זיך זיין בעזונדערע הויפט־שטאָדט. בערלין (Berlin),
דיא הויפט־שטאָדט פון פרייסען, אין דער פראָווינץ בראַנדענבורג,
איז דיא הויפטשטאָדט פון דעם גאַנצען דייטשען קייזעררייך.

פאָלגענדעס איז אַ פערצייכניס פון דיא וויכטיגסטע דייטשע
שטעדט ביי דעם ים צו נאָרד־וועסט און נאָרד־אָסט, אויף דעם
אינערן פלאַכלאַנד צו נאָרד און אויף דעם הויכלאַנד צו זיד:

ביי דער נאָרד־זעע (דייטשען מעער) — ברעמען (Bremen),
ביי דעם טייך וועזער, איינער פון דיא גרעסטע האַפענס פיר דעם
פערקעהר פון ים־שיפען, 163,000 איינוו., און ברעמער האַפען
(Bremerhaven), ביי דער מינדונג פון דעם וועזער, אַ פאָר־האַפען
פון ברעמען;*) האַמבורג (Hambnrg), ביי דער עלבע, דער
הויפט־פאָרט פון דייטשלאַנד, 706.000 איינוו.; אַלטאָנאַ

*) ברעמערהאַפען איז אין אמת'ן דער פאָרט פון ברעמען, וועלכע איז
אַליין ניט צוגענגליך פיר גרויסע ים־שיפען.

(Altona), אַ האַנדעל־פּאָרט אויף דער עלבע בײַ האַמבורג, 161,500 איינוו. (אַלטאָנאַ גרענעצט זיך מיט האַמבורג, אָבער זיא געהערט צו דער פּרייסישער פּראָווינץ שלעזוויג־האָלשטיין); קוקס־האַפען (Cuxhaven), אַ פּאָרט בײַ דער מינדונג פון דער עלבע, 57 מייל נאָרד־וועסט פון האַמבורג; ווילהעלמסהאַפען (Wilhelmshaven), אַ מיליטערישער פּאָרט אויף דעם בוזים יאַהדע אין דעם נאָרדליכען טייל פון דעם גרויס־הערצאָגטום אָלדענבורג, 23,000 איינוו.; קיעל (Kiel), אַ מיליטערישער פּאָרט בײַ דעם באַלטישען מעער, 122,000 איינוו.; לובעק (Lubeck), איינע פון דיא פרייַ־שטעדט, אויף דער טראַפע, וועלכע פליעסט אַריין אין באַלטישען מעער, 82,000 איינוו. (דיא גאַנצע טערריטאָריע פון לו־בעק צעהלט 97,000 איינוו.); שטעטטין (Stettin), אין דער פּרייסישער פּראָווינץ פּאָמערן, בײַ דער מינדונג פון דעם טייך אָדער, אַ וויכטיגער פּאָרט, 211,000 איינוו.; דאַנציג (Danzig), אין דער פּראָווינץ וועסט־פּרייסען, אַ פּאָרט אויף אַ צווייג פון דעם באַלטישען מעער, נאָהענט פון דער מינדונג פון דער ווייכסעל, זעהר אַ וויכטיגע האַנדעל־שטאָדט, אינדוסטריע פון לעדער און טוך, פאַב־ריקאַציאָן פון שנאַפּס, אַן אָרט פיר שיפּ־בוי, 147,000 איינוו.; קעניגסבערג (Königsberg), אין דער פּראָווינץ אָסט־פּרייסען, אַ פּאָרט בײַ דער מינדונג פון דעם פּרעגעל, בעריהמט דורך איהר אוניווערזיטעט, 189,000 איינוו.; מעמעל (Memel), אַ פּאָרט אין אָכט־פּרייסען, בײַ דער מינדונג פון דער דאַנגע, 20,000 איינוו. (מעמעל איז דיא ווייטסטע נאָרדליכע שטאָדט אין דייטשלאַנד).

אין דעם אינערען פלאַכען טייל פון לאַנד — בערלין (Berlin), דיא הויפּט־שטאָדט פון פּרייסען און פון דעם דייטשען קייזעררייך, אויף דעם קליינעם טייך שפּרעע, וועלכע איז פערבונדען מיט דער עלבע, טיילס דורך קינסטליכע קאַנאַלען; זיא איז זעהר

אַ גרויסע און אַ שיינע שטאָדט מיט אַ וויכטיגען האַנדעל און גרויסער מאַנופאַקטור אינדוסטריע, 1,889,000 איינוו.; 20 מייל פון בערלין צו וועכט איז פאָטסדאַם (Potsdam) מיט אַ קעניגליכען שלאָס, 60,000 איינוו.; פאָזען (Posen), אין דער פּראָווינץ פּאָזען (פּרייסען), אויף דער וואַרטאַ, אַ האַנדעל־שטאָדט, פעסטונג פון פּרייסען, 117,000 איינוו.; ברעסלאַו (Breslau), אויף דעם טייך אָדער, הויפּט־שטאָדט פון שלעזיען (פּרייסען), גרויסע אינדוסטריע פון אייזען און אַנדערע מאַנופאַקטורען, הויפּט מאַרק פיר שלעזישע וואָל און צינק, 422,700 איינוו.; מאַגדעבורג (Magdeburg), פּרייסישע פעסטונג אין דער פּראָווינץ זאַקסען, זידוועסט פון בערלין אויף דער עלבע, גרויסער פּאָרט פיר טייכענפערקעהר, זעהר וויכטיגע אינדוסטריע, 230 000 איינוו.; האַנאָווער (Hanover), אין דער פּראָווינץ האַנאָווער (פּרייסען), אויף דער ליינע, וויכטיג אַלס אַ מיטעלפּונקט פון אייזענבאַהן ליניעס, 236,000 איינוו.; דרעזדען (Dresden), הויפּט־שטאָדט פון זאַקסען, אויף דער עלבע, בעריהמט פיר איהרע שעהנקייט, קונסטזאַמלונגען און מילדען קלימאַט, פאַבריקאַציאָן פון הענדשקעס, אינסטרומענטען, מאַשינען א. ז. וו., 480,000 איינוו.; לייפּציג (Leipzig, Leipsic), דיא צווייטע שטאָדט פון זאַקסען, בעריהמט דורך איהר אוניווערזיטעט, גרויסער מיטעלפּונקט פון האַנדעל מיט ביכער, פעלצוואַרג, אינסטרומענטען א. ז. וו., 456,000 איינוו.; ברוינשווייג (Brunswick), דיא הויפּט־שטאָדט פון הערצאָגטום ברוינשווייג, אַ גרויסער אָרט פיר דיא פּראָדוקציאָן פון צוקערריבען, אַ מיטעלפּונקט פוז צוקער אינדוסטריע און פערשיעדענע אַנדערע מאַנופאַקטורען, 128,200 איינוו.

אויף דיא הויכלענדער — פראַנקפורט (Frankfurt) אָדער פראַנקפורט־אַם־מאַין (Frankfurt-am-Main), אין דער

פּרייסישער פּראָווינץ העססען-נאַססוי, איינער פון דיא גרעסטע מיטעלפּונקטען פון באַנק-געשעפטע און וועקסעל-געשעפטע אין דייטשלאַנד, בעריהמט אַלס דיא געבורטס-שטאָדט פון דעם גרויסען דיכטער גאָטהע, 289,000 איינוו.;*) שטראַססבורג (Strassburg), דיא הויפּט-שטאָדט פון דעם רייכסלאַנד עלזאַס-לאָטהרינגען, לעבען דעם ברעג פון דעם רהיין, בעזיצט אַ שעהנעם קאַטהעדראַל און אַן אוניווערזיטעט, 151,000 איינוו.; זידליך פון דיזער געפינט זיך מילהויזען (Mulhausen), אַ מיטעלפּינקט אין אַ געגענד, וועלכע האָט גרויסע מאַנופאַקטור פון באַוועל, 89,000 איינוו.; שטוטטגאַרט (Stuttgart), אויף דעם נעקקאַר, אין דעם טאָל צווישען שוואַרצוואַלד און דיא שוואָבישע אַלפּען, הויפּט-שטאָדט פון דעם קעניגרייך ווירטעמבערג, צייכענט זיך אויס מיט גרויסען האַנדעל פון ביער, 177,000 איינוו.; מינכען (ענגליש: Munich, דייטש: Munchen), אויף דעם טייך איזאַר אין דעם מיטען פון דעם זידליכען הויכלאַנד, דיא הויפּט-שטאָדט פון דעם קעניגרייך בייערן, דיא גרעסטע שטאָדט אין זיד דייטשלאַנד, מיט אַ בעריהמטער אוניווערזיטעט און פּאָליטעכניקום, גרויסער ביבליאָטהעק און רייכע קונסט-זאַמלונגען, אויך בעריהמט מיט איהר ביער, 500,000 איינוו.; אויגסבורג (Augsburg), אין בייערן, אויף דעם טייך לעך, אַ ביי-פלוס פון דעם דונאַי, צייכענט זיך אויס מיט גאָלד-אַרבייט, 89,200 איינוו.; נירענבורג (Nurenburg), אַן אַלטע שטאָדט אין בייערן, בעריהמט מיט איהר פאַבריקאַציאָן און האַנדעל מיט הילצערנע שפּיעל-צייג.

*) עס איז דאָ אין פּרייסען, אין דער פּראָווינץ בראַנדענבורג, נאָך אַ פראַנקפורט, וועלכע מען דאַרף ניט צוזאַמענמישען מיט דיזער; יענע געפינט זיך ביי דעם טייך אָדער און ווערט אָנגערופען: פראַנקפורט-אַן-דער-אָדער (Frankfurt-an-der-Oder).

אויסווערטיגע בעזיצונגען. — דייטשלאַנד בעזיצט טעררימאָריע אין אזיען, אַפריקאַ און אין דעם פאַסיפיק (שטי־לען אָקעאַן). איהרע וויכטיגסטע קאָלאָניעס זיינען אין אַפריקאַ, נעמליך: טאָגאָלאַנד (Togoland), קאַמערון (Kamerun), דייטשע זיד־וועסט אַפריקאַ (Deutsch-Sudwestafrika), און דייטשע אָסט אַפריקאַ (Deutsch-Ostafrika). טאָגאָ־לאַנד און דייטשע אָסט אַפריקאַ ווערען רעגיערט דורך אַ קאָמיסאַר, דיא אַנדערע צוויי דורך אַ גובערנאַטאָר. אין אזיען האָט דייטשלאַנד קאָנטראָל בלויז אויף 200 קוו. מ. טעררימאָריע אין דעם ים־בוזים קיאַוטשאַו (ענגליש: Kiauchau, דייטש: Kiautschou), וועל־כע זיא האָט צוגענומען פון כינאַ; דיזע טעררימאָריע האָט אַ גרוי־סע סטראַטעגישע און קאָמערציעלע וויכטיגקייט, וועגען איהר פייַ־נעם האַפען און וויל זיא געפינט זיך נאָהענט פון גרויסע קויהלען־פעלדער. דייטשלאַנד'ס בעזיצונגען אין דעם פאַסיפיק זיינען: קייַ־זער ווילהעלם'ס לאַנד (Kaiser Wilhelm's Land), דיא אינזעל־גרופע ביסמאַרק (Bismarck Archipelago), דיא נאָרדליכע סאָלאָמאָן'ס אינזלען (Solomon Islands), דיא מאַרשאַלל־אינזלען (Marshall Islands), דיא אינזלען סאַ־וואַלי (Savali) און אופאָלו (Upolu). דיא לעצטע צוויי גע־הערען צו דיא סאַמאָאַ־אינזלען און זיי זיינען דיא גרעסטע פון דיזער גרופפע.

דער צוזאַמענגענומענער שטח פון דיא דייטשע אויסווערטיגע בעזיצונגען איז 1,027,820 קוו. מ. און זייער צוזאַמענגענומענע בע־פעלקערונג איז 13,087,000.

## 17. קאפיטעל.

# דיא שווייץ.

לאגע און שטח. — איבערפלעך. — בערג, טייכען, אָזיערעס. — אינדוסטריען. — בעפעלקערונג, שפראַך, רעליגיאָן. — פאָרם פון רעגיערונג. — פראָווינצען. — וויכטיגסטע שטעדטע.

דיא שווייץ גרענעצט זיך מיט פראַנקרייך צו נאָרד-וועסט, וועסט און זיד, מיט דייטשלאַנד צו נאָרד, מוט עסטרייך-אונגאַרן צו אָסט, מיט איטאַליען צו זיד, און איהר מיטעלער פונקט איז אונגעפעהר ביי 47° נאָרדליכע ברייט, 8° 30′ אָסטליכע לענג. דער שטח פון דיזער מדינה איז 15,976 קווי. מ.

דער גרעסטער טייל פון דער שווייץ איז אויפגעהויבען און זעהר בערגיג. אין דעם זידליכען און אָסטליכען טייל זיינען דיא אַלפען (Alps) און אין דעם נאָרד-וועסטליכען זיינען דיא יורא-בערג (Jura Mouutains). דיא בערגיגע געגענדען בילדען אונגעפעהר פינף זיעבעטלאַך פון דעם לאַנד; דער איבריגער טייל איז אַן אויפגעהויבענעס פלאַכלאַנד (אַ טאַפעל-לאַנד) ערטערווייז מיט קליינע בערג. דיזעס פלאַכלאַנד, וועלכעס ענטהאַלט דאָס מעהרסטע לאַנד פיר אַגריקולטור און דעם גרעסטען טייל פון דער בעפעלקערונג, איז אונגעפעהר 100 מייל לאַנג און זיין דורכשניטליכע ברייט איז פון צוועלף ביז צוואַנציג מייל. דער טייל, וועלכער איז פערנומען מיט דיא אַלפען איז פיער מאָל אַזוי גרויס, וויא דער טייל, וועלכער געהערט צו דיא יורא-בערג. דער העכסטער בארג פון דיא אַלפען, מאָנ-בלאַן (Mont Blanc) [15,779 פוס הויך],

ליעגט אין דער שווייץ בײַ דיא גרענעצען פון פראנקרייך און איטאַליען, און דער צווייטער פון איהם, מאָנטע ראָסא (Monte Rosa) [15,217 פוס הויך], געפינט זיך צווישען דער שווייץ און דעם נאָרדליכען גרענעץ פון איטאַליען.

דיא וויכטיגסטע טייכען פון דער שווייץ זיינען: דער רהיין (Rhine), דיא רהאָן (Rhone), דער אינן (Inn) און דיא אאר (Aar). דיזע טייכען פאַנגען זיך אָן אין דיא אַלפּען און שטראָמען אַרויס אין פערשיעדענע ריכטונגען; דער רהיין פליעסט צום דייטשען מעער. דיא רהאָן צום בוזים פון ליאָן (Golfe du Lion) צו וועסט פון איטאַליען, דער אינן צום דונאַי און ביז צום שוואַר־צען מעער. דיא טייכען פון דער שווייץ זיינען ניט גוט פיר דעם פערקעהר פון גרויסע שיפען, וויל זיי שטראָמען צו האַסטיג, אָבער זיי ווערען פיעל בענוצט צום טרייבען געהילץ פון דיא בערג. דיא אאר, וועלכע שטראָמט דורך דאָס פלאַכלאַנד, איז טיילס גוט פיר דעם פערקעהר פון גרויסע שיפען. דיא וויכטיגסטע אָזיערעס זיינען: צו נאָרד פון דיא אַלפּען — זשענעוואַ (Geneva), בריענץ (Brienz), טהון (Thun), לוסערן (Lucerne), ציריך (Zurich), וואַללענשטאַדט (Wallenstadt), קאָנסטאַנץ (Constance); אויף דעם פלאַכלאַנד — נאָשאַטעל (Neuchâtel) און ביענן (Bienne). דיזע אָזיערעס זיינען זעהר וויכטיג פיר דעם פערקעהר אין דעם אינערן לאַנד. דיא אָזיערעס פון דיא אַלפּען זיינען בעריהמט דורך דיא שעהנע נאַטור־סצענעס, וועלכע געפינען זיך אַרום זיי. דיא שווייץ ווערט זעהר פיעל בעזוכט פון רייזענדע אין זומער וועגען איהרע הויכע בערג, וועלכע זיינען אימער בע־דעקט מיט שנעע, דיא גרויסע גלעטשערס, וועלכע ליעגען אין דיא גרינע טאָלען, און דיא אָזיערעס און דיא וואַסער־פאַלען, וועלכע בילדען זיך פון דיא גלעטשערס.

דער באָדען ווערט ביז דעם שנעע־פונקט בענוצט פיר אַגרי־קולטור און פאַשע, און פיה־צוכט איז אין דער שווייץ איינע פון דיא הויפט אינדוסטריען. אויסער געטריידע און גרינס ווערען אין דיא ווארימע געגענדען פראָדוצירט קוקורוזע, וויינטרויבען און טאַ־באַק. וויינטרויבען וואַקסען דאָ ביז אַ הויך פון 2.000 פוס און זיי ווערען הויפטזעכליך פראָדוצירט אין דיא זיד־וועסטליכע און נאָרד־אָסטליכע געגענדען. אַגריקולטור פראָדוקציאָן איז דאָ זעהר קליין און דיא מעהרסטע שפייז ווערט אימפּאָרטירט, אויסער מילך־פּראָ־דוקטען, פון וועלכע עס בלייבט נאָך איבער פיר עקספּאָרט. דיא מילכיגע אַרטיקלען, וועלכע דיא שווייץ פיהרט ארויס נאָך אַנדערע לענדער, זיינען קעז (שווייצער־קעז) און קאָנדענסירטע (געפּרעסטע) מילך.

דיא אָרימקייט פון דער שווייץ אין אַגריקולטור פראָדוקטען גלייכט זיך אויס דורך איהר מאַנופאַקטור, וועלכע איז זעהר גרויס, טראָץ דעם, וואָס זיא האָט וועניג קויהלען און אייזען. צו טרייבען מאַשינען ווערט דאָ פיעל בענוצט וואַסער־קראַפט פון דיא אַלפּען; אויסער דעם ווערט דאָ זעהר פיעל געארבייט מיט'ן האַנט און כמעט אין יעדען הויז ווערט עפּעס פראָדוצירט. צווישען דיא פאַבריצירטע פּראָדוקטען פון דער שווייץ זיינען באַוועל־צייג, זייד, געשטיקטע אַרטיקלען, האָלץ־שניצערייען, געפלאָכטענע שטרויה, טאַשען־אוה־רען און זייגערס. דיא לאַגע פון דער שווייץ צווישען שטאַרק־בעפעל־קערטע און הויכ־ציוויליזירטע לענדער איז זעהר גינסטיג פיר איהרע אינדוסטריען.

דיא מיטלען פון פערקעהר אין דער שווייץ זיינען דיא אָזיע־רעס און טייכען, אייזענ־באַהנען און פוהר־וועגען. אויף דעם בע־ריהמטען פּאַס (דורכגאַנג) פון סט. גאָטטהאַרד, וועלכער געהט דורך דיא סט. גאָטטהאַרדישע גרופּע פון דיא אַלפּען ארונטער ביז דעם

טאָל פון דעם טעססין (טיטשינאָ). איז דאָ אַ פוהר=וועג, וועלכער ווערט פיעל בענוצט. דיא שווייץ איז פערבונדען מיט איטאַליען דורך אַן אייזענבאַהן, וועלכע געהט דורך אַ טונעל אין דיא סט. גאָטטהאַרדישע בערג. דיזער טונעל איז דער גרעסטער אין דער וועלט — 9½ מייל לאַנג — און עס האָט געדויערט צעהן יאָהר איהם דורכצוהאַקען (ער האָט זיך געבויט פון 1872 ביז 1882). אין 1900 האָט דיא צוזאַמענגענומענע לענג פון אייזענבאַהן אין דער שווייץ בעטראָפען 3,783 קילאָמעטער (אונגעפעהר 3,350 מייל).

דיא בעפעלקערונג פון דער שווייץ איז 3,325,000 און זיא בע־שטעהט פון פערשיעדענע פעלקערשאַפטען, וועלכע רעדען בעזונדערע שפּראַכען, נעמליך: דייטש, פראַנצויזיש, איטאַליעניש. דייטש ווערט גערעדט פון מעהר אַלס צוויי דריטעל, אין דעם נאָרדליכען טייל; פראַנצויזיש פון אונגעפעהר אַ פינפטעל, הויפּטזעכליך אין דעם זיד־וועסטליכען טייל; איטאַליעניש ווערט גערעדט אין טעססין אָדער טיטשינאָ (Ticino) און אין מאַנכע אַנדערע זידליכע טאָלען. אייניגע טויזענד אין דעם זיד=אָסטליכען טייל רעדען רומאָנש (Rumonsch), אַ שפּראַך וועלכע שטאַמט פון לאַטייניש. אין רעליגיאָן זיינען אונ־געפעהר דריי פינפטעל פּראָטעסטאַנטען (קאַלוויניסטען) און דיא איבריגע קאַטאָליקען. אויסער דיזע זיינען דאָ 12,000 אידען.

דיא שווייץ איז אַ רעפּובליק און זיא איז אַ בונד פון 22 פּראָ־ווינצען אָדער קאַנטאָנען (cantons), וועלכע רעגירען זיך זיך זעלבסט פיר זייערע לאָקאַלע אינטערעסען. דיא געזעץ=געבענדע מאַכט פיר דאָס גאַנצע לאַנד איז אָנגעטרויט צו אַ פּאַרלאַמענט, וועלכער בעשטעהט פון צוויי אָפּטיילונגען: אַ שטאָנדעראַט (Ständerat) און אַ נאַציאָנאַלראַט (Nationalrat). דער שטאָנדעראַט בעשטעהט פון 44 מיטגליעדער, וועלכע ווערען אויס־געקליעבען פון דיא 22 קאַנטאָנען, צו 2 פון יעדען קאַנטאָן. דער

נאַציאָנאַלראַט בעשטעהט פון 147 מיטגליעדער, וועלכע ווערען ער־
וועהלט דורך דירעקטע אָפּשטימונג, צו איינעם אויף יעדע 20,000
איינוואוינער. אויסער דיזע צוויי קאַמערן איז נאָך דאָ אַ בונדעס־
ראַט (Bundesrat), וועלכער בעשטעהט פון 7 מיטגליעדער און
האָט די העכסטע עקזעקיטיווע מאַכט. דיזע 7 מיטגליעדער ביל־
דען איינענטליך דאָס מיניסטעריום און זיי פערוואַלטען די פאָל־
גענדע 7 אָפּטיילונגען: 1) אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען, 2) אינ־
לענדישע אַנגעלעגענהייטען, 3) גערעכטיגקייט און פּאָליציי, 4) מי־
ליטער, 5) פינאַנסען און שטייערן, 6) אַגריקולטור און אינדוסטריע,
7) פּאָסט און אייזענ־באַהנען. פון דעם בונדעסראַט ווערט איינער
געוועהלט אַלס פּרעזידענט און איינער אַלס וויצע־פּרעזידענט פון
דער רעפּובליק אויף אַ טערמין פון איין יאָהר. דער וויצע־פּרעזידענט
ווערט געוועהנליך דעם נעכסטען מאָל געוועהלט אַלס פּרעזידענט.
די רעגירונג פון דעם בונד האָט די העכסטע מאַכט אין אַלע
זאַכען, וועלכע זיינען נוגע די גאַנצע נאַציאָן. אין זאַכען, וועלכע
האָבען צו טאָן מיט די בעזונדערע קאַנטאָנען, האָט יעדער פון זיי
זיין אייגענע דעה.

די קאָנסטיטוציאָן פון דער שווייצערישער רעפּובליק איז אין
אַלגעמיין זעהר אַ ליבעראַלע. זיא צייכענט זיך בעזאָנדערס אויס מיט
דעם, וואָס זיא אַנערקענט דאָס פּרינציפּ פון רעפערענדום
(referendum). דיזעס פּרינציפּ בעשטעהט אין דעם, דאָס ווען 30,000
בירגער אָדער 8 קאַנטאָנען ערקלערען זיך אונצופריעדען מיט אַ גע־
וויסען געזעץ, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען פון דער בונדעספער־
זאַמלונג (פּאַרלאַמענט), דאַרף דאָס געזעץ דערלאַנגט ווערען צו דער
אָפּשטימונג פון דעם גאַנצען פאָלק. אין איין הינזיכט, נעמליך אין דער
פרייהייט פון רעליגיאָן, איז די שווייץ, קען מען זאָגען, עטוואָס
בעשרענקט. אָבוואָהל די קאָנסטיטוציאָן גאַראַנטירט פאָלשטענדיגע

פריידהייט פון געוויסען, נעהמט דיא רעגיערונג פון דעם בונד, וויא דיא רעגיערונגען פון דיא בעזונדערע קאַנטאָנען, אַ האַנט אין דער קירכע. דיא פערוואַלטונג פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירכע איז אונטער דער אויפזיכט פון דיא בעאַמטע פון דיא פערשיעדענע קאַנטאָנען און קיין בישאָף קען ניט אַריינגעזעצט ווערען אין דער שווייץ אָהן דער צושטימונג פון דער בונדעסרעגירונג, וועהרענד דער אָרדען פון יעזואיטען און רעליגיעזע פעראיינען, וועלכע געהערען צו איהם, זיינען אין גאַנציין איסגעשלאָסען פון דעם לאַנד.

שול-בילדונג אין דער שווייץ איז ניט אונטערוואָרפען אונטער דער פערוואַלטונג פון דער בונדעסרעגיערונג. דיא פאָלקס-שולען שטעהען אונטער דער אויפזיכט פון דיא ציוויל-בעאַמטע פון יעדען קאַנטאָן. אין אַלע קאַנטאָנען איז עלעמענטאַר-שולע פריי און אין דיא מעהרסטע זיינען קינדער געצוואונגען זיי צו בעזוכען. אויסער דיא עלעמענטאַרע פאָלקס-שולען זיינען דאָ פערשיעדענע פריוואַט-שולען, קאָמערציעלע און טעכנישע שולען, אויסבילדונגס-שולען פיר רעקרוטען, און מעהרערע אַנשטאַלטען פיר העכערע אויסבילדונג. עס זיינען דאָ פיער אוניווערזיטעטען און אין ציריך געפינט זיך איינע פון דיא בעסטע טעכנישע שולען אין אייראָפּאַ.

פאָלגענדעס איז אַ פערצייכניס פון דיא 22 קאַנטאָנען מיט זייערע שטחי׳ן און בעפעלקערונגען:

דיא 22 קאַנטאָנען ווערען לויט זייערע פערשיעדענע פעלקערשאַפטען און שפּראַכען און לויט זייערע לאַגעס צו דיא לענדער, מיט וועלכע דיא שווייץ גרענעצט זיך, איינגעטיילט אין פראַנצויזישע שווייץ, דייטשע שווייץ און איטאַליענישע שווייץ. פאָלגענדע זיינען דיא קאַנטאָנען לויט דיזער איינטיילונג מיט זייערע וויכטיגסטע שטעדט:

אין דער פראַנצויזישער שווייץ — דער קליינער קאַנטאָן **זשענעוואַ אָד. גענף** (Genf), אויף דער אָזיערע זשענעוואַ,

מיט דער הויפט־שטאָדט זשענעווא, הויפט פלאַץ פיר דעם האַנ־דעל מיט שווייצער אוהרען, אוניווערזיטעט, 110,000 איינוו.; נאָשאַטעל (Neuchâtel) אָד. נייענבורג (Neuenburg), הויפט אָרט פיר דיא פאַבריקאַציאָן פון אוהרען, מיט הויפט־שטאָדט נאָשאַ־טעל, 22,000 איינוו.; וואָ (Vaud) אָד. וואַאדט (Waadt), אויף דעם נאָרדליכען ברעג פון דער אָזיערע זשענעווא, צייכענט זיך אויס מיט זיין רייכטום אין וויין, מיט הויפט־שטאָדט לאָזאַנן (Lausanne), 50,000 איינוו., און מיט דיא קור־ערטער וועווע (Vevey) און מאָנטרא (Montreux); פריבור (Fribourg) אָד. פרייבורג (Freiburg), מיט הויפט־שטאָדט פריבור 17,000 איינוו., און דער קאַנטאָן וואַלעי (Valais) אָד. וואַלליס (Wallis), מיט דער הויפט־שטאָדט סיאָן (Sion), 5,500 איינוו. (דיא קאַנטאָנען פריבור און וואַלעי האָבען געמישטע בעפעלקערונגען פון פראַנצויזען און דייטשען.)

אין דער דייטשער שווייץ — בערן (Berne, Bern), דער בעזעצטעסטער קאַנטאָן, 589,500 איינוו., מיט הויפט־שטאָדט בערן, וועלכע איז אויך דיא הויפט־שטאָדט פון דעם בונד, בעדייטענדע אינדוסטריע און פיעלע וויסענשאַפטליכע אנשטאַלטען, 69,000 איינוו.; אין דיזען קאַנטאָן געפינט זיך דער בעריהמטער זומער־אָרט אינטערלאַקען (Interlaken), וועלכער ווערט פיעל בעזוכט פון רייזענדע. דיא דריי עלטעסטע קאַנטאָנען אורי (Uri), שוויץ (Schwyz) און אונטערוואַלדען (Unterwalden), וועלכע זיינען געוועזען דיא וויעגעלע פון פרייהייט פיר דיא שווייץ; לוצערן (Luzern, Lucerne), מיט דער הויפט־שטאָדט לוצערן, 32,000 איינוו.; דער קליינער קאַנטאָן צוג (Zug), מיט דער הויפט־שטאָדט צוג, 5,200 איינוו.; דיא קאַנטאָנען גלאַרוס (Glarus), סט. גאַללען (St. Gallen, St. Gall) און אַפפענצעלל

(Appenzell), ערטער פון באַוועל־אינדוסטריע און מאַשינען־שטי־קעריי; ציריך (Zurich), מיט הויפט־שטאָדט ציריך, גרעסטע שטאָדט אין דער שווייץ, מיט אוניווערזיטעט און פּאָליטעכניקום, 169,500 איינוו.; אַארגאַו (Aargau, Argovie) מיט הויפט־שטאָדט אַאראַו (Aarau), 7,000 איינוו.; טהורגאַו (Thurgau, Thurgovie), מיט הויפט־שטאָדט פרויענפעלד (Frauenfeld), 6,000 איינוו.; שאַפּהויזען (Schaffhausen) אויף דער רעכ־טער זייט פון דעם רהיין, מיט הויפּטשטאָדט שאַפּהויזען, ביי וועלכער עס געפינט זיך דער בעריהמטער וואַסער־פאַל פון דעם רהיין, 16,000 איינוו.; זאָלאָטהורן (Solothurn, Soleure), מיט הויפּט־שטאָדט זאָלאָטהורן, 10,000 איינוו.; באַזעל (Basel, Bâle), מיט דער הויפּט־שטאָדט באַזעל, זייד־אינדוסטריע און אוניווערזיטעט, רייכסטע שטאָדט אין דער שווייץ, 121,000 איינוו.; גרויבינגען (Graubingen, Grisons), דער גרעסטער קאַנטאָן אין שטח, אָבער זעהר שיטער בעזעצט, מיט הויפּט־שטאָדט כור (Chur, Coire), 12,200 איינוו. (דיזער קאַנטאָן איז אין דעם נאָרדליכען טייל דייטש, ווייטער צו זיד ווערען גערעדט ראָ־מאַנישע דיאַלעקטען).

דיא איטאַליענישע שווייץ בילדעט דער קאַנטאָן טעססין (Tessin) אָדער טיטשינאָ (Ticino); דיא הויפּט־שטאָדט פון דיזען קאַנטאָן איז בעללינצאָנאַ (Bellinzona), 3,300 איינוו.

## 18. קאפיטעל.

# עסטרייכ=אונגאַרן.

געאָגראַפישע לאַגע און שטח. — בערג און טייכען. — דער דונאַי. — פראָדוקטען, אינדוסטריען, פערקעהר. — בעפעלקערונג. — פאָליטישע איינטיילונג. — פאָרם פון רעגיערונג. — וויכטיגסטע שטעדט.

---

עסטרייכ=אונגאַרן ליעגט צווישען $42^{0}$ — $51^{0}$ נאָרדליכע ברייט, $9^{0}$ 30′ — $26^{0}$ 20′ אָסטליכע לענג, און גרענעצט זיך מיט דייטשלאַנד און רוסלאַנד צו נאָרד, רוסלאַנד און רומעניען צו אָסט, רומעניען, סערביען און מאָנטענעגראָ צו זיד, דעם אַדריאַטישען מעער און איטאַליען צו זיד=וועסט, מיט דער שווייץ און דייטשלאַנד צו וועסט. דער שטח פון דיזער מדינה איז 261,035 קוו. מ.

דיא אויבערפלעך פון עסטרייכ=אונגאַרן בעשטעהט פון גרויסע שטרעקעס פון בערג, גרויסע טאַפעל=לענדער און גרויסע פלאַכלענדער. אין דעם וועסטליכען און דעם זיד=וועסטליכען טייל ליעגען דיא אַלפען, אין דעם נאָרדליכען טייל דיא סודעטען און אין דעם נאָרד=אָסטליכען — דיא קאַרפאַטהישע בערג, וועלכע זונדערן אָפּ עסטרייך פון רומעניען. דיא גרויסע פלאַכלענדער ליעגען הויפטזעכליך צו אָסט פון דעם דונאַי און ביי דיא ברעגען פון דער דראַווע און דער סאַווע, דיא הויפט ביי=טייכען פון דעם דונאַי צו זיין רעכטער זייט. אויף דיזע פלאַכלענדער געפינען זיך דיא אונגאַרישע פוסטאַס, וועלכע זיינען אין ווינטער מדבריות פון זומפּ אָדער פון שנעע, אין פריהלינג גרינע גראָזפלעצער און אין זומער טרוקענע, פערדאַרטע וויסטענעסן. אַריבער דיא

קאַרפּאַטען צו נאָרד און נאָרד-אָסט איז דאָס טאַפעל-לאַנד פון גאַ־ליציען און בוקאָווינאַ, וועלכעס איז בעוואַסערט טיילס דורך דיא ווייכסעל, טיילס דורך דיא ביי-טייכען פון דעם דניעסטער.

דיא הויפּט טייכען פון עסטרייך-אונגאַרן זיינען: דער דונאַי (Danube, דייטש Donau), דיא דראַווע (Drave, דייטש Drau), דיא סאַווע (Save, דייטש Sau), דיא טהייסס (Theiss, אונגאַריש Tisza), דער פּרוטה (Pruth) [אין גאַ־ליציען] און דער דניעסטער (Dniester) [טיילס אין גאַליציען, טיילס אין רוסלאַנד]. דער דונאַי איז 1.700 מייל לאַנג און איז דער גרעסטער טייך אין אייראָפּאַ נאָך דער וואָלגאַ. ער שטאַמט אַרויס פון שוואַרצוואַלד, דייטשלאַנד, און בעוואַסערט דעם זידליכען טייל פון דייטשלאַנד, עסטרייך-אונגאַרן, סערביען, רומעניען און בולגאַריען; ער זונדערט אָפּ אונגאַרן פון רומעניען, רומעניען פון בולגאַריען און רוסלאַנד, און פאַלט ענדליך אַריין אין שוואַרצען מעער. דער דונאַי געהט דורך דיא שטעדט אולם (ווירטעמבורג) און רעגענסבורג (בייערן) אין דייטשלאַנד; לינץ און וויען אין עסטרייך; פּרעססבורג און בודאַפּעסט אין אונגאַרן; בעלגראַד אין סערביען; ווידין, סיס־טאָווא, רושטשיק און סוליסטריאַ אין בולגאַריען; בראַאילאָ און גאַלאַטץ אין רומעניען; איזמאַאיל און קיליאַ אין רוסלאַנד (אין בעס־סאַראַביען). דיא ביי-טייכען פון דעם דונאַי זיינען: צו זיין רעכ־טער זייט — דער איזאַר (דייטשלאַנד), דער אינן (דייטשלאַנד), דיא דראַווע און דיא סאַווע (עסטרייך); צו זיין לינקער זייט — דיא טהייס און דער פּרוטה. דער פערקעהר פון האַנדעל אויף דעם דונאַי מיט דיזע ביי-טייכען איז איינער פון דיא גרעסטע אין צענט־ראַל-אייראָפּאַ. דיא וויכטיגסטע אָזערעס אין עסטרייך-אונגאַרן זיינען באַלאַטאָן (Balaton, דייטש Plattensee) און דער נייזיעדע־לערזעע (Neusiedlersee) אין וועסטליכען טייל פון אונגאַרן.

עסטרייך־אונגאַרן איז הויפּטזעכליך אַ לאַנד פון אַגריקולטור. אונגעפעהר דריי פערטעל פון דער בעפעלקערונג בעשעפטיגט זיך מיט לאַנד־אַרבייט און אַבוואָהל דיא מעטאָדען פון בעאַרבייטען דעם באָדען זיינען דאָ ניט זעהר קיין פאָרטגעשריטענע, ווערט פון דאַנען אין געוועהנליכע יאָהרען עקספּאָרטירט פיעל געטריידע, איבערהויפּט ווייץ. אויסער געטריידע ווערען דאָ פּראָדוצירט וויינטרייבען, רויטע ריבען (בוראַקעס). קאַרטאָפעל, פּרוכטען, האַנף (קאַנאָפּליע), פלאַקס און טאַבאַק. אין דער פּראָדוקציאָן פון וויין קומט עסטרייך־אונגאַרן נאָך פראַנקרייך, איטאַליען און שפּאַניען. דאָס לאַנד איז רייך אין מינעראַלען און צווישען דיא פּראָדוקטען פון דיא מינעס זיינען: גאָלד, זילבער, קוועקזילבער, אייזען, קויהלען, בליי, קופּער, זאַלץ און צינק; אין דעם נאָרדליכען טייל פון אונגאַרן בעקומט מען אויך אָפּאַל־שטיין.

מאַנופאַקטור איז אין עסטרייך־אונגאַרן פערהעלטניסמעסיג זעהר קליין אויסער אין ווינען און אין דעם נאָרד־וועסטליכען שטריך פון בעהמען ביז איבער קראַקאָוו (גאַליציען), וואו מאַנופאַקטור איז בעדייטענד גרויס, ווייל דאָרטען געפינט זיך גענוג קויהלען און אייזען. צווישען דיא אַרטיקלען, וועלכע ווערען אַרויסגעפיהרט נאָך אַנדערע לענדער, זיינען: געטריידע, מעהל, הייץ־מאַטעריאַלען, צוקער, גלאָז, וואָלענע וואַארען, אינסטרומענטען, וויין, טיערע פיר פלייש און פּראָדוקטען פון טיערע. דער האַנדעל פון דיזען לאַנד איז וועגען זיין געאָגראַפישער לאַגע אין גאַנצען גענומען ניט גרויס. דער האַנדעל פון עסטרייך־אונגאַרן אויפ'ן ים געהט כמעט ניט וויטער פון דעם מיטעללענדישען מעער.

דיא בעפעלקערונג פון עסטרייך־אונגאַרן צעהלט 45,000,000 און זיא איז אַ געמישטע פון פיעלע פערשיעדענע פעלקערשאַפטען מיט בעזונדערע שפּראַכען. דיא איינוואוינער אין דעם וועסטליכען טייל זיינען

מעהרסטענס פון דייטשער אָפּשטאַמונג און זיי רעדען דיא דייטשע שפּראַך; זיי בילדען אונגעפעהר אַ פערטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג. אין דיא אַנדערע טהיילען פון לאַנד וואוינען סלאַווישע פעלקערשאַפטען, וועלכע בילדען אונגעפעהר אַ העלפט פון דער בעפעלקערונג; דיזע פעלקערשאַפטען זיינען: דיא טשעכען (Czechs) אָדער באָהמער (Bohemians), דיא פּאָליאַקען (Poles), דיא רוטהענער (Ruthenians), דיא מאָראַוויער (Moravians) אָדער מאָהרען (Mähren), דיא סלאָוואַקען (Slovaks), דיא סלאָווענער (Slovenes), דיא קראָאַטען (Croatians) און דיא סערבען (Servians). אין אונגאַרן בעשטעהט דיא הערשענדע בעפעלקערונג פון מאַגיאַרען (Magyars), וועלכע בילדען וועניגער וויא אַ זעקסטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג; אַ וויכטיגען טהייל פון דער בעפעלקערונג אין אונגאַרן בילדען דיא רומעניער (Roumanians). אין דעם אָסטליכען טהייל פון לאַנד (אין עסטרייך אין אין אונגאַרן) בילדען אַ וויכטיגען טהייל פון דער בעפעלקערונג דיא אידען, וועלכע צעהלען איבער 2,084,000 (פון דיזע איבער 851,000 אין אונגאַרן). דיא אידען פערנעהמען דאָ אַ גרויסען אָרט אין האַנדעל, וועלכער איז דאָ כמעט אין גאַנצען אין זייערע הענט. אויסער דיזע אַלע פעלקערשאַפטען זיינען אין עסטרייך־אונגאַרן אויך דאָ בולגאַרען (Bulgarians), אַרמעניער (Armenians), ציגיינער (Gipsies) און לאַדינען (Ladins). דיא בעזעצטעסטע טהיילען אין דעם קייזעררייך זיינען דיא פלאַכלענדער ביי דעם דונאַי און דיא מאַנופאַקטור־געגענד אין נאָרד־אָסט.

פּאָליטיש ווערט עסטרייך־אונגאַרן געטהיילט אין צוויי הויפּט אָפּטהיילונגען, וועלכע ויערען אָנגערופען מיט דיא נעמען: ציס־לייטהאַניא (Cisleithania) און טראַנסלייטהאַניא (Transleithania). ציסלייטהאַניא בעצייכענט דיא אייגענטליכע מדינה

עסטרייך, טראַנסלייטהאַניאַ בעצייכענט דעם טייל, וואָס געהערט צו אונגאַרן.*) צו דער ציסלייטהאַנישער אָפּטיילונג געהערען: אויבער=עסטרייך (Upper Austria), ניעדער=עסטרייך (Lower Austria), טיראָל (Tyrol) און פאָראַרלבערג (Vorarlberg), זאַלצבורג (Salzburg), שטייערמאַרק (Styria), קאַרנטען (Carinthia), קראַין (Carniola), גאָרץ (Görz) און גראַדיסקאַ (Gradiska), איסטריאַ (Istria) און טריעסט (Triest),**) דאַלמאַציען (Dalmatia), באָהמען (Bohemia), מאָהרען (Moravia), שלעזיען (Silesia), גאַליציען (Galicia) און בוקאָווינאַ (Bukovina). צו דער טראַנסלייטהאַנישער אָפּטיילונג געהערען: אונגאַרן (Hungary) און טראַנסילוואַניען (Transylvania), קראָאַטיען און סלאַוואָניען (Croatia-Slavonia) און דיא שטאָדט פיאומע (Fiume) מיט דער טערריטאָריע, וואָס געהערט צו איהר.

צו עסטרייכ=אונגאַרן געהערען אויך באָסניען (Bosnia) און הערצעגאָווינאַ (Herzegovina), צוויי טערריטאָריעס פון איירָאָפּעאישער טערקיי, וועלכע זיינען לויט דעם בערלינער טראַקטאַט פון 1878 אַרונטער אונטער דער פערוואַלטונג פון דיזען קייזעררייך. לויט דעם דאָזיגען טראַקטאַט האָט עס געהייסען, אַז דיזע טערריטאָריעס בלייבען טערקישע און דאַרפען בלויז פערוואַלטעט ווערען פון עסטרייכ=אונגאַר, אָבער מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט עסטרייכ=

*) דיעזע נעמען זיינען נאָך דעם טייך לייטהאַ (Leitha), וועלכער דיענט אַלס גרענעץ צווישען עסטרייך און אונגאַרן. ציסלייטהאַניאַ מיינט אויף דיעזער זייט פון דעם טייך; טראַנסלייטהאַניאַ — אויף יענער זייט פון דעם טייך.

**) גאָרץ, גראַדיסקאַ, איסטריאַ און טריעסט ווערען צוזאַמען בעצייכענט מיט דעם נאָמען קיסטענלאַנד (Kustenland).

אונגארן דיא צוויי טערריטאָריעס אָנגעשלאָסען צו זיך און זיי זיינען יעצט פאָלשטענדיג אונטער איהר הערשאפט.

עסטרייכ-אונגארן איז א קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנארכיע אונטער אן אויבער-הערשער, וועלכער טראָגט דעם טיטעל קייזער. דיא קייזערליכע פאמיליע פון עסטרייך שטאמט פון רודאָלף פאָן האפסבורג (Rudolf von Hapsburg), א דייטשען גראף, וועלכער איז אין 1273 ערוועהלט געוואָרען אלס קייזער פון דייטשלאנד און האָט זיינע זיהן איבערגעגעבען דיא טעררימאָריע פון עסטרייך, שטייערמארק און קראין. אין 1526 זיינען אונטער דער הערשאפט פון עסטרייך ארונטער דיא קעניגרייכען באָהמען, מאָהרען און אונגארן; שפעטער זיינען צוגעקומען נאָך אנדערע טערריטאָריעס, ביז עס האָט זיך געבילדעט דיא יעצטיגע גרויסע אימפעריע. דער יעצטיגער קייזער איז פראנץ יאָזעף דער ערסטער (Franz Josef I.), וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין 1830.

אלס קאָנסטיטוציאָנעלעס קייזעררייך ווערט עסטרייכ-אונגארן פערוואלטעט דורך פארלאמענטען. יעדע פון דיא צוויי אָפטיילונגען פון דער אימפעריע — ציסלייטהאניא (עסטרייך) און טראנסלייטהאניא (אונגארן) — האָט א פארלאמענט (אין עסטרייך — רייכסראט, אין אונגארן — רייכסטאג), וועלכער פערוואלטעט דיא אלגעמיינע אינטערעסען פון דיא קרוינס-לענדער, וואָס געהערען צו דער אָפטיילונג, און יעדעס פון דיא קרוינס-לענדער האָט א בעזונדערן פארלאמענט (לאנדטאג) פיר זיינע לאָקאלע אינטערעסען. דיא אנגעלעגענהייטען, וועלכע זיינען נוגע דיא גאנצע אימפעריע (אויסווערטיגע אנגעלעגענהייטען, פינאנסען, מיליטער א. ז. וו.) זיינען איבערגעגעבען צו א קאָמיטע פון א גלייכער צאָהל דעלעגאטען (צו זעכציג פון דעם רייכסראט אין וויען און דעם רייכסטאג אין בודאפעסט; דיזע דעלעגאטען ווערען ערוועהלט יעדען יאָהר און קומען צוזאמען

אין אפּוועקסלונגען אַמאָל אין וויען, אַמאָל אין בודאפּעסט. דער עסטרייכישער רייכסראַט בעשטעהט פון צוויי הייזער: דעם הערען-הויז און דעם הויז פון אַבגעאָרדנעטע; דער אונגארישער רייכסטאַג בעשטעהט פון אַ מאַגנאַטען-הויז און אַ רעפּרעזענטאַנטען-הויז.

אין רעליגיאָן זיינען דיא איינוואוינער פון עסטרייך-אונגאַרן וועניגער פערשיעדען, וויא אין ראַסע, שפּראַך און רעגיערונג. כמעט פיער פינפטלאַך פון דער גאַנצער בעפעלקערונג זיינען רוימיש-קאַטוילישׁ; פון דיא איבריגע זיינען אַ טייל פּראָטעסטאַנטיש, אַ טייל גריעכיש-קאַטויליש (פּראַוואָסלאַוונע), און עטוואָס מעהר וויא צוויי מיליאָן פון דעם אידישען גלויבען. רעליגיאָן און שטאַאַט זיינען אָפּגעזונדערט און אַלע פעלקערשאַפטען געניעסען פאָלקאָמענע רעליגיאָנס-פרייהייט; דאָך איז אָפּגעמאַכט, אַז דער קייזער מוז זיין אַ קאַטאָליק, וויל דיא מעהרהייט אין עסטרייך און אין אונגאַרן זיינען קאַטויליש. שול-בילדונג איז אין ביידע טיילען פון דער אימפּעריע אַלגעמיין און קינדער זיינען ביז אַ געוויסען אַלטער געצוואונגען צו געהן אין שולע.

פאָלגענדע זיינען בעשרייבונגען פון דיא מדינות און פּראָווינצען, וועלכע שטעלען צוזאַמען דאָס קייזעררייך עסטרייך-אונגאַרן.

דיא לענדער פון ציסלייטהאַניא:

ניעדער-עסטרייך. — דיא טערריטאָריע, וועלכע ווערט בעצייכענט מיט דיזען נאָמען, בילדעט דעם אָסטליכען טייל פון דעם גרויס-הערצאָגטום עסטרייך. זיא גרענעצט זיך מיט באָהמען אין מאָהרען צו נאָרד, מיט אונגאַרן צו אָסט, מיט שטייערמאַרק צו זיד און מיט אויבער-עסטרייך צו וועסט. זיא איז אין דעם זידליכען טייל בערגיג און איבער איהר געהט דורך דער דונאַי. דיא הערשענדע שפּראַך איז דאָ דייטש און דיא הערשענדע רעליגיאָן — דיא רוימיש-

קאטויליש. איהר שטח איז 4,631 קווי מ. און איהר בעפעלקערונג איז 3,100,000. דיא וויכטיגסטע שטאָדט פון ניעדער־עסטרייך איז וויען (Vienna), דיא אלגעמיינע הויפט־שטאָדט פון דעם קייזער־רייך, דער גרעסטער אָרט פון מאנופאקטור אין דער אימפעריע, א גרויסער מיטעלפונקט פון קונסט און א געלט־מארק, מיט א גרויסער אוניווערזיטעט און א וועלט־בעריהמטער מעדיצינישער שולע, 1,675,000 איינוו.

אויבער־עסטרייך. — דיזע פראָווינץ בילדעט דעם וועסט־ליכען טייל פון דעם גרויס־הערצאָגטום עסטרייך; זיא גרענעצט זיך מיט בייערן (דייטשלאנד) און באָהמען צו נאָרד, מיט ניעדער־עסטרייך צו אָסט, מיט שטייערמארק און זאלצבורג צו זיד, און מיט בייערן און זאלצבורג צו וועסט. איבער איהר געהט אויך דורך דער דונאי. דיא איינוואוינער זיינען דייטשען און דיא הערשענדע רעליגיאָן איז רוימיש־קאטוילישׁ. איהר שטח איז 4,631 קוו. מ. און איהר בע־פעלקערונג 810,250. דיא הויפט־שטאָדט פון אויבער־עסטרייך איז לינץ (Linz), אויף דעם דונאי, 58,500 איינוואוינער.

באָהמען. — דיזע מדינה בילדעט דעם סאמע נאָרדליכען טייל פון עסטרייך־אונגארן; זיא גרענעצט זיך צו נאָרד־וועסט און נאָרד מיט דעם קיניגרייך זאקסען, פון וועלכען זיא איז אָפגעזונדערט דורך דאָס ערצגעבירג; צו נאָרד־אָסט מיט פרייסיש־שלעזיען, פון וועלכער זיא איז אָפגעזונדערט דורך דאָס ריזענגעבירג און אנדערע בערג; צו זיד־אָסט מיט מאָהרען און ניעדער־עסטרייך, צו זיד מיט אויבער־עסטרייך און צו זיד־וועסט מיט דעם קעניגרייך בייערן, פון וועלכען זיא איז גרעסטענטיילס אָפגעזונדערט דורך דעם באָהמער־וואלד. דיא אויבערפלעך פון באָהמען איז טיילס בערגיג און דיא פלאכערע טיילען געהען ארויף און אראָפ; איהרע הויפט טייכען זיי־נען דיא עלבע און איהרע ביי־טייכען דיא מאָלדאו (Moldau),

דער עגער (Eger) און דער איזער (Iser). באָהמען האָט אַ פּאָרטגעשריטענע אַגריקולטור און זעהר אַ טעטיגע מאַנופאַקטור אינ־דוסטריע. זיא פּראָדוצירט ווייץ אין אַנדערע געטריידע=אַרטיקלען, פּרוכט, פלאַקס און האָפּענס, האָט גרויסע וועלדער און איז דער הויפּט אָרט פון דער אימפּעריע אין דער פּראָדוקציאָן פון קויהלען. זיא האָט מינעס פון אייזען, זילבער, צין, בליי, שוועבעל, אַלום און גראַפיט. דיא זילבער=מינע פון יאַכימסטהאַל (Joachimsthal) אויף דער באָהמישער זייט פון דעם ערצגעבירג איז בעזאָנדערס בע־ריהמט; אין דער געגענד פון דיזער מינע זיינען דיא בעריהמטע מינעראַל=קוועלען מאַריענבאַד (Marienbad), פראַנצענסבאַד (Franzensbad) און קאַרלסבאַד (Karlsbad), וועלכע ווערען זעהר פיעל בעזוכט פיר קור. דיא מאַנופאַקטורען זיינען: לינען, גלאָז (באָהמישעס גלאָז האָט אַ שם), קאַליקאָ (קאַטון), וואָלענע וואַארען, פּאַפּיער, כעמישע מאַטעריאַלען, פּאָרצעלאַן, ביער, צוקער, אייזענ=וואַרג און נאָך אַנדערע אַרטיקלען.

באָהמען האָט אַ שטח פון 20,060 קוו. מ. און אַ בעפעל־קערונג פון 6,319,900. זיא האָט אַ לאַנדטאַג (פּאַרלאַמענט) פון 242 מיטגליעדער און שיקט 92 פערטרעטער צו דעם עסטרייכישען רייכסראַט. דיא שפּראַך פון דיא מעהרסטע איינוואוינער איז באָהמיש (טשעכיש), אונגעפעהר 35 פּראָצענט רעדען דייטש. דיא הערשענ־דע רעליגיאָן איז דיא קאַטוילישע. דיא הויפּט=שטאָדט איז פּראַג (Prague), אויף דער מאָלדאו, אַ בעריהמטע אַלטע שטאָדט, מאַ־נופאַקטור פון טוך, מאַשינען א. ז. וו., בעזיצט דיא עלטעסטע אוּ־ניווערזיטעט אין צענטראַל אייראָפּא, 201,600 איינוו.

מאָהרען און שלעזיען. — מאָהרען גרענעצט זיך מיט באָה־מען צו וועסט און נאָרד=וועסט, מיט פּרייסיש=שלעזיען און עסטריי־כיש=שלעזיען צו נאָרד און נאָרד=אָסט (אָפּגעזונדערט דורך דיא

סודעטישע בערג), מיט אונגאַרן צו זיד־אָסט (אָפּגעזונדערט דורך דיא קליינע קאַרפּאַטהען) און מיט אונגאַרן און ניעדער־עסטרייך צו זיד. דיא אויבערפלעך איז טיילס בערגיג און טאַפעל־לאַנד, אויסער אין דעם זידליכען טייל, און דורך אַ גרויסען טייל געהט דורך דער טייך מאַרך אָדער מאָראַוואַ (March, Morava). מאָהרען האָט אַ בעדייטענדע אַגריקולטור. זיא פּראָדוצירט קאָרן, האָבער, גערשטען, פרוכט, געמיזען (גאָרטענ־גרינס) און אַנדערע אַרטיקלען. זיא האָט מאַנופאַקטור פון וואָל, צוקער און לייווענט און בעזיצט מינעס פון קויהלען און אייזען. איהר לאַנדטאַג בעשטעהט פון 100 מיטגליעדער און זיא שיקט צום עסטרייכישען רייכסראַט 36 פערטרעטער (אַבגעאָרדנעטע). דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא רוימיש־קאַטוילישע און דיא מעהרסטע איינוואוינער זיינען סלאַוויש אין ראַסע און שפּראַך (זיי זיינען פערוואַנדט מיט דיא בעהמער); אונגעפעהר 30 פּראָצענט זיינען דייטשען. דער שטח פון מאָהרען איז 8.583 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג 2,435,000. איהר הויפּטשטאָדט איז ברינן (Brünn), ביי דעם צוזאַמענפלוס פון דער שוואַרצאַוואַ און דער צוויטאַוואַ, לעבען אַ קויהלענ־פעלד, אַ וויכטיגער מיטעלפונקט פון אינדוסטריע, הויפּטזעכליך פאַבריקאַציאָן פון וואָל, 109,500 איינוו.

שלעזיען גרענעצט זיך מיט פּרייסיש־שלעזיען צו נאָרד, גאַליציען צו אָסט, אונגאַרן און מאָהרען צו זיד און מאָהרען צו וועסט. דיא אויבערפלעך איז אויף אַ גרויסען טייל בערגיג; אויף איהר געהען דורך צווייגען פון דיא סודעטען און קאַרפּאַטהען. שלעזיען איז רייך אין קויהלען, אייזען און אַנדערע מינעראַלען און האָט בעדייטענדע מאַנופאַקטורען. זיא שיקט צעהן פערטרעטער צום רייכסראַט. דיא איינוואוינער זיינען דייטשען, פּאָליאַקען, בעהמער (טשעכען), סלאָוואַקען און מאָהרען. איהר שטח איז 1,987 קוו. מ. און

איהר בעפעלקערונג 680,500. דיזע פראווינץ איז אן איבערגעבליעבענער טייל פון דער גרויסער פראווינץ שלעזיען, וועלכע האט אמאל געהערט צו עסטרייך און פון וועלכער דער גרעסטער טייל איז צוגענומען געווארען פון דייטשלאנד. צום אונטערשיעד ווערט דער טייל, וואס געהערט צו עסטרייך, אנגערופען עסטרייכיש־שלעזיען און דער טייל, וואס געהערט צו דייטשלאנד, — פרייסיש־שלעזיען. דיא הויפט שטאדט פון עסטרייכיש־שלעזיען איז טראפפאו (Troppau, סלאוויש: Opava), אויף דעם טייך אפפא ביים פרייסישען גרענעץ, 27,000 איינוו.

זאלצבורג, שטייערמארק, קארנטען און קראין. — זאלצבורג גרענעצט זיך מיט אויבער־עסטרייך צו נארד, אויבער־עסטרייך און שטייערמארק צו אסט, קארנטען און טיראל צו זיד, טיראל און בייערן (דייטשלאנד) צו וועסט. זיא ענטהאלט א טייל פון דיא בייערישע אלפען און איבער איהר געהט דורך דער טייך זאלצאך (Salzach). דיא הויפט אינדוסטריען זיינען פיה־צוכט און דיא פראָדוקציאן פון זאלץ און מארמאר־שטיין. זאלצבורג האט א לאנדטאג פון 26 מיטגליעדער און שיקט פינף פערטרעטער צום רייכסראט; דיא הערשענדע רעליגיאן איז דיא קאטוילישע. דער שטח פון דיזער פראווינץ איז 2,767 קוו. מ. און דיא בעפעלקערונג 193,000. דיא הויפט־שטאדט איז זאלצבורג (Zalzburg), א פרעכטיגע שטאדט צווישען צוויי בערג אין דיא זאלצבורגער אלפען, אויף דעם טייך זאלצאך, 33,000 איינוו.

שטייערמארק גרענעצט זיך מיט אויבער־עסטרייך און ניעדער־עסטרייך צו נארד, אונגארן צו אסט, קראאטיען און קראין צו זיד, קארנטען צו זיד און וועסט און זאלצבורג צו וועסט. זיא ווערט איינגעטיילט אין אויבער־שטייערמארק (ענגליש: Upper Styria) צו נארד און ניעדער־שטייערמארק (Lower

(Styria) צו זיד. זיא ענטהאלט א טייל פון דיא אלפען (דיא אל־
פען פון שטייערמארק און דיא קאראוואנקען) און אויף איהר געהען
דורך דיא טייכען מור (Mur) און דראווע (Drave); אויף דעם
זידליכען גרענעץ איז דיא סאווע (Save). שטייערמארק איז רייך אין
אגריקולטור פראָדוקטען, וויא אויך אין מינעראלען (אייזען, קויהלען,
בליי, צינק, זאלץ א. ז. וו.) און האָט וויכטיגע מאנופאקטור פון
אייזערנע און שטאָהלענע ארטיקלען. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז
רוימיש־קאטויליש. אונגעפעהר צוויי דריטעל פון דיא איינוואוינער
זיינען דייטשען, דיא איבריגע זיינען סלאָווענער. דיא פראָווינץ האָט
א לאנדטאג פון 63 מיטגליעדער און שיקט 23 פערטרעטער צום
רייכסראט. איהר שטח איז 8,670 קוו. מ. און דיא בעפעלקערונג
1,356,000. דיא הויפט־שטאָדט איז גראטץ (Gratz), אויף דעם
מור, א וויכטיגער מיטעל־פונקט פון אייזען־באהנען, 135,000 איינוו.

קאָרנטען גרענעצט זיך מיט זאלצבורג און שטייערמארק צו
נאָרד, שטייערמארק צו אָסט, קראין, קיסטענלאנד (גאָרץ און גראַ־
דיסקא איסטריא און טריעסט) און איטאליען צו זיד, און טיראָל צו
וועסט. דיזע פראָווינץ איז זעהר בערגיג און פון וועסט צו אָסט
געהט איבער איהר דורך דיא דראווע. זיא האָט א לאנדטאג פון
37 מיטגליעדער און זיא שיקט צום עסטרייכישען רייכסראט 9 פער־
טרעטער. אונגעפעדר 70 פראָצענט פון דיא איינוואוינער זיינען סלאָ־
ווענען און דער גרעסטער טייל איז קאטויליש. קאָרנטען האָט א
שטח פון 4,005 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג איז 367,500.
איהר הויפט־שטאָדט איז קלאגענפורט (Klagenfurt), אויף דער
גלאו, 21,000 איינוו.

קראין גרענעצט זיך מיט קאָרנטען און שטייערמארק צו נאָרד,
קראָאטיען צו אָסט, קראָאטיען, פיאומע און קיסטענלאנד צו זיד און
קיסטענלאנד צו וועסט. דיא אייבערפלעך איז בערגיג און צו נאָרד

ליעגט דער טאָל פון דער סאַווע. דער לאַנדטאַג בעשטעהט פון 37 מיטגליעדער און צום רייכסראַט ווערען געשיקט 10 פערטרעטער. דיא מעהרסטע איינוואוינער זיינען סלאָווענען, איינינע טויזענד דייטשען און קראָאַטען, און דיא הערשענדע רעליגיאָן איז רוימיש-קאַטוילישׁ. דער שטח פון דיזער פראָווינץ איז 3,856 קוי. מ. און איהר גאַנצע בעפעלקערונג 508,000. דיא הויפט-שטאָדט איז לאַיבאַך (Laibach), אויף דעם טייך לאַיבאַך, 36,500 איינוו.

טריעסט, גאָרץ-גראַדיסקאַ, איסטריאַ. — דיזע דריי פּראָווינצען ליעגען ביים ברעג פון דעם אַדריאַטישען מעער און ווערען דעריבער צוזאַמען בעצייכענט מיט דעם נאָמען קיסטענלאַנד, ד. ה. ברעג-לאַנד.

דיא פּראָווינץ טריעסט איז דיא שטאָדט טריעסט מיט דער טעריטאָריע, וועלכע געהערט צו איהר. דער שטח פון דער גאַנצער טעריטאָריע איז 36 קוו. מ. און דיא בעפעלקערונג 179,000. דיא שטאָדט טריעסט ליעגט אויף דעם בוזים פון טריעסט (Gulf of Triest); זיא איז דער הויפט ים-פּאָרט פון עסטרייך-אונגאַרן און איז איינע פון דיא גרעסטע האַנדעל-שטעדט אין דער וועלט; דיא צאָהל פון איהרע איינוואוינער איז 134,000.

גאָרץ-גראַדיסקאַ ליעגט צווישען קראַין צו אָסט און איטאַליען צו וועסט. איהר שטח איז 1 140 קוו. מ., בעפעלקערונג 220,000; הויפט-שטאָדט גאָרץ (Görz) אָד. גאָריטץ (Göritz), 22,000 איינוואוינער.

איסטריאַ איז אַ האַלב-אינזעל, וועלכע שטעקט אַרויס אין דעם אַדריאַטישען מעער און גרענעצט זיך מיט טריעסט, גאָרץ-גראַדיסקאַ, קראַין און קראָאַטיען. איהר אויבערפלעך איז מעהרסטענטיילס בערגיג. זיא פּראָדוצירט זעהר פיעל פרוכט און וויין. צוויי דריטעל פון דער בעפעלקערונג זיינען סלאַווען (קראָאַטען, סערבען

און סלאָוועגען) און דיא איבריגע זיינען איטאַליענער. דער שטח פון דיזער פראָווינץ איז 1,911 קיו. מ., איהר בעפעלקערונג 345,000; הויפט-שטאָדט פּאַרענצאָ (Parenzo), אַ ים-פּאָרט אויף דעם בוזים פון וועגעדיג, איבער 3,000 איינוו.

דאַלמאַציען. — דיזע פּראָווינץ גרענעצט זיך מיט קראָאַטיען צו נאָרד, באָסניען, הערצעגאָווינאַ און מאָנטענעגראָ צו אָסט און דעם אַדריאַטישען מעער צו זיד און וועסט. איהר אויבערפלעך איז בערגיג און ביי איהר ברעג ליעגען פיעלע אינזלען. דיא הויפט בעשעפטיגונגען פון איהרע איינוואוינער זיינען פיש-פאַנג,*) שיפערייי, שיפענ-בוי, פיה-צוכט און דיא פּראָדוקציאָן פון וויין און אָליוועז. זיא האָט אַ לאַנדטאַג פון 43 מיטגליעדער און שיקט 9 אַבגעאָרדנעטע צום עסטרייכישען רייכסראַט. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז רוימיש-קאַטוילישׁ. דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג זיינען סערבאָ-קראָאַטען און ביי דעם ברעג זיינען דאָ פיעלע איטאַליענער. דער שטח פון דאַלמאַציען איז 4,940 קיו. מ., דיא בעפעלקערונג 594,000. הויפּט-שטאָדט צאַראַ (Zara), אַ פּאָרט אויף דעם אַדריאַטישען מעער, 11,000 איינוו.

באָסניען און הערצעגאָווינאַ. — דיזע צוויי פּראָווינצען, וועלכע עסטרייך-אונגארן האָט צוגענומען פון טערקיי, בילדען דעם סאַמע זידליכען טייל פון דעם קייזעררייך.

באָסניען גרענעצט זיך מיט קראָאַטיען און סלאַוואָניען צו נאָרד, סערביען צו אָסט, מאָנטענעגראָ און הערצעגאָווינאַ צו זיד און דאַלמאַציען צו וועסט. דער באָדען איז בערגיג און רייך אין מינעראַלען; דיא הויפט בעשעפטיגונג פון דיא איינוואוינער איז אַגריקולטור. דיא שפּראַך איז סערביש-קראָאַטיש און דיא בעפעלקע-

*) דיא פישער פון דאַלמאַציען זיינען זעהר פעהיג אויף'ן וואַסער און דיא עסטרייכישע פלאָטע רעקרוטירט פון זיי דיא בעסטע מאַטראָזען.

רונג בעשטעהט פון גריעכישע קאטאליקען (פּראוואסלאווינע), מאַהד־מערדאנער און רוימישע קאטאליקען. דער שטח פון באסניען צוזאַ־מען מיט הערצעגאווינא איז 23,262 קוו. מ., איהר בעפעלקערונג 1,348,000. דיא וויכטיגסטע שטעדט פון באסניען זיינען: באסנא־סעראַי (Bosna-Serai) אָדער סאַראַיעוואָ (Sarajewo), דיא הויפּט־שטאָדט, אין אַ פּרעכטיגער פּאָזיציאָן אויף דעם טייך באסנא, 41,000 איינוו.; נאָווי באזאר (Novi Bazar) אָדער יעני־באזאר (Yenibazar), אויף דער ראַשקאַ, אַ וויכטיגער סטראַטע־גישער פּונקט, 12,000 איינוואוינער.

הערצעגאָווינא (אין טערקיש: הערסעק) גרענעצט זיך מיט באָסניען צו נאָרד און נאָרד־אָסט, מאָנטענעגראָ צו זיד־אָסט און דאַלמאַציען צו וועסט און זיד־וועסט; זיא איז אויך אַזוי בערגיג וויא באָסניען. דיא איינוואוינער זיינען סלאווען און דיא שפּראַך איז סערביש; בעפעלקערונג 220,000. דיא הויפּט־שטאָדט פון הערצעגאָווינא איז מאָסטאַר (Mostar), אויף דער נאַרענטאַ, אַ לעבעדיגע האַנדעל־שטאָדט, 17,000 איינוואוינער.

טיראָל און פאָראַרלבערג. — דיזע צוויי פּראָווינצען בילדען צוזאַמען איין קרוינסלאַנד און שטעהען אונטער איין שטאַט־האַלטער (גובערנאַטאָר), אָבער יעדערע פון זיי האָט איהר בעזונ־דערן לאַנדטאַג.

טיראָל גרענעצט זיך מיט פאָראַרלבערג, בייערן, זאַלצבורג, קאַרנטען, איטאַליען און שווייץ. איבער איהר געהען דורך דיא אַל־פּען און דיא טייכען לעך (Lech), עטש (Etsch, איטאַליעניש: Adige), דראַווע (Drave) און איגן (Inn). דיא הויפּט פּראָ־דוקטען זיינען מילכיגס, פּרוכטען און וויין (דער לעצטער אין דעם זידליכען טייל פון טיראָל) און עס זיינען דאָ מינעס פון קויהלען, אייזען, בליי, צינק, קופּער און אַנדערע מינעראַלען. דיא הערשענדע

רעליגיאָן איז רוימיש-קאַטוליש; דיא מעהרסטע איינוואוינער זיינען דייטשען, אָבער עס זיינען אויך דאָ ביי א 15,000 לאַדינען און אין דעם זידליכען טייל פון טיראָל זיינען א דריטעל פון דער בע־פעלקערונג איטאַליענער. טיראָל האָט א לאַנדטאַג פון 68 מיטגליע־דער און שיקט 18 פערטרעטער צום עסטרייכישען רייכסראַט. איהר שטח איז 11,324 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג 850,000. דיא הויפט-שטאָדט איז איננסברוק (Iunsbruck), אויף דעם טייך אינן, 27,000 איינוו. 44 מייל זיד-וועסטליך פון איננסברוק איז דיא שטאָדט מעראַן (Meran), וועלכע איז בעריהמט אַלס א קור-אָרט, איבער 7.000 איינוו.

פאָראַרלבערג גרענעצט זיך מיט דער אָזיערע קאָנסטאַנץ, בייערן, טיראָל, שווייץ און דעם פירסטענטום ליעכטענשטיין. זיא האָט א לאַנדטאַג און שיקט 2 פערטרעטער צום רייכסראַט. דיא איינוואוינער זיינען דייטשען און דיא הערשענדע רעליגיאָן איז רוי־מיש-קאַטוליש. דער שטח איז 1,004 קוו. מ., דיא בעפעלקערונג (אין 1891) 116,000; הויפט-שטאָדט ברעגענץ (Bregenz), 6,700 איינוואוינער.

גאַליציען און בוקאָווינא. — דיזע צוויי פראָווינצען גרענעצען זיך און זיינען עהנליך אין דער פאָרם פון זייער אויבער־פלעך און אין דיא פראָדוקטען פון זייער באָדען, אָבער זיי אונטער־שיידען זיך אין זייערע בעפעלקערונגען און רעליגיאָנען.

גאַליציען גרענעצט זיך צו נאָרד-אָסט מיט רוסלאַנד, פון וועלכער זיא איז טיילס אָפגעזונדערט דורך דיא ווייכסעל; צו זיד-אָסט מיט בוקאָווינא, צו זיד-וועסט און זיד מיט אונגאַרן, פון וועל־כער זיא איז אָפגעטיילט דורך דיא קאַרפּאַטהען, און צו נאָרד-וועסט מיט עסטרייכיש-שלעזיען און פרייסען. דער זידליכער טייל, וואו זיא גרענעצט זיך מיט דיא קאַרפּאַטהען, איז בערגיג, און דער־

נאָרדליכער און אָסטליכער טייל זיינען פלאַכלענדער. זיא פּראָדוּ־
צירט פיעל געטריידע און געהילץ און איז רייך און מינעראַלען. דיא
פּראָדוקטען פון דיא מינעס זיינען קויהלען, אייזען, בליי, צינק און
זאַלץ. דיא זאַלצ־מינעס פון ווּיעליטשקאַ (Wieliczka) ביי
קראַקאָוו זיינען פון דיא בעריהמטעסטע אין דער וועלט. גאַליציען
האָט אַ דיעט אָדער לאַנדטאַג פון 151 מיטגליעדער און שיקט 63
פערטרעטער צום עסטרייכישען רייכסראַט. דיא איינוואוינער זיינען
צום גרעסטען טייל סלאַווען: אין דעם וועסטליכען טייל פּאָליאַקען,
אין דעם אָסטליכען טייל רוטהענער. אָבער מעהר אַלס 10 פּראָ־
צענט פון דער בעפעלקערונג זיינען אידען און עס זיינען דאָ ביי אַ
100,000 דייטשען. דיא רעליגיאָן פון דיא פּאָליאַקען איז דיא רויי־
מיש־קאַטהאָלישע אין דיא רעליגיאָן פון דיא רוטהענער איז דיא גריע־
כיש־קאַטוילישע (פּראַוואָסלאַווּנע). דער שטח פון דער פּראָווינץ איז
30,307 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג 7,316,000. דיא וויכ־
טיגסטע שטעדט זיינען: לעמבערג (Lemberg), דיא הויפּט־
שטאָדט, 160,000 איינוו.; קראַקאָוו (ענג. Cracow), אויף דער
ווייכסעל, הויפּט־שטאָדט פון אַמאָליגע קעניגע פון פּוילען, צייכענט
זיך אויס מיט פּוילישע אַלטערטימער, בעזיצט אַ פּוילישע אוניווער־
זיטעט, 91,500 איינוואוינער.

בוקאָווינאַ גרענעצט זיך מיט גאַליציען צו נאָרד, מאָלדאַוויאַ
(אַ טייל פון רומעניען) צו אָסט און זיד, טראַנסילוואַניען (אונגאַרן)
און גאַליציען צו וועסט. אַ בעדייטענדער טייל פון דיזער פּראָווינץ
איז בעדעקט מיט דיא קאַרפּאַטהען. דער דיעט אָדער לאַנדטאַג
בעשטעהט פון 31 מיטגליעדער אין צום רייכסראַט ווערען געשיקט
9 פערטרעטער. דיא איינוואוינער זיינען צום גרעסטען טייל רוטהע־
נער און רומעניער; דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא גריעכיש־
קאַטוילישע (פּראַוואָסלאַווּנע). דער שטח פון בוקאָווינאַ איז 4,035

קוו. מ., דיא בעפעלקערונג 730,000; דיא הויפט־שטאָדט איז טשערנאָוויץ (Czernowitz) אייף דעם פרוטה, אַ וויכטיגער מיטעלפונקט פון האַנדעל מיט אַן אוניווערזיטעט, 68,000 איינוו.

דיא לענדער פון טראַנסלייטהאַניאַ:

אונגאַרן. — דיזע מדינה איז דער וויכטיגסטער טייל פון טראַנסלייטהאַניאַ און זיא האָט דיא איבערהערשאַפט איבער אַלע אַנדערע טראַנסלייטהאַנישע לענדער און פראָווינצען. זיא גרענעצט זיך צו נאָרד־וועסט מיט מאָהרען, צו נאָרד מיט שלעזיען, צו נאָרד און נאָרד־אָסט מיט גאַ־יציען (אַלע דריי אָפגעזונדערט דורך דיא קאַרפאַטהען), צו אָסט מיט בוקאָווינאַ און טראַנסילוואַניען, צו זיד מיט סערביען (אָפגעטיילט דורך דעם דונאַי) און קראָאַטיען־סלאַוואָניען (אָבגעטיילט דורך דיא דראַווע) און צו וועסט מיט שטייערמאַרק און ניעדער־עסטרייך (אָפגעזונדערט דורך דיא טייכען לייטהאַ און מאַרך). איהר איבערפלעך צייכענט זיך אויס מיט גרויסע פלאַכלענדער, וועלכע ליעגען אין דיא געגענדען פון דעם דונאַי און דער טהייס. דאָס לאַנד פראָדוצירט פיעל ווייץ, גערשטען, קאָרן, קוקורוזע און וויין; דיא מינעראַל־פראָדוקטען זיינען קויהלען, זאַלץ, אייזען, בליי, קופער, זילבער, גאָלד און אַנדערע; דיא עקספאָרטען זיינען ווייץ, מעהל, גערשטען, טיערע פיר פלייש א. ז. וו. צוזאַמען מיט טראַנסילוואַניען, וועלכע בילדעט יעצט אַ טייל פון איהר, האָט אונגאַרן 63 קאָמיטאַטען אָדער פראָווינצען. דיא בעפעלקערונג בעשטעהט פון אונגאַרען, וועלכע בילדען וועניגער וויא אַ העלפט, און רומעניער, דייטשען, סלאָוואַקען, סערבאָ־קראָאַטען, ריטהענער א. ז. וו. וואָס אָנבעטרעפט רעליגיאָן זיינען רוימישע קאַטאָליקען דאָ מעהר וויא גריעכישע קאַטאָליקען (פראַוואָסלאַוונע), פראָטעסטאַנטען און אידען. דער שטח פון אונגאַרן איז 91,509 קוו. מ., איהר בעפעלקערונג 19,254,600. דיא וויכטיגסטע שטעדט פון אונגאַרן זיינען:

בודאַפּעסט (Budapest), אויף דעם דונאַי, דיא הויפּט שטאָדט פון דער מדינה, אַ גרויסער אָרט פון אינדוסטריע און האַנדעל, 716.500 איינוו.; *) סעגעדין (Szegedin), אויף דער טהייסס, וויכטיגער מיטעלפּונקט פון אייזענ=באַהנען, 100.000 אַיינוו.; טעמעשוואַר (Temesvar), אויף דעם טייך טעמעש, אַ וויכטיגער מיטעלפּונקט פון אַייזענבאַהנען, הויפּט אָרט פיר דעם פערקעהר פון שיפען אויף אַ קאַנאַל, וואָס אין פערבונדען מיט דעם דונאַי, 50,000 איינוו.

טראַנסילוואַניען אָדער זיעבענבירגען. — דיזע געגענד גרענעצט זיך מיט אונגאַרן, בוקאָווינאַ, מאָלדאַוויאַ און וואַלאַכיאַ (דיא לעצטע צוויי זיינען טיילען פון רומעניען) און איז אַרומגערינגעלט און בעדעקט מיט פערשיעדענע רייהעם בערג. זיא בילדעט אַ טייל פון אונגאַרן און שליעסט אַיין 15 קאָמיטאַטען אָדער פּראָווינצען. דיא בעפעלקערונג בעשטעהט פון רומעניער (איבער אַ העלפט), מאַגיאַרען (אונגאַרען), סעקלער (אַ סאָרט אינגאַרען; דער נאָמען בעדייט „גרענעצ=וועכטער"), דייטשען, אידען, אַרמעניער, ציגיינער און נאָך אַנדערע. דער שטח פון טראַנסילוואַניען איז 21,512 קוו. מ., דיא בעפעלקערונג 2,251,000. דיא וויכטיגסטע שטעדט זיינען: קלויזענבורג (Klausenburg) אָדער קאָלאָסוואַר (Koloszvar), 30.000 אַיינוו.; הערמאַננשטאַדט (Hermannstadt) אָדער נאַדזשי סעבען (Nagy Szeben), 22.000 אַיינוו.

פיאומע. — דיזע שטאָדט מיט דער טערריטאָריע, וועלכע געהערט צו איהר, בילדעט אַן אָרט בעזונדערע פּראָווינץ פון אונ־

*) בודאַפּעסט בעשטעהט אייגענטליך פון צוויי בעזונדערע שטעדט: בודאַ (Buda) אָדער אָפען (Ofen), וועלכע ליעגט אויף דעם רעכטען ברעג פון דעם דונאַי, און פּעסט (Pest) — אויף דעם לינקען ברעג פון דיזען טייך. ביידע שטעדט זיינען פעראייניגט דורך אַן אייזערנעם בריק. בודאַ אָדער אָפען האָט אַ דייטשע בעפעלקערונג.

גאַרן. פיאומע ליעגט אויף דעם בוזים פון קיואַרנערא ביים אַדריאַ־
טישען מעער און איז דער איינציגער ים־פאָרט אין אונגאַרן. זיא
פיהרט אַ גרויסען האַנדעל און האָט אַ בעדייטענדע מאַנופאַקטור.
דער שטח פון פיאומע איז אונגעפעהר 12½ קוו. מ., איהר בע־
פעלקערונג 38,000.

קראָאַטיען און סלאַוואָניען. — דיזע צוויי טעררי־
ריעס זיינען אַמאָל געווען בעזונדערע קעניגטימער; יעצט רעגיערען
זיי זיך צוזאַמען און בילדען איין מדינה. קראָאַטיען גרענעצט זיך מיט
קראַין, שטייערמאַרק און אונגאַרן צו נאָרד, סלאַוואָניען און באָסניען
צו אָסט, דאַלמאַציען צו זיד און דעם אַדריאַטישען מעער צו וועסט;
פון אונגאַרן איז זיא אָפגעזונדערט דורך דיא דראַווע. סלאַוואָניען
גרענעצט זיך מיט דער דראַווע צו נאָרד און נאָרד־אָסט, מיט דעם
דונאַי צו אָסט, מיט דער סאַווע צו זיד און קראָאַטיען צו וועסט.
ביידע געגענדען זיינען טיילס בערגיג און האָבען גוטען, פרוכטבאַרען
באָדען. דיא איינוואוינער זיינען הויפטזעכליך סלאַווען פון דער סערב־
ביש-קראָאַטישער ראַסע; זייער רעליגיאָן איז טיילס דיא רוימיש־קאַ־
טוילישע, טיילס דיא גריעכיש־קאַטוילישע (פראַוואָסלאַוונע). זיי ווע־
רען רעגיערט צוזאַמען און שטעהען אונטער אַן אייגענעם שטאַט־
האַלטער אָדער גובערנאַטאָר. זייער דיעט אָדער לאַנדטאַג בעשטעהט
פון 90 מיטגליעדער און זיי שיקען 3 דעלעגאַטען צו דעם מאַגנאַ־
טען־הויז און 40 דעלעגאַטען צום רעפרעזענטאַנטען־הויז פון דעם
אונגאַרישען רייכסטאַג. דער צוזאַמענגענומער שטח פון קראָאַטיען־
סלאַוואָניען איז 16,773 קוו. מ., זייער בעפעלקערונג 2,416,000.
דיא הויפט־שטאָדט איז אַגראַם (Agram), אויף דער סאַווע,
אין קראָאַטיען, 57,700 איינוואוינער.

## 19. קאפיטעל.

# רוסלאַנד.

### ערסטע אָפּטיילונג.

גרויס פון דער גאַנצער אימפּעריע. — אייראָפּעאישע רוסלאַנד. — ימים, בוזימס, ים־שטראַסען, האַלב־אינזלען, אינזלען. — פאָרם פון אויבער־פלעך. — טייכען און טייכען. — קלימאַט, באָדען און פּראָדוקטען — בעפעלקערונג און רעגיערונג. — אדמיני־סטראַטיווע איינטיילונג.

---

דיא רוסישע אימפּעריע איז דיא גרעסטע מדינה נאָך ענגלאַנד. זיא פערנעהמט א גרויסען טייל פון אָסט אייראָפּאַ, דעם גאַנצען נאָרדליכען טייל פון אזיען אָדער סיביר, דעם וועסט־ליכען טייל פון טורקעסטאַן און דיא געגענד פון יענעם זייט קאַוו־קאַז. דער שטח פון דער גאַנצער אימפּעריע איז 8,660,282 קוו. מ. וועגען איהר לאַגע אויף דיא צוויי וועלט־טיילען אייראָפּאַ און אזיען ווערט רוסלאַנד געטיילט אין אייראָפּעאישע רוסלאַנד (European Russia) און אַזיאַטישע רוסלאַנד (Asiatic Russia).

אייראָפּעאישע רוסלאַנד ליעגט צווישען $40^0$ — $70^0$ נאָרדלי־כע ברייט, $18^0$ — $60^0$ אָסטליכע לענג און איהרע גרענעצען זיינען: צו נאָרד — דאָס נאָרדליכע אייז־מעער; צו אָסט — דיא אוראַל־בערג, דער טייך אוראַל און דאָס קאַספּישע מעער; צו זיד — דיא קאַווקאַזישע בערג, דאָס אַזאָווישע מעער, דאָס שוואַרצע מעער און

דער טייך דונאַי; צו וועסט — דער טייך פּרוטה, דיא ווייכסעל, דאָס באַלטישע מעער, דער באָטניש‌ער בוזים און דיא טייכען טאָר־נעאָ, מיאָניאָ און טאַנאַ. דער שטח פון אייראָפּעאישער רוסלאנד איז 2,095,095 קוו. מ., וועלכעס איז מעהר וויא אַ העלפט פון גאַנץ אייראָפּאַ.

פון דיא מעערען פון אייראָפּעאישער רוסלאַנד איז אויסער דיא איבענ־דערמאָהנטע (קאַספּישעס מעער, שוואַרצעס מעער, באַלטי־שעס מעער) מערקווירדיג דאָס ווייסע מעער; פון דיא ים־בוזימס — דיא בוזימס פון מעזען, דווינאַ, אָנעגאַ און קאַנדאַלאַק אין דעם וויי־סען מעער, דער באָטנישער, פינישער און ריגער בוזים אין דעם באַלטישען מעער; צווישען דיא ים־שטראַסען איז מערקווירדיג דיא קערטש־שטראַס; צווישען דיא האַלב־אינזלען — קאָלאַ (צווישען דעם נאָרדליכען אייז־מעער און דעם ווייסען מעער) און דיא טאַורישע האַלב־אינזעל אָדער קרים (Crimea); פון דיא אינזלען איז דיא וויכטיגסטע נאָוואַיאַ זעמליאַ (Nova Zembla).

נאָך דער פאָרם פון איהר אויבערפלעך איז דיא אייראָפּעאישע רוסלאַנד אין אַלגעמיין אַ ניעדריגעס פלאַכלאַנד. דיא ברעגען פון דיזען פלאַכלאַנד זיינען ערטערוויוז בעזוימט מיט בערג: צו אָסט — מיט דיא אוראַל־בערג און דיא בערג פּאַי־כאָי (Pai-khoi), צו זיד — מיט דיא קאַווקאַזישע און קרימישע בערג, צו זיד־וועסט — מיט צווייגען פון דיא קאַרפּאַטהען, צו נאָרד־וועסט — מיט דיא פיננישע בערג.

דאָס רוסישע פלאַכלאַנד איז ביי דיא נאָרד־וועסטליכע ברע־גען פון דעם קאַספּישען מעער, צווישען דיא ניעדריגע טיילען פון דער וואָלגאַ און דעם אוראַל, 83 פוס ניעדריגער פון דעם ים; דער גאַנצער איבריגער טייל פון דעם פלאַכלאַנד איז דורכשניטליך ניט העכער וויא 600 פוס איבער דעם שפּיעגעל פון ים. אין אַלגעמיין געהט דאָס פלאַכלאַנד אויפגעהויבען און אַראָפּגעלאָזען וויא אין

וועללען. דיא אויפגעהויבענע שטרעקעס געהען איבער איהם דורך אין פערשיעדענע ריכטונגען; זיי זיינען טיילס וויא צווייגען פון דיא בערג, וועלכע בעזוימען דיא ברעגען פון דעם פלאַכלאַנד, טיילס זעלבסט-שטענדיגע אויפגעהויבענע שטרעקעס, וועלכע האָבען צווישען זיך כמעט קיין פערבינדונג ניט.

דיא בערג, וואָס זייערע צווייגען בילדען דיא אויפגעהויבענע טיילען פון דעם רוסישען ניעדערלאַנד, זיינען דיא פיננישע, דיא אוראַל-בערג, דיא קאַווקאַזישע און דיא קאַרפאַטהען. צו דיא צווייגען פון דיא פיננישע בערג געהערען דיא **אָלאָנעצקע בערג**, וועלכע דיענען אַלס וואַסער-שייד צווישען דעם ווייסען און דעם קאַספּישען מעער; צו דיא צווייגען פון דיא אוראַל-בערג געהערען דיא זאָ-גענאַנטע **נאָרדליכע אוואַלען** (בערגלאַך), וועלכע דיענען אַלס וואַסער-שייד צווישען דעם ווייסען און דעם קאַספּישען מעער, און דיא אַלגעמיינע וואַסער-שייד (רוסיש: Общій Сыртъ) צווישען דער וואָלגאַ און דעם אוראַל; דער צווייג **בעשטאַו** פון דיא קאַווקאַזישע בערג דיענט אַלס וואַסער-שייד צווישען דעם קאַספּישען און דעם שוואַרצען מעער; צו דיא צווייגען פון דיא קאַרפאַטהען געהערען: צו זיד — דיא **אַוורוטינסקע בערג**, וועלכע האַקען איבער אין זייער אָסטליכער ריכטונג, אונטער דעם נאָמען **קאַמעננאַיאַ גריאַדאַ** (שטיינערנע קייט), דעם טייך דניעסטער און בילדען דיא בעוואוסטע שנעל-שטראָמען פון דעם דניעפּער; צו זיד — דיא **סוועטאָקשינסקע** און **סאַנדאָמירסקע** בערג.

פון דיא אויפגעהויבענע שטרעקעס אין אייראָפּעאישער רוסלאַנד זיינען דיא וויכטיגסטע דיא פאָלגענדע פינף:

1. **דיא מיטעל-רוסישע אָדער צענטראַלע**, וועלכע ציהט זיך הויפּטזעכליך פון נאָרד צו זיד, און דיענט אַלס וואַ-

סער־שייד צווישען דער וועסטליכער דווינאַ און דעם דניעפּער פון איין זייט, און דער וואָלגאַ און דעם דאָן פון דער אַנדערער זייט; איהר נאָרדליכער טייל — דיא וואַלדאַיאישע בערג בילדען דיא וואַסער־שייד צווישען דעם באַלטישען און דעם קאַספּישען מעער.

2. דיא וואָלגישע, וועלכע דיענט אַלס וואַסער־שייד צווישען דיא באַסיינען פון דעם דאָן און דער אָקאַ פון איין זייט און דער וואָלגאַ פון ־ער אַנדערער זייט.

3. דיא דאָנעצקע קייט (רוסיש: Донецкій кряжъ), וועלכע ציהט זיך זידליך פון דער קאַמעננאַיאַ גריאַדאַ (שטיינערנע קייט) צווישען דעם נאָרדליכען ברעג פון דעם אַזאָווישען מעער און דעם דאָניעץ (גרעסטער ביי־טייך פון דעם דאָן).

4. דער באַלטישער בערגיגער פּאַס, וועלכער געהט אַזוי וויא אַ פאָרטזעצונג פון דעם נאָרדליכען טייל פון דער מיטע־לער אויפגעהויבענער שטרעקע אין אַ זיד־וועסטליכער ריכטונג; ער געהט איבער דיא גרענעצען פון רוסלאַנד, שניידט דורך דאַס דייטשע ניעדערלאַנד און ענדיגט זיך אויף דער האַלב־אינזעל יוטלאַנד. ער צייכענט זיך אויס מיט פיעלע זומפּיגע ערטער, אַ סך קליינע אָזיע־רעס און סאָסנאָווע וועלדער.

5. דיא אויפגעהויבענע ערטער אין דיא באַלטישע געגענדען אויף ביידע זייטען פון דעם אונטערען לויף פון דער וועסטליכער דווינאַ, פון איין זייט ביז דער אָזיערע פּעאיפּוס (לעטטישע אָזיערע), פון דער אַנדערער זייט ביז דעם טייך ניעמען.

דיא וויכטיגסטע בערג פון רוסלאַנד זיינען דיא אוראַל־בערג, דיא קאַווקאַזישע בערג און דיא טאַורישע בערג.

דיא אוראַל־בערג בילדען דעם אָסטליכען גרענעץ פון אייראָ־פּעאישער רוסלאַנד און זיי ציהען זיך אין דער ריכטונג פון נאָרד צו זיד אויף אַ שטרעקע פון 2,000 וויאָרסט. זייער אָראָפּגאַנג אויף

דער אָסטליכער זייט איז געדרעהטער און געבראָכענער וויא אויף דער וועסטליכער זייט. דיא מאַטעריאַלען, פון וועלכע זיי בעשטעהען זיינען גראַניט, זאַמד-שטיין און קאַלכ-שטיין. זיי ווערען איינגעטיילט אין זידליכען אוראַל, מיטעלען אוראַל און נאָרדליכען אוראַל. דער זידליכער אוראַל צייכענט זיך אויס מיט זיינע פיעלע צווייגען, זיינע שעהנע נאַטור-סצענעס און זיינע רייכע געוועקס. דער מיטעלער אוראַל צייכענט זיך אויס מיט זיין רייכטום אין מעטאַלען (אייזען, קופּער, גאָלד, פּלאַטינום), טייערע שטיינער (טאָפּאַזען און אַמעטיסטען), רודעס פון מאַלאַכיט אָדער גרינעם קופּער, לאַפּיס לאַזולי אָדער בלוי-שטיין, שטיינ-קויהלען און וועלדער פון חיואָינע בוימער אָדער נאָדעל-האָלץ. דער נאָרדליכער אוראַל איז ווילד און אָרים אין נאַטור סצענעס. דער מיטעלער אוראַל איז דער ניעדריגסטער טייל פון דעם געבירג, דער נאָרדליכער איז דער העכסטער. דיא אוראַל-בערג בעשטעהען פון רייהעס, וועלכע ליעגען פּאַראַלעל אָדער אין גלייכלויפענדע שורות פון נאָרד אַרונטער צו זיד. פון דיא פּאַראַלעל-קייטען פון דעם זידליכען אוראַל געהט איינע, דיא אָסטליכע, אַוועק אין אַזיען און פעראייניגט זיך צו זיך מיט דעם טאַפעל-לאַנד אָדער הויכען פלאַכלאַנד אוסט-אורט (Усть Уртъ), צווישען דעם קאַספּישען מעער און דעם מעער פון אַראַל; אַ צווייטע קייט פון דעם זידליכען אוראַל, דיא וועסטליכע, וועלכע ליעגט ביי דעם וועסטליכען אַראָפּגאַנג, איז זעהר אַ נאַטור-רייכע געגענד; זיא ווערט וועגען איהר שעהנקייט און רייכקייט אין נאַטור-סצענעס אָנגערופען דער טיראָל פון דיא אוראַל-בערג (Уральскій Тироль). צו וועסט פון איהר זידליכען ענד ציהט זיך אַ רייהע פון ניט הויכע בערג, וועלכע ווערען בעצייכענט מיט דעם נאָמען אָבשטשי סירט (Общій Сыртъ) [אַלגעמיינע וואַסער-שייד]. צו נאָרד-וועסט פון דעם נאָרדליכען אוראַל טיילט זיך אָפּ אַ קייט פון

ניט הויכע בערג, וועלכע טראָגט דעם נאָמען פּאַי־כאָי (Pai-khoi).

דיא קאַווקאַזישע בערג געהען 1,200 וויאָרסט (אונגעפעהר 800 מייל) אין דער לענג און 120 וויאָרסט (אונגעפעהר 80 מייל) אין דער ברייט, און האָבען אַ דורכשניטליכע הויך פון כמעט 3 וויאָרסט (10,500 פוס). דיא העכסטע בערג זיינען דעמאַווענד (Demavend) פון דער רייהע עלבורז (Elburz), 18,600 פוס, דיכטאַו (Дыхтау) און קאַזבעק (Kazbek). דיא לעצטע צוויי זיינען עטוואָס ניעדריגער פון 17,500 פוס. דיא קאַווקאַזישע בערג בעשטעהען פון פינף רייהעס אָדער שורות, וועלכע לויפען פּאַראַלעל (ד. ה. גלייך) איינע מיט דיא אַנדערע. דיא העכסטע פון דיזע רייהעס איז דיא מיטעלסטע, וועלכע בעשטעהט פון טראַכיט (וואולקאַנישען שטיין) און באַזאַלט (אַן אַרט שטיין, וועלכען מען בעגעגענט אין דער פאָרם פון זיילען). דיא רייהעס, וועלכע ליעגען נאָהענט צו דיזער, בעשטעהען פון גראַניט און שיעפער־שטיין; דיא אויסווערטיגע רייהעס פוןביידע זייטען בעשטעהען פון קאַלכ־שטיין און קרייט. צווישען דיזע רייהעס ליעגען צו וואָרפען פיעלע בעזונדערע בערג אין פערשיעדענע ריכטונגען און עס זיינען דעריבער דאָ פיעלע טאָלען און שלובטען (שפּאַלטען) און טאַפּעל־לענדער. אין אַלגעמיין איז דיא קאַווקאַזישע געגענד פרעכטיג שעהן, נאָר זיא האָט ניט קיין אָזיערעס, וועלכע וואָלטען איהר צוגעגעבען פיעל מעהר שעהנקייט. קאַווקאַז איז זעהר אַ רייכע מינעראַל־געגענד, נאָר איהרע רייכטימער זיינען נאָך ניט גענוג בעאַרבייטעט. דער וויכטיגסטער פּראָדוקט פון דיזער געגענד איז בערג־אויל אָדער נאַפטהאַ.

דיא טאַורישע בערג זיינען אַ פאָרטזעצונג פון דיא קאַווקאַזישע און זיי בעשטעהען פון דיא זעלבע סאָרטען שטיין; נאָר דיא קרימער בערג זיינען אַ דריטעל דיא הויך פון דיא קאַווקאַזישע, און

אזוי וויא דער זידליכער אראָפּגאַנג פון דיזע בערג ווערט געוואַשען פין דעם ים, האָבען זיי פון דער זידליכער זייט דיא פאָרם פון הויד הויכע סקאַלעס. וועלכע זיינען ערטערווייז 1½ וויאָרסט הויך. דער העכסטער שפּיץ פון דיא טאַוורישע בערג איז טשאַטיר-דאַג (Чатыръ-Дагъ). דער נאָרדליכער משופּע'דיגער אראָפּגאַנג יאַילאַ (Яйла) איז ווינטער בעדעקט מיט שנעע און זומער דיענט ער אַלס פּאַשע-אָרט פיר פיה. דער זידליכער אראָפּגאַנג צום ים איז איינער פון דיא מערקווירדיגסטע ערטער מיט זיין געזונטען קלימאַט און זייד נע רייכע געוועקס; דאָרטען געפינען זיך דיא רייכסטע וויינגערטנער און פערשיעדענע סאָרטען פרוכט-בוימער.

צווישען דיא טייכען און אָזיערעס פון אייראָפּעאישער רוסלאַנד זיינען דיא וויכטיגסטע: דיא פּעטשאָראַ, דיא נאָרדליכע דווינאַ, דיא אָנעגאַ, דיא טאַנאַ, דער טאָרנעאָ; דיא אָזיערע סאַימאַ און דער טייך וואואָקסאַ (Вуокса, פיננישׁ: Vuohi), אין וועלכען עס געפינט זיך דער וואַסער-פאַל אימאַטראַ; דיא אָזיערע אָנעגאַ און דער טייך סוויר; דיא אָזיערע אילמען (Ильмень) און דיא טייכען וואָלכאָוו און מסטאַ, דיא אָזיערע לאַדאָגאַ און דער טייך נעוואַ; דיא אָזיערע פּעאיפּוס (Чудское Озеро) און דער טייך נאַראָוואַ; דיא וועסטליכע דווינאַ; דער ניעמאַן; דיא וויסלאַ אָדער ווייכסעל מיט דעם וועסטליכען בוג; דער דונאַי מיט דעם פּרוט; דער דניעסטער; דער זידליכער בוג; דער דניעפּער מיט דיא ביי-טייכען בערעזינאַ, פּריפּעט (Припеть) און דעסנאַ; דער דאָן מיט זיין ביי-פלוס דאָניעץ; דיא קובאַני (Кубань); דיא וואָלגאַ און איהרע ביי-טייכען טווערצאַ, מאָלאָגאַ, שעקסנאַ מיט דער ווייסער אָזיערע, דיא קאָסטראָמאַ, דיא קאַמאַ מיט דיא טייכען וויאַטקאַ, טשוסאָוואַיאַ (Чусовая рѣка)

און ביעלאיא (Бѣлая рѣка), דיא אָקא מיט דיא טייכען מאָסקווא און קליאזמא (Клязьма) אין דיא סורא; דער טערעק; דער אוראל.

דיא טייכען פון איראָפּעאישער רוסלאַנד אויף דער זיד-וועסט־ליכער זייט און אויף דער זיד-אָסטליכער קומען אַזוי נאָהענט איינע צו דיא אַנדערע מיט דעם אויבער-לויף פון זייערע וואַסערען, און דיא וואַסער-שיידען צווישען זיי זיינען אַזוי ניעדריג, דאָס דיא וויכ־טיגסטע פון דיא טייכען זיינען שוין לאַנג פעראייניגט צווישען זיך מיט קאַנאַלען. צווישען דיא קאַנאַלען זיינען דיא וויכטיגסטע דיא, וועלכע פעראייניגען דאָס סיסטעם פון דער וואָלגא, וועלכעס איז דאָס וויכטיגסטע טייכען-סיסטעם, מיט דעם באַלטישען מעער (ביי פעּ־טערסבורג). דיזע בילדען אַ טייל פון דריי וואַסער-וועגען — דעם מאַריאינסקען (Маріинскій), דעם טיכווינסקען (Тихвинскій) אוןווישנעוואָלאָצקען (Вышневолоцкій). דער ערסטער (דער מאַריאינסקער) איז דער לענגסטער און דער רייכסטער אין וואַסער; ער ווערט בענוצט צום איבערפיהרען שווערע מאַסען אויף גרויסע שיפען. דער צווייטער (דער טיכווינסקער) איז דער קירצעס־טער וואַסער-וועג פון דיא דריי און האָט וועניגער וואַסער; אויף איהם ווערען געפיהרט גרינגערע וואַארען, אָבער פון אַ גרעסערען ווערט, וויא קאָלאָניאַל-וואַארען און מאַנופאַקטור אַרטיקלען, אויף קלענערע שיפען. דאָס צווייטע וויכטיגע טייכען-סיסטעם פון רוסלאַנד נאָך דעם סיסטעם פון דער וואָלגא, דאָס דניעפּער-סיסטעם, פער־אייניגט זיך מיט דעם באַלטישען מעער דורך פיער וואַסער-וועגען, נעמליך: בערעזינסקען, אָגינסקען, דניעפּראָווסקאָ-בוגסקען און אַווגוסטינסקען. דיא ערסטע דריי פעראייני־גען דעם דניעפּער מיט דיא דריי גרויסע טייכען פון דעם באַלטישען מעער: דער וועסטליכער דווינא, דעם ניעמאַן און דער ווייכסעל

(ווִיסלאַ); דער לעצטער (דער אַווגוסטינסקער קאַנאַל) איז געמאַכט געוואָרען, אום אויסצומיידען דעם דורכגאַנג פון שיפען איבער דעם פּרייסישען טייל פון דער ווייכסעל; דיזער קאַנאַל גיט שיפען דיא מעגליכקייט זיך צו פערקירעווען אין דעם ניעמאַן.

אין דער הינזיכט פון קלימאַט פערנעהמט רוסלאַנד דעם טייל פון איירָאפּאַ, וואו דיא טעמפּעראַטור געהט איבער פון איין עקסטרעם צו דעם אַנדערן און רעגען איז אַם ווינציגסטען. אין אַסטראַחאַן, צום ביישפּיעל, איז אין יאַנואַר מיט צוואַנציג גראַד קעלטער און אין יולי מיט פערצעהן גראַד וואַרימער וויא אין לאָנדאָן. אין אַרחאַנגעל, אויף דעם ווייסען מעער, וואו עס איז אין יאַנואַר זאָגאַר מיט צעהן גראַד קעלטער וויא אין אַסטראַחאַן, איז אין מאָנאַט יולי אַזוי וואַרים וויא ביי דיא נאָרדליכע בּרעגען פון ענגלאַנד. רעגען, וועלכער איז דאָ אין אַלגעמיין ווינציגער וויא אין דעם איבּריגען טייל פון איירָאפּאַ, געהט אַם מעהרסטען אין זומער-צייט, ווען ער איז אַם נויטיגסטען, און ער איז דעריבּער גענוג פיר אַגריקולטור איבּעראַל אויסער אין דיא געגענדען פון זיד-אָסט, וואו רעגען געהט זעהר ווינציג.

דער בּאָדען פון איירָאפּעאישער רוסלאַנד איז פערשיעדען אין פּראָדוקציאָן לויט דער געאָגראַפישער לאַגע פון דיא געגענדען. אין דעם ווייטסטען נאָרדליכען טייל איז דיא געגענד פון דיא טונדראַס אָדער געפרוירענע זומפּען, וואו דיא איינציגע איינוואוינער זיינען איינִיגע טויזענד לאַפּלענדער און סאַמאָיעדען, וועלכע וואַנדערן אַרום מיט סטאַדעס פון נאָרדליכע הירשען. דיא טונדראַס געהען אין זומער אָפּ און ווערען ווייך בּיז אַ פּיס דיא טיעף, אַזוי דאָס זיי קענען איינִיגערמאַסען בּעאַרבּייט ווערען. צו זיד פון דיזער איז דיא וואַלד-געגענד, וועלכע ליעפערט אויסער געהילץ, רעזינע, פּאָטאַש און אַנדערע וואַלד-פּראָדוקטען, פיעל רויכוואַרג פון סייבּעל, ערמין (גאָרנאָסטאַי) און אַנדערע פּעלצ-טיערע. אין דיזער געגענד איז דיא

בעפעלקערונג ניט גרויס. דיא נעכסטע פון דיזער איז דיא אונדוסט־ריעלע געגענד, אין דעם סאַמע מיטען פון רוסלאַנד, וואו דיא איינוואוינער בעשעפטיגען זיך טיילס מיט אַגריקולטור, טיילס מיט מאַנופאַקטור. צו זיד און וועסט פון דער אינדוסטריעלער געגענד איז דיא אַגריקולטור־געגענד, וואו דיא אַגריקולטור פּראָ־דוקציאָן איז אַזוי גרויס, דאָס זיא איז ניט נאָר גענוג פיר דיא איינ־וואוינער, נאָר זיא לאָזט נאָך איבער פיעל פיר דיא אַנדערע טיילען פון לאַנד און צום אַרויספיהרען נאָך אויסלאַנד. דער זידליכער טייל פון דער אַגריקולטור־געגענד איז בעקאַנט אַלס דיא געגענד פון שוואַרצע ערד (טשערנאָזעם), וועלכע איז אַזוי פרוכטבאַר, דאָס וואו עס איז נאָר דאָ גענוג רעגען קען מען אין איהר פּראָדוצירען געטריידע מיט ווייניגער בעאַרבייטונג וויא אין אירגענד וועלכען אַנדערן טייל פון אייראָפּאַ. דיזע געגענד איז כמעט אין גאַנצען אָהן בוי־מער און זיא איז פיעל עהנליך צו דיא אונגאַרישע פּוסטאַס (סטעפּעס). דער וועסטליכער טייל פון דער אַגריקולטור־געגענד שליעסט איין גאַנץ פוילען און אַ טייל פון דיא נאַכבאַרשאַפטליכע געגענדען. אין דער אינדוסטריעלער געגענד און אין דער אַגריקולטור־געגענד, איבערהויפּט אין דער צווייטער, געפינט זיך דיא געדיכטעסטע בע־פעלקערונג; אָבער אַפילו אין דיזע געגענדען איז דיא בעפעלקערונג איינע פון דיא קלענסטע אין אייראָפּאַ, ווייל רוסישע מאַנופאַקטור און אַגריקולטור שטעהען נאָך זעהר פיעל צוריק. בלויז איין דריטעל פון דעם גאַנצען שטח פון רוסלאַנד ווערט בעאַרבייט; אין גראַדע אין דער געגענד, וועלכע האָט דעם רייכסטען באָדען, איז דיא אַגריקולטור נאַכלעסיגער וויא אַנדערסוואו. צו זיד און אָסט איז דיא געגענד פון דיא סטעפּעס, וואו דער באָדען קען נאָר בע־אַרבייט ווערען מיט גרויס שוועריגקייט. דיא איינוואוינער זיינען דאָ צום גרעסטען טייל טאַטאַרען און קאַלמוקען, וועלכע וואוינען אין

געצעלטען און וואַנדערן אַרום איבער דיא פערדאַרטע, אונפרוכטבאַרע פלאַכע שטרעקעס מיט סטאַדעס פין פיה, פערד און קעמלען, גראַדע וויא זייערע ברידער וואַנדערן אַרום אין אַזעלכע געגענדען אין צענטראַל אַזיען.

דיא גרעסטע בעשעפטיגונג אין רוסלאַנד איז אַגריקולטור, פון וועלכער דיא וויכטיגסטע פּראָדוקטען זיינען, ווייץ, קאָרן, קר־קורוזע, האָבער, פלאַקס, האַנף (קאַנאָפּליע) און נאָך אַנדערע אַרטיקלען. דיא פּראָדוקציאָן פון פלאַקס און האַנף איז דאַ בעדייטענדער וויא אין אירגענד וועלכען אַנדערן לאַנד אין אייראָפּאַ. וויכטיגע אינדוסטריען זיינען דאָ אויך פיה־צוכט און פיש־פאַנג. צווישען דיא מאַנופאַקטור פּראָדוקטען פון רוסלאַנד זיינען לייוועגט, וואָהל־צייג און אַנדערע אַרטיקלען. דיא פּראָדוקטען פון דיא מינעס זיינען גאָלד, זילבער, פּלאַטינום, קויהלען, אייזען, שטיינ־אויל (פּעטראָלעאום, נאַפטהאַ), קופּער א. ז. וו. דער מינעראַל־רייכטום פון רוסלאַנד ליעגט הויפּטזעכליך אין דעם מיטעלען אוראַל, וואו מען געפינט זעהר פיעל פיינע גאָלד, אייזען, פּלאַטינום, קופּער און טייערע שטיינער. דיא קויהלען־פעלדער ביי דעם דאָניעץ, אַ ביי־טייך פון דעם דאָן, אַרום מאָסקווע, און אַנדערע מינעס קענען ליעפערן זעהר פיעל קויהלען, אָבער זיי ווערען נאָך ניט גענוג בעאַרבייט. דער אויסלענדישער האַנדעל פון רוסלאַנד איז נאָך דעם ערך פון איהר בעפעלקערונג ניט גרויס. צווישען איהרע עקספּאָרטען פערנעהמט קאָרן אין געוועהנליכע יאָהרען דעם ערסטען אָרט (בעטרעפט אָפט מעהר וויא אַ העלפט פון דעם ווערט פון גאַנצען עקספּאָרט); נאָך דיזען אַרטיקעל קומען פלאַקס, האַנף, ליינ־זוימען, געהילץ און פּראָדוקטען פון טיערע. דיא אַרטיקלען, וועלכע ווערען אימפּאָרטירט, זיינען הויפּטזעכליך רויהער באַוועל, טעע און אייזען. דער אימפּאָרט פון באַוועל ווערט אימער גרעסער; דאָס איז אַ בעוויז,

אז דיא מאַנופאַקטור אינדוסטריע אין רוסלאַנד האַלט אין וואַקסען.

דיא בעפעלקערונג פון דער רוסישער אימפעריע איז איבער 150,000,000 און זיא בעשטעהט פון פיעלע פערשיעדענע פעלקער־שאַפטען. דעם גרעסטען טייל בילדען דיא רוסען און דיא אַנדערע פעלקערשאַפטען זיינען: פאָליאַקען, ליטווינעס, פינלענדער, דייטשען, שווערען, לעטטען, עסטהאָניער, מאָרדווינען, אידען, רומעניער, אַרמעניער, פערסיער, פערשיעדענע קאַיוקאַזישע שבטים, טאַטאַרען, באַשקירען, קירגיזען, קאַלמיקען, טשוּוואַשען און מעהרערע אַנדע־רע. דיא רוסען ווערען איינגעטיילט אין גרויס־רוסען (Велико-руссы), קליין־רוסען (Малоруссы) און ווייס־רוסען (Бѣлоруссы). דיא גרויס־רוסען בעוואוינען דעם הויפט טייל פון אייראָפּעאישער רוסלאַנד („טיעף ראַסיי״ — וויא אינזערע אידען זאָגען), נעמליך דיא גובערניעס: אַרחאַנגעל, אָלאָניעץ, וואָלאָגדאַ, נאָווגאָראָד, פּסקאָוו, מאָסקוואַ, טוועד, קאָסטראָמאַ, ווּלאַדימיר, יאַראָסלאַוו, ריאַזאַן, ניזשני־נאָווגאָראָד, טולאַ, קאַלוגאַ, אָריאָל, סמאָלענסק, קורסק, וואָראָנעזש און טאַמבאָוו. דיא קליין־רוסען בעוואוינען קליין־רוסלאַנד, נעמליך דיא גובערניעס חאַרקאָוו, קיעוו, פּאָלטאַוואַ, טשערניגאָוו, וואָלהין, און פּאָדאָליע. דיא ווייס־רוסען געפינען זיך אין ווייס־רוסלאַנד, נעמליך: ווילנאָ, גראָדנאָ, מאָהיליעוו, מינסק און וויטעבסק. דיא מעהרסטע נאָך דיא רוסען זיינען דיא פּאָליאַקען אין וועסט רוסלאַנד; זיי געהערען מיט דיא רוסען צו איין שטאַם — דעם סלאַווישען — און רעדען אַ סלאַווישע שפּראַך. דיא ליטווינען בילדען דעם גרעס־טען טייל פון דער בעפעלקערונג צו זיך פון דעם בוזים פון פינ־לאַנד. דייטשען זיינען דאָ זעהר פיעל אין דיא פּראָווינצען זידליך פון דעם בוזים פון פינלאַנד און פיעלע שטעדט אין יענער געגענד זיינען געגרינדעט געוואָרען פון דייטשען איידער רוסלאַנד האָט דאָר־טען געהאַט דיא ממשלה. אין פינלאַנד זיינען דיא מעהרסטע איינ־

וואוינער דיא פינלענדער, אָבער דעם וויכטיגסטען טייל פון דער בעפעלקערונג בילדען דיא שוועדען אין דער זידליכער געגענד. אידען אין רוסלאַנד צעהלען אונגעפעהר 7,000,000 און זיי בעוואוינען דיא זיד-וועסטליכע און זידליכע געגענדען.

אין דער הינזיכט פון רעליגיאָן איז דיא בעפעלקערונג פון רוסלאַנד כמעט אַזו פערשיעדענאַרטיג וויא אין ראַסע. דיא איינוואוינער פון דער רוסישער ראַסע בעקענען זיך צו דער גריעכיש-קאַטוילישער קירכע, פון וועלכער עס זיינען דאָ מעהרערע סעקטען. דיא פּאָליאַקען און דיא אַיינוואוינער פון דיא באַלטישע פּראָווינצען זיינען צום גרעסטען טייל רוימישע קאַטאָליקען און דיא פינלענדער זיינען מעהרסטענס פּראָטעסטאַנטען. דיא טאַטאַרען, וועלכע געפינען זיך אין רוסלאַנד אין אַ בעדייטענדער צאָהל, זיינען מאַהמעדאַנער. דיא אידישע רעליגיאָן איז רעפּרעזענטירט דורך דיא 7,000,000 אידען, וועלכע געפינען זיך אין דער אימפעריע. אויסער אָנהענגער פון דיא מאָנאָטהעאיסטישע רעליגיאָנען, זיינען אין רוסלאַנד (אין אַזיאַטישען טייל) דאָ היידען אָדער געצענ-דיענער, אָבוואָהל ניט זעהר פיעל. דיא גריעכיש-קאַטוילישע קירכע איז דיא קירכע פון דעם שטאַאַט און איז מיט איהם ענג פערבונדען; דאָך שטעהט עס פריי דיא פערשיעדענע אַנדערס-גלויבענדע פעלקערשאַפטען צו פּראַקטיצירען זייערע רעליגיאָנען, אויסער דיא אידען, וועלכע זיינען וועגען זייער רעליגיאָן בעשרענקט אין זייערע רעכטע. איינס פון דיא בעשרענקענדע געזעצע, וועלכע עקסיסטירען אין רוסלאַנד געגען אידען, איז דאָס געזעץ, וואָס שרייבט זיי פאָר צו וואוינען אין אַ געוויסען טייל פון לאַנד און פערבאָט זיי אַריבערצופאָהרען אויסערהאַלב פון דער בעשטימטער טעררימאָריע. דאָס איז דיא בעריהמטע „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" אָדער דער „תחום", וועלכער בעשטעהט פון פאָלגענדע גובערניעס: בעססאַראַביאַ, ווילנאַ, וויטעבסק,

וואָלהין, גראָדנאָ, יעקאַטערינאָסלאַוו, קאָוונאָ, מינסק, מאָהיליעוו, פאָדאָליאַ, פאָלטאַווא, טאַווריאָ (קרים), חערסאָן, טשערניגאָוו אין קיעוו (אויסער דער שטאָדט קיעוו).

דיא רעגיערונג פון רוסלאַנד איז אַן אַבסאָלוטע מאָנארכיע, אָבוואָהל זייט 1905 איז דאָרטען איינגעפיהרט א הויז פון פערטרעטער פון פאָלק. דער הערשער איז דער צאַר (קייזער), וועלכער האָט אַבסאָלוטע מאַכט אין דער גאַנצער אימפּעריע אויסער אין פינלאַנד, וועלכע האָט א קאָנסטיטוציאָנעלע רעגיערונג; דאָרטען איז ער א בעשרענקטער הערשער מיט דעם טיטעל גרויס-פירסט. געזעצ-פערפאַסונג און פערוואַלטונג פון שטאַאַטס-אַנגעלעגענהייטען זיינען איבערגעגעבען צום גאָסודאַרסטווענני סאָוויעט (רייכסראַט), צו א סענאַט, צים היילינען סינאָד (קירכענ-פערזאַמלונג), צו א מיניסטעריום, ענדליך צו א קערפּערשאַפט פון פאָלקס-פערטרעטער, וועלכע טראָגט דעם נאָמען: גאָסודאַרסטווענאַיאַ דומאַ (שטאַאַטסראַט). דיא „דומאַ" איז ניט דאָס, וואָס מען פערשטעהט אונטער א קאַמער פון דעפּוטירטע אָדער אַבגעאָרדענטע אין דיא קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער; זיא איז אייגענטליך נאָר א קערפערשאַפט פיר בעראַטונג איבער פערשיעדענע אַנגעלעגענהייטען. אלס אויבער-הויז צו דער דומאַ איז דער אויבענ-דערמאָהנטער גאָסודאַרסטווענני סאָוויעט (רייכסראַט). עפּעס, וואָס ווערט אָנגענומען אין דער דומאַ, געהט צו דעם „סאָוויעט" און ווען דיזער איז מסכים צו א געזעצ-פּראָיעקט קען ער נאָר אָנגענומען ווערען, ווען ער ווערט גוט-געהייסען פון דעם צאַר אַליין.

דער יעצטיגער הערשער פון רוסלאַנד איז צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער, געבאָרען אין 1868. דיא יעצטיגע רוסישע קייזערליכע פאַמיליע שטאַמט פון אַנדריי ראָמאַנאָוו, וועלכער האָט געלעבט אין 14. יאָהרהונדערט. דער ערסטער פון דיזער פאַמיליע, וואָס

איז אַרויף אויף דעם רוסישען טראָן, איז געוועזען מיכאַאיל ראָמאַנאָוו אין 1613.

אין אַדמיניסטראַטיווער בעציהונג ווערדט אייראָפּעאישע רוס־לאַנד איינגעטיילט אין צוויי הויפּט טיילען: רוסלאַנד זעלבסט און גרויס־פירסטענטום פינלאַנד. יעדערער פון דיזע טיילען ווערט איינ־געטיילט אין גובערניעס און אָבלאַסטען (געביעטען, פּראָ־ווינצע). רוסלאַנד אַליין בעשטעהט פון 59 גובערניעס, 1 אָבלאַסט (אָבלאַסט פון דאָן), 4 שטאָדט־בעצירקען (סט. פּעטערבורג, אָדעס, סעוואַסטאָפּאָל, קערטש־ענקאַלע) און צוויי מיליטערישע גובערנאַ־טאָרשאַפטען (קראָנשטאַדט, ניקאָלאַיעוו אויף דעם בוג); דאָס גרויס־פירסטענטום פינלאַנד בעשטעהט פון 8 גובערניעס.

---

## 19. קאַפּיטעל.

# רוסלאַנד.

### צווייטע אָפּטיילונג.

נאַטירליכע און אינדוסטריעלע איינטיילונג פון רוסלאַנד. — דיא נאָרדליכע געגענד. — דיא נאָרד־באַלטישע. — דיא זיד־באַלטישע. — דיא מאַנופאַקטור־געגענד. — דיא מינעראַל־געגענד. — דיא געגענד פון שווארצע ערד (טשערנאָזעם). — דיא געגענד פון סטעפּעס. — גובערניעס און זייערע וויכטיגסטע שטעדט.

---

לויט דיא נאַטירליכע אייגענשאַפטען פון דעם באָדען און דיא בעשעפטיגונגען פון דיא איינוואוינער קען אייראָפּעאישע רוס־לאַנד איינגעטיילט ווערען אין 7 געגענדען, נעמ־ליך: דיא נאָרד־ליכע, דיא נאָרד־באַלטישע, דיא זיד־באַלטישע, דיא מאַנופאַקטור־געגענד, דיא מינעראַל־געגענד, דיא

געגענד פון שוואַרצע ערד (טשערנאָזעם) און דיא גע־
גענד פון סטעפּעס.

1. דיא נאָרדליכע געגענד שליעסט איין דיא גובער־
ניעס אַרחאַנגעלסק (Archangelsk), וואָלאָגדאַ (Vologda),
און אָלאָניעץ (Olonetz). דיא ערסטע צוויי ליעגען אויף דעם
אַראָפּגאַנג צו נאָרדליכען אייז־מיער: אַרחאַנגעל אין דעם נאָרדליכען
טייל, וואָלאָגדאַ אין דעם זידליכען; אָלאָניעץ ליעגט אַרום דיא
אָזיערע אָנעגאַ. דער אַראָפּגאַנג צום נאָרדליכען אייז־מעער איז ניט
הויך, אויסער אין דעם זיד־וועסטליכען טייל, וואו עס רייסען זיך
אַריין פון פינלאַנד צווייגען פון בערג אין דער פאָרם פון ניט הויכע,
צוריסענע סקאַלעס. וועגען דיזער פערשיעדענהייט אין דער פאָרם
פון דעם אַראָפּגאַנג זיינען אין וואָלאָגדאַ דאָ פיעלע זומפּען, אין
אַרחאַנגעל — טונדרעס און אין אָלאַניעץ, אין דיא פערטיעפונגען
פון דיא סקאַלעס, — פיעלע אָזיערעס.

וועגען דעם רויהען באָדען און דעם רויהען קלימאַט קען דיזע
געגענד ניט פּראָדוצירען גענוג תבואה און זיא ערנעהרט זיך מיט
געטריידע, וואָס ווערט צוגעפיהרט פון דער וואָלגאַ. דער רייכטום
פון דיזער געגענד בעשטעהט אין וואַלד־פּראָדוקטען (קלעצער, ברע־
טער, סמאָלע (פּעך, דיעגאָט), וועלכע ווערען פערשיקט נאָך אויס־
לאַנד, ווילדע חיות (פוקסען, מאַרדערס, טחוירען, גאָרנאָסטאַיעס),
וועלכע ליעפערן טייערע פעלצוואַרג, און פיעלע ווילדע פייגלאַך
(**אויער־העהנער**, קוראָפּאַטקעס, וואַלד־היהנער, גענז און ענטלאַך),
וועלכע ווערען מאַסענוויז פערשיקט אויף פוהרען נאָך דיא הויפּט־
שטעדט, אויסערדעם פיש און אין דעם וויטסטען נאָרדליכען טייל
הירשען.

דיא בעפעלקערונג אין דעם נאָרד־וועסטליכען טייל פון דיזער
געגענד, צווישען דעם ווייסען מעער און פינלאַנד, בעשטעהט פון

לאפלענדער, וועלכע ערנעהרען זיך מיט דעם ערציהען פון הירשען און אין אַ נויט-פאַל מיט פיש-פאַנג. אום צו געפינען היר־שען האַלטען זיי אימער אין אַרומוואַנדערן. אין דעם ווייטסטען זיד־אָסטליכען טייל, אויף דיא טונדרעס, וואַנדערן אַרום מיט הירשען דיא סאַמאָיעדען. זידליך פון זיי, אין דיא וועלדער, געפינען זיך דיא זיריאַנער, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט יאַגד אויף ווילדע טיערע. ערטערווייז זיינען דאָ אַריבערגעקומענע גרויס-רוסען, פון וועלכע אַ קליינער טייל בעשעפטיגט זיך מיט ערד-אַרבייט און דיא איבריגע מיט אויסהאַקען און פערשיקען געהילץ אויפ'ן וואַ־סער, אָדער אַלס בערג-אַרבייטער (שטיינ-ברעכער און שטיינ-העקער, אין דער גובערניע אָלאָניעץ), אָדער אַלס שיפ-אַרבייטער אויף דעם מאַריאינסקען סיסטעם, אָדער זיי בעשעפטיגען זיך מיט פיש-פאַנג ביי דיא ברעגען פון דעם ווייסען מעער. דיא בעפעלקערונג אין דער נאָרדליכער געגענד איז זעהר צוּוואָרפען. פיר שטרעקעס פון 50 וויאָרסט און מעהר געפינען זיך קיין וואוינונגען ניט. מיטלען פון פערקעהר, אויסער נאַטירליכע, זיינען ניטאָ; זומער איז דער פער־קעהר אויף שיפלאַך, ווינטער אויף דעם אייז אין שליטענס.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דער נאָרדליכער געגענד זיינען:

אין דער גובערניע אַרחאַנגעלסק — אַרחאַנגעלסק (Archangelsk), דיא הויפט-שטאָדט, אויף דעם רעכטען ברעג פון דער דווינאַ, וויכטיגסטער פאָרט אין נאָ״ד רוסלאַנד, 18,000 אַיינוו.; אָנעגאַ (Onega), אויף דעם טייך אָנעגאַ, אַן אָרט פיר דיא פערשיקונג פון געהילץ.

אין דער גובערניע אָלאָניעץ — פעטראָזאַוואָדסק (Petro-zavodsk), אויף דער אָזיערע אָנעגאַ, גוס-אייזען גיעסעריי פיר גע־וועהר, אונגעפעהר 11,000 אַיינוו.; קאַרגאָפּאָל (Kargopol), האַנדעל מיט פוטער-וואַרג.

אין דער גובערניע וואָלאָגדאַ — וואָלאָגדאַ (Vologda), דיא הויפּט-שטאָדט, האַנדעל מיט ארכאַנגעלסק, 28,000 איינוו.; וועליקי אוסטיוג, מיטעל-פּונקט פיר דעם האַנדעל פון ווייסען מעער.

2. דיא נאָרד-באַלטישע געגענד שליעסט איין דאָס גרויס-פירסטענטום פינלאַנד (Finland), דיא גובערניעס פּעטערבורג (Petersburg), נאָווגאָראָד (Novgorod), פּסקאָוו (Pskoff) און דיא עסטלאַנדיש-לעטטישע געגענד, וועלכע בעשטעהט פון דיא גובערניעס עסטלאַנד (דייטש: Estland, ענגליש: Esthonia), ליפלאַנד (Livland, Livonia) און קורלאַנד (Kurland, Courland). דער קלימאַט אין דיזען טייל פון רוסלאַנד איז אַזאַ רויהער וויא אין דעם נאָרדליכען, נאָר עטוואָס מילדער. זומפּיגע ערטער זיינען דאָ וועניגער, אָבער אויך פיעלע אָזיערעס. דיא הויפּט פּראָדוקטען פון דער נאַטור זיינען: געהילץ, פיש, האָבער, פלאַקס און גראָז; פיש געפינט זיך דאָ אין אַלע סאָרטען וואַסערן: אין דיא טייכען, אין דיא אָזיערעס און אין דעם ים פון דיזער געגענד (דעם באַלטישען מעער).

דיא בעפעלקערונג אין דער נאָרד-באַלטישער געגענד בעשטעהט פון פערשיעדענע פעלקערשאַפטען. אין פינלאַנד זיינען דיא איינוואוינער מעהרסטענס פינגען און אַ קלענערער טייל זיינען שוועדען, וועלכע זיינען דיא הערשענדע קלאַסע. אין דער עסטלאַנד-לעטטישער געגענד זיינען דיא איינוואוינער ביז 88 פּראָצענט עסטלענדער און לעטטען און ביז 8 פּראָצענט דייטשען, וועלכע בילדען דיא הערשענדע קלאַסע; אין דיא איבריגע ערטער זיינען דיא איינוואוינער רוסען פון גרויס-רוסלאַנד. דיא איינוואוינער ערנעהרען זיך טיילס פון דעם האַנדעל מיט דיא אייגענע רויהע מאַטעריאַלען (קלעצער, ברעטער, האָלץ, פיש, ווילדע געפליגעל, געברענטע קאַלך, האָבער, פלאַקס, היי), טיילס פון דעם האַנדעל מיט וואַארע פון אנדערע גע-

געגנדען פון לאנד. אויסער דעם זיינען דיא באלטישע איינוואוינער גוטע זעע-לייטע. דיא עסטלאנדיש-לעטטישע געגענד איז אין עקאנאמי-שער הינזיכט דער בעסטער טייל פון דיא נארד-באלטישע פראווינצען. זי צייכענט זיך אויס מיט גוטע אגריקולטור און צוכט פון פיה און שעפסען.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דער נארד-באלטישער געגענד זיינען:

אין פינלאנד — העלסינגפארס (Helsingfors), דיא הויפט-שטאדט, אויף דעם בוזים פון פינלאנד, מיט אן אוניווערזיטעט און אבסערוואטאריע, 101,000 איינוו.; איהר געגענאיבער, אויף דעם בוזים פון פינלאנד, סיועאבארג (Sveaborg), א פארט און פעסטונג-שטאדט, 1,000 איינוו.; וויבארג (Viborg), האפענשטאדט, האנדעל מיט געהילץ, סמאלע און דיעגאט, 27,000 איינוו.

אין דער גובערניע פעטערבורג — סט. פעטערבורג (St. Petersburg), ביי דער מינדונג פון דער נעווא, הויפט-שטאדט און רעזידענץ פון דער אימפעריע, ערסטע שטאדט פון רוסלאנד אין מאנופאקטור און האנדעל מיט אקאדעמיע פון וויסענשאפטען און העכערע לעהר-אנשטאלטען, 1,439,000 איינוואוינער; פולקאווא (Pulkowa), א פארשטאדט 10 מייל זיד-וועסט פון סט. פעטערבורג מיט אן אבסערוואטאריע, וועלכע איז דיא גרעסטע אין רוסלאנד; קראנשטאדט (Kronstadt), הויפט מיליטערישער פארט פון רוסלאנד און שטארקע פעסטונג, 60,000 איינוו.

אין דער גובערניע נאווגאראד — נאווגאראד (Novgorod), אויף דעם טייך וואלכאוו, איינע פון דיא עלטסטע שטעדט פון רוסלאנד, 25,000 איינוו.; וואלדאי (Valdai)*), פאבריקאציאן פון גלעקער און פיש-צוכט.

*) דיזע שטאדט איז יעצט ניט קיין וויכטיגע, אבער אין מיטעל-אלטער איז זיא געווען איינער פון די גרעסטע מיטעל-פונקטען פון האנדעל אין אסט אייראפא און א האנזא-שטאדט (זעה דיזען באנד, ז. 204, ערסטע אנמערקונג).

אין דער גובערניע פּסקאָוו — פּסקאָוו (Pskoff) אויף דעם טייך וועליקאַיאַ, האַנדעל מיט האָבער און פלאַקס, 31,000 איינוו.*)

אין דער גובערניע עסטלאַנד — רעוועל (Revel), דיא הויפּט־שטאָדט, מיליטערישער און קאָמערציעלער פּאָרט אויף דעם בוזים פון פינלאַנד, צייכענט זיך אויס מיט איהרע ים־בעדער, 64.000 איינוואוינער.

אין דער גובערניע ליפלאַנד — ריגאַ (Riga), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דעם רעכטען ברעג פון דער וועסטליכער דווינאַ, דיא צווייטע האַנדעל־שטאָדט ביים באַלטישען מעער, אַ גרויסער פונקט פיר עקספּאָרט, 283.000 איינוו.; יוריעוו (Jurieff) אָדער דאָרפּאַט (Dorpat), אויף דעם טייך עמבאַך, מיט אַ בעריהמטער אוניווערזיטעט, 42.500 איינוו.

אין דער גובערניע קורלאַנד — מיטאַוואַ (Mitava) אָדער מיטאַו (Mitau), דיא הויפּט שטאָדט, 35,000 איינוו.; ליבאַ־וואַ אָדער ליבאַו (Libau) [אין אַלטע אידיש: ליפּאַי], אַ פּאָרט אויף דעם באַלטישען מעער, וויכטיגער פונקט פיר עקספּאָרט, 33.000 איינוואוינער.

3. דער זיד־באַלטישער טייל שליעסט איין דיא ווייס־רוסיש־ליטווישע געגענד און דיא ווייכסעל־געגענד.

דיא ווייס־רוסיש־ליטווישע געגענד בעשטעהט פון דיא גובער־ניעס וויטעבסק (Vitebsk), מאָהילעוו (Mohileff), מינסק (Minsk), קאָוונאָ (Kovno), ווילנאַ (Vilna) און גראָדנאָ (Grodno). דיא ווייכסעל געגענד־אָדער דער „פּריוויסליאַנסקי קראַי" בעשטעהט פון דיא צעהן גובערניעס: סובאַלקי (Suvalki) לאָמזשאַ (Lomza), סיעדלצע (Siedlce), לובלין (Lublin).

*) פּסקאָוו איז אין מיטעל־אַלטער געוועזען אַ רעפּובליק און אַ האַנזאַ־שטאָדט.

קיעלצע (Kielce), ראַדאָם (Radom), וואַרשאַווא (Warsaw, פויליש: Warszawa), פּלאָצק (Plock), קאַליש (Kalisz) און פּיאָטרקאָוו (Piotrkow).

דער באָדען פון דעם זיד-באַלטישען טייל איז אַן עטוואַס אויפגעהויבענע פלאַכלאַנד, וועלכעס לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ פון איין זייט צום באַלטישען מעער און פון דער אַנדערער זייט צום דניעפּער. וועגען דיזער פאָרם פון דער איבערפלעך זיינען אין דיזער געגענד דאָ פיעלע זומפּען, אָזערעס און לאַנגזאַם פליסענדע טייכען. מערקווירדיג צווישען די זומפּען זיינען די פּינסקער בלאָטעס, וועלכע בעדעקען טויזענדער קוואַדראַט-מיילען. די העכערע געגענד צווישען די זומפּען איז בעוואַקסען מיט אור-וואַלד און ווערט דע-ריבער בעצייכענט מיט דעם נאָמען פּאָליעסיע (רוסיש: Полѣсье, פויליש: Polesie). אין פּאָליעסיע זיינען דאָ פיעלע חיות (בערען, וועלף, לוקסען, ווילדע שווינען, זעמש-ציעגען) און פערשיעדענע וואַסער פויגלאך. אין דעם בעריהמטען ביעלאָוויעזשער געדיכטען וואַלד (Бѣловѣжеская пуща) געפינען זיך אויער-אָקסען. אין פריה-לינג, ווען דער שנעע געהט אָפּ, איז דאָס פלאַכלאַנד אַזוי פיעל איבערפיעלט מיט וואַסער, דאָס דער באַסיין פון דעם פּריפּעט (וועל-כער געהט דורך מינסקער גובערניע) גיעסט זיך צוזאַמען מוט דעם באַסיין פון דעם בוג (אין פוילען), און ווען דאָס וואַסער ציהט זיך צוריק ווערט אַזאַ בלאָטע, דאָס פיעלע דערפער און שטעדטלאך קענען פיר אַ לאַנגע צייט איינע מיט די אַנדערע ניט פערקעהרען.

די בעפעלקערונג פון דער זיד-באַלטישער געגענד בעשטעהט פון פּאָליאַקען, ליטווינעס, ווייס-רוסען און אידען. די ווייס-רוסען זיינען דער אָרימסטער טייל פון דער בעפעלקערונג. זייער הויפּט בע-שעפטיגונג איז טרייבען פליטעס האָלץ אויפ'ן וואַסער נאָך אויסלאַנד. פיעלע אין דיזער געגענד ליידען פון אַ בעזונדער סאָרט קראַנקהייט,

וועלכע איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען קאָלטון (לאַטייניש: plica polonica, ד. ה. פוילישער צאָפּ). דיא עקאָנאָמישע לאַגע פון דיא ליטווינעם איז בעסער, אָבער אַם בעסטען איז דיא עקאָנאָמישע לאַגע פון דיא פּאָליאַקען, בעזאָנדערס אין דער ווייכסעל-געגענד און איבערהויפּט נאָהענט פון דיא קאַרפּאַטהען ביי׳ם עסטרייכישען גרעניץ. אין דיזער געגענד ווערט פּראָדוצירט דער בעריהמטער סאָרט ווייץ „סאַנדאָמירקאַ״ (פון סאַנדאָמיר, אַ שטאָדט אין ראַדאָמער גובערניע) און פיעל רויטע ריבען (בוראַקעס); דאָ ווערען ערצויגען מערינאָס (שפּאַנישע שעפּסען) און דאָ געפינט זיך פיעל אייזען און אין קויהלען. דאָס אַלעס האָט דאָ ענטוויקעלט אַ גרויסע מאַנופאַקטור אינדוסטריע: פאַבריקען פון בוראַקעס-צוקער, אייזען-וואַרג און וואָלענע וואַארען. דיזע געגענד איז איינע פון דיא רייכסטע אין רוסלאַנד.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דער וויס-רוסיש-ליטווישער געגענד זיינען:

אין דער גובערניע וויטעבסק — **וויטעבסק** (Vitebsk), דיא הויפּטשטאָדט, אויף דער דווינאַ, אַן אַלטע שטאָדט, בעזיצט גערבערייען און בראַנפען-ברענערייען, 66,000 איינוו.; **דווינסק** (Dvinsk) אָדער **דינאַבורג** (Dunaburg), אויך אויף דער דווינאַ, אַ פעסטונג צום שיצען דעם וועג נאָך פעטערבורג, 70,000 איינוו.

אין דער גובערניע מאָהיליעוו — **מאָהיליעוו** (Mohileff), דיא הויפּט-שטאָדט, אויף דעם דניעפּער, 43,000 איינוו. *)

אין דער גובערניע מינסק — **מינסק** (Minsk), דיא הויפּט-שטאָדט, אויף דער קרופּקאַ, 92,000 איינוו.; **באָברויסק**

*) מען דאַרף אונטערשיידען דיזע שטאָדט פון דער שטאָדט מאָהיליעוו אויף דעם דניעסטער אין פּאָדאָליער גובערניע.

(Bobruisk), אויף דער בערעזינא, א פעסטונג צים שיצען דעם וועג נאך מאסקווע, 35,200 איינוו.; נאוואגרודאק (Novogrudok) [אין אידיש: נאוואהרדאק], צייכענט זיך אוים מיט אלטערטימער (חורבות פון פארצייטיגע מויערן), 12,500 איינוו.

אין דער גובערניע קאוונא — קאוונא (Kovno), דיא הויפט־שטאדט, ביי'ם צוזאמענפלוס פון דער ווילא מיט דעם ניעמאן, א פעסטונג, 37,500 איינוו.; טאוראגגען (Tauroggen) און יורבורג (Jurburg), שטעדטלאך מיט צאל־אמטען (טאמאזשניעם) אויף דעם פרייסישען גרענעץ.

אין ווילנער גובערניע — ווילנא (Vilna), אויף דער ווילא, דיא הויפט־שטאדט, מיט איינער פון דיא עלטסטע אידישע קהילות אין רוסלאנד, 155,000 איינוו.

אין דער גובערניע גראדנא — גראדנא (Grodno), דיא הויפט־שטאדט, אויף דעם ניעמאן, 47,000 איינוו.; ביעלאסטאק (Bielostok), אויף דער ביאלא, מאנופאקטור פון טוך, 64,000 איינוו.; ברעסט־ליטאווסק (Btest-Litovski) [אין אידיש: בריסק], אויף דעם בוג, א פעסטונגס־שטאדט, 45,000 איינוו.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דער ווייכסעל־געגענד („פריוויסליאנסקי קראי") זיינען:

אין דער גובערניע ווארשאווא — ווארשא (Warsaw), דיא הויפט־שטאדט, אויף דער ווייכסעל, פארצייטיגע רעזידענץ פון דער פוילישער מלוכה, א וויכטיגער מיטעלפונקט פון מאנופאקטור, ערסטע קלאסע פעסטונג, מיט אן אוניווערזיטעט, 638,000 איינוו.

אין דער גובערניע פלאצק — נאוואגעארגיעווסק (Novogeorgievsk), ביי'ם צוזאמענפלוס פון דעם בוג מיט דער ווייכסעל, ערסטע קלאסע פעסטונג.

אין דער גובערניע פּיאָטרקאָוו — טשענסטאָכאָוואָ (Czenstochowa), אויף דער וואַרטאַ, האָט אַ בעריהמטען מאָנאַס־טיר, 27,000 איינוו.; לאָדז (Lodz), אויף דער לאָדקאַ, גרויסער מיטעלפּונקט פיר דיא מאַנופאַקטור פון באַוועל און קליידונג, 314,500 איינוו.

אין דער גובערניע לובלין — חאָלם אָדער חעלם (Chelm), מיטעלפּונקט פון פּראַוואָסלאַווּנע אין פּוילען, 11,000 איינוו.

אין דער גובערניע סובאַלקי — סובאַלקי (Suvalki), דיא הויפּט־שטאָדט, 18,000 איינוו.; ווערזשבעלאָוואָ (Werzbelowo), וויכטיגסטע טאַמאָזשניע (צאָל־אַמט) ביי'ם פּרייסישען גרענעץ, אַ גרויסער פּונקט פון פערקעהר מיט וועסט אייראָפּאַ בעזאָנדערס, ווען עס ווערען פערפירירען דיא פּאָרטען פון באַלטישען מעער, האָט אונגעפעהר 4,000 איינוו.

4. דיא מאַנפאַקטור־געגענד שליעסט איין דיא גובערניעס מאָסקוואַ (Moscow) און וולאַדימיר (Vladimir), וועלכע ליעגען אין מיטען פון דיזער געגענד צווישען דער וואָלגאַ און דער אָקאַ, דריי גובערניעס צו נאָרד פון דיזע אויף דער וואָלגאַ: טווער (Tver), יאַראָסלאַוו (Yaroslaf) און קאָסטראָמאַ (Kostroma), דריי גובערניעס צו זיד אויף דער אָקאַ: קאַלוגאַ (Kaluga), טולאַ (Tula) און ריאַזאַן (Riazan), איינע צו אָסט אויף דער וואָלגאַ און דער אָקאַ: ניזשני נאָווגאָראָד (Nijni-Novgorod) און איינע צו וועסט, סמאָלענסק (Smolensk), אויף דיא איבערע טיילען פון דער וואָלגאַ, דעם דניעפּער און דער וועסטליכער דווינאַ.

דער באָדען פון דיזער געגענד איז מיט ווייניגע אויסנאַהמען זעהר אָרים (ליימיג, זאַמדיג אָדער בעדעקט מיט טאָרף). אום זיך צו ערנעהרען זיינען דיא איינוואוינער געווען געצוואונגען זיך צו

נעהמען צו מאַניפאַקטור, וועלכע איז דאָ זעהר שטאַרק ענטוויקעלט. דיא לאַגע פון דיזער געגענד אין דעם סאַמע מיטעלפונקט פון אייראפעאישער רוסלאַנד און ביי דעם וויכטיגסטען וואַסער-וועג האט זיא געמאַכט פיר דיא גרעסטע אינדוסטריעלע געגענד אין לאַנד.

פון דיא צעהן דערמאָהנטע גובערניעס בילדען דיא צוויי מיטעלסטע — מאָסקוואַ און וולאַדימיר — דעם מיטעלפונקט פון אינדוסטריע. וועגען דער גרויס און פערשיעדענאַרטיגקייט פון איהר מאַניפאַקטור פערנעהמט דיא גובערניע מאָסקוואַ דעם ערסטען אָרט אין רוסלאַנד; זיא האָט פאַבריקען פון באַוועל, וואָל, טוך, זייד און בראָקאַט (צייג געוועבט מיט גאָלד און זילבער). דיא גובערניע וולאַדימיר פערנעהמט ניט אין מאַנופאַקטור אַזאַ אָרט וויא מאָסקוואַ און אַפילו אויך ניט וויא פעטערבורג, אָבער דערפאַר פערנעהמט זיא דעם ערסטען אָרט אין באַוועל-מאַנופאַקטור.

דיא גובערניעס טווער, יאַראָסלאַוו און קאָסטראָמאַ זיינען מיט דיא אינדוסטריען פון זייעזע נאָרדליכע טיילען (צו נאָרד פון דער וואָלגאַ) עהנליך צו דער נאָרדליכער געגענד; זיינע זידליכע טיילען זיינען מיט זייער אינדוסטריע עהנליך צו מאָסקוואַ און וולאַדימיר (מאַנופאַקטור).

דיא דריי גובערניעס קאַלוגאַ, טולאַ און ריאַזאַן זיינען מיט דער אינדוסטריע פון זייערע זידליכע טיילען עהנליך צו דער געגענד פון שוואַרצע ערד (ערד-אַרבייט); דיא נאָרדליכע טיילען צייכנען זיך אויס מיט מאַנופאַקטור.

דיא גובערניע ניזשני נאָווגאָראָד איז אין דעם נאָרדליכען טייל, ביז דער וואָלגאַ און דער אָקאַ, מעהר אינדוסטריעל, אין דעם זידליכען טייל — מעהר אַגריקולטורעל.

דיא גובערניע סמאָליענסק, וועלכע פערנעהמט דעם סאַמע וועסטליכען טייל פון דער מאַנופאַקטור-געגענד און איז נאָהענט צום

באַלטישען ברעג, צייכענט זיך בעזאָנדערס אויס אַלס פערמיטלערין צום איבערשיקען דיא פאַבריצירטע פראָדוקטען, אָבער זיא האָט אויך אייגענע אינדוסטריען.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דער מאַנופאַקטור-געגענד זיינען:

אין דער גובערניע מאָסקווא — מאָסקוואַ (Moscow), אויף דער מאָסקוואַ, פאַרצייטיגע הויפּט-שטאָדט פון רוסלאַנד, ערסטע שטאָדט פון לאַנד אין מאַנופאַקטור און אינלענדישען האַנדעל, מיט אַן אוניווערזיטעט און דער בעריהמטער פעסטונג קרעמלין, דיא פאַרצייטיגע רעזידענץ פון דיא צאַרען, 1,038,000 איינוו. 67 ווערסט צו נאָרד-וועסט פון מאָסקווא געפינט זיך דיא טראָאיצע-סערגיעווא לאַווראַ (מאָנאַסטיר), וועלכע איז דער רעליגיעזער מיטעלפּונקט פון גרויס-רוסלאַנד. ווייטער צייכנען זיך אויס בראָנניצי און גזשעל, וואו עס זיינען דאָ פאַבריקען פון פאַרצעלאַן און פאַיאַנס.

אין דער גובערניע וולאַדימיר — וולאַדימיר (Vladimir), דיא הויפּט-שטאָדט, ביי דער קליאַזמאַ, 23,000 איינוו.; שויאַ און איוואַנאָוו-וואָזנעסענסק, בעריהמט מיט זייער באַוועל-מאַנופאַקטור; מוראָם מיט פאַבריקאַציאָן פון דיא בעסטע פלעמישע לייוועגט; דער דאָרף חאָלוי, וואו עס ווערען געמאַכט אונגעהייער פיעלע ביליגע איקאָנעס (הייליגע בילדער).

אין דער גובערניע טווער — טווער (Tver), דיא הויפּט-שטאָדט, אויף דער וואָלגאַ, 53,000 איינוו.; אָסטאַשקאָוו, וואו עס ווערען געמאַכט שיך, קאָסעס, סערפּען און העק; דער דאָרף קימרי, ערסטער אָרט אין רוסלאַנד פיר דיא מאַנופאַקטור פון שיך; טאָרזשאָק, אויף דער טווערצאַ, שטיקערייי פון גאָלד, זילבער און זייד און סאַפּיאַן אַרבייט (מאַראָקאָ לעדער).

אין דער גובערניע יאַראָסלאַוו — יאַראָסלאַוול (Yaroslavl), דיא הויפּט-שטאָדט, אויף דער וואָלגאַ, וויכטיגע

מאַניפאַקטור פון באַוועל, לייוועגט א. ז. וו., 70.000 איינוו.; ראָסטאָוו (Rostoff), אויף דער אָזיערע ניעראָ, צייכענט זיך אויס מיט דער פראָדוקציאָן פון גאָרטענ-גרינס;*) סעלאָ וועליקאָיע, דער וויכטיגסטער פינקט אין דער פראָדוקציאָן און דעם האַנדעל פון לייוועגט; ראָמאַנאָוו, אויף דער וואָלגאַ, וואו עס ווערען געמאַכט פעלצלאַך (קורצע רעק פון פעלץ); ריבינסק, אויף דער וואָלגאַ, וועלכע איז נאָך ניזשני-נאָווגאָראָד דער וויכטיגסטער האַפען.

אין דער גובערניע קאָסטראָמאַ — קאָסטראָמאַ (Kostroma), דיא הויפט-שטאָדט, אויף דער וואָלגאַ, פאַבריקען פון פלאַקס-שפּינעריי און לייוועגט, טשוגונ-גיעסערייען, מעכאַנישע פאַבריקען און גערבערייען; אין דיא אַרומיגע געגענדען פון דיזער שטאָדט ווערט פּראָדוציִרט פיעל ציערונג פיר דיא פויערים: אויירינגלאַך, רינגען, צלמים'לאַך א. ז. וו.

אין דער גובערניע קאַלוגאַ — קאַלוגאַ (Kaluga), דיא הויפט-שטאָדט, אויף דער אָקאַ, אַ מאַרק פון תבואה, 50,000 איינוו.; קאָזעלסק, וואו עס ווערט געמאַכט דיא בעסטע זעגעל-לייוועגט אין רוסלאַנד; סוחעניטשי, הויפט לאַגער פון האַנף (קאָנאָפּליע) און ריצינ-אויל.

אין דער גובערניע טולאַ — טולאַ (Tula), דיא הויפט-שטאָדט, אויף דער אופאַ, ערסטע שטאָדט אין רוסלאַנד פון מעטאַל-אַרבייט, מיט אַ גרויסער געוועהר-פאַבריק, 111,000 איינוו.

אין דער גובערניע ריאַזאַן — ריאַזאַן (Riazan), דיא הויפט-שטאָדט, האַנדעל מיט געטריידע און פיה, פאַבריקען פון טוך און גלאָז, 44,500 איינוו.; קאַסימאָוו, אויף דער אָקאַ, פאַבריקען פון לעדער און שטריק.

*) מען דאַרף ניט צוזאַמענמישען דיזע שטאָדט מיט דער שטאָדט ראָסטאָוו אויף דעם דאָן אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע.

אין דער גובערניע ניזשעגאָראָד — ניזשני-נאָווגאָראָד (Nijni-Novgorod), דיא הויפט-שטאָדט, אויף דיא רעכטע ברעגען פון דער וואָלגאַ און דער אָקאַ, דער ערסטער אָרט אין דער וועלט מיט זיינע גרויסע ירידען, וואו וועסט אַזיען און איירָאפּאַ טוישען זייערע פראָדוקטען, 90,000 איינוו.; דער דאָרף ליסקאָוואָ, אויף דער וואָלגאַ, לאַגער-אָרט פון געטריידע מיט פיעלע ווינט-מיהלען אין דער אומגעגענד צים מאָהלען קאָרן; אַרזאַמאַס, גרעסטער מאַרק אין רוסלאַנד פון ליינ-זוימען און זוימענ-אויל; דיא דערפער וואָרסמאַ און פּאַוולאָוואָ, פון וועלכע דער ערסטער צייכענט זיך אויס מיט פאַבריקאַציאָן פון שטאָהל-אַרטיקלען, דער צווייטער מיט פאַבריקאַציאָן פון שלעסער.

אין דער גובערניע סמאָלענסק — סמאָלענסק (Smolensk), דיא הויפט-שטאָדט, אויף דעם דניעפּער, אַן אַלטע שטאָדט אין דעם מיטעלפּונקט פון אייזענ-באַהנען, 47,000 איינוו.; וויאַזמאַ, וויכטיגסטע שטאָ"ט אין דער גובערניע פיר דעם פערקעהר פון האַנדעל צווישען דער מיטעלער געגענד און דער באַלטישער; איהרע הויפט-וואַארען זיינען: געטריידע, האַנף, און ריצינ-אויל, פלאַקס, ליינ-זוימען און פעטס.

5. דיא מינעראַל-געגענד שליעסט איין דיא גובערניעס קאַזאַן (Kazan), וויאַטקאַ (Viatka), פּערם (Perm), אופאַ (Ufa) און אָרענבורג (Orenburg).

דיזע געגענד איז רייכער אין מעטאַלען, וויא אירגענד וועלכער אַנדערער טייל פון אייראָפּעאישער רוסלאַנד, אָבער איהר הויפט-רייכטום בעשטעהט אין געטריידע און וועלדער. געטריידע איז דאָ אַזוי פיעל, דאָס זיא ערנעהרט כּמעט דיא גאַנצע בעפעלקערונג פון דער נאָרדליכער געגענד און עס בלייבט נאָך איבער אַרויסצופיהרען.

אין איסלאַנד. מיט וואַלד איז בעדעקט מעהר זויא אַ העלפט פון דער גאַנצער געגענד. צו נאָרד געפינען זיך מעהרסטענס נאָדעל־בוימער (פיכטען, סאָסנעס, צעדער־בוימער), צו זיד — בלעטער־בוימער (לינדען, דעמבעס). דיא וועלדער פון דער געגענד ליעפערן האָלץ כמעט פיר דיא גאַנצע וואַלדלאָזע געגענד פון זיד־אָסטליכע רוסלאַנד ביז אַסטראַחאַן. יעדען פריהלינג ווערען אַוועקגעלאָזען פיעלע פליטעס (פלאָסען) פון געהילץ צום בויען און האָלץ צום הייצען, שיפען מיט לוב (באַסט), ראָגאָזשעס (מאַטטען), ראָגאָזשענע זעק און געוויכטען לוב פון דיא טייכען וויאַטקאַ, קאַמאַ און ביע־לאַיאַ איבער דער וואָלגאַ נאָך דעם פּאָסאַד (האַנדעל־מאַרק) דובאָווקאָ פיר דיא אַזאָווישע געגענדען און ווייטער נאָך אַסטראַחאַן פיר דיא קאַספּישע געגענדען. דיא מינעראַל־געגענד פערבינדט דורך איהר רייכטום אין געטריידע און וואַלד־פּראָדוקטען דיא געגענדען פון דעם ווייסען מעער מיט דיא קאַספּישע געגענדען.

דיא פּראָדוקציאָן פון מעטאַלען און מינעראַלען איז הויפּט־זעכליך ביי דיא אוראַל־בערג. דער רייכסטער טייל פון דעם אוראַל ליעגט צווישען דיא איבערסטע טיילען פון דיא טייכטען טשוסאָוואַיאַ און אופאַ אויף דעם וועסטליכען אַראָפּגאַנג און צווישען דיא איבערסטע טיילען פון דער איסעט און טוראַ אויף דער אָסטליכער זייט. פון דער מינעראַל־געגענד בעקומט רוסלאַנד אַ פינפטעל פון דעם גאָלד, וואָס זיא פּראָדוצירט, איהר גאַנצעס פּלאַטינום, צוויי דריטעל פון איהר קופּער, אײַזען, טשוגון (גוס־אײַזען) און אַ וויכטיגען טייל פון איהר זאַלץ. אין דעם רייכטום פון קופּער פערנעהמט דער אוראַל איינעם פון דיא ערסטע ערטער אין דער וועלט; נאָך רייכער איז ער אין אײַזען, וועלכעס איז פון דעם פיינסטען סאָרט. פון מינעראַלען איז דער אוראַל רייך אין זאַלץ, מאַלאַחיט, לאַפּיס־לאַזולי, טאָפּאַזען, סמאַראַגדען, אַגאַט־שטיין, יאַספּיס (אַ מין שטיין,

וואָס לאָזט זיך פיין פאָלירען) און פערשיעדענע סאָרטען מארמאָר־שטיין, זאַלץ בעקומט מען אין צווי ערטער: צווישען דיא אויבערסטע טיילען פון דער קאַמאַ און דעם אוראַל און ביי דיא ברעגען פון דעם אילעק, דעם לינקען ביי־פלוס פון דעם טייך אוראַל. דיא שיכט ביי דיא ברעגען פון אילעק ענטהאַלט לויט אויסרעכנונג איבער 100 מיליאַרדען פוד זאַלץ.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דער מינעראַל־געגענד זיינען:

אין דער גובערניע קאַזאַן — קאַזאַן (Kazan), דיא הויפט־שטאָדט, אויף דער קאַזאַנקאַ (6 וויאָרסט פון דעם פונקט, וואו זיא פאַלט אַריין אין דיא וואָלגאַ), ליעפערט מאַנופאַקטור אין קאָלאָניאַל־וואַארען פיר דיא גאַנצע געגענד, פאַבריקען פון לעדער (דאָרונטער סאַפיאַן) און זייף, מיט אַן אוניווערזיטעט און טעאָלאָגישער אקאַדעמיע, 135,000 איינוו.

אין דער גובערניע וויאַטקאַ — וויאַטקאַ (Viatka), דיא הויפט־שטאָדט, אויף דער וויאַטקאַ, האַנדעל מיט געטריידע פיר דיא געגענד פון דעם וויסען מעער, 25,000 איינוו.; סאַראַפּול, אויף דער קאַמאַ, מאַנופאַקטור פון שוכוואַרג פיר דיא גאַנצע געגענד אַרום און פיר סיביר; ניט וויט פון דיזער געפינען זיך דיא זאַוואָדען (פאַבריקען) איזשעווסקי און קאַמסקאָוואָטקינסקי — דער ערסטער אַ פאַבריק פון געוועהר, דער צווייטער — פון אייזען.

אין דער גובערניע פערם — פערם (Perm), דיא הויפט־שטאָדט, אויף דער קאַמאַ, לאַגער־האַפען פיר סיבירסקע וואַארען, וואָס ווערען אָוועקגעשיקט אויף ניזשעגאָראָדער יריד און פיר סחורות, וואָס געהען פון ניזשעגאָראָדער יריד נאָך סיביר, מיט פאַבריקען פון שטאָהל און געוועהר אין דער אומגעגענד, 45,000 איינוו.; סאָליקאַמסק, דיא רייכסטע זאַלץ־זיעדערייען אין

אייראָפּאַ; יעקאַטערינבורג (Yekaterinburg), אויף דער איסעט, הויפּט פּערוואַלטונג פון דיא מינעראַל־אינדוסטריען, שלייפ־פאַבריק און מעטאַל־גיעסערייען, 55,000 אַיינוו.; אירביט (Irbit), אויף דער נעיוואַ, בעריהמט דורך איהר יריד*) און מעטאַל־אַרבייט, 10.000 אַיינוו.

אין דער גובערניע אופאַ — אופאַ (Ufa), דיא הויפּט־שטאָדט, ביי'ם צוזאַמענפלוס פון דער אופאַ מיט דער ביעלאַיאַ, האַנדעל פון פוטער־וואַרג, 50,000 אַיינוו.; זלאַטאָאוסט, פאַבריקאַציאָן פון בלאַנקע געוועהר און שטאָהל־גיעסעריי.

אין דער גובערניע אָרענבורג — אָרענבורג (Orenburg), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דעם טייך אוראַל, טויש־מאַרק פיר דעם האַנדעל מיט דיא אַיינוואוינער פון מיטעל־אַזיען, 72,700 אַיינוו.

6. דיא געגענד פון שוואַרצע ערד איז אַ שטריך לאַנד פון אונגעפעהר 500 וויאָרסט ברייט, וואָס ציהט זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד אין אַ נאָרד־אָסטליכער ריכטונג פון דיא קאַרפּאַטהען ביז דעם זיד־וועסטליכען צווייג פון דיא אוראַל־בערג. דער שטח פון דיזער געגענד איז באַלד אַזוי גרויס וויא דער שטח פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך צוזאַמען. דיא שיכט פון שוואַרצע ערד, וועלכע בעדעקט דיזע געגענד, איז ביז 7 פוס דיק. נאָך איהר אייגענשאַפט קען דיא געגענד פון שוואַרצע ערד דורך דיא וואַסער־שייד צווישען דעם באַסיין פון דעם דניעפּער אין דיא באַסיינען פון דער אָקאַ און דעם דאָן אַיינגעטיילט ווערען אין צוויי טיילען: וועסטליכען און

*) דער יריד פון אירביט איז דער גרעסטער נאָך ניזשעגאָראָדער; גראַדע וויא אויף יענעם ווערען אויף דיזען יריד אויסגעטוישט אייראָפּייאישע און קאָלאָניאַלע וואַארען אויף אַזיאַטישע. אַזיען שיקט אַהערצו ארוים פוטער־וואַרג, גאָלד, זילבער און טעע, אייראָפּאַ שיקט דאָ צו פערשיעדענע טוכען און מעטאַל־אַרבייטען.

אָסטליכען. אין דעם וועסטליכען טײל איז דער אונטער־באָדען גראַ־
ניט, וועלכער לאָזט דורך זיך ניט דורך קײן וואַסער, און אין דעם
אָסטליכען טײל איז דער אונטער־באָדען קאַלך, וועלכער זױגט אין
זיך אײן דאָס וואַסער. דיא שיכט פון שוואַרצע ערד אין דעם וועסט־
ליכען טײל איז דעריבער אַזױ פײכט, דאָס זיא איז אימער גוט פיר
געוועקס; אין דעם וועסטליכען טײל איז זיא טרוקען און זומער לײ־
דען דאָרטען געוועקס פון טריקענים. דער זיד־אָסטליכער טײל איז
אין זומער־צײט אין גאַנצען אַ פערטריקענטע סטעפּע.

אין דער געגענד פון שוואַרצע ערד זײנען אײנגעשלאָסען 14
גובערניעס, נעמליך: פּאָדאָליאַ (Podolia), וואָלהין (Volhynia),
קיעוו (Kieff), טשערניגאָוו (Tchernigoff), פּאָלטאַוואַ
(Poltava), וואָראָניעזש (Voronezh), טאַמבאָוו (Tamboff),
פּענזאַ (Penza), סימבירסק (Simbirsk), סאַראַטאָוו
(Saratoff), סאַמאַראַ (Samara), אָריאָל (Orel), קורסק
(Kursk) און חאַרקאָוו (Kharkoff). 5 פון דיזע (פּאָדאָליאַ,
וואָלהין, קיעוו, טשערניגאָוו און פּאָלטאַוואַ) ליעגען צו וועסט פון
דער וואַסער־שײד, 6 (וואָראָניעזש, טאַמבאָוו, פּענזאַ, סימבירסק,
סאַראַטאָוו און סאַמאַראַ) — צו אָסט און 3 (אָריאָל, קורסק און
חאַרקאָוו) — טײלס צו וועסט, טײלס צו אָסט.

דער הויפּט רײכטום פון דער געגענד פון שוואַרצע ערד איז
געטרײדע. רויטע ריבען (בוראַקעס) און טאַבאַק פערנעהמען דעם
צווײטען אָרט, אָבוואָהל קלײן־רוסלאַנד (דיא גובערניעס חאַרקאָוו,
קיעוו, פּאָלטאַוואַ, טשערניגאָוו, וואָלהין און פּאָדאָליאַ) איז דער
הויפּט אָרט, וואָס ליעפערט צוקער און טאַבאַק פיר רוסלאַנד.
פרוכט־בוימער ליעפערן דאָ זעהר פיעל פרוכט, נאָר וועגען שווע־
ריגקײטען זײ אָפּצוהיטען און זײ צו־צושטעלען צו אויסווערטיגע
מערק, ברײנגען זײ זעהר וועניג אײן און פערבלײבען פיר דעם

אייגענעם געברויך. דאָס זעלביגע איז דאָ אויך מיט גאָרטען־גרינס, וועלכעס געהט אַ מאַסע פערלאָרען. אוים דיזע אורזאַכען זיינען פרוכטען און גרינס אין דיזער געגענד שפּאָט־ביליג. פיה־צוכט איז נאָר בעדייטענד אין דיא זידליכע טיילען פון דער געגענד; אין דיא נאָרדליכע, וואו דיא פּראָדוקציאָן פון געטריידע איז זעהר ענטוויקעלט, בלייבט פיר פיה־צוכט וועניג אָרט. פאַבריקאַציאָן פערנעהמט דאָ אַ צווייטען אָרט. צווישען דיא פאַבריקען זיינען: צוקער־פאַבריקען, בראַנפען־ברענערייען, זיעדערייען פון סעליטרע, פעטס און וואַקס, אויך טוב־פאַבריקען.

דיא בעפעלקערונג פון דיזער געגענד בעשטעהט הויפּטזעכליך פון גרויס־רוסען און קליין־רוסען. צו וועסט פון דעם דניעפּער זיינען דאָ פיעלע פּאָליאַקען און אידען; ביי דער וואָלגאַ געפינען זיך איינינע פיננישע שבטים.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דער געגענד פון שוואַרצע ערד זיינען:

אין דער גובערניע פּאָדאָליאַ — קאַמענעץ־פּאָדאָלסק (Kamenetz-Podolski), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דעם סמאָטריטש (אַ ביי־טייך פון דניעסטער). טאַבאַק־פאַבריקען, 35,000 איינוו.; מאָהיליעוו, אויף דעם דניעסטער, 21,000 איינוו.; באַר, 13,000 איינוו.; טולטשין, 11,000 איינוו.; נעמיראָוו, 5,000 איינוו.*)

אין דער גובערניע וואָלהין — זשיטאָמיר (Jitomir, Zhitomir), דיא הויפּט־שטאָדט, אַ וויכטיגע האַנדעל־שטאָדט מיט אַ בעדייטענדער אידישער בעפעלקערונג, 65,000 איינוו.; קרעמענעץ

*) באַר, טולטשין און נעמיראָוו זיינען פּראָמינענט אין דער אידישער געשיכטע וועגען דיא אויסשלאַכטונגען פון אידען. וועלכע זיינען דאָרטען פאָרגעקומען צו דער צייט פון חמעלניצקי'ס אויפשטאַנד (גזירות ת"ח).

(Kremenetz), בעריהמט ביי אידען אין רוסלאַנד אלס געבורטס-אָרט פון דעם געלעהרטען יצחק בער לעווינזאָהן, 12.000 איינוו.; זאַסלאַוול (זאַסלאַוו), 22.000 איינוו.; אָסטראָג (אָסטראָה), 17.000 איינוו.; סטאַראָקאָנסטאַנטינאָוו (אַלט-קאָנסטאַנטין, „קאָנסטאַנטין ישן"), 19.000 איינוו.;*) דובנאָ, בעריהמט ביי אידען אלס אַ מקום תורה פאַרצייטען, 13.000 איינוו.

אין דער גובערניע קיעוו — קיעוו (Kieff), דיא הויפט-שטאָדט, אויף דעם רעכטען ברעג פון דניעפּער, ערסטע קלאַסע פעסטונג, הייליגע שטאָדט פין דיא רוסען מיט דעם בעריהמטען מאָנאַסטיר קיעוואָפּעטשערסקאַיאַ לאַווראַ, האָט אַן אוניווערזיטעט און טהעאָלאָגישע אַקאַדעמיע, 250.000 איינוו.; בערדיטשעוו (Berditcheff), וויכטיגע האַנדעל-שטאָדט בעזעצט פון אידען, 54.000 איינוו.; ביעלאַיאַ צערקאָוו (Bielaya-Tserkov), אויף דעם ראָס, בעדייטענדע האַנדעל-שטאָדט, 21.000 איינוו.; אומאַן (Uman), ביי וועלכער עס געפינט זיך דער שלאָס סאָפיעווקאַ מיט אַ בעריהמטען סאַד (גאָרטען).

אין דער גובערניע פאָלטאַווא — פאָלטאַוואַ (Poltava), דיא הויפט-שטאָדט, אויף דער פאָלטאַוווקאַ (ביי'ם פונקט, וואו זיא פעראייניגט זיך מיט דער וואָרסקלאַ), בעריהמט מיט איהרע ירידען, שלאַכט-אָרט פון דיא רוסען מיט דיא שוועדען אונטער פעטער דעם גרויסען אין 1709, 54.000 איינוו.

אין דער גובערניע חארקאָוו — חאַרקאָוו (Kharkoff), דיא הויפט-שטאָדט, אויף דעם אודאַי, מיטעלפונקט פון האַנדעל מיט דער אוקראַינאַ (קיעוו, טשערניגאָוו, פאָלטאַווא און חאַרקאָוו), מיט אַן אוניווערזיטעט, 175.000 איינוו.

---

*) זאַסלאַוול, אָסטראָג און סטאַראָקאָנסטאַנטינאָוו זיינען פון דיא שטעדט, אין וועלכע פיעלע אידען זיינען אומגעבראַכט געוואָרען אין דיא גזירות ת"ח.

אין דער גובערניע טשערניגאָוו — טשערניגאָוו (Tchernigoff), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דער דיעסנא, אָרט פון גערבערייען, 30,000 איינוו.; סטאראָדוב, אויף דער באָבינצא, האנדעל מיט'ן באַלטישען מעער, גערבערייען און גלעקער־גיעסע־רייען, 25,000 איינוו.;*) ניעזשין, טאבאק־אינדוסטריע; גלוּכאָוו — אין דעם בעצירק פון דיזער שטאָדט געפינט זיך לייט פיר פאָרצעלאַן און דער שאָסטענסקי זאוואָד (פאבריק) פון שיס־פולווער.

אין דער גובערניע קורסק — קורסק (Kursk), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דער קורא, 53,000 איינוו.

אין דער גובערניע אָריאָל — אָריאָל (Orel), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דער אָקא, א וויכטיגער האפען, 70,000 איינוו.; בריאנסק, אויף דער דיעסנא, האפענ־שטאָדט מיט ארסענאל און פאבריק פון הארמאטען; יעליעץ, פיעלע מיהלען, האנדעל מיט מעהל.

אין דער גובערניע טאמבאָוו — טאמבאָוו (Tamboff), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דער צנא, בעדייטענדע האנדעל־שטאָדט, 50.000 איינוו.; מאָרשאנסק, אויף דער צנא, און קאָזלאָוו, אויף דעם וואָראָניעזש, וויכטיגע האנדעל־שטעדט; ליפּעצק, אויף דעם וואָראָניעזש, אן אָרט פון מינעראַל־וואסערן.

אין דער גובערניע וואָראָניעזש — וואָראָניעזש (Voronezh), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דעם וואָראָניעזש, א וויכטיגער מיטעלפּונקט פון האנדעל, 80,600 איינוו.; באָבראָוו —

*) סטאראָדוב האָט אמאָל געשפּיעלט א גרויסע ראָליע ביי אידען. וויא קיעוו איז זיא פארצייטען געוועזען בעריהמט אלס א מקום תורה. עס איז געגאנגען א ווערטעל: „כי מקיוב תצא תורה ודבר ה׳ מסטאראָדוב“.

אין דעם בעצירק פון דיזער שטאָדט האָט דיא רעגיערונג זאַוואָדען (ערציהונגס־ערטער) פון פערד.

אין דער גובערניע פענזאַ — פענזאַ (Penza), דיא הויפט־שטאָדט, אויף דער סורא, האַפען פון געטריידע, בעדייטענדער האַנדעל מיט לעדער און זייף, 60,000 איינוו.

אין דער גובערניע סימבירסק — סימבירסק (Simbirsk), דיא הויפט־שטאָדט, אויף דער וואָלגאַ, האַפען פון געטריידע, 43,000 איינוו.; סיזראַן, וואו עס איז דאָ א בעריהמטער אייזענבאַהן־בריק איבער דער וואָלגאַ; דער דאָרף פראָמזינאָ, אויף סוראַ, א האַפען פון געטריידע מיט ווינט־מיהלען.

אין דער גובערניע סאַמאַראַ — סאַמאַראַ (Samara), דיא הויפט־שטאָדט, אויף דער וואָלגאַ, האַנדעל מיט געהילץ, אויל און פוטער־וואַרג, 92 000 איינוו.; באַלאַקאָוואָ, אויף דער וואָלגאַ, זעהר א גרויסער האַנדעל־דאָרף.

אין דער גובערניע סאַראַטאָוו — סאַראַטאָוו (Saratoff), דיא הויפט־שטאָדט, א האַפען אויף דער וואָלגאַ, 137,000 איינוו.; פאָסאַד דובאָווקאַ, אויף דער וואָלגאַ, א לאַגער פון געהילץ פון דער וועטלוגאַ און דער קאַמאַ פיר דעם באַסיין פון דאָן; צאַריצין, וויכטיגסטער האַפען אויף דער אונטערער וואָלגאַ, א לאַגער־אָרט פון נאַפטהאַ; סאַרעפטאַ, פלאַנטאַנציעס פון טאַבאַק און זענעפט.

7. דיא געגענד פון סטעפּעס שליעסט איין 6 גובערניעס: בעססאַראַביאַ (Bessarabia), חערסאָן (Kherson), יעקאַטערינאָסלאַוו (Yekaterinoslaff), טאַווריד (Taurid), אַסטראַחאַן (Astrakhan) און סטאַווראָפאָל (Stavropol); אויסער דעם — דיא אָבלאַסט

פון דיא קאָזאַקען פון דאָן (Область Войска Донскаго, ענגליש: Don Cossack Country) און דיא פּראָווינצען פון דעם מיליטער פון אוראַל (Земли войска Уральскаго).

דיא אויבערפלעך פון דער סטעפּע-געגענד איז אין אַלגעמיין אַ גלייכע וויא אַ טיש; דיא פלאַכקייט ווערט נאָר אונטערבראָכען דורך אונבעדייטענד אויפגעהייבענע ערטער צווישען דעם אַזאָווישען מעער און צום טייך דאָניעץ און אויפגעהייבענע טיילען ביי'ם רעכטען ברעג פון דעם דאָן; ביי'ם זידליכען ברעג פון קרים הייבט זיך אויף וויא אַ וואַנט דיא יאַילאַ מיט דעם באַרג טשאַטירדאַג (ז. 245). דער נאָרדליכער טייל פון דעם פלאַכלאַנד איז ערטערוויז דורכגעשניטען מיט שלוכטען (ענגע טאָלען). דער גרעסטער טייל פון דעם פלאַכלאַנד איז בעדעקט מיט אַ דינער שיכט פון שוואַרצע ערד; דער שטריך ביי'ם קאַספּישען מעער, דיא נאָרדליכע העלפט פון דער האַלב-אינזעל קרים און דער טייל פון בעססאַראַביא ביי'ם ים זיינען בעדעקט מיט אַ דיקער, מיט זאַלץ דורכגעצויגענער שיכט פון מושעל-שאָלאַכצען (דיזע ערטער זיינען אַמאָל געוועזען דער גרונט פון ים). אַזוי וויא דיא שיכט פון שוואַרצע ערד אין דער געגענד פון דיא סטעפּעס איז ניט גענוג דיק, אַז אין איהר זאָלען זיך קענען איינוואָרצלען גרויסע ביימער, איז דיא הויפּט געוועקס דאָרטען גראָז; אָבער דאָס גראָז איז געדיכט און הויך, איבערהויפּט דאָרטען, וואו דער אונטער-באָדען איז קאַלך אָדער קרייט (אין דער געגענד פון דעם דאָן); אונבעדייטענדע וועלדלאַך בעגעגענען זיך נאָר אין דער געגענד פון דעם דניעפּער, וואו דער אונטער-באָדען איז גראַניט; ביי דיא שלוכטען זיינען דאָ קוסטאַרניקעס און ביימער, וועלכע טראָגען פרוכט.

דיא געגענד פון סטעפּעס קען נאָך זיין אייגענשאַפט איינגעטיילט ווערען אין צוויי טיילען: דיא סטעפּעס פון שוואַרצען מעער און דיא קאַספּישע סטעפּעס.

דיא סטעפּעס פון שוואַרצען מעער זיינען אין פריהלינג און הערבסט אַן אונגעהייער גרויסעס שמעקעדיגעס גראָז־פעלד; זומער, ווען דיא היץ אין שאָטען גרייכט ביז 30° נאָך רעאָמיור'ס טערמאָמעטער, איז דיא גאַנצע שטרעקע פערברענט פון דער זון און שוואַרץ; ווינטער בושעווען אויף דיזען אונגעהייערן פעלד שנעע־שטורמס און דיא פרעסט גרייכען ביז 30°.

דיא קאַספּישע סטעפּעס ווערען געטיילט דורך דיא וואָלגאַ אויף צוויי טיילען: זיד־ועסטליכען און נאָרד־אָסטליכען. דער זיד־ועסטליכער טייל האָט אַ ליימיגען באָדען און איז ערטערוויז בעדעקט מיט הורבעס פון אָנגעטריבענעם זאַמד; געוועקס איז דאָ ווייניג און נאָר אין פריהלינג, נאָך דעם, וויא עס געהט אָפּ דער שנעע. דער נאָרד־אָסטליכער טייל, צווישען דער וואָלגאַ און דעם אוראַל, איז נאָך וויסטער: כמעט אין גאַנצען אַ מדבר פון זאַמד; דער מדבר ווערט נאָר אונטערבראָכען דורך פיעלע קליינע געזאַלצענע אָזיערעס בעזוימט מיט הויכע ראָהר־גראָזען און דורך זאָ־גענאַנטע חאַקי (זאַלץ־זומפּען).

דיא וויכטיגסטע אינדוסטריען פון דער סטעפּע־געגענד זיינען: פיה־צוכט, אַגריקולטור, גאָרטענ־בוי (סעדער), פיש־פאַנג און פּראָדוקציאָן פון זאַלץ. פון דער סטעפּע־געגענד ווערען געטריעבען פיעלע סטאַדעס פון פיה און פערד; דיא שעפּסען אין דיא סטעפּעס פון שוואַרצען מעער זיינען מע־ינאָס (שפּאַנישע שאָף), אין דיא קאַספּישע — הויפּטזעכליך מיט פעטע עקען; דיא שעפּסענע וואָל איז דער הויפּט אַרטיקעל אויף דיא קליינ־רוסישע ירידען און ווערט פערברויכט אין דער מאַנופאַקטור־געגענד. אַגריקולטור ווערט דאָ מיט יעדען יאָהר אַלץ גרעסער; דער הויפּט געטריידע־אַרטיקעל איז דאָ ווייץ, וועלכע האָט דאָ קיין מורא ניט פאַר טריקענים; פיר בעאַרבייטונג ווערט דער באָדען פון צייט צו צייט געביעטען: אויף

א געוויסען אָרט זעעט מען עט־ליכע יאָהר כסדר א געוויסען סאָרט געטריידע און נאָך דעם, וויא דער באָדען ווערט מאָגער, קלייבט מען אוים אן אנדערן אָרט. גאָרטענ־בוי (סעדער) איז בעזאָנדערס גוט ביי דיא ברעגען פון רעם פרוט און דניעסטער; ביי'ם זידליכען ברעג פון קרים, ביי'ם אונטערן לויף פון דעם דאָן און אָרום אסט־ראחאן. דער וויכטיגסטער פון דיא פראָדוקטען זיינען וויינטרויבען, דאן פרוכטען און טאבאק; דיא בעסטע סאָרטען וויינטרויבען און דיא גרעסטע מאַסע ליעפערט דער זידליכער ברעג פון קרים. דיא פיש־אינדוסטריע פון דיזער געגענד ליעפערט צוויי דריטעל פון דעם גאַנצען פיש־פאנג פון לאנד; דיא גרעסטע מאַסע ליעפערט דאָס קאַספישע מעער און דיא טייכען וואָלגא און אוראל. דיא זאַלצ־אינ־דוסטריע ליעפערט א העלפט פון דער גאַנצער פראָדוקציאָן פון דיזען אַרטיקעל אין דער אימפעריע; דיא ערטער פון פראָדוקציאָן זיינען פיעלע זאַלצ־אָזיערעס, בעזאָנדערס אין דער סטעפּע צווישען דער וואָלגא אין דעם אוראל. צווישען דיזע אָזיערעס צייכנען זיך אוים עלטאָן און באַסקונטשאַק. דיא אָזיערע עלטאָן ענטהאַלט אזוי פיעל זאַלץ, דאָס עס וואָלט געקלעקט פיר גאַנץ איראָפּא; באַסקונטשאַק ענטהאַלט לויט אויסרעכנונגען 12 מיליארדען פוד; ניט ווייט פון איהם געפינט זיך א בארג, וועלכער איז אין גאַנצען פון זאַלץ. „דער דאָניעצקי קריאַזש" (בערג־קייט פון דאָניעץ) ליע־פערט שטיינ־קויהלען.

דיא בעפעלקערונג פון דער געגענד פון סטעפּעס איז אויף דער העכסטער שטופּע פערשיעדענאַרטיג; דאָ געפינען זיך פערטרע־טער פון כמעט אַלע איראָפּעאישע פעלקער.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון דער סטעפּע־געגענד זיינען:

אין דער גובערניע בעססאראַביא — קישינעוו (Kishineff), דיא הויפּט־שטאָדט, אויף דעם ביק, גאָרטענ־בוי (סעדער) אינדוסטריע

110,000 איינוו. (אַ העלפט זיינען אידען)(*); אַקקערמאַן (Akkerman), פאָרט איוף דעם דניעסטער, פּראָדוקציאָן פון וויינ־טרויבען און וויין, 45,000 איינוו.; סאָראָקי און פאָרשטאָדט ציעפילאָווקא, פלאַנטאַציעס פון טאַבאַק (בעסטער טאַבאַק אין רוסלאַנד).

אין דער גובערניע חערסאָן — חערסאָן (Kherson), דיא הויפּט־שטאָדט, איוף דעם דניעפּער, האַפען פון געהילץ, 60,000 איינוו.; ניקאָלאַיעוו (Nikolaieff), פאָרט איוף דעם בוג, אַ מיליטערישע גיבערנאַטאָרשאַפט, האָט ווערפטען (שיפ־ווערקשטאַ־טען) און אַן אָבסערוואַרטאָריע, 92,000 איינוו.; אָדעססא (Odessa) [אין אידיש: אָדעס], אונאָפּהענגיגע שטאָדט, גרויסער פאָרט ביי'ם שווארצען מעער, לאַגער־אָרט פון געטריידע פיר זיד־רוסלאַנד און גרויסער מיטעלפונקט פון האַנדעל, איינע פון דיא שעהנסטע שטעדט פון רוסלאַנד מיט איהר פּאָזיציע און מיט איהרע גאַסען און געביידען, מיט אַן אוניווערזיטעט, 405,000 איינוו. (160,000 אידען און פיעלע גריכען); יעליסאַוועטגראַד (Yelisavetgrad), איוף דעם אינגול, 62,000 איינוו.

אין דער גובערניע טאַווריDA — סימפעראָפּאָל (Simferopol), דיא הויפּט־שטאָדט, איוף דעם טייך סאַלגיר, 49,000 איינוו.; סעוואַסטאָפּאָל (Sevastopol), אונאָפּהענגיגע שטאָדט, גרויסער מיליטערישער פאָרט ביי'ם זיד־וועסטליכען ברעג פון קרים, בעריהמט דורך דעם קריעג אין רוסלאַנד מיט פראַנקרייך און ענג־לאַנד אין 1855, 50,800 איינוו.; יאַלטאַ, ביי'ם אונטערן טייל פון דער יאַילאַ; נאָהענט פון דיזער זיינען ליוואַדיאַ, אָריאַנ־

(*) דיזע שטאָדט איז דיא לעצטע צייט געוואָרען בעריהמט אין דער וועלט דורך דיא אויסשלאַכטונג פון אידען, וואָס איז אין איהר פאָרגעקומען אין 1903.

דא, אלופקא און דער ניקיטשער באטאנישער גאר־טען (ניקיטסקי באטאניטשעסקי סאד); קערטש־ענקאלע, אונ־אפהענגיגע שטאדט, ערסטע קלאסע פעסטונג; בערדיאנסק, ביי'ם אזאווישען מעער, גרויסער האפען; פעאדאסיא, האפען־שטאדט און ארט פון ים־בעדער.

אין דער גובערניע יעקאטערינאסלאוו — יעקאטערינאס־לאוול (Yekaterinoslaff), דיא הויפט־שטאדט, אויף דעם דניע־פער, שיקט סטאדעס פיה נאך דיא נארדליכע געגענדען און פעטס נאך אדעססא, 121,000 איינוו.

אין דער אבלאסט פון דיא קאזאקען פון דאן — נאוואָ־טשערקאסק (Novo-Tcherkassk), דיא הויפט־שטאדט, ביי דעם אקסאי, 52,000 איינוו.; סטאניצא קאלאטשינסקאיא,*) אויף דעם דאן, עמפפאנג־ארט פיר דיא וואארען פון דער וואלגא (געהילץ); טאגאנראג, פארט ביי'ם אזאווישען מעער; ראס־טאוו־אויף־דעם־דאן, לאגער־ארט פיר סחורות פון דיא זיד־ליכע פארטען און פון אסט רוסלאנד.

אין דער גובערניע אסטראחאן — אסטראחאן (Astrakhan), אויף אן אינזעל פון קאספישען מעער, קאמערציעלער מיטעלפונקט פון גאנצען קאספישען ברעג, האנדעל מיט פעלצ־וואַרג און געטרייד־דע, ערסטער פיש־מארק פון לאנד, 113,400 איינוו.

אין דער אוראל־פראווינץ — אוראלסק (Uralsk), אויף דעם טייך אוראל, גרויסער האנדעל מיט פיש, 36,000 איינוו.

אין דער גובערניע סטאווראפאל — סטאווראפאל (Stavropol), דיא הויפט־שטאדט, צו נארד פון קאווקאז, האנדעל מיט פיה, 42,000 איינוו.

---

*) סטאניצא מיינט: בורג, בעפעסטיגטער ארט.

## 21. קאפיטעל.

# רוסלאנד.

## דריטע אָפּטיילונג.

אזיאַטישע בעזיצונגען. — קאווקאזישע געגענד. — סיביר. — רוסי־שע מיטעל־אזיען.

אין אזיען געהערען צו רוסלאַנד: די קאַווקאַזישע ע־גענד (Caucasia), סיביר (Siberia), און מיטעל־אַזיען (Russian Central Asia). די קאַווקאַזישע געגענד האָט אַ שטח פון 182,457 קוו. מ. מיט 9,250,000 איינוו., סיביר — 4,833,496 קוו. מ. מיט 5,732,000 איינוו. אין די מיטעל־אזיאַטישע בעזיצונ־גען אונגעפעהר 1,649,000 קוו. מ. מיט 6,500,000 איינוו.

1. די קאַווקאַזישע געגענד קען לויט איהרע אייגענשאַפטען איינגעטיילט ווערען אין פינף אָפּטיילונגען: די פאָרדערסטע נאָרדליכע, די בערגיגע, די ריאָני־שע (באַסיין פון דעם טייך ריאָן), די קורישע (פון דעם טייך קוראַ), און די אַראַקסישע (פון דעם טייך אַראַקס). די פאָר־דערסטע אָפּטיילונג איז גרעסטענטיילס אַ פלאַכלאַנד; איהר נאָרד־ליכער טייל איז אַ פאָרטזעצונג פון די סטעפּעס פון שוואַרצען מעער און איהר זידליכער טייל האָט זעהר פיעלע טאָלען; זיא צייכענט זיך אויס מיט אַ וואַרימען קלימאַט, איז זעהר פרוכטבאַר און רייך אין פרעכטיגע לאָנקעס, סעדער און וועלדער. די פּראָדוקציאָן פון געטריידע איז דאָ וואונדערבאַר רייך, אין די וועלדער וואַקסען אין

ווילדען צושטאַנד עפּעל־בוימער, פלוימען־בוימער, ווייסע מויל־בעע־
רען, באַוועל־בוימער, און אין דיא סעדער בליהען אויף דער פרייהער
לופט אַפּריקאָזען, פּערסיקעס א. ז. וו. דיא נערגיגע אָפּטיילונג איז
זעהר פ רשיעדענאַרטיג אין באָדען, קלימאַט און געוועקס. דיא באָ־
דענס זיינען דאָ פון דעם פריכבאַרכטען מיט שוואַרצע ערד ביז דעם
טרוקענסטען פון זאַמד און שטיין; דיא קלימאַטען — פון דעם וואַ־
רימען זידליכען ביז דעם רויהען קלימאַט פון סיביר מיט שנעען און
זאַווערוכעס; דיא געוועקס — פון אָריענטאַלישע בוימער ביז מאָכיגע
פלאַנצען. און דיזע אַלע פערשיעדענהייטען בעגעגענט מען דאָ ניט
וויט איינע פון דיא אַנדערע. דיא אָפּטיילונג פון ריאָן, וועלכע איז
אָפען פון דער וועסטליכער זייט און איז פון דער אָסטליכער (קאַל־
טער זייט) פערשטעלט מיט בערג, צייכענט זיך אויס מיט פיעל
רעגען און מיט אַ וואַרימען קלימאַט. וועגען איהר וואַרימקייט און
פייכטקייט איז דיא אָפּטיילונג פון ריאָן איינער פון דיא רייכסטע
ערטער אין געוועקס, אָבער אויס דיא זעלביגע אורזאַכען איז דער
קלימאַט פון דיזען אָרט אונגעזונד (דאָ הערשט מאַלעריע). דיא
קורישע אָפּטיילונג, וועלכע איז פערשטעלט מיט בערג צו וועסט
און אָפען צו אָסט (פון וואַנען עס קומען דיא טרוקענע ווינטען),
איז ניט אַזוי רייך אין געוועקס וויא דיא ריאָנישע; וועלדער געפי־
נען זיך דאָ מעהרסטענס אין דיא זייטיגע טאָלען; דאָ איז עס
דיא געגענד קאַחעטיאַ, וועלכע איז בעריהמט מיט איהרע וויינ־
גערטנער. דער לענג־טאָל פון דער קורא אַליין, אָבוואָהל ער האָט
פרוכטבאַרע ערד, אויסער דעם אונטערן טייל, וואו דער באָדען איז
זאַלציג, קען נאָר בעאַרבייט ווערען מיט דער הילף פון קינסטלי־
כער בעוואַסערונג, זאָנסט איז ער אַ טרוקענער מדבר. דיא אָפּטיי־
לונג פון אַראַקס (אַרמעניען), וועלכע איז אַרומגערינגעלט מיט בערג,
האָט דריי עטאַזשען פון געוועקס: דיא אויבערסטע טיילען זיינען

בעדעקט מיט פרעכטיגע פאַשע=פעלדער, דיא מיטעלע — מיט וועלדער, דיא אונטערסטע — מיט פעלדער פון תבואה, סעדער און באַשטאַנעס (גערטנער פון וואַסער=מעלאָנען, קירבעס, אוגערקעס א. ז. וו.). אויף דיא זייטען פון דיא בערג זיינען צושטעלט הייזלאַך פון דיא בערג=בעוואוינער.

דיא בעפעלקערונג פון דער קאַווקאַזישער געגענד איז זעהר פערשיעדענאַרטיג, ווייל קאַווקאַז האָט פון דיא עלטסטע צייטען געדיענט אַלס וועג פיר דעם איבערגאַנג פון פערשיעדענע פעלקער פון אַזיען נאָך איירָאָפּאַ; יעדעס פאָלק, וועלכעס איז דאָ דורכגעגאַנגען, האָט איבערגעלאָזען פון זיך אַ שפור. אין אַלגעמיין קען מען דיא בעפעלקערונג אַיינטיילען אין דריי גרופּעס: רוסען, וועלכע וואוינען צו נאָרד פון דעם טייך קובאַן (קובאַנסקע קאָזאַקען) און דעם טייך טערעק (טערסקע קאָזאַקען); בערג=בעוואוינער, וועלכע געפינען זיך אין דיא טאָלען און שלוכטען פון דער הויפּט קייט פון דיא קאַווקאַזישע בערג; זאַ=קאַווקאַזישע אַיינוואוינער, ד. ה. אַיינוואוינער פון יענער (זידליכער) זייט פון קאַווקאַז. צו דיא בערג=בעוואוינער געהערען: דיא טשערקעסען, קאַבאַרדינצעס, טשעטשענצעס, לעזגינעס, אָסעטינעס און אַבחאַזען; צו דיא זאַ=קאַווקאַזישע אַיינוואוינער: דיא גרוזינער, אימערטינעס, מינגרעלצעס, אַרמעניער (צו זיד=וועסט), קורדען (נאָהענט פון טערקישען גרענעץ), טאַטאַרען, פּערסיער און אַנדערע. רוסען אין אַ קלייגער צאָהל געפינען זיך צווישען דיא גרוזינער.

דיא אינדוסטריע פון דער בעפעלקערונג פון קאַווקאַז איז זעהר קליין נאָך דעם ערך פון דעם נאַטירליכען רייכטום, מיט וועלכען דיזע געגענד צייכענט זיך אוים. דיא קאַווקאַזישע געגענד וואָלט געקענט ערנעהרען אַ צעהן מאָל גרעסערע בעפעלקערונג, וועהרענד דיא 9 מיליאָן, וועלכע זיא האָט יעצט, ערנעהרען זיך

קוים מיט גרויס מיה; דאָס איז נאַטירליך דערפאַר, ווייל זיי זיינען
נאַכלעסיג. אַם מעהרסטען זיינען דאָ ענטוויקעלט דיא בערג־אינ־
דוסטריע און דיא פיש־אינדוסטריע. אַגריקולטור איז נאָר בעדייַ־
טענד גרויס צו נאָרד פון קאַווקאַז, וואו געטריידע ווערט פּראָדו־
צירט אַזוי פיעל, דאָס עס בלייבט איבער פיר עקספּאָרט נאָך אייס־
לאַנד. פיה־צוכט איז ערפאָלגרייך אי אין דעם פאָרדערסטען נאָרדליכען
טייל אי אין דער בערגיגער געגענד; דיא זאַ־קאַווקאַזישע (זידליכע)
געגענד צייכענט זיך נאר אויס מיט איהרע קאַראַבאַחסקע פערד.*)
גאָרטענ־בוי שטעהט דאָ פיעל העכער וויא פּראָדוקציאָן פון געטריי־
דע; בעזאָנדערס זיינען דאָ ענטוויקעלט וויינ־גערטנער, וועלכע גע־
פינען זיך הויפּטזעכליך אין דעם טאל פון דעם אויבערסטען טייל פון
דער קוראַ (קאַחעטיאַ) און אין דעם טאָל פון דעם טערעק. נאָר
אַפילו דיא וויינ־אינדוסטריע האָט דאָ נאָך ניט דערגרייכט קיין הויַ־
כע שטופע; מען קען נאָך דאָרטען ניט מאַכען קיין גוטען וויין און
מען האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט אידם צו בעהאַלטען פיר האַנ־
דעל. זייד־צוכט (ערציהונג פון זייד־ווערים) מאַכט דאָ פאָרטשריט,
איבערהויפּט ביי דעם אונטערן טייל פון דער קוראַ. דיא בערג־
אינדוסטריע איז דאָ פון אַלטע צייטען אָן געוועזן שטאַרק ענטווי־
קעלט. אין דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ אַן אָרט, וואָס זאָל זיין
רייכער אין נ אַ פ ט ה אַ, וויא דיא געגענד פאַר דיא קאַווקאַזישע
בערג. נאַפטהאַ ווערט יעצט פּראָדוצירט הויפּטזעכליך אין צוויי
ערטער: ביי'ם נאָרד־וועסטליכען ענד פון דעם קאַווקאַזישען בערג־
קייט, אין דעם ניעדערלאַנד פון דעם טייך קובאַן, און ביי'ם זיד־
אָסטליכען ענד, אויף דער האַלב־אינזעל אַפּשעראָן (Apsheron);
פון דיא וויכטיגסטע געווערק־אַנשטאַלטען אין דער קאַווקאַזישער

*) קאַראַבאַח (Karabagh) איז אַ געגענד אין דעם זידליכען
טייל פון דער גובערניע יעליסאַוועטפּאָל.

געגענד זיינען זייד־פאַבריקען און זאוואָדען פון פעטס און נאַפטהאַ. דיא בערג־בעוואוינער צייכנען זיך אוים אין מאַכען גאַלונען (פּאָזאַמענט), סאַפיאַן, פערד־געשיר, טוך פון קעמעל־האָאר, בורקעס (קירצע פילץ־מאַנטלען), זעבלען, קינזשאַלען און פערשיעדענע בעציערונגען פיר געוועהר.

דיא פערוואַלטונג פון דער קאַווקאַזישער געגענד איז איבערגעגעבען צו איין פערזאָן — אַן איבער־בעפעהלסהאַבער (Главноначальствующій). אונטער זיין ממשלה זיינען: צו נאָרד פון קאַווקאַז — דיא גובערניע סטאַווראָפּאָל (Stavropol), וועלכע געהערט לויט דיא אייגענשאַפטען פון איהר באָדען צו דער סטעפּע־געגענד, און דיא אָבלאַסטען (פּראָווינצען) קובאַן (Kuban), אויף דעם טייך קובאַן ביז דעם אַזאָווישען מעער, טערעק (Terek, Терская область), אויף דעם טערעק, און דאַגעסטאַן (Daghestan), אויף דעם קאַספּישען מעער; צו זיד פון קאַווקאַז — דיא גובערניעס קוטאַאיס (Kutais), אין דעם באַסיין פון ריאָן, טיפליס (Tiflis) און יעליסאַוועטפּאָל (Yalisavetpol), אין דעם באַסיין פון דער קורא, צווישען דעם גרויסען און קליינעם קאַווקאַז, עריוואַן (Erivan), צווישען דעם קליינעם קאַווקאַז און דעם אויבערסטען טייל פון אַראַקס, און באַקו (Baku, Бакинская губ.), ביי דיא ברעגען פון קאַספּישען מעער, דיא אָבלאַסט קאַרס (Kars), ביי דיא ברעגען פון שוואַרצען מעער, און דער בעצירק פון שוואַרצען מעער (Округъ Черноморскій), אויף דיא נאָרד־אָסטליכע ברעגען פון דעם שוואַרצען מעער ביז קאַווקאַז.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון דער קאַווקאַזישער געגענד זיינען:

צו נאָרד פון קאַווקאַז — יעיסק (Yeisk), אין דער פּראָווינץ קובאַן, ביי'ם אַזאָווישען מעער, עקספּאָרט פון געטריידע און

פיה, 28.000 איינוו.; טאמאן (Taman), אין קובאן, אויף א האלב-אינזעל צווישען דעם שווארצען און אזאווישען מעער. א געגענד פון נאפטהא, אונגעפעהר 1,000 איינוו.; ווֹלאדיקאווקאז (Vladikavkaz), אין דער פראווינץ טערעק, 44,000 איינוו.; זשעליעזנאוואדסק, עססענטוקי און פיאטיגארסק. אלע דריי אין דער פראווינץ טערעק, ביי'ם פוס פון דעם בארג בעשטאו, צייכנען זיך אוים מיט זייערע קור-וואסערן; זידליך פון דיזע — קיסלאוואדסק, אויך אן ארט פון מינעראל-וואסער (דער קוואל נארזאן).

צו זיד פון קאווקאז — נאוואראססייסק (Novorossiysk) און באטום (Batoum), האפענס ביי'ם שווארצען מעער, דיא ערסטע א מיטעלפונקט פיר עקספארט פון געטריידע נאך אויסלאנד, דיא צווייטע — וויכטיגסטער האנדעל-פונקט אין דער זא-קאווקאזי-שער געגענד.

טיפליס (Tiflis), הויפט-שטאדט פון דער גובערניע טיפ-ליס, אויף דעם טייך קיר, רעזידענץ פון דעם אויבער-בעפעהלסהא-בער און מיטעל פונקט פון זא-קאווקאזישען האנדעל.

אין דער גובערניע יעליסאוועטפאל — נוחא און שושא, מיטעלפונקט פון זייד-צוכט אין דער קאווקאזישער געגענד.

אין דער גובערניע באקו — באקו (Baku), דיא הויפט-שטאדט, אויף דעם קאספישען מעער, גרויסע פראדוקציאן און עקס-פארט פון קעראסין, 112,250 איינוו.; סאליאני, ביי דער מינ-דונג פון דעם קור, גרויסע פיש-אינדוסטריע, 12,000 איינוו.

אין דער אבלאסט (פראווינץ) קארס — קארס (Kars), פעסטונג פון רוסיש-ארמעניען, 12 000 איינוו.

2. סיביר. — דער אויפגעהייבענער באדען צווישען דיא באסיינען פון דיא טייבען אב (Ob) און יעניסעי (Yenisei)

טיילען סיביר אין וועסטליכע און אָסטליכע. וועסטליכע סיביר איז גרעסטענטיילס ניעדריג, אָסטליכע סיביר — מעהרסטענס בערגיג. וועסטליכע סיביר ווערט דורכגעשניטען דורך דעם טייך אָב מיט זיינע ביי-טייכען, דיא אָסטליכע — דורך דיא טייכען יעניסעי, לענאַ (Lena) און אַמור (Amur) מיט זייערע ביי-טייכען. דיא וועסטליכע סיביר שליעסט איין דיא גובערניעס טאָבאָלסק (Tobolsk) און טאָמסק (Tomsk); דיא אָסטליכע — צוויי גענעראַל-גובערנאַטאָרשאַפטען: דיא אָסט-סיבירישע (Восточно-Сибирское) און אַמורישע (Приамурскеое). צו דער אָסט-סיבירישער גענעראַל-גובערנאַטאָרשאַפט געהערען דיא גובערניעס אירקוטסק (Irkurtss) און יעניסעיסק (Yeniseisk) און דיא אָבלאַסט (פראָווינץ) יאַקוטסק (Yakutsk); צו דער אַמורישער גענעראַל-גובערנאַטאָרשאַפט געהערען דיא אָבלאַסטען זאַבאַיקאַלסקאַיאַ (Transbaikalia), אַמור (Amur) און פרימאָרסקאַיאַ (Maritime Province) און דיא אינזעל סאַ-חאַלין (Saghalin).

נאָך איהר בעשאַפענהייט שטעלט סיביר פאָר פיער שטריכען אָדער געגענדען, נעמליך: דיא געגענד פון טונדרעס, דיא געגענד פון טאַיגעס (געדיכטע וועלדער), דיא געגענד פון סטעפּעס און דיא געגענד פון בערג.

דיא טונדרעס זיינען ניעדריגע, טיעף פערפראָרענע פלאַכלענדער. ווינטער איז דיזע געגענד אין גאַנצען בעדעקט מיט שנעע און עס הערשען דאָ מורא'דיגע קעלטען (אָפט ביז 45° רעאָמיור) און זאַווערוכעס. זומער געהען דיא טונדרעס אָפּ אויף אַ פּאָאָר פוס דיא טיעף, עס בילדען זיך פיעלע אָזיערעס און עס בעווייזען זיך ערטער, וועלכע זיינען מעהר אָדער וועניגער פיִנסט. דיא אָזיערעס ווערען בעדעקט מיט אינגעהייער פיעלע ווילדע פייגלאַך; אַלע

איבריגע ערטער ווערען בעדעקט מיט ווייסע מאָביגע געוועקס און בעערענ־פלאַנצען. צו דיא מאָביגע געוועקס ציהען זיך פון דיא טאַי־געס הירשען, וועלכע ווערען פערפאָלגט פון אונגעהייער פיעלע קאָמאַרעס און אַנדערע בעלעסטיגענדע פליעגען; צו דיא פויגלאַך ציהען זיך פערשיעדענע פעלצ־חיות, און נאָך דיזע אַלע יאָגט זיך נאָך דער מעניש.

דיא טאַיגעס זיינען זעהר געדיכטע וועלדער, איבערהויפט פון נאָדעל־בוימער; אין דעם באַסיין פון דעם אַמור און אָב בעשטעהען דיא טאַיגעס מעהרסטענס פון בלעטער־בוימער. ווינטער הערשען אין דיזע טאַיגעס אַזעלכע פרעסט וויא אין דיא טונדרעס; דיא טיערע פערגראָבען זיך מעהרסטענטיילס אין שנעע. דיא קעלט איז דאָ ניט אַזוי מורא'דיג וויא דיא פורגעס אָדער שנעע־שטורמס, וועל־כע הייבען זיך דא אויף פון צייט צו צייט. זומער שווימען און גריבלען דיא טאַיגעס מיט פליעגען, פון וועלכע דיא ווילדע חיות ענטלויפען אין דיא טונדרעס און דיא מענשען און הויז־טיערע רעטען זיך דורך דעם רויך פון ברענענדע שייטער־הויפענס.

פון דיא סטעפּעס צייכנען זיך אויס: דיא באַראַבינסקע, צווישען דיא אויבערע טיילען פון דיא טייכען אָב און אירטיש; דיא טאָרפּ־סטעפּע — דיא היים פון דער סיבירישער פעסט; דיא מינוסינסקע, צוביידע זייטען פון דעם אויבערען טייל פון יעניסעי, — דיא תבואה־געגענד, וועלכע שפּייזט סיביר.

דיא סיבירישע בערג קענען איינגעטיילט ווערען אין 6 גרופּעס: 1) דיא אַלטאַיסקע, צווישען דיא אויבערע טיילען פון אָב און יעניסעי, צוזאַמען מיט דער בעזונדערער בערג־קייט קוזנעצקי אַלאַ־טאַו, צווישען דיא טייכען טאָם (Томь) און יעניסעי; 2) דיא סאַיאַנסקע, אין דעם אויבערען טייל פון אַנגאַראַ; 3) דיא דאַורסקע צווישען דיא אויבערע טיילען פון לענאַ און

אַמור; 4) דיא סטאַנאָוויע בערג, וועלכע הייבען זיך אָן צו זיך מיט דער יאַבלאָנאָווער בערג-קייט, צווישען דיא באַסיינען פון אַמור און לענאַ, און ענדיגען זיך ביי דער בערינג-שטראַס; 5) דיא קאַמטשאַטסקע בערג, וועלכע בעדעקען דיא האַלב-אינזעל קאַמטשאַטקאַ; 6) דיא אַמורסקע בערג, וועלכע בעשטעהען פון דיא צווייגען פון חינגאַן און פון דער טאַטאַ-רישער בערג-קייט, וואָס ציהט זיך ביי'ם ברעג פון יאַפּאַני-שען מעער, פון דיא מינדונגען פון דעם אַמור ביז קאָרעאַ. פון דיזע זיינען דיא העכסטע, ווילדעסטע און רייכסטע אין מינעראַלען דיא סאַיאַנסקע בערג; פיעלע פון זייערע שפּיצען גרייכען איבער 3 וויאָרסט; זיי זיינען זעהר רייך אין גאָלד און ליעפערן דעם בעסטען גראַפיט; אחוץ דיזען רייכטום האָבען זיי פיעלע קור-קוועלען. דיא אַלטאַיסקע בערג זיינען עטוואָס ניעדעריגער פון דיא סאַיאַנסקע; דער העכסטער פון דיזער גרופּע איז דער באַרג ביעלוחאַ, איי-בער 3 וויאָרסט הויך; דיא מינעס פון אַלטאַי ליעפערן זילבער, בליי, קופּער, אייזען, אַקוואַמאַרין (אַ מין טייערער שטיין, וואָס האָט אַ ים-קאָליר), מאַלאַחיט, יאַספּיס (אַ מין קאָלירטער קיזעל-שטיין) און פּאָרפיר (אַ מין בלוט-רויטער שטיין). אַלאַ-טאַו איז בעריהמט מיט זיינע גאָלד-מינעס. דיא דאַורסקע בערג, בעזאָנדערס דיא נער-טשינסקע קייט, ליעפערן בליי, זילבער, גאָלד, אַקוואַמאַרין און טאָ-פּאַזען. דיא קאַמטשאַטסקע בערג צייכנען זיך אויס מיט הייסע מינע-ראַל-קוועלען און וואולקאַנען; דיא קליוטשעווסקאַיאַ סאָפּקאַ (וואולקאַן) איז ½ העכער וויא דער מאָן בלאַן (העכסטער באַרג אין אייראָפּאַ).

דיא הויפּט קוועלען פון רייכטום אין סיביר זיינען: אַגריקול-טור, פיה-צוכט, פיש-פאַנג, פעלצ-טיערע און בערג-אינדוסטריע (מינעס). אַגריקולטור בעצאָהלט זיך גוט נאָר אין דיא מינוסינסקע

סטעפּעס און אין דער זאַ-באַיקאַלישער געגענד. פיה-צוכט איז דאָ הויפּטזעכליך אין דער זידליכער געגענד, אין דעם שטריך פון דיא סטעפּעס. פיש-פאַנג (זעהר פיעל הערינג) ביי דיא ברעגען פון דיא טייכען אָב, יעניסעי און באַיקאַל איז איינע פון דיא אַיינטרעגליכסטע אינדוסטריען; ביי דיא ברעגען פון דעם אָכאָטסקען און בערינג'שען מעער ליעפערט דער פיש-פאַנג דיא אַלטעגליכע גאַהרונג. דיא אינ-דוסטריע פון פעלצ-טיערע ליעפערט פיעל פעלצוואַרג פון פערשיע-דענע סאָרטען: פעה (פעלץ פון וועווערקערם), פוקס, סויבעל, הערמעלין (גאָרנאָסטאַי), באָבער א. ז. וו. דיא בערג-אינדוסטריע ליעפערט אויסער טייערע שטיינער יעדען יאָהר דורכשניטליך 2,600 פוד גאָלד און אונגעפעהר 600 פוד זילבער.*) מאַנופאַקטור איז אין סיביר דאָ זעהר וועניג; פון בעדייטונג איז נאָר דיא רעגעירונגס-פאַב-ריק צום שלייפען שטיינער אין דער שטאָדט קאָליוואַן, טאָמסקער גוב.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון סיביר זיינען:

אין דער גובערניע טאָבאָלסק — טיומען (Tyumen), אויף דער טוראַ, מיטעלפונקט פון האַנדעל צווישען אייראָפּעאישער רוסלאַנד און סיביר, 14,000 אַיינוו. (אין 1893).

אין דער גובערניע טאָמסק — טאָמסק (Tomsk), דיא הויפּט-שטאָדט, אויף דעם טאָם, מיטעלפונקט פון האַנדעל צווישען קיאַחטאַ (זאַ-באַיקאַל) און ניזשני-נאָווגאָראָד, מיט אַן אוניווערזיטעט, 52,000 אַיינוו.; באַרנאַאול (Barnaul), אויף דער אָב, מיטעל-פונקט פון בערג-אינדוסטריע (מינעס) אין וועסט-סיביר, 19,000 אַיינוו.

אין דער גובערניע יעניסייסק — קראַסנאָיאַרסק (Krasnoyarsk), דיא הויפּט-שטאָדט, אויף דעם יעניסעי, מיטעל-פונקט פון גאָלד-אינדוסטריע, 16,000 אַיינוו. (אין 1889).

*) אַ פוד איז 40 רוסישע פונט אָדער 36 פונט לויט ענגלישען און אַמעריקאַנישען געוויכט.

אין דער גובערניע אירקוטסק — אירקוטסק (Irkutsk), דיא הויפט־שטאָדט, אויף דער אַנגאַראַ, וויכטיגסטע שטאָדט פון סיביר, לאַגער־אָרט פון קיאַחטינסקען טעע און יאַקוטסקע פעלץ־וואַרג, 51,000 איינוו.

אין דער גובערניע יאַקוטסק — יאַקוטסק (Yakutsk), דיא הויפט־שטאָדט, אויף דער לענאַ, הויפט לאַגער־אָרט פיר דעם סיביר־רישען האַנדעל פון פעלץ־וואַרג, 6,200 איינוו.

אין דער זאַ־באַיקאַלישער אָבלאַסט (פּראָווינץ) — טשיטאַ (Tchita), דיא הויפט־שטאָדט, אויף דער אינגאָדאַ, מיטעלפונקט פון האַנדעל פיר אָסט סיביר, אונגעפעהר 12,600 איינוו.; נערטשינסק (Nertchinsk), אויף דער נערטשאַ, אָרט פון זילבער־מינעס, אונגעפ. 5,400 איינוו.; קיאָחטאַ (Kaiakhta), אויף דער קיאַחטאַ, הויפט פונקט פון האַנדעל מיט כינאַ (בעזאָנדערס טעע), 10,000 איינוו.

אין דער פּרימאָרסקאַיאַ אָבלאַסט — וולאַדיוואָסטאָק (Vladivostok), ביי דעם יאַפּאַנישען מעער, הויפט פּאָרט פון רוס־לאַנד ביים שטילען אָקעאַן (פּאַסיפיק), 20,000 איינוו.; חאַבאַראָווקאַ (Khabarovka), דיא הויפט־שטאָדט, רעזידענץ פון דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר, 3,000 איינוו. (אין 1893).

3. מיטעל־אַזיאַטישע בעזיצונגען. — דיזער טייל פון אַזיאַטישער רוסלאַנד שליעסט איין דאָס טוראַנישע ניעדערלאַנד, דיא צו דיזען ניעדערלאַנד ליעגענדע משופע׳דיגע זייטען פון דיא טאַפעללענדער פון איראַן און אָסט אַזיען, אויך דעם זידליכען טייל פון דעם סיבירישען ניעדערלאַנד.

דיא שטרעקע פון דעם ניעדערלאַנד שטעלט פאָר לויט איהרע נאַטירליכע איינגעטהיילטע דריי געגענדען: דיא נאָרדליכע, מיט שוואַרצע ערד, וועלכע איז אין פריהלינג בעדעקט מיט רייכע גראָ־

זען אָדער פרוכטבאַרע פעלדער; דיא מיטעלע, מיט זאַלץ־זומפען, וואו עס וואַקסען כמעט ניט קיין אַנדערע פלאַנצען אויסער הויכען קאַמיש (ראָהר); דיא זידליכע, זאַמדיגע געגענד, וואו דער ווינט טראָגט לייכט איבער דעם זאַמד פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערן און שיט אָן גרויסע זאַמד־בערג.

דיא אויפגעהייבענע, בערגיגע טיילען פון דעם באָדען ליעגען הויפּטזעכליך ביי דיא ברעגען; דיזע טיילען זיינען מעהרסטענס צווייגען פון בערג, וועלכע רינגלען אַרום דאָס פלאַכלאַנד. צו דיא צווייגען פון אוראַל געהערען דיא מוגאָדזשאַרסקע בערג און דאָס טאַפעללאַנד אוסטי־אורט, צווישען דעם קאַספּישען און אוראַלישען מעער. דיא צווייגען פון דעם מיטעל־אַזיאַטישען טאַפעללאַנד זיינען: דאָס געבירג טאַבאַגאַטאַי, צו וועסט פון דער אָזיערע זאַיסאַן; זידליך פון דיזען — דאָס געבירג אַלאַ־טאַו; ווייטער צו זיד — טיאַן־שאַן; דיזעס געבירג צוצווייגט זיך אין מיטעל־אַזיען אויף פיעלע רייהעס, וואָס לויפען פּאַראַלעל און בילדען פיעלע לענג־טאָלען, וועלכע זיינען זעהר רייך אין גע־וועקס. אין דעם געבירג טיאַן־שאַן געפינען זיך דיא הויכסטע בערג־שפּיצען פון גאַנץ רוסלאַנד — פיק־קאופמאַן ($6\frac{1}{3}$ וויאָרסט = 22,166 פוס הויך) און חאַן־טענגרי (גרענעצט זיך מיט כינאַ, $6\frac{2}{3}$ וויאָרסט = 23,333 פוס הויך).

דער קלימאַט פון מיטעל־אַזיאַטישער רוסלאַנד, אויסער אין דיא טאָלען פון דיא בערג, איז זעהר ניט קיין גינסטיגער פיר פלאַנצען און טיערע. דיא היץ אין זומער, וועלכע גרייכט ביז 35° (רעאָמיור), טריקענט אויס דיא פייכטקייט פון דיא קוואַלען און טייכלאַך, פערדאַרבט דיא געוועקס און מאַטערט אויס דיא טיערע פון דאָרשט; דער ווינטער איז עבענפאַלס שעדליך מיט זיינע שטאַרקע פרעסט און שנעע־שטורמס.

דיא וויכטיגסטע אינדוסטריע פון דער געגענד איז פיה־צוכט; נאָך דיזער קימען אַגריקולטור, גאָרטענ־בוי (סעדער) און מאַניפאַקטור. דיא טיערע, וועלכע ווערען דאָ גזהאָ־עוועט, זיינען שעפּסען, פערד און קעמלען. שעפּסענ־צוכט פערנעהמט דעם ערסטען אָרט און דיא שעפּסען זיינען פון אַן אונגעוועהנליכען טייערען סאָרט: מיט לאַנגע וואָל און מיט פעטע עקען, וועלכע וועגען אָפט אָנדער־האַלבען פוד. אַגריקולטור איז כמעט נאָר מעגליך דורך קינסטליכע בעוואַסערונג, אָבער ווען מען גיט זיך גוטע מיה וואַקסט דאָ געטריידע זעהר גוט; ביי ריכטיגער פלייסיגער בעאַרבייטונג פון דעם באָדען וואַקסען גערשטען און ווייץ 55־פאַך, בוכאַרישע ווייץ 100־פאַך און פּראָסאָ (הירז) זאָגאַר 200־פאַך. דיא פּראָדוקציאָן פון גאָרטענ־בוי איז זעהר אַ רייכע; דיא פּראָדוקטען זיינען: וויינטרויבען, קוויטען (ענגליש: quinces), אַפּריקאָזען, גראַנאַטען (מילגרוימען), פייגען, פערסיקעס, ווייסע מוילבער־ען, באַוועל און מעלאָנען. דיא מאַנופאַקטור בעשטעהט הויפּטזעכליך אין דער פּראָדוקציאָן פון וואָלענע און זיידענע וואַארען; בעזאָנדערס ווערען דאָ געמאַכט טעפּיכען און געשטריפּטע קיסעלאַך.

דיא בעפעלקערונג פון רוסישע מיטעל־אַזיען, אויסער אַ קליינע צאָהל רוסען, בעשטעהט פון קירגיזען, טורקאָמאַנען, סאַרטען און אוזבעקען, וועלכע געהערען צו דער מאָנגאָליש־טאַטאַרישער און טערקישער ראַסע. דיא קירגיזען און טורקאָמאַנען פיהרען אַ וואַנדערנדעס לעבען; דיא אַנדערע לעבען אַנזעסיג. דיא אוזבעקען זיינען דיא ציוויליזירטעסטע פון דיזע אַלע פעלקערשאַפטען.

צום רעגיערען זיינען דיא מיטעל־אַזיאַטישע בעזיצונגען פון רוסלאַנד געטיילט אויף צוויי גענעראַל־גובערנאַטאָרשאַפטען — דיא טורקעסטאַנישע (Turkestan) און דיא סטעפּישע (Степное)

און צוויי אָבלאַסטען — טורגאַי (Turgai) און אוראַלסק (Uralsk); דיא לעצטע ווערט רעגיערט דורך דעם נאַטשאַלניק (בעפעהלסהאַבער) פון דער אוראַלישער מיליטער־פּראָווינץ, װעלכע געהערט צו דער כטעפּע־געגענד פון אייראָפּעאישער רוסלאַנד. דיא טורקעסטאַנישע גענעראַל־גובערנאַטאָרשאַפט איז געטיילט אין 4 אָבּ־לאַסטען — סיר־דאַריאַ (Syr-Darya) מיט דער אָפּטיילונג אַמור־דאַריאַ (Amur-Darya), פערגאַנאַ (Fergana), סאַ־מאַרקאַנד (Samarkand) און דיא זאַ־קאַספּישע פּראָ־ווינץ (Transcaspian Province). דיא סטעפּישע גענעראַל גו־בערנאַטאָרשאַפט איז געטיילט אין 3 אָבלאַסטען — אַקאָמאָלינסק (Akomolinsk), סעמיפּאַלאַטינסק (Semipalatinsk) און סעמיריעטשענסק (Semiryetchensk).

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין רוסישער מיטעל־אַזיען זיינען:

אין דער סטעפּישער גענעראַל־גובערנאַטאָרשאַפט — אָמסק (Omsk), אויף דעם טייך אירטיש, וויכטיגע האַנדעל־שטאָדט, 38,000 איינוו; סעמיפּאַלאַטינסק (Semipalatinsk), אויך אויף דעם טייך אירטיש, דיא הויפּט־שטאָדט פון דער גענעראַל־גובערנאַטאָרשאַפט, 27,000 איינוו.

אין דער טורקעסטאַנישער גענעראַל־גובערנאַטאָרשאַפט — טאַשקענט (Tashkent), דיא הויפּט־שטאָדט, צייכענט זיך אויס מיט גאָרטען־בוי און זייד־מאַנופאַקטור, 156,000 איינוו.; סאַמאַר־קאַנד (Samarkand), מיטעלפּונקט פון האַנדעל צווישען אינדיען און אָסט אַזיען, אַ הייליגע שטאָדט פיר דיא מאַהמעדאַנער פון מי־טעל־אַזיען, 55,000 איינוו.; קראַסנאָוואָדסק (Krasnovodsk), הויפּט־שטאָדט פון דער זאַ־קאַספּישער פּראָווינץ, פּינקט פיר האַנדעל מיט דיא מיטעל־אַזיאַטישע חאַנאַטען און מיט פּערסיען; מערוו (Merv) און אַחאַל־טעקע (Akhal-Tekke), דיא הויפּט־שטערט

פון דיא אָאזען מיט דיא זעלביגע נעמען; אסחאבאד (Askhabad), א וויכטיגע סטאַציאָן פון דער זאַ־קאַספּישער אייזענ־באהן.

אין מיטעל־אזיען געהערען נאָך צו רוסישער אויבער־הערשאַפט דיא צוויי חאַנאַטען*) בוחאַראַ (Bukhara) און חיווא (Khiva).

בוחאַראַ פערנעהמט אַ שטח פון 92,000 קוו. מ. און גרע־נעצט זיך מיט אַזיאַטישער רוסלאַנד צו נאָרד, אָסט און וועסט, מיט חיווא צו נאָרד־וועסט און מיט אַפגאַניסטאַן צו זיד. דיא פּראָדוקטען פון דיזער מדינה זיינען האַנף, באַוועל, רייז, פרוכט, טאַבאַק און פיה, און זיא האָט מאַנופאַקטור פון זייד, געוועהר, ציערונג און מעסער־וואַרג. דיא הויפּט־שטאָדט איז בוחאַראַ. אַן דער שפּיצע פון דער רעגיערונג איז אַ טאַטאַרישער פירסט, וועלכער טראָגט דעם טיטעל עמיר. דיא בעפעלקערונג איז 1,250,000 און זיא בע־שטעהט פון טאַדזשיקען, אוזבעקען און טורקאָמאַנען; דיא הערשענ־דע רעליגיאָן איז דיא מאַחמעדאַנישע. דער חאַנאַט רעגיערט זיך זעלבסטשטענדיג, אָבער ער שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון דער רוסישער רעגיערונג. אין 1865—68 איז צווישען בוחאַראַ און רוס־לאַנד געווען אַ מלחמה און אַלס רעזולטאַט איז אין רוסישען בעזיץ איבערגעגאַנגען דיא שטאָדט סאַמאַרקאַנד.

חיווא פערנעהמט אַ שטח פון אונגעפעהר 22,230 קוו. מ. זיא גרענעצט זיך מיט בוחאַראַ צו זיד־אָסט און איז כמעט אין גאַנ־צען אַרומגערינגעלט מיט רוסישער טערריטאָריע. דיא בעפעלקערונג איז אונגעפעהר 700,000 און בעשטעהט פון אוזבעקען, סאַרטען, טורקאָמאַנען און פערסיער; דיא רעליגיאָן איז דיא מאַחמעדאַנישע. חיווא ווערט רעגיערט פון אַ חאַן, וועלכער איז אונטערוואָרפען אונטער רוסלאַנד.

*) חאַנאַט ווערט אָנגערופען אַ מדינה, וואָס ווערט רעגיערט פון אַ חאַן (טאַטאַרישען פירסט).

## 22. קאפיטעל.

# דיא סקאַנדינאַווישע לענדער.

דיא בעצייכנונג „סקאַנדינאַווישע". — דאָס קעניגרייך דענעמאַרק. — דאָס קעניגרייך שוועדען. — דאָס קעניגרייך נאָרוועגען.

מיט דעם נאָמען „סקאַנדינאַווישע לענדער" ווערען בעצייכענט דיא דריי נאָרד־אייראָפעאישע קעניגרייכען: ד ע נ ע מ אַ ר ק (Denmark), שוועדען (Sweden) און נאָרוועגען (Norway), פון וועלכע דאָס ערסטע פערנעהמט אַ טייל פון דער האַלב־אינזעל יוטלאַנד (Jutland) מיט איניגע נאַכבאַרשאַפטליכע אינזלען און דיא איבריגע צוויי — דיא האַלב־אינזעל ס ק אַ נ ד י נ אַ ו י ע ן (Scandinavia). אין שטרענגען זין ווערען מיט דעם נאָמען „סקאַנ־דינאַווישע" בעצייכענט נאָר שוועדען און נאָרוועגען, וועלכע פער־נעהמען דיא סקאַנדינאַווישע האַלב־אינזעל, אָבער דענעמאַרק געהט אָפט אויך אונטער דיזען נאָמען, ווייל איהר בעפעלקערונג איז פון דער זעלביגער אָפשטאַמונג וויא דיא בעפעלקערונגען פון שוועדען און נאָרוועגען. דיא איינוואוינער פון דיזע דריי מדינות זיינען פון גערמאַנישער ראַסע און ווערען בעצייכענט מיט דעם נאָמען ס ק אַ נ־ד י נ אַ ו ו ע ן (Scandinavians).

פאָלגענדע זיינען בעזונדערע בעשרייבונגען פון דיא סקאַנדי־נאַווישע לענדער.

1. ד ע נ ע מ אַ ר ק. — דאָס קעניגרייך דענעמאַרק שליעסט איין אַ טייל פון דער האַלב־אינזעל יוטלאַנד און אַ גרופע אינזלען, פון וועלכע דיא וויכטיגסטע זיינען: ז ע ע ל אַ נ ד (Seeland, ענג־

ליש: (Zealand), פונען (Funen), לאַאַלאַנד (Laaland), באָרנהאָלם (Bornholm), פאַלסטער (Falster), לאַנגע־לאַנד (Langeland) און מאָען (Möen). דער גאַנצער שטח פון דיזער מדינה איז 15,289 קוו. מ. איהרע גרענעצען זיינען: צו וועסט — דיא נאָרד־זעע, צו נאָרד — דיא ים־שטראָסען סקאַגעררעק און קאַטטעגאַט, צו אָסט — דער זונד און דאָס באַלטישע מעער, צו זיד — דייטשלאַנד.

דער באָדען פון יוטלאַנד און פון דיא אינזלען, מיט דער אויסנאַהמע פון דער פעלזיגער אינזעל באָרנהאָלם, איז אַ פלאַכער. דיא וועסטליכע ברעגען זיינען בעזוימט מיט אַ רייהע פון זאַמד־בערג, וועלכע לאָזען ניט צו קיין שיפען, און דער אָסטליכער ברעג איז רייך אין האַפענס. דיא וועסטליכע זייט פון יוטלאַנד ביז'ן מיטען איז זאַמדיג און פרוכטלאָז; דער אָסטליכער טייל פון דיזער האַלב־אינזעל און כמעט אַלע אינזלען זיינען פרוכטבאַר. דיא הויפט בעד שעפטיגינג פון דיא איינוואוינער איז אַגריקולטור און פיה־צוכט און דאָס לאַנד צייכענט זיך אויס מיט אַ גרויסען עקספּאָרט פון שלאַכט־פיה, פלייש, פוטער און פערד. גרויסע מאַנופאַקטור אינדוסטריע איז דורך דעם מאַנגעל פון קויהלען און אייזען אונמעגליך.

דיא בעפעלקערונג פון דענעמאַרק איז 2,450,000. אין רעד ליגיאָן זיינען דיא דענער, וויא דיא סקאַנדינאַוויער אין אַלגעמיין, לוטהעראַנישע פּראָטעסטאַנטען. דיא רעגיערונג איז אַ קאָנסטיטוציאָ־נעלע מאָנאַרכיע מיט אַ רייכסטאַג (דעניש: Rigsdag), וועלכער בעשטעהט פון צוויי הייזער: אַ לאַנדס־פּאַרלאַמענט אָדער לאַנדס־טהינג (Landsthing) פון 66 מיטגליעדער און אַ פאָלקס־פּאַרלאַ־מענט אָדער פאָלקעטהינג (Folkething) פון 102 מיטגליע־דער. דאָס קעניגרייך איז איינגעטיילט אין 5 פּראָווינצען, נעמליך: זעעלאַנד, באָרנהאָלם, פונען, לאַאַלאַנד און יוטלאַנד.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין דענעמארק זיינען:

אויף זעעלאנד — קאפענהאגען (Copenhagen, דע־ניש: Kjöbenhavn), אויף דעם בעסטען האפען פון דעם זונד, דיא הויפט־שטאדט און רעזידענץ, מיט אן אוניווערזיטעט, 378,000 איינוו.; פרעדעריקסבארג (Frederiksborg), זומער־רעזי־דענץ פון דער קעניגליכער פאמיליע, ניט ווייט פון קאפענהאגען.

אויף פונען — אדענזעע (Odensee), פארט און הויפט־שטאדט פון דיזער פראווינץ, 41,000 איינוו.

אין יוטלאנד — אארהואוס (Aarhuus), א האפען־שטאדט, 52,000 איינוו.

דענעמארק האט אויסערערטיגע בעזיצונגען אין אייראפא און אמעריקא. איהרע אייראפעאישע בעזיצונגען זיינען דיא נארד־אטלאנ־טישע אינזלען פארער Färöer, ענגליש: Faroe Islands) און איסלאנד (Island, Iceland); איהרע אמעריקאנישע בע־זיצונגען זיינען גרענלאנד (Grönland, Greenland) און דיא וועסט־אינדישע אינזלען: סט. קרוא (St. Croix), סט. טהא־מאס און סט. זשאן (St. Jean).

דיא פארער זיינען א גרופע פון 22 אינזלען אין דעם אטלאנ־טישען אקעאן צווישען דיא שעטלאנד־אינזלען (בריטאנניען) און איס־לאנד ביי 62° נארדליכע ברייט און 70° וועסטליכע לענג. זייער צוזאמענגענומענער שטח איז 514 קוו. מ. און דיא בעפעלקערונג — 13,000.

איסלאנד ליעגט צווישען 66° 23′ — 66° 33′ נארדליכע ברייט, 13° 22′ — 24° 35′ וועסטליכע לענג, 160 מייל אסט פון גרענ־לאנד. זיא האט א שטח פון 39,756 קוו. מ. מיט א בעפעלקערונג פון 78,000. דיא אינזעל איז בערגיג און איז בעריהמט מיט איהרע וואולקאנען און גייזערס. (צווישען איהרע וואולקאנען צייכענט זיך

אויס דער באַרג העקלאַ.) דיא הויפּט בעשעפטיגונג פון דיא איינ־וואוינער איז פיה־צוכט. איסלאַנד ווערט רעגיערט דורך אַ דענישען גענעראַל־גובערנאַטאָר מיט דער הילף פון אַ היימישען פּאַרלאַמענט אָדער, וויא ער ווערט אָנגערופען — אַלטהינג (Althing). דיא הויפּט־שטאָדט איז רייקיאַוויק (Reykjavik), 3,000 איינוו.

(וועגען גרענלאַנד און דיא דענישע וועסט־אינדישע בעזיצונ־גען זעה דיזען באַנד, ז. 16—21 און 132—133.)

2. שוועדען. — דיזעס קעניגרייך ליעגט אין דעם אָסט־ליכען טייל פון דער האַלב־אינזעל סקאַנדינאַוויען און פערנעהמט אַ שטח פון 170,979 קוו. מ. זיינע גרענעצען זיינען: נאָרוועגען צו וועסט און נאָרד; פינלאַנד, דער באָטנישער ים־בוזים און דאָס באַל־טישע מעער צו אָסט; דאָס באַלטישע מעער צו זיד; דער זונד, קאַטטעגאַט און סקאַגערראַק צו וועסט.

דיא אויבערפלעך פון שוועדען איז אין אַלגעמיין אויפגעהויבען און ביי דעם נאָרד־וועסטליכען גרענעץ צווישען איהר און נאָרוועגען ציהט זיך אַ רייהע פון בערג — דיא קאָלען (Kölen). דאָס קע־ניגרייך ענטהאַלט פיעלע אָזיערעס — דיא ווענערן (Wenern), וועטטערן (Wettern), מאָלאַר (Mälar) א. ז. וו. — און פיעלע טייכען און שליעסט איין פיעלע נאַכבאַרשאַפטליכע אינזלען, צווישען וועלכע עס זיינען גאָטלאַנד (Gotland) און אָלאַנד (Oland). שוועדען האָט פיעל גוטען באָדען פיר בעאַרבייטונג (אין דעם זידליכען טייל) און איז רייך אין האָלץ און מינעראַלען. אין דעם זידליכען טייל בעשעפטיגען זיך דיא שוועדען מיט אַגריקולטור. אין דער זעע־געגענד איז דאָ אַ בעדייטענדע אינדוסטריע פון וואָל, באַוועל און פלאַקס. דיא פּראָדוקציאָן פון דיא וועלדער און מינעס איז אַזוי גרויס, דאָס זיא ליעפערט דיא הויפּט אַרטיקלען פיר עקס־פּאָרט (האָלץ און אייזען). בעדייטענד גרויס איז דיא פאַבריקאַציאָן

פון בלעכ־וואַרג און האָלצ־אַרטיקלען. שוועדישע שוועבעלאַך האָ־בען אַ שם.

די בעפעלקערונג פון שוועדען איז 5,222,000. די קירכע פון לאַנד איז די לוטהעראַניש־פּראָטעסטאַנטישע. דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג געפינט זיך אין דעם מיטעלען אין דעם זידליכען טייל.

שוועדען איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע מיט אַ רייכסטאַג (Riksdag) פון צוויי הייזער, וועלכע ווערען ביידע געוועהלט פון פאָלק. דאָס לאַנד איז געטיילט אין דריי הויפּט טיילען און 25 פּראָ־ווינצען. די דריי הויפּט טיילען זיינען: גאָטאַלאַנד (Götaland) אין זיד, סוועאַלאַנד (Svealand) אין מיטען, נאָררלאַנד (Norrland) אין נאָרד.

די וויכטיגסטע שטעדט פון שוועדען זיינען:

אין סוועאַלאַנד — סטאָקהאָלם (Stockholm), ביי דער אָזיערע מאָלאַר און דעם באַלטישען מעער, הויפּט־שטאָדט און רע־זידענץ, גרעסטע שטאָדט פון דער סקאַנדינאַווישער האַלב־אינזעל, גרויסער מיטעלפּונקט פון אינדוסטריע און בילדונג (אַקאַדעמיעס, מו־זעאומס), 311,000 איינוו.; אופּסאַלאַ (Upsala), איינע פון די אַלטע הויפּט־שטעדט פון סקאַנדינאַוויען, מיט אַ בעריהמטער אוני־ווערזיטעט, 23,000 איינוו.

אין גאָטאַלאַנד — גאָטעבאָרג (Göteborg), אויף דעם טייך גאָטאַ, אַטלאַנטישער האַפען פון שוועדען, 131,000 איינוו.; מאַלמאָ (Malmö), האַפען־שטאָדט אויף דעם זונד, 67,000 איינוו.; העלסינגבאָרג (Helsingborg), ביים זונד, 25,000 איינוו.; קאַרלסקראָנאַ (Karlskrona), מיליטערישער האַפען ביי'ם באַלטישען מעער, 26,000 איינוו.; לונד (Lund), בעריהמטע אוניווערזיטעט, 17,000 איינוו.

אין נאָרדלאַנד — געפלע (Gefle), מיטעלפּונקט פיר בעאַרבייטונג פון מעטאַל־רודעס, 31,000 איינוו.; זונדסוואלל (Sundsvall), אויף דעם באָטנישען בוזים, בעדייטענדער פּונקט פון האַנדעל און מאַניפאַקטור; האַפּאַראַנדאַ (Haparanda), בײַ׳ם טייך טאָרנעאָ, מעטעאָראָלאָגישע סטאַציאָן (סטאַציאָן פיר וועטער־בעאָבאַכטונג).

3. נאָרוועגען. — דיזעס קעניגרייך בילדעט דעם וועסט־ליכען טייל פון דער סקאַנדינאַווישער האַלב־אינזעל און שליעסט איין פיעלע נאַכבאַרשאַפטליכע אינזלען. זיינע גרענעצען זיינען: דאָס נאָרדליכע אייז־מעער צו נאָרד; רוסלאַנד און שוועדען צו אָסט; דיא סקאַגעראַק־שטראָס צו זיד; דיא נאָרד־זעע (דייטשעס־מעער), דער אַטלאַנטישער אָקעאַן און דאָס נאָרדליכע אייז־מעער צו וועסט. דער שטח פון דיזער מדינה איז 124,495 קוו. מ.

דיא איבערפלעך פון נאָרוועגען איז אויפגעהייבען און בערגיג. דער ברעג איז טיעף איינגעשניטען מיט פיאָרדען און בעזוימט מיט אינזלען. צווישען דער גרופּע אינזלען, וועלכע הייסען דיא לאָפאָדען (Lofoden), צו נאָרד־וועסט, געפינט זיך דיא בעריהמטע קעסעל־גרוב, דער מאַלסטראָם (Maelstrom).

נאָרוועגען האָט זעהר וועניג באָדען, וואָס זאָל זיין גוט פיר אַגריקולטור, און דיא איינוואוינער זיינען דעריבער אָנגעוויעזען אויף געטריידע פון אַנדערע לענדער. דיא הויפּט אינדוסטריען פון דיא נאָרוועגער זיינען פיש־פאַנג (שטאָק־פיש, הערינג, ראַקעס) און מאַנופאַקטור און האַנדעל פון האָלץ. עס זיינען דאָ מינעס פון קופּער, אייזען און ניקעל, אָבער ניט פון קויהלען.

דיא בעפעלקערונג פון נאָרוועגען איז 2,240,000. דיא שפּראַכע איז נאָרוועגיש און דיא רעליגיאָן איז דיא לוטהעראַניש־פּראָטעסטאַנטישע. דיא רעגיערונג איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע

מיט א פארלאמענט אדער סטארטהינג (Storthing) פון צוויי הייזער. ביז 1905 איז נארוועגען געווען פעראייניגט מיט שוועדען אונטער איין קעניג (דעם קעניג פון שוועדען); זייט דאן האט זיא איהר בעזונדערן הערשער.

נארוועגען איז איינגעטיילט אין 6 סטיפטער (קירכענ-בעצירקען) אדער 12 אמטען (אדמיניסטראטיווע דיסטריקטען). דיא וויכטיגסטע שטעדט זיינען:

אין דעם סטיפט כריסטיאניא (זיד-אסט) — כריסטיאניא (Christiania), דיא הויפט-שטאדט פון דעם קעניגרייך, גרעסטער פארט און גרעסטע שטאדט פון לאנד, גרויסער אויסלענדישער האנדעל, מיט אן אוניווערזיטעט, 228,000 איינוו.; פרעדעריקסטאד (Fredrikstad), בעפעסטיגטער ים-פארט, 13 000 איינו.; פרעדעריקסהאלד (Frederikshald), עקספארט-פלאץ פיר האלץ, 12,000 איינוו.

אין דעם אמט בוסקערוד (זיד) — דראממען (Drammen), ים-פארט, עקספארט פון געהילץ און מאנופאקטיר פון ביער, טאבאק, לעדער א. ז. וו., 20,441 איינוו. (אין 1891).

אין דעם אמט יארלסבערג-לאורוויג (זיד) — לאורוויג אד. לאורוויק (Laurvig, Laurvik), ים-פארט, גרויסער פערקעהר פון שיפען, 12,000 איינוו.

אין דעם אמט סטאוואנגער (זיד) — סטאוואנגער (Stavanger), וויכטיגער פארט, הויפט פלאץ פיר פאנג פון הערינג, 26,000 איינוו.

אין דעם אמט זיד-בערגענהואוס (זיד-וועסט) — בערגען (Bergen), וויכטיגער פארט, עקספארט פון שטאק-פיש און הערינג, 72,300 איינוו.

אין דעם סטיפט טראָנדהיעם (וועסט) — **טראָנדהיעם** אָד. **דראָנטהיים** (Trondhjem, Drontheim), ים־פּאָרט, פּאַר־צייטיגע קרוינונגס־שטאָדט פון נאָרוועגען, 33,000 איינוו.

אין דעם אַמט סאַלטען (וועסט) — **באָדאָ** (Bodö), ים־פּאָרט ביי '15 °67 נאָרד, אינגעפעהר 4,000 איינוו.

אין דעם סטיפט טראָמסאָ (נאָרד) — **טראָמסאָ** (Tromsö), ביי '39 °69 נאָרד, פאַנג פון זעע־הינט און ים־פערד, האַנדעל מיט פעלץ־וואַרג און פיש, 6,000 איינו.

אין דעם אַמט פינמאַרקען — **האַממערפעסט** (Hammerfest), ביי '40 °70 נאָרד (דיא וויטסטע נאָרדליכע שטאָדט אין דער וועלט), ים־פּאָרט, עקספּאָרט פון פיש, טראַן־אויל א. ז. וו., 2,500 איינוו.

---

## 23. קאַפּיטעל.

# דיא פּירענעאישע האַלב־אינזעל.

בעשרייבונג פון דיזער האַלב־אינזעל. -- דיא צוויי מדינות פּאָרטוגאַל און שפּאַניען.

---

דיא פּירענעאישע האַלב־אינזעל איז דיא גרעסטע פון דיא דריי זיד־אייראָפּעאישע האַלב־אינזלען צווישען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן און דעם מיטעללענדישען מעער. זיא בילדעט דעם סאַמע זיד־וועסט־ליכען טייל פון אייראָפּאַ און איז אָפּגעטיילט פון פראַנקרייך דורך דיא פּירענעאישע בערג און פון אַפריקאַ דורך דיא גיבראַלטאַר־שטראַס. איהר שטח ליעגט צווישען °36—°44 נאָרדליכע ברייט און °9 וועסטליכע — °3 אָסטליכע לענג.

דיא בּרעגען פון דער האַלבּ־אינזעל זיינען וועניג אייגנעקאַרבּט אויסער אין דעם נאָרד־וועסטליכען טהייל, וואו עס זיינען דאָ איינשניטען אַזוי וויא פיאָרדען, בּיי וועלכע דאָס וואַסער שטייגט אין הויכע פלוטען. דיא בּרעגען בּיי דעם מיטעללענדישען מעער האָבּען כּמעט גאָר קיין פלוטען ניט.

דיא אויבערפלעך פון דער פירענעאישער האַלבּ־אינזעל איז איינע פון דיא העכסטע אין אייראָפּאַ. דער גרעסטער טהייל בּעשטעהט פון אַ גרויסען טאַפעל־לאַנד איבּער 2,500 פוס הויך. דיזעס טאַפעל־לאַנד איז אין דעם נאָרדליכען טהייל העכער וויא אין דעם זידליכען און פון אָסט צו וועסט קרייצען איבּער איהם רייהעס פון בּערג אָדער — וויא זיי ווערען אָנגערופען — ס י ע ר ר אַ ס (Sierras). צו זיד גרענעצט זיך דיזעס טאַפעל־לאַנד מיט דער ס י ע ר ר אַ מ אָ ר ע נ אַ (Sierra Morena). צו נאָרד־אָסט פעראייניגט זיך דאָס טאַפעל־לאַנד מיט דיא פּ י ר ע נ ע ע ן (Pyrenees), אַ רייהע פון הויכע בּערג, פון וועלכע דיא גרופּע מ אַ ל אַ ד ע ט ט אַ (Maladetta), אין דעם מיטעלען טהייל פון דער רייהע, שטייגט איבּער 11,000 פוס. אין זיד־אָסט ציהט זיך נאָך אַ הויכע בּערג־רייהע — דיא ס י ע ר ר אַ נ ע וו אַ ד אַ (Sierra Nevada), וואָס איהרע שפּיצען זיינען אימער בּעדעקט מיט שנעע. צו זיד שליעסט זיך צו צו דער סיעררא נעוואַדאַ פון דער זייט אַ לאַנגע רייהע פון בּערג־געבּירגען און צווישען דיזע און דעם טאַפעל־לאַנד ליעגט דיא איינציגע וויכטיגע שטרעקע פון ניעדערלענדער — דער בּרייטער טאָל פון דעם טייך ג אַ ד אַ ל ק וו י וו י ר (Guadalquivir).

דיא וויכטיגסטע טייכען אויף דער פירענעאישער האַלבּ־אינזעל זיינען: דער ד אָ ו ר אָ (Douro), צווישען דיא קאַנטאַבּרישע בּערג בּיי'ם נאָרדליכען בּרעג און דיא סיעררעס, וועלכע ציהען זיך פון ליסבּאָן, פּאָרטוגאַל; דער ט אַ ג ו ס (Tagus), צווישען דיא סיעררעס

פון ליסבאָן און דער סיעררא טאָלעדאָ (Sierra Toledo); דער גואַדיאַנאַ (Guadiana), צווישען סיע־רא טאָלעדאָ און סיעררא מאָרענאַ; דער עבראָ (Ebro), וועלכער פאַנגט זיך אָן אין דער שפאַנישער פראָווינץ סאַנטאַנדער (ס מע נאָרד) און שטראָמט אין אַ זיד־אָסטליכער ריכטונג אַריין אין דאָס מיטעללענ־דישע מעער; דער גאַדאַלקוויויר (Guadalquivir), וועלכער שטראָמט אין זידליכען טייל פון שפאַניען און פאַלט אַריין אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן.

דיא האַלב־אינזעל, בעזאָנדערס דער טייל, וועלכער געהערט צו שפאַניען, איז זעהר רייך אין מינעראַלען. מיט דיזען רייכטום איבערטרעפט זיא כמעט אַלע אַנדערע געגענדען פון אייראָפאַ, אָבער דיא בעאַרבייטונג פון מינעס איז דאָ ניט גענוג ענטוויקעלט. דיא מינעראַלען זיינען בעזאָנדערס פיעל ביי דיא נאָרדליכע און זיד־ליכע גרענעצען פון דעם פלאַכלאַנד. אין דעם נאָרדליכען טייל זיי־נען דיא באַסקישע פראָווינצען (Basque Provinces) מערקווירדיג רייך אין אייזען, און קויהלען געפינען זיך אין פיעלע ערטער, בע־זאָנדערס אין דער אַלטער פראָווינץ אַסטוריאַס, אין דעם נאָרד־וועסטליכען טייל פון שפאַניען. אין דעם זידליכען טייל זיינען דאָ אונגעהייער גרויסע אָפּלאַגערונגען פון קופּער; ווייטער צו אָסט איז דאָ בליי און אין דעם טאַפעל־לאַנד איז דאָ קוועקזילבער. שוועבעל און זאַלץ זיינען אויך דאָ זעהר פיעל.

דער קלימאַט איז דאָ אין אַלגעמיין דער טריקענסטער אין גאַנץ אייראָפאַ. דיא ברעגען פון דעם טאַפעל־לאַנד נעהמען צו דיא פייכטקייט פון דיא אַרומיגע ימים איידער זיא גרייכט דעם מיטען און דאָס טאַפעל־לאַנד איז דעריבער ביז אַ גרויסען טייל אַ טרוקענע סטעפּע אָהן בוימער און איז העכסטענס נאָר גוט פיר פּאַשע פון שאָף. בלויז דיא נאָרדליכע און נאָרד־וועסטליכע געגענדען האָבען

פיעל רעגען און זיי האבען דעריבער וועלדער און אגריקולטור=פראָדוקטען פון דעם סאָרט, וועלכען מען האט אין מיטעל=אייראָפּאַ. דיא אויפגעהויבענע ערטער און דיא ניעדערלענדער, וועלכע רינגלען אַרום דאס טאפעל=לאנד צו וועסט, זיד און אָסט, זיינען דאגעגען רייך אין אימער=בליהענדע בוימער (אָליווען און קאָרקען=בוימער), אין וויין און פערשיעדענע פרוכטען, וועלכע ווערען פּראָדוצירט, בעזאָנדערס אין דעם זידליכען טייל, כמעט אין גאנצען מיט דער הילף פון קינסטליכע בעוואסערונג. דער אונגעזינדסטער טייל פון דער האלבער אינזעל איז דער זומפּיגער באָדען ביי ביידע ברעגען פון דעם אונטערען טייל פין דעם גאדאלקוויוויר. כמעט אין אלע אגריקולטור=געגענדען איז ווייץ דער הויפּט=ארטיקעל פון געטריידע.

דיא פירענעאישע האלב=אינזעל ווערט אויך אָנגערופען איבעריא (Iberia), ווייל אין אלטע צייטען איז א גרויסער טייל פון איהר בעפעלקערונג בעשטאנען פון א פעלקערשאפט, וועלכע האט געטראָגען דעם נאמען איבעריער (Iberians).

דיא פירענעאישע אָדער איבערישע האלב=אינזעל שליעסט איין דיא צוויי מדינות פּאָרטוגאל (Portugal) און שפּאניען (Spain), וועלכע ווערען דא ווייטער בעשריבען.

1. פּאָרטוגאל. — דיזע מדינה ליעגט אין דעם וועסטליכען טייל פון דער פירענעאישער האלב=אינזעל און איהרע גרענעצען זיינען: שפּאניען צו נאָרד און אָסט, דער אטלאנטישער אָקעאן צו זיד און וועסט. צו איהר געהערען דיא אזאָרען (Azores) — אן אינזעל=גרופּע, וועלכע ליעגט 800 מייל פון איהר צו וועסט, און דיא אינזעל גרופּע מאדיירא (Madeira), וואס ליעגט אין דעם אטלאנטישען אָקעאן צו וועסט פון אפריקא. דער שטח פון פּאָרטוגאל צוזאמען מיט דיזע אינזלען איז 36,038 קוו. מ. (דער שטח פון דיא אזאָרען איז 1,005 קוו. מ.; פון מאדייראַ — 505 קוו. מ.)

דיא איבערפלעך פון פאָרטוגאַל ווערט דורכגעקרייצט דורך רייהעס פון בערג, וועלכע ציהען זיך פון שפּאַניען. איינע פון דיזע בערג־רייהעס איז דיא סעררא דא עסטרעללא (Serra da Estrella), פון וועלכער דער העכסטער שפּיץ שטייגט איבער 8.000 פוס. דיא הויפּט טייכען זיינען דער דאָוראָ (Douro), דער טאַגוס אָדער טאַחאָ (Tagus, Tajo) און דער גוואַדיאַנא (Guadiana).

דער קלימאַט איז וואַרים און גלייכמעסיג. רעגען איז דאָ פיעל ביי'ם נאָרדליכען ברעג, צו זיד פון דעם טאַגוס איז רעגען ווינציג. אינגעפעהר אַ העלפט פון דעם באָדען איז פרוכטלאָז און ליעפערט אפילו ניט קיין געהילץ. דיא פרוכטבאַרע ערטער זיינען נאָהענט פון ים־ברעג און ביי דיא ברעגען פון דיא טייכען. געטריידע ווערט דאָ ניט פראָדוצירט גענוג אויסצוהאַלטען דיא בעפעלקערונג און איז דעריבער איינער פון דיא אַרטיקלען, וואָס דאָס לאַנד אימפּאָרטירט. דאַגעגען איז דאָ גרויס דיא פּראָדוקציאָן פון גאָרטענ־בוי: אָליווען, פייגען, אַפּעלסינען א. ז. וו. דאָס לאַנד צייכענט זיך אויס מיט רייכטום אין קאָרקענ־האָלץ. מינעראַלען זיינען דאָ פיעל, אָבער זייער בעאַרבייטונג איז ווייניג ענטוויקעלט. דער הויפּט מינעראַל־פּראָדוקט איז דאָ זאַלץ.

מאַנופאַקטור און האַנדעל זיינען אין פאָרטוגאַל בעדייטענד גרויס. אין מאַנופאַקטור פערנעהמט דיא אינדוסטריע פון וויין דעם ערסטען אָרט; נאָך דיזער קומט דיא קאָרקענ־אינדוסטריע. דיא אַנדערע אינדוסטריען זיינען: אָליווענ־אויל, לייזענע כלים, לעדער, מאַשינעריע און שיפענ־בוי. דער האַנדעל פון פאָרטוגאַל איז מעהרסטענס מיט ענגלאַנד, פראַנקרייך, בראַזיליען און דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. איהרע הויפּט עקספּאָרטען זיינען: וויין, קאָרקענ־האָלץ, פיש, פיה און קופּער.

דיא בעפעלקערונג פון פּאָרטוגאל צוזאַמען מיט דיא אַזאָרען און מאַדיירא=אינזלען איז 5,234 000. דיא אַיינוואוינער זיינען פון איין אָפּשטאַמונג מיט דיא שפּאַניער און זייער שפּראַך (פּאָרטוגעזיש) איז אַ דיאַלעקט פון שפּאַניש. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא רוי־מיש=קאַטיילישע. אידען זיינען דאָ אין אַן אונבעדייטענדער צאָהל — אונגעפעהר 500 נפשות.

פּאָרטוגאַל איז ביז ניט לאַנג צוריק געווען אַ קאָנסטיטוציאָ־נעלע מאָנאַרכיע. דורך אַן אויפשטאַנד, וועלכער האָט אויסגעבראָ־כען פאָריגען יאָהר (1910), איז אַראָפּגעזעצט געוואָרען דער קעניג און דאָס לאַנד איז ערקלערט געוואָרען פיר אַ רעפּובליק. איינצעל־הייטען פון דער נייער פאָרם פון רעגיערונג קענען נאָך נאָך ניט געגעבען ווערען, ווייל עס איז נאָך ניט פערעפענטליכט געוואָרען דיא נייע קאָנסטיטוציאָן.

פּאָרטוגאַל איז אַיינגעטיילט אין 8 פּראָווינצען, נעמליך: ענטרע דאָוראָ ע מיניאָ (Entre Douro e Minho), טראַס אָס מאָנטעס (Tras os Montes), בעירא (Beira), עסטרעמאַדורא (Estremadura), אַלעמעטעזשאָ (Alemtejo), אַלגאַוורע (Algavre), אַסאָרעס (Açores) [אַזאָרען] און מאַדיירא (Madeira).

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון פּאָרטוגאַל זיינען:

אין דער פּראָווינץ עסטרעמאַדורא — ליסבאָן (Lisbon), פּאָרט ביי דער מינדונג פון דעם טאַגוס, דיא הויפּט=שטאָדט פון דעם לאַנד, גרויסער מיטעלפּונקט פון האַנדעל, אינדוסטריע און בילדונג (פיעלע שולען, ביבליאָטעקען, מוזעאומס א. ז. וו.), 356,000 איינוו.

אין דער פּראָווינץ ענטרע דאָוראָ ע מיניאָ — אָפּאָרטאָ אָדער פּאָרטאָ (Oporto, Porto), עקספּאָרט=פּלאַץ פיר וויין, וואָס ווערט אָנגערופען אויף דעם נאָמען פון דיזער שטאָדט (פּאָרט=וויין), בוימאָויל און פרוכטען, 168,000 איינוו.

אין דער פּראָווינץ בעירא — קאָאימבראַ (Coimbra), וועלכע ציי‏כענט זיך אוים מיט אַ בעריהמטער איניווערזיטעט, 18.200 איינוו.

אויסער דיא אַזאָרען און דיא מאַדיירא־אינזלען האָט נאָך פּאָרטוגאל וויטע בעזיצונגען אין אַפריקאָ און אַזיען. דיזע בעזיצונגען זיינען:

אין אַפריקאָ — קאַפּ ווערדע אינזלען (Cape Verde Islands, פּאָרטוגעזיש: Ilhas do Cabo Verde), שטח 1,480 קוו. מ., בעפ. 147,424; גווינעאַ (Guinea) [וועסט אַפריקאַ], ש' 4,440 קוו. מ., בעפ. 820,000; אינזלען סט. טהאָמאַס (St. Thomas, Saô Thomé) און פּרינץ (Prince's Isl., Principe), ש' 360 קו. מ., בעפ. 42.000; אַנגאָלאַ (Angola), [זיד אַפריקאַ], ש' 484,800 קוו. מ., בעפ. 4,119,000; אָסט אַפריקאַ, ש' 301.000 קוו. מ., בעפ. 3,120,000.

אין אַזיען — גאָאַ (Goa) [אינדיען], ש' 1,390 קוו. מ., בעפ. 494.836; דאַמאַאָ (Damao) און דיאו (Diu) [ביידע וועסטליכען ברעג פון אינדיען], ש' 168 קוו. מ., בעפ. 77,454; טימאָר (Timor) [איינע פון דיא מאַלאַאישע אינזלען], ש' 7,458 קוו. מ., בעפ. 300,000; מאַקאַאָ (Macao) [אויף אַן אינזעל אין דעם טייך קאַנטאָן, כינא], ש' 4 קוו. מ., בעפ. 78,627.

2. שפּאַניען. — דיזע מדינה פערנעהמט דעם גרעסערן טהייל פון דער פּירענעאישער האַלב־אינזעל און איהרע גרענעצען זיינען: דער ביסקאַיאישער ים־בוזים און פראַנקרייך צו נאָרד; דאָס מיטעללענדישע מעער צו אָסט און זיד; דיא גיבראַלטאַר־שטראַס און דער אַטלאַנטישער אָקעאַן צו זיד־וועסט; פּאָרטוגאל און דער אַטלאַנטישער אָקעאַן צו וועסט. צו איהר געהערען דיא קאַנאַריען־אינזלען (Canary Islands, Canarias), וועלכע ליעגען אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן צו נאָרד־וועסט פון אַפריקאַ, און דיא באַלעאַרישע אינזלען (Balearic Islands, Baleares)

אין דעם מיטעללענדישען מעער. דער שטח פון שפאניען צוזאמען מיט דיזע אינזלען איז 197,670 קוו. מ. (שטח פון דיא קאנאריענ־אינזלען, 2,808 קוו. מ.; פין דיא באלעארישע — 1,860 קוו. מ.).

דיא איבערפלעך פון דיזען לאנד איז שטארק איפגעהויבען און בערגיג. דער מיטעלער טייל, וועלכער איז בעזוימט מיט דיא קאנטאברישע בערג און דיא פירענעען צו נארד און מיט דער סיערא מארענא צו זיד, איז צום גרעססטען טייל א טאפעל־לאנד. דיזעס טאפעל־לאנד ווערט פון אסט צו וועסט דורכגעקרייצט מיט פער־שיעדענע רייהעס פון בערג. דיא סיעררא נעוואדא [שנעע־געבירג], ביי'ם מיטעללענדישען ברעג, ענטהאלט דעם ווייטסטען זידליכען גלעטשער אין איירא פא; דער העכסטער שפיץ פון דיזען געבירג איז מולהאצען (Mulhacen), 11,678 פוס. דיא הויפט טייכען זיינען: עברא, דאורא אד. דוערא (Duero), טאגוס אד. טאחא, גוואדיאנא און גאדאלקוויויר.

דער קלימאט איז פערשיעדען לויט דיא געגענדען: אין דעם נארדליכען טייל איז ער מעסיג, אין דעם אינערען — ענדערליך, אין דעם זידליכען — הייס. רעגען איז אין דעם נארדליכען טייל דא פיעל, אויף דעם טאפעל־לאנד — ווינציג און ניט רעגעלמעסיג. דער באדען איז זעהר פרוכטבאר און רייך אין נאטירליכע פראדוקט־טען. דיא הויפט פעלד־פראדוקטען זיינען קארן, גערשטען, ווייץ, קוקירוזע, פלאקס און האנף. אונגעפעהר 25 פראצענט פון דעם גאנצען שטח איז בעדעקט מיט וויינ־גערטנער און פרוכט־בוימער. 20 פראצענט פון דעם שטח איז בעדעקט מיט גראז פיר פאשע; דאס לאנד האט דעריבער גרויסע צוכט פון פיה, בעזאנדערס שעפ־סען, וועלכע זיינען פון דיא בעסטע אין דער וועלט. שפאניען איז זעהר רייך אין מינעראלען: אייזען, קופער, בלייא, צינק, מאנגאנעזע, קוועקזילבער, זילבער, זאלץ א. ז. וו.

דיא וויכטיגסטע אינדוסטריען פון שפאַניען זיינען גאָרטען-בוי און פראָדוקציאָן פון מינעראַלען. בעדייטענד איז דאָ אויך דיא אינ־דוסטריע פון פיש-פאַנג (סאַרדינען, טהונ-פיש און שטאָק-פיש). דיא מאַנופאַקטורען זיינען גרעסטענטיילס פערבונדען מיט וויין, פרוכטען און מעטאַלען; אַנדערע מאַנופאַקטורען זיינען: באַוועל, קאָרק, פאַ־פיער, ליימענע כלים, ציגאַרען. דיא הויפט אימפּאָרט-אַרטיקלען זיי־נען רויהע און פאַבריצירטע וועב-שטאָפען, שפייזען, מאַשינען, פוהר-ווערק א. ז. וו.; עקספּאָרטען: אייזען, קופּער, בליי, וויין, פרוכטען, קאָרק, אָליוון-אויל א. ז. וו.

דיא בעפעלקערונג פון שפאַניען איז 18,620,000 און זיא איז מיט אויסנאַהמע פון אַ קליינעם טייל פון איין ראַסע און איין שפּראַך (שפּאַניש). אין דעם נאָרדליכען טייל, אין דיא פירענעען, בעשטעהט דיא בעפעלקערונג פון באַסקען (Basques, Bascos) — אַ בע־זונדערע פעלקערשאַפט מיט אַ בעזונדערער שפּראַך (באַסקיש); זיי צעהלען אונגעפעהר 450,000. אויסער דיזע זיינען דאָ ביי 60,000 מורען (Moros, ענג. Moors), אין דעם זידליכען טייל, און ביי 50,000 ציגיינער. דיא לעצטע יאָהרען האָבען זיך אין דיזען לאַנד בעזעצט אַביסעל אידען; זיי צעהלען יעצט 2,500. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא רוימיש-קאַטוילישע און דיא קירכע איז פערבונדען מיט דעם שטאַאַט. דאָס רעכט צו פּראַקטיצירען אַנדערע רעליגיאָ־נען איז בעשרענקט.

שפאַניען איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. דיא עקזעקו־טיווע מאַכט איז אין דיא הענט פון דעם קעניג און דיא געזעצ-געב־בענדע מאַכט געהערט צו צוויי הייזער, דעם סענאַט און דעם קאָנ־גרעס, וועלכע בילדען צוזאַמען דיא קאָרטעס (Cortes). אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט איז דאָס לאַנד איינגעטיילט אין 47 פּראָווינצען — מיט דיא באַלעאַרען און דיא קאַנאַריען-אינזלען 49.

דיזע אײַנטײלונג איז אַ נײערע; דיא אַלטע היסטאָרישע פּראָווינצען פון שפּאַניען זײַנען: אין נאָרד־אָסט — קאַטאַלאָניאַ (Catalonia), אַראַגאָן (Aragon), נאַוואַררא (Navarra); אין זיד־אָסט — וואַלענציאַ (Valencia), מורציאַ (Murcia); צו זיד — אַנדאַלוסיאַ (Andalusia); אין זיד־וועסט — עסטרעמאַדוראַ (Estremadura); אין נאָרד־וועסט — לעאָן (Leon), אַסטוריאַס (Asturias), גאַליציאַ (Galicia); צו נאָרד — דיא באַסקישע פּראָווינצען (ענג. Basque Provinces); אויף דעם טאַפּעל־לאַנד צו נאָרד — אַלט־קאַסטיליען (Castilla la Vieja, ענג. Old Castile); אויף דעם טאַפּעל־לאַנד צו זיד — נײַ־קאַסטיליען (New Castile, Castilla la Nueva).

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין שפּאַניען זײַנען:

אין קאַטאַלאָניאַ — באַרצעלאָנאַ (Barcelona), שעהנער און גרויסער האַפען בײַ'ם מיטעללענדישען מעער, גרעסטער מיטעלפּונקט פון לאַנד אין מאַניפאַקטור, צײכענט זיך אויס מיט איהרע גוטע ווײַנען, 533,000 אײַנוו.

אין אַראַגאָן — סאַראַגאָססאַ (Saragossa), שעהנע שטאָדט מיט אַן אוניווערזיטעט, 100,000 אײַנוו.

אין נאַוואַררא — פּאַמפּלאָנאַ (Pamplona), פעסטונגס־שטאָדט, 29,000 אײַנוו.

אין וואַלענציאַ — וואַלענציאַ (Valencia), אויף דעם טײַך גאַדאַלאַוויאַר, הויפּט מיטעלפּונקט פון שפּאַנישער זײַד־אינדוסטריע, מיט אַן אוניווערזיטעט, 214,000 אײַנוו.; אַליקאַנטע (Alicante), פּאָרט אויף דעם מיטעללענדישען מעער, גוטע ווײַנען, 50,000 אײַנוו.

אין מורציאַ — מורציאַ (Murcia), אויף דער סעגוראַ, מאַנופאַקטור פון זײַד, 108,000 אײַנוו.; קאַרטאַחענאַ (Cartagena),

מיליטערישער פּאָרט אויף דעם מיטעללענדישען מעער, 100.000 איינוו.

אין אנדאַלוסיא — קאָרדאָבא אָד. קאָרדאָוואַ (Cordova, Cordoba), אויף דעם גאַדאַלקוויוויר, פאַרציימיגע הויפּט־שטאָדט פון דיא אָממיאַדען (מורישע דינאַסטיע), צייכענט זיך אויס מיט מורישע אַלטערטימער, 58,300 איינוו.; סעווילליע (Seville), שעהנע מאָנומענטען, אינדוסטריע פון וויין און בוימאויל, 148,500 איינוו.; קאַדיץ (Cadiz), מיליטערישער פּאָרט ביי'ם אטלאַנטישען אָקעאַן, 70,000 איינוו.; חערעץ (Jerez), בעריהמט מיט איהרע ווייגען, 63 600 איינוו.; מאַלאַגאַ (Malaga), פּאָרט ביי'ם מיטעללענדישען מעער, אינדוסטריע פון וויין, 130,000 איינוו.; אַלמעאירא (Almeira), מיטעללענדישער פּאָרט, עקספּאָרט פון פרוכטען, 47,500 איינוו.; גראַנאַדאַ (Granada), בעזיצט אַ שעהנעם קאַטהעדראַל מיט דיא קברים פון פערדינאַנד און איזאַבעללאַ און דעם בעריהמטען פּאַלאַץ אַלהאַמבראַ (פון דיא מורישע קעניגע), מיט אַן אוניווערזיטעט, 76 000 איינוו.

אין עסטרעמאַדורא — באַדאַחאָס (Badajoz), פעסטונג פון שפּאַניען אויף דעם גוואַדיאַנאַ, געוועב־אינדוסטריע, מאַרמאָר־ארבייט, 30,900 איינוו.

אין לעאָן — סאַלאַמאַנקאַ (Salamanca), פאַרציימען דיא הויפּט־שטאָדט פון דעם קעניגרייך לעאָן, מיט אַ בעריהמטער אוניווערזיטעט, 25,000 איינוו.

אין דיא אַסטוריאַס — אָוויעדאָ (Oviedo), פאַרציימיגע הויפּט־שטאָדט פון דעם קעניגרייך פון דיא אַסטוריאַס, מיט אַן אוניווערזיטעט, 48.000 איינוו.

אין גאַליציאַ — פעררא̇ל (Ferrol), מיליטערישער פּאָרט ביי'ם אטלאַנטישען אָקעאַן, 36,000 איינוו.; קאָרוניאַ (Coruna), אטלאַנטישער פּאָרט, בעפעסטיגטער אָרט, 44,000 איינוו.; סאַנ־

טיאגא דע קאמפאסטעללא (Santiago de Compostella), בעריהמטער ארט פיר רעליגיעזע וואנדערער, 25.000 איינוו.

אין דיא באסקישע פראווינצען — בילבאא (Bilbao), פארט אויף א צווייג פון דעם אטלאנטישען אקעאן, בעדייטענדער האנדעל-פונקט, עקספארט פון וואל און רודעס פון אייזען, 83,000 איינוו.; סאן סעבאסטיאן (San Sebastian), בעפעסטיגטער האפען, בעדייטענדע האנדעל-שטאדט און אריסטאקראטישער באדע-פלאץ, 30,000 איינוו.

אין אלט-קאסטיליען — סאנטאנדער (Santander), פארט אויף דעם ביסקאיאישען ים-בוזים, הויפט סטאציאן פון שיפען-ליניעס, באדע-ארט און פלאץ פיר עקספארט פון געטריידע, אייזענ-רודעס, וויין, א. ז. וו., 55,000 איינוו.; בורגאס (Burgos), אויף דעם ארלאנצאן, 30,000 איינוו.; וואללאדאליד (Valladolid), אויף דער פיסוערגא, מיט א בעריהמטער אוניווערזיטעט, 69,000 איינוו.

אין ניי-קאסטיליען — מאדריד (Madrid), דיא הויפט-שטאדט פון שפאניען, דיא העכסטע הויפט-שטאדט אין איירא־פא (2,200 פיס), בעזיצט א מוזעאום מיט א רייכער קאללעקציאן פון גע־מעלדען, 540,000 איינוו.; אראנחועץ (Aranjuez), אויף דעם טאגוס, קעניגליכע רעזידענץ מיט א שעהנעם שלאס, 9,000 איינוו.; טאלעדא (Toledo), אויף דעם טאגוס, פאבריקאציאן פון בלאנ־קע געוועהר, 21,000 איינוו.

אין דיא באלעארען — פאלמא (Palma), דיא הויפט-שטאדט פון דיזע אינזלען, אויף דעם זיד-וועסטליכען ברעג פון דער אינזעל מאיארקא, גוטער פארט און פעסטונג, 62 000 איינוו.; מאהאן (Mahon), הויפט-שטאדט פון דער אינזעל מינארקא, פעסטונג-שטאדט, 16,000 איינוו.

אין דיא קאַנאַרישע אינזלען — לאַס פּאַלמאַס (Las Palmas), הויפּט־שטאָדט פון דער אינזעל גראַן קאַנאַריאַ, ים־פּאָרט, 38,000 איינוו.; סאַנטא קרוץ (Santa Cruz), פּאָרט־שטאָדט אויף דער אינזעל טענעריפע, 16,000 איינוו.

אויסער דיא קאַנאַרישע אינזלען, וועלכע ווערען גערעכענט פיר היימישע טעררימאָריע, האָט נאָך שפּאַניען בעזיצונגען אין וועסט אַפריקאַ — דיא אינזלען פערנאַנדאָ פּאָ (Fernando Po), אַננאַבאָן (Annabon), קאָריסקאָ (Corisco) און אַנדערע.

שפּאַניען האָט אַמאָל געהאַט פיעל טעררימאָריע אין אַמע־ריקאַ און צו איהר האָבען אויך געהערט דיא פיליפּפּינען, דיא קאַראָלינען און דיא מאַריאַנען אָדער לאַדראָנעס אין דעם שטילען אָקעאַן (פּאַסיפיק). איהרע לעצטע בעזיצונגען אין אַמע־ריקאַ (קובא, פּאָרטאָ ריקאָ) און דיא פיליפּפּינישע אינזלען זיינען פון איהר אָפּגעריסען געוואָרען דורך דעם אַמעריקאַניש־שפּאַנישען קריעג פון 1898; דיא קאַראָלינען און דיא מאַריאַנען זיינען איבערגע־גאַנגען אין דעם בעזיץ פון דייטשלאַנד. איהרע וועסט־אַפריקאַנישע טעררימאָריעס זיינען יעצט דיא איינציגע אויסוערטיגע בעזיצונגען, וואָס זיא פערמאָגט.

## 24. קאפיטעל.

# איטאליען.

געאָגראפישע לאגע און שטח. — אויבערפלעך, באָדען און קלי־מאט. — אינדוסטריע און האנדעל. — בעפעלקערונג און רעגיע־רונג. — רעליגיאָן, דאָס פאָפסטענטום. — איינטיילונג און וויכטיגסטע שטעדט. — שוץ־לענדער פון איטאליען.

איטאליען פערנעהמט דיא אפעננינישע האלב־אינזעל און שליעסט איין סיציליען, סארדיניען און איינינע קלענערע נאכבארשאפטליכע אינזלען. איהר לאגע איז צווישען 36° און 47° נאָרדליכע ברייט און איהרע גרענעצען זיינען: צו נאָרד — דיא שווייץ און עסטרייך־אונגארן; צו אָסט — עסטרייך־אונגארן, דאָס אדריאטישע מעער און דאָס מיטעללענדישע מעער; צו זיד — דאָס מיטעללענדישע מעער; צו וועסט — פראנקרייך און דאָס מיטעללענדישע מעער. דיא אינזעל ביציליען ליעגט אין דעם מיטעל־לענדישען מעער צום סאמע זיד און איז פון דער אפענינישער האלב־אינזעל אָפגעטיילט דורך דיא מעססינא־שטראס (Strait of Messina). דיא אינזעל סארדיניען ליעגט צו וועסט פון דער האלב־אינזעל. דער שטח פון איטאליען מיט איהרע אינזלען איז 110,646 קוו. מ. (שטח פון סיציליען, 9,936 קוו. מ.; פון סאר־דיניען — 9,294 קוו. מ.)

אויף דער אפעננינישער האלב־אינזעל צו נאָרד און וועסט ליעגען דיא אלפען, מיט דעם הויכען בארג מאָנטע ראָסא (Monte Rosa), 15,215 פוס, בײ'ם גרענעץ פון דער שווייץ; פון

נאָרד צו זיד איבער דער לענג פון דער האַלב־אינזעל קרייצען דיא אפענניגען מיט דעם העכסטען שפיץ מאָנטע קאָרנאָ (Monte Corno), 9,580 פוס. צווישען דיא בערג אויף דער האַלב־אינזעל צייכענט זיך אויס דער בעריהמטער וואולקאַן וועזוויאוס (איטאַ־ליעניש: Vesuvio) — דער איינציגער טעטיגער וואולקאַן אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט, 4,270 פוס הויך; ער געפינט זיך אויף דער וועסטליכער זייט פון דער האַלב־אינזעל צו זיד־אָסט פון דער שטאָדט נעאַפּעל. דורך זיין אויסברוך אין 79 פאַר דער קריסט־ליכער צייט־רעכנונג זיינען פערשאָטען געוואָרען דיא שטעדט הער־קולאַנעאום (Herculaneum) און פּאָמפּעי (Pompei). דיא אינזעל סיציליען איז אַ טאַפּעל־לאַנד, וועלכעס איז הויך און בער־גיג אין נאָרד און לאָזט זיך אראָפּ ניעדריגער וואָס ווייטער צו זיד. אויף דער אָסטליכער זייט געפינט זיך דער וואולקאַנישער באַרג עטנאַ (Etna), וועלכער שטייגט 10,869 פוס הויך; ער איז בע־ריהמט דורך זיינע אָפטע אויסברוכען, וועלכע האָבען אָנגעמאַכט חרבנות אין דער פראָווינץ קאַטאַניאַ. דיא אינזעל סאַרדיניען איז מעהרסטענס בערגיג און האָט ווייניג פלאַכעס לאַנד. דיא הויפּט טייכען פון איטאַליען זיינען: דער פּאָ (Po), דער אַדידזשע (Adige), דער אַרנאָ (Arno) און דער טיבער (Tiber). דיא וויכטיגסטע אָזיערעס זיינען: לאַגאָ מאַדזשאָרע (Lago Maggiore), קאָמאָ (Como), גאַרדאַ (Garda) און איסעאָ (Iseo).

דער קלימאַט פון איטאַליען איז וואַרים און פערהעלטניסמע־סיג טרוקען, בעזאָנדערס אין דעם מיטעלען און זידליכען טייל, און דיא פלאַנצען־נאַטור איז זעהר רייך. וועגען דיזע איהרע אייגענ־שאַפטען איז איטאַליען איינע פון דיא בעזוכטעסטע ערטער אין דער וועלט פיר פערגניגען און געזונדהייט. אין דעם אויבערען

נאָרדליכען טייל איז ניט גענוג וואַרים, אַז דאָרטען זאָלען געדייהען דיא פלאַנצען פון וואַרימען קלימאַטען, אָבער ער איז גענוג מילד פיר דיא פּראָדוקציאָן פון קוקורוזע, רייז, וויינטרויבען און דעם מוילבעערען־בוים, צוליעב וועלכען עס עקסיסטירט אין דיזער געגענד דיא אינדוסטריע פון זייד־צוכט. דער מיטעלער טייל פון דער האַלב־אינזעל פּראָדוצירט אָליווען (אוילבערטען) און דיא זידליכע געגענדען — אַפּעלסינען, ציטראָנען און אַנדערע זידליכע פרוכטען. דער מינעראַל־רייכטום פון איטאַליען בעשטעהט הויפּטזעכליך אין אייזען, שוועבעל און מאַרמאַר־שטיין; אין קויהלען איז דאָ מאַנגעל.

דיא גרעסטע אינדוסטריע אין איטאַליען איז אַגריקולטור, וועלכע איז דאָ בעדייטענד פאָרטגעשריטען, און דיא הויפּט פּראָדוקטען זיינען: געטריידע, וויין, זייד, אָליווען, אַפּעלסינען, ציטראָנען א. ז. וו. טראָץ איהר פאָרטגעשריטענער אַגריקולטור איז איטאַליען אָנגעוויעזען אויף דעם אימפּאָרט פון פרעמדע געטריידע; דערפאַר עקספּאָרטירט זיא פיעל זייד, וויין, אָליווען־אויל, פרוכטען און מאַנדלען. דיא רייכע פּאַשע־פּלעצער אין דעם פלאַכלאַנד פון דעם פּאָ גיבען דיא מעגליכקייט צו עקספּאָרטירען שלאַכט־פיה, קעז און פוטער. צווישען דיא לאַנד־ווירטשאַפטליכע פּראָדוקטען, וואָס ווערען אַרויסגעפיהרט, זיינען אויך געפליגעל און אייער. בעדייטענד גרויס איז דיא פּראָדוקציאָן פון זעע־זאַלץ, מאַרמאָר־שטיין (אין דער פּראָווינץ מאַססאַ ע קאַראַררא), אַייזען (אויף דער אינזעל עלבאַ, אַספאַלט (אין דער געגענד אַברוצצי און אויף סיציליען) און שוועבעל (אויף סיציליען). מאַנופאַקטור איז דאָ ניט גרויס וועגען דעם מאַנגעל אין קויהלען. אויסער דיא אַלטע אינדוסטריען פון מאָזאַאיק, מאַרמאָר און גלאָז זיינען נאָר אין דעם נאָרדליכען טייל פון איטאַליען דאָ גרעסערע אַנשטאַלטען פון דיא אינדוסטריען פון זייד, באַוועל, וואָל, פּאַפּיער און זייף. איטאַליען צייכענט זיך אייס

צווישען דיא לענדער פון דער וועלט אַלס מיטעלפונקט פון קונסט (מאַלעריי, סקולפּטור, מוזיק).

דיא בעפעלקערונג פון איטאַליען איז 33,200,000 און זיא איז איינע פון דיא געדיכטעסטע אין איירָאפּאַ. וועגען דער איבערפילט־קייט פון איינוואוינער איז דאָ פון איטאַליען אַ גרויסע יעהרליכע אויסוואַנדערונג נאָך אַנדערע לענדער, בעזאָנדערס נאָך זיד אַמע־ריקאַ און דיא פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד אַמעריקאַ. דיא שפּראַך איז איטאַליעניש, אַ טאָכטער־שפּראַך פון לאַטייניש. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא רוימיש־קאַטוילישע. אַנהענגער פון אַנדערע קירכען אָדער רעליגיאָנען זיינען דאָ ווינציג: בלויז 62,000 פּראָטעסטאַנטען און 52,000 אידען. איטאַליען, נעמליך דיא שטאָדט רוים, איז דער זיץ־אָרט פון דעם פּאַפּסטענטום, וועלכעס רעגיערט איבער דיא רוימיש־קאַטוילישע קירכען פון דער גאַנצער וועלט.*) שול־בילדונג איז אין איטאַליען ניט שטאַרק פערבּרייטערט; זעהר פיעלע פון דיא איינוואוינער, בעזאָנדערס אין דיא זידליכע געגענדען, קענען ניט לעזען און ניט שרייבען.

דיא רעגיערונג פון איטאַליען איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָ־נאַרכיע. דיא עקזעקוטיווע מאַכט געהערט צום קעניג און זיינע מי־ניסטאָרען, וועהרענד דיא געזעצגעבענדע מאַכט איז איבערגעגעבען צו אַ קאַמער פון דעפּוטירטע און אַ סענאַט. דאָס לאַנד איז נייליך איינגעטיילט געוואָרען אין 69 אַדמיניסטראַטיווע פּראָווינצען, אָבער עס זיינען נאָך אויך בעהאַלטען דיא נעמען פון דיא פּאַרצייטיגע

*) צום פּאַפּסטענטום האָט אַ מאָל געהערט אַ טייל פון איטאַליען, וועל־כער האָט אונטער דעם נאָמען קירכען־שטאַאַט (Stato della Chiesa) אָדער פּריעסטערליכער שטאַאַט (Stato Pontificio) זיך רעגיערט וויא אַ בעזונדערע מדינה. דיזער קירכען־שטאַאַט האָט זיך געגרינדעט אין 8. יאָהרהונדערט און איז אויפגעלעזט געוואָרען אין 1870—1860.

איינטיילונגען, וועלכע ווערען בעצייכענט אלס קאמפארטימענ־טען (compartimenti).

די אלטע היסטארישע לאנד־טיילען זיינען:

אין אויבער־איטאליען (נארד) — פיעמאנטע (Piemonte, ענג. Piedmont), צווישען די אלפען און די אפעננינען (בערג); ליגוריא (Liguria), מיט דעם בערגיגען שטריך ביי׳ם מיטעל־לענדישען מעער צו וועסט, וועלכער ווערט בעצייכענט אלס די ריוויערא (Riviera); לאמבארדיא (Lombardia, ענג. Lombardy), צווישען דעם טייך פא, די אלפען און דעם אדריא־טישען מעער; ווענעציא (Venetia), אין נארד־אסט; עמי־ליא (Emilia), צו זיד פון דעם פא, אסטליך פון ליגוריא.

אין מיטעל־איטאליען — טאסקאנא (Toscana, ענג. Tuscany) אדער עטרוריא (Etruria), צו וועסט פון די אפעננינען; מארטשע (Marce, ענג. Marches), צו נארד־וועסט ביי׳ם אדריאטישען מעער; אומבריא (Umbria), זידליך פון מארטשע; ראמא (Roma,), זיד־וועסטליך צום מיטעללענדישען מעער;*) אברוצצי (Abruzzi), זידליך פון מארטשע; מאליסע (Molise), זיד־וועסטליך פון אברוצצי.

אין אונטער־איטאליען — קאמפאניא (Campania), צו זיד־וועסט ביי׳ם מיטעללענדישען מעער; אפוליא (Apulia אד. Puglia), צו זיד־אסט; באסיליקאטא (Basilicata), זיד־אסט־ליך פון אפוליא; קאלאבריא (Calabria), סאמע זידליכע פראָ־ווינץ פון דער אפעננינישער האלב־אינזעל.

די וויכטיגסטע שטעדט אין איטאליען זיינען:

*) מארטשע, אומבריא, ראמא, צוזאמען מיט א טייל פון עמיליא, האבען געבילדעט די טערריטאריע פון דעם אמאליגען קירכען־שטאאט.

אין פיעמאָנטע — טורינאָ (Tnrino, ענג. Turiu), אויף דעם פאָ אין פאַר דיא וויכטיגסטע אַלפּען־דורכגענג נאָך פראַנקרייך, הייפּט־שטאָדט פון דער פראָווינץ טורינאָ און אַמאָליגע הויפּט־שטאָדט פון דיא קעניגע פון סאַרדיניען, בעזיצט אַן אוניווערזיטעט און צייכענט זיך אויס מיט רייכע ביבליאָטעקען, מוזעאומס און שעהנע געביידען, 336,000 איינוו.; אַלעססאַנדריאַ (Alessandria), אויף דעם טאַנאַראָ, פעסטונג און הויפּט־שטאָדט פון דער פראָווינץ אַלעססאַנדריאַ, מיט בעדייטענדער אינדוסטריע, 62,600 איינוו.; קאַסאַלע (Casale) אָדער קאַסאַלע מאָנפערראַטאָ (Casale Monferrato), אין דער פראָווינץ אַלעססאַנדריאַ, פעסטונגס־שטאָדט מיט שפינערייען פון זייד, 29,000 איינוו.

אין ליגוריאַ — גענואַ אָד. דזשענאָוואַ (Genova, ענג. Genoa), הויפּט־שטאָדט פון פראָווינץ גענואַ, וויכטיגסטער איטאַליענישער האַפען, 235,000 איינוו.; ספעציאַ (Spezia), זעלביגע פראָווינץ, אַ גרויסער קריעגס־האַפען, 31,600 איינוו.; סאַן רעמאָ (San Remo), פראָווינץ פּאָרטאָ מאַוריציאָ, אויף דער ריוויעראַ, בעריהמטער געזונדהייטס־פּלאַץ, 16,000 איינוו.

אין לאָמבאַרדיאַ — מילאַן אָד. מילאַנאָ (Milano, ענג. Milan), הויפּט־שטאָדט פון פראָווינץ מילאַנאָ, וויכטיגער מיטעל־פּונקט פון האַנדעל און בילדונג (פיעלע שולען, גרויסע ביבליאָטעק, מוזעאום), צייכענט זיך אויס מיט שעהנע געביידען, 491,000 איינוו.; פּאַוויאַ (Pavia), הויפּט־שט. פון פּראָוו. פּאַוויאַ, בעזיצט אַן אוניווערזיטעט און אַ גרויסאַרטיגע האָכשולע, 35,000 איינוו.; בערגאַמאָ (Bergamo), הויפּט־שט. פון פראָוו. בערגאַמאָ, 40,000 איינוו.; ברעשיאַ (Brescia), הויפּט. שט. פון פראָוו. ברעשיאַ, 70,800 איינוו.; קרעמאָנאַ (Cremona), הויפּט־שט. פון פראָוו. קרעמאָנאַ, בעריהמט אין פריהערדיגע צייטען מיט איהר פאַבריקאַ־

ציאָן פֿין טייערע פּידלען, 38,000 אײנוו.; מאַנטואַ אָד. מאַנ־טאָוואַ (Matova, ענג. Mantua), הויפּט־שט. פֿון פּראָוו. מאַנ־טואַ, שטאַרקע פֿעסטונג, בעזיצט אַ רייכען מוזעאום פֿון סקולפּטור־רען אין אַנטיקען, 30,000 אײנוו.

אין װענעציאַ — װענעציאַ (Venezia, ענג. Venice), הויפּט־שטאָדט פֿון פּראָווינץ װענעציאַ, בײ׳ם אַדריאַטישען מעער, צייכענט זיך אויס מיט בעזאָנדערער שעהנקייט (זיא איז געבויט אויף פֿיעלע אינזעלאַך), בעזיצט מערקווירדיגע געביידען און רייכע מוזע־אומס, 152,000 אײנוו.; װעראָנאַ (Verona), הויפּט־שט. פֿון פּראָוו. װעראָנאַ, בעזיצט אַקאַ־עמיעם און צייכענט זיך אויס מיט פֿיעלע רוימישע אַנטיקען, 73,000 אײנוו.; פּאַדואַ אָד. פּאַדאָ־וואַ (Padova, ענג. Padua), הויפּט־שט. פֿון פּראָוו. פּאַדואַ, בעריהמט דורך איהר אוניווערזיטעט, 92,000 אײנוו.

אין עמיליאַ — פּאַרמאַ (Parma), הויפּט־שטאָדט פֿון פּראָ־ווינץ פּאַרמאַ, צייכענט זיך אויס מיט איהר שעהנקייט, 49.500 אײנוו.; פּיאַטשענצאַ (Piacenza), הויפּט־שט. פֿון פּראָוו. פּיאַטשענצאַ, 36,000 אײנוו.; מאָדענאַ (Modena), הויפּט־שט. פֿון פּראָוו. מאָדענאַ, מיט אַן אוניווערזיטעט, 65,000 אײנוו.; רעדזשיאָ (Reggio), הויפּט שט. פֿון פּראָוו. רעדזשיאָ, 58.000 אײנוו.;*) פֿעררארא (Ferrara), הויפּט־שט. פֿון פּראָוו. פֿער־ראַראַ, 88,000 אײנוו.; ראַווענגאַ (Ravenna), הויפּט־שט. פֿין פּראָוו. ראַווענגאַ, 61,000 אײנוו.; באָלאָניאַ (Bologna), הויפּט־שט. פֿון פּראָוו. באָלאָניאַ, מיט אַ בעריהמטער שוהלע פֿון

*) עס איז דאָ נאָך אַ שטאָדט רעדזשיאָ אין איטאַליען אין דעם קאָמפּאַרטימענט קאַלאַבריאַ. צום אונטערשיעד װערט דיא ערסטע בעצייכענט אַלס רעדזשיאָ אין עמיליאַ (Reggio nell' Emilia) און דיא צווייטע אַלס רעדזשיאָ פֿון קאַלאַבריאַ (Reggio di Calabria).

מאַלעריי, 128,000 איינוו.; פאָרלי (Forli), הויפט־שט. פון פראָוו. פאָרלי, 31,000 איינוו.

אין טאָסקאַנאַ — פלאָרענץ אָד. פירענצע (Firenze, ענג. Florence), הויפט־שטאָדט פון פראָווינץ פירענצע, צייכענט זיך אויס מיט פרעכטיגע געביידען און קונסט־זאַמלונגען, 206,000 איינוו.; פיסאַ (Pisa), הויפט־שט. פון פראָוו. פיסאַ, 61,000 איינוו.; ליוואָרנאָ (Livorno, ענג. Leghorn), הויפט־שט. פון פראָוו. ליוואָרנאָ, פאָרט אויף דעם מיטעללענדישען מעער, 98,000 איינוו.

אין מארטשע — אַנקאָנאַ (Ancona), הויפט־שטאָדט פון פראָווינץ אַנקאָנאַ, 48,600 איינוו.; אורבינאָ (Urbino), פראָוו. פיסאַראָ עד אורבינאָ, 17,000 איינוו.

אין אומבריאַ — פערודזשיאַ (Perugia), הויפט־שטאָדט פון פראָווינץ פערודזשיאַ, בעריהמט דורך איהר מאַלער־שוהלע, 61,500 איינוו.

אין ראָמאַ — רוים אָד. ראָמאַ (Roma, ענג. Rome), הויפט־שטאָדט פון פראָווינץ ראָמאַ, אויף דעם טיבער, אמאָליגע הויפט־שטאָדט פון דעם רוימישען וועלט־רייך און פון דער פאַפּסט־ליכער פאָליטישער ממשלה, זייט 1870 דיא הויפט־שטאָדט פון איטאַליען, רעזידענץ פון דעם קעניג און צוגלייך פון דעם פאַפּסט,*) 463,000 איינוו.; טשיוויטאַ וועקקיאַ (Civita Vecchia) [„אַלטע שטאָדט"], אין פראָוו. ראָמאַ, איטאַליענישע פעסטונג און פאָרט אויף דעם מיטעללענדישען מעער, 12,000 איינוו.

*) דיא רעזידענץ פון דעם קעניג איז אין דעם קווירינאַל (Quirinal), אַ פרעכטיגער פאַלאַץ, וועלכער איז געבויט געוואָרען אין 16. יאָהרהונדערט; דער זיץ פון פאַפּסט איז אין דעם וואַטיקאַן (Vatican), אַ הויף, וועל־כער ענטהאַלט פערשיעדענע קירכען, אמט־געביידען, רייכע ביבליאָטעקען און מוזעאומס, וואָס געהערען צום פאַפּסטענטום.

אין קאַמפּאַניאַ — נעאַפּעל אָד. נאַפּאָלי (Napoli, ענג. Naples), הויפּט=שטאָדט פון פּראָווינץ נאַפּאָלי, אַ גרויסע האַנדעל=שטאָדט מיט פּרעכטיגע געביידען, ביבליאָטעק, מוזעאומס און קונסט=זאַמלונגען, 564,000 איינוו.; פּאָרטיטשי (Portici), פּראָוו. נאַפּאָלי, שטעהט אויף דעם אָרט פון דער פּאַרצייטיגער רוימישער שטאָדט הערקולאַנעאום, וועלכע איז צערשטערט געוואָרען דורך דעם אויסבּרוך פון דעם וועזוביאוס,*) 12,500 איינוו.; טאָררע דעל גרעקאָ (Torre del Greco), פּראָוו. נאַפּאָלי, אינדוסטריע פון וויין, 28,000 איינוו.; סאַלערנאָ (Salerno), הויפּט=שט. פון פּראָוו. סאַלערנאָ, 31,300 איינוו.; אַמאַלפי (Amalfi), פּראָוו. סאַלערנאָ, 7,800 איינוו.

אין אַפּוליאַ — טאַראַנטאָ (Taranto), אין דער פּראָווינץ לעטשע (Lecce), 34,000 איינוו.; אָטראַנטאָ (Otranto), זעלביגע פּראָווינץ, 2,500 איינוו; בּרינדיסי (Brindisi), זעלביגע פּראָווינץ, בּיי'ם אַדריאַטישען מעער, 16,500 איינוו.; בּאַרי (Bari), הויפּט=שטאָדט פון פּראָוו. בּארי, האַפען בּיי'ם אַדריאַטישען מעער, 60,600 איינוו.; בּאַרלעטטאַ (Barletta), זעלביגע פּראָווינץ, אַדריאַטישער פּאָרט מיט וויכטיגען האַנדעל, 33,600 איינוו.

אין קאַלאַבּריאַ — רעדזשיאָ (Reggio) אָד. רעדזשיאָ די קאַלאַבּריאַ (Reggio di Calabria), הויפּט=שטאָדט פון פּראָווינץ רעדזשיאָ די קאַלאַבּריאַ, בּיי דער מעססינאַ=שטראַס,

*) אויף דעם אָרט פון פּאָמפּעאי, וועלכע איז אויך צערשטערט געוואָרען דורך דיזען אויסבּרוך, איז יעצט קיין שטאָדט ניטאָ. דיזער אָרט איז בּיי דיא היינטיגע דערפער טאָררע דעלל' אַננונציאַטאַ און סקאַפּאַטי אין דער פּראָווינץ נאַפּאָלי. אויף דיזען פּלאַץ זיינען געמאַכט געוואָרען אויסגראָבּונגען און מען האָט געפונען געביידען, קונסט=זאַכען און הייזליכע אַרטיקלען, דורך וועלכע מען איז דערגאַנגען זעהר פיעל איבּער דאָס לעבען פון דיא פּאַרצייטיגע רוימער.

45,000 איינוו.; פּיצאָ (Pizzo), פּראָוו. קאַטאַנצאַראָ, בײַ'ם מיטעללענדישען מעער, 8,000 איינוו.

אויף סיציליען — פּאַלערמאָ (Palermo), גרויסער פּאָרט, האַנדעל מיט געטריקענטע פּרוכטען און מיט ווײַנען, בעזיצט אַן אוניווערזיטעט און צײַכענט זיך אויס מיט שעהנע מאָנומענטען, 310,000 איינוו.; מעססינאַ (Messina), פּאָרט בײַ דער מעס־סינאַ־שטראַס, 150,000 איינוו.; קאַטאַניאַ (Catania), בײַ'ם זידליכען פוס פון דעם וואולקאַן עטנאַ, דורך וועלכען זיא איז שוין איינינגע מאָל צערשטערט געוואָרען, 150,000 איינוו.; סיראַקוסאַ (Siracusa, ענג. Syracuse), פּאָרט בײַ דעם אָסטליכען ברעג, 24,000 איינוו.; דזשירדזשענטי (Girgenti), בײַ'ם זיד־וועסט־ליכען ברעג, מיטעלפּונקט פון שוועבעל־פּראָדוקציאָן, 22,000 איינוו.; מאַרסאַלאַ (Marsala), אין דעם וועסטליכען טייל, פּאָרט־שטאָדט, בעריהמט דורך איהרע ווײַנען, 40,200 איינוו.

אויף סאַרדיניאַ — קאַליאַרי (Cagliari), דיא הויפּט־שטאָדט, פּאָרט בײַ'ם זידליכען ברעג, 38,600 איינוו.

אײַנגעשלאָסען אין איטאַליען, צווישען דיא פּראָווינצען פאָרלי (עמיליאַ) און פּיסאַראָ עד אורבינאָ (מאַרטשע) ליעגט אַ קליין מדינה'לע, דיא רעפּובליק סאַן מאַרינאָ (San Marino), וועלכע איז אונ־טער איטאַליענישען שוץ. דיזע רעפּובליק האָט אַ שטח פון 32 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 10,000; איהר הויפּט־שטאָדט איז סאַן מאַרינאָ, 1,000 איינוו.

איטאַליען האָט קאָלאָניעס און שוץ־לענדער אין אָסט־אַפריקאַ; דיזע זײַנען: 1) דיא קאָלאָניע עריטרעאַ (Eritrea), בײַ'ם רויטען מעער, מיט הויפּט־שטאָדט מאַססאָוואַ (Massowa), וועלכע איז דער הויפּט האַפען פיר אַביססיניען; 2) אויססאַ (Aussa) און דאַנאַקיל (Danakil), צווישען דעם רויטען מעער און

אביססיניען; 3) אַ טייל פון סאָמאַלי-לאַנד (Somaliland), זיד-אָסטליך פון אַביססיניען.

איטאַליען פּרעטענדירט, דאָס אונטער איהר שוץ געהערט אויך אַביסיניען, אָבער דיזע מדינה אַנערקענט דאָס ניט. אין 1896 האָט איטאַליען אין אַ מלחמה מיט אַביססיניען געהאַט אַ גרויסע ניע־דערלאַגע.

## 25. קאפּיטעל.

# דיא באַלקאַנישע לענדער.

דיא בעצייכנונג „באַלקאַנישע“. — דיא באַלקאַנישע האַלב-אינזעל. — רומעניען. — בולגאַריען. — סערביען. — מאָנטענעגראָ. — גריעכענלאַנד. — טערקיי.

מיט דעם נאָמען „באַלקאַנישע לענדער“ ווערען בעצייכענט דיא מדינות, וועלכע ליעגען אויף דער באַלקאַנישער האַלב-אינזעל, נעמליך: רומעניען,*) בולגאַריען, סערביען, מאָנטענעגראָ, גריעכענ־לאַנד און אַ טייל פון טערקיי.

דיא באַלקאַנישע האַלב-אינזעל בילדעט דעם סאַמע זיד-אָסט־ליכען טייל פון אייראָפּאַ און זיא איז געטיילט פון דעם קאָנטינענט צו נאָרד — דורך דעם אינטערען טייל פון דעם דונאַי, צו אָסט — דורך דאָס שוואַרצע מעער, מאַרמאָראַ מעער און עגעאישע מעער,

*) רומעניען קומט אויס נאָר מיט אַ קליינעם טייל אויף דער באַלקאַ־נישער האַלב-אינזעל, דאָך פּאָליטיש ווערט זיא גרופּירט מיט דיא באַלקאַנישע לענדער.

צו זיד — דורך דאָס מיטעללענדישע מעער, צו וועסט — דורך דאָס יאָנישע מעער און אדריאַטישע מעער. דער נאָרדליכער טייל ביי דעם דונאַי קומט אויס אונטער 45° און דער סאַמע זיד־ליכער שפּיץ, וועלכער בילדעט דעם קאַפּ מאַטאַפּאַן (Cape Matapan), איז אונטער 36° נאָרדליכע ברייט.

דיא אויבערפלעך פון דער האַלב־אינזעל איז בעדעקט מיט רייהעס פון בערג, פון וועלכע דיא וויכטיגסטע זיינען: דיא באַל־קאַנען (Balkans) צו נאָרד, דיא דינאַרישע אַלפּען (Dinaric Alps) צו וועסט, דער פּינדוס (Pindus) אין גריע־בענלאַנד און רהאָדאָפּע (Rhopope) אין בולגאַריען און טער־קיי. דיא וויכטיגסטע טייכען זיינען: אין בולגאַריען — טימאָק (Timok), איסקער (Isker), יאַנטראַ (Jantra), סטרומאַ (Struma); אין אָסט רומעליען — טונדזשאַ (Tundzha); אין סערביען — מאָראַוואַ (Morava); אין גריעכענלאַנד — אַס־פּראָפּאָטאַמאָס (Aspropotamos), פּענעיאָס אָד. סאַלאַמ־בריאַ (Peneius, Salambria), עווראָטאַס (Eurotas) אָד. אירי (Iri); אין טערקיי — דרין (Drin), וואַרדאַר (Vardar); אין הערצעגאָווינאַ און דאַלמאַציען — נאַרענטאַ (Narenta); אין באָסניען — באָסנאַ (Bosna), דרינאַ (Drina).

דיא קלימאַטישע בעדינגונגען פון דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל זיינען אַזעלכע, דאָס זיא האָט הייסע זומערן און פערהעלטניס־מעסיג קאַלטע ווינטערן; נאָר דער ברעג פון דאַלמאַציען (עסטרייך), מיטעל־גריעכענלאַנד, דער פּעלאָפּאָננעסוס (זידליכער טייל פון גריע־כענלאַנד) און דיא אינזלען זיינען אויסערהאַלב דיא בערג אין ווינ־טער אָהן פרעסט, און ווען עס איז ווינטער־צייט דאָ גענוג רעגען זיינען דאָרטען בוימער און קוסטאַרניקעס אימער גרין.

דיא בעפעלקערונג פון דער האַלבּ־אינזעל בעשטעהט פון פאָל־גענדע נאַציאָנאַליטעטען: 1) זיד־סלאַווען, פון וועלכע מעהר וויא אַ העלפט זיינען בולגאַרען, דיא איבּריגע — סערבּען; 2) אַל־באַניער (Albanians), וועלכע שטאַמען פון דיא פאַרצייטיגע איללירער (Illyrians), אין אַלבּאַניען (טערקיי) און פערשיע־דענע גריעכישע געגענדען; 3) גריעכען, וועלכע זיינען זייט דעם מיטעל־אַלטער פיעל פערמישט מיט סלאַווען און אַלבּאַניער, אין גריעכענלאַנד און טיילס אין טערקיי, בולגאַריען און רומעניען; 4) רומעניער, וועלכע שטאַמען אַנגעבּליך פון דיא קאָלאָניסטען, וועלכע דער רוימישער קייזער טראַיאַנוס (אין 2. יאָהרה.) האָט בע־זעצט אין דאַציען; 5) אָסמאַנישע טערקען, אין גריעכענ־לאַנד און בולגאַריען. אויסער דיזע פעלקערשאַפטען געפינען זיך דאָ אידען און אַרמעניער, אין דיא גרעסערע שטעדט. דיא סלאַווען און גריעכען זיינען מיט ווייניגע אויסנאַהמען גריעכישע קריסטען (פּראַוואָסלאַווּנע); דיא טערקען און אַ טייל פון דיא אַלבּאַניער זיי־נען מאַחמעדאַנער.

פאָלגענדע זיינען בעזונדערע בעשרייבּונגען פון דיא זעקס באַל־קאַנישע לענדער:

1. רומעניען. — וויא שוין אויבּען בעמערקט, געהערט נאָר אַ קליינער טייל פון רומעניען צו דער באַלקאַנישער חאַלבּ־אינ־זעל, אָבּער זיא ווערט פּאָליטיש גערעכענט פיר אַ באַלקאַנישען שטאַאַט. איהר לאַגע פון זיד צו נאָרד איז צווישען 43°—48° נאָרד־ליכע בּרייט און איהרע גרענעצען זיינען: עסטרייך־אונגאַרן צו נאָרד, רוסלאַנד צו נאָרד־אָסט, דאָס שוואַרצע מעער צו אָסט, בולגאַריען צו זיד, סערבּיען און עסטרייך צו וועסט. דער דונאַי בּילדעט אַ גרוי־סען טייל פון איהר גרענעץ צו זיד און זיא האָט דיא קאַרפּאַטהען צו נאָרד־וועסט. דיא אויבּערפלעך שטייגט לאַנגזאַם משופּע'דיג אַרויף

פון דעם פלאַכלאַנד פון דעם דונאַי (צו זיד) ביז צו דיא קאַרפּאַטען (נאָרד-וועסט). דער שטח פון רומעניען איז 48,307 קוו. מ.

דער קלימאַט פון רומעניען איז פערשיעדענאַרטיג און דער באָדען איז אין אַלגעמיין פרוכטבאַר. אויף דיא קאַרפּאַטהען איז דאָ זעהר פיעל וואַלד און דיזע בערג ענטהאַלטען קויהלען און אַנדערע מינעראַלען. דיא הויפּט בעשעפטיגונג איז דאָ אַגריקולטור — איני געפעהר 70 פּראָצענט פון דיא איינוואוינער זיינען לאַנד-אַרבייטער. טראָץ דעם, וואָס דיא לאַנד-ווירטשאַפט ווערט שלעכט געפיהרט איז רומעניען איינע פון דיא גרעסטע געטריידע פּראָדוצירערינס פון אייראָפּאַ, בעזאָנדערס פון ווייץ און קוקורוזע. אויסער געטריידע ווערט דאָ פּראָדוצירט פיעל וויין אין גאָרטענ-פרוכט. בעדייטענד גרויס איז דאָ אויך פיה-צוכט, וועלכע ליעפערט שלאַכט-פיה, וואָל און פעל פיר עקספּאָרט. דיא מינעראַל-פּראָדוקטען זיינען קויהלען, פּעטראָלעאום און זאַלץ; דיא בעאַרבייטונג פון מינעס איז דאָ ריקשטענדיג. דיא מאַנופאַקטורען פון דיזען לאַנד זיינען אויסער אַנדערע אַרטיקלען: פּאַפּיער, צעמענט, צוקער, וואָל און לעדער.

דיא בעפעלקערונג פון רומעניען איז 5,912,000. אויסער ריינע רומעניער, וועלכע זיינען דאָס הערשענדע פאָלק, זיינען אין דיזער צאָהל איינגעשלאָסען אונגעפעהר 400,000 אידען, 200,000 ציגיינער און צו ביסלאַך פון דיא נאַכבאַרשאַפטליכע באַלקאַנישע פעלקער, בעזאָנדערס גריעכען. אויסערהאַלב פון רומעניען געפינען זיך נאָך אונגעפעהר 5 מיליאָן רומעניער אין טראַנסילוואַניען (אונגאַרן), אין בוקאָווינאַ (עסטרייך) און אין בעססאַראַביען (רוסלאַנד). דיא רומעניער רעדען אַ שפּראַך, וועלכע שטאַמט פון לאַטייניש און געהערען צו דער גריעכיש-קאַטוילישער (פּראַוואָסלאַוונער) קירכע. שול-בילדונג איז אין רומעניען, וויא עס ווערט אָנגעגעבען, פריי און געצוואונגען (ד. ה., אַז קינדער זיינען געצוואונגען צו געהן אין

שולע), אָבער עס זיינען דאָ וועניגע שולען און מען קימערט זיך ניט פיעל וועגען דעם. סטאַטיסטיק פון 1899 האָט געצייגט, דאָס $88\frac{4}{10}$ פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג האָבען ניט געקענט לעזען און שרייבען.

די מדינה רומעניען האָט זיך געבילדעט דורך די פעראייניגונג פון די צוויי פירסטענטימער וואַלאַכיאַ און מאָלדאַוויאַ, וועלכע זיינען געשטאַנען אונטער דער איבער־הערשאַפט פון טערקיי. דיזע פעראייניגונג איז אַנערקענט געוואָרען אַלס זעלבסשטענדיגער שטאַאַט אויף דעם בערלינער קאָנגרעס אין 1878 אַלס רעזולטאַט פון דעם רוסיש־טערקישען קריעג פון 1877—78. אין 1881 איז רומעניען געוואָרען אַ קעניגרייך אונטער קאַרל דעם ערסטען פון דעם דייטשען הויז האָהענצאָללערן־זיגמאַרינגען. דיזער מאָנאַרך זיצט נאָך יעצט אויף דעם טראָן.

די רעגיערונג פון רומעניען איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. די עקזעקוטיווע מאַכט געהערט צו אַ מיניסטעריום פון אַכט מיטגליעדער און די געזעץ־געבענדע מאַכט איז איבערגעגעבען צו אַ פּאַרלאַמענט פון צוויי הייזער — אַ סענאַט פון 120 מיטגליעדער, וועלכע ווערען געוועהלט אויף אַכט יאָהר, און אַ הויז פון דעפּוטירטע פון 183 מיטגליעדער, וועלכע ווערען גזוועהלט אויף פיער יאָהר. דער קעניג האָט די מאַכט אָפּצוהאַלטען די בעשליסע פון ביידע הייזער. אַלע בירגער פון ערוואַקסענעם אַלטער, וועלכע צאָהלען שטייער, האָבען דאָס רעכט צו שטימען. די קאָנסטיטוציאָן פון רומעניען גאַראַנטירט רעליגיאָנס־פרייהייט, אָבער די גייסטליכע פון דער גריכיש־קאַטוילישער קירכע זיינען די איינציגע, וועלכע זיינען אַנערקענט און ווערען געצאָהלט פון דעם שטאַאַט. טראָץ דער קאָנסטיטוציאָנעלער גאַראַנטיע, דאָס אַלע בירגער, אָהן אונטערשיעד

*) זעה אַרט. Roumania אין The American Almonac פיר 1904.

פון גלויבען, זיינען גלייך פאַר דעם געזעץ, ווערט געמאַכט אַן אויס־נאַהמע מיט אידען, וועלכע ווערען אין דיזען לאַנד גרויזאַם פער־פאָלגט. קיין לאַנד צווישען דיא קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער פון אייראָפּאַ איז ניט אַזוי אונטריי צו איהרע אייגענע פּרינציפּען אין דער בעהאַנדלונג פון אידען, וויא דיזע מדינה. דיא אייראָפּעאישע מעכטע האָבען רומעניען ערלויבט צו ווערען אַ זעלבסטשטענדיגער שטאַאַט אויף דער פּרעטענזיע, דאָס אונטער טערקישער הערשאַפט איז זיא געוועזען בערויבט פון רעליגיאָנס־פרייהייט, דאָך נעהמט זיא אוועק דאָס זעלביגע רעכט פון אַ גרויסען טייל פון איהר אייגע־נער בעפעלקערונג, טראָץ דעם נאָך, וואָס דער טראַקטאַט פון דעם פריהער דערמאָהנטען בערלינער קאָנגרעס ענטהאַלט אַ פּונקט, דאָס וועגען רעליגיאָן זאָל קיינער ניט בעשרענקט ווערען אין זיינע רעכ־טע. אין דער בעהאַנדלונג פון אידען איז דיא קאָנסטיטוציאָ־נעלע רומעניען פיעללייכט נאָך גרויזאַמער, וויא דיא דעספּאָטישע רוסלאַנד.

רומעניען בעשטעהט פון פיער נאַטירליכע פּראָווינצען: וואַ־לאַכיאַ (Walachia) אין זיד־וועסט, מאָלדאַוויאַ (Moldavia) אין נאָרד־אָסט, דיא דונאַי־דעלטאַ*) צו אָסט, דאָבּרודזשאַ (Dobrudja) אין זיד־אָסט.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין רומעניען זיינען:

אין וואַלאַכיאַ — בוקאַרעשט (Bncuresci, ענג. Bucharest), אויף דער דימבאָוויצאַ, בעפעסטיגטע הויפּט־שטאָדט און רעזידענץ, גרויסער מיטעלפּונקט פון אינדוסטריע און האַנדעל, 283,000 איינוו.; דזשיאורדזשיו (Giurgiu) אָד. דזשיאורדזשעוואָ (Giurgevo), פיינער האַפען אויף דעם דונאַי, 16,000 איינוו.;

*) דיא דונאַי־דעלטאַ איז אַ דריי־קאַנטיגעס שטיק לאַנד, וועלכעס ליעגט צווישען דריי צווייגען פון דעם דונאַי, נעמליך: קיליאַ, סולינאַ און סט. געאָרג.

ק ר אַ י אָ ו ו אַ (Krajova), הויפּט־שטאָדט פון קליין וואַלאַכיאַ, אונגעפ. 30,000 איינוו.; פּ ל אָ י ע ש ט י (Plojeshti, Ploesci), אויף דער אייזענבאַהן נאָך קראָנשטאַדט (אונגאַרן), 46,000 איינוו.; ב ר אַ א י ל אַ (Braïla), אויף דעם דונאַי, 58,000 איינוו.

אין מאָלדאַוויאַ — י אַ ס ס י (Jassy), הויפּט־שטאָדט פון דיזער פּראָווינץ, 78,500 איינוו.; ג אַ ל אַ ט ץ (Galatz), וויכטיגער האַנדעל־פּאָרט אויף דעם דונאַי, 64,000 איינוו.

אויף דער דונאַי־דעלטאַ — ס ו ל י נ אַ (Sulina), ביי דער מינדונג פון דער סולינאַ — אַ צווייג פון דעם דונאַי.

אין דאָברודזשאַ — ק אָ נ ס ט אַ נ ז אַ (Constanza), אויף דעם שוואַרצען מעער, פעראייניגט דורך דיא טשערנאָוואָדאַ־בריק מיט בוקאַרעשט.

2. ב ו ל ג אַ ר י ע ן. — דיזע באַלקאַנישע מדינה גרענעצט זיך מיט רומעניען (מעהרסטענס אָפּגעטיילט דורך דעם דונאַי) צו נאָרד, דעם שוואַרצען מעער צו אָסט, טערקיי צו זיד און סערביען צו וועסט. פון וועסט צו אָסט קרייצען איבער איהר דיא באַלקאַנישע בערג. דיא אויבערפלעך צו נאָרד פון דיא באַלקאַנען איז מעהרסטענס פלאַך. איהר שטח איז 37,860 קוו. מ. צו בולגאַריען געהערט זייט דער רעוואָלוציאָן פון סעפּטעמבער 1885 אָ ס ט ־ ר ו מ ע ל י ע ן (Eastern Rumelia), וועלכע איז ביז דאַן געוועזן אַן אויטאָנאָמישע (זיך זעלבסט רעגיערענדע) פּראָווינץ אונטער דער אויבער־הערשאַפט פון טערקיי. דיזע פּראָווינץ ליעגט צו זיד־אָסט פון בולגאַריען.

דיא הויפּט בעשעפטיגונג פון דיא איינוואוינער אין דיזען לאַנד איז אַגריקולטור, וועלכע איז דאָ אַזוי גרויס, דאָס בולגאַריען האָט אויסזיכטען צו ווערען איינע פון דיא גרויסע געטריידע־שפּייזערינס פון אייראָפּאַ. וויכטיגע פּראָדוקטען זיינען דאָ אויך „טערקישער"

טאַבאַק און ראָזענ-אויל. צווישען דיא היימישע אינדוסטריען צייכנען זיך אויס „בולגארישע טעפּיכען".

דיא בעפעלקערונג פון בולגאַריען איז 3,745,000. פון דיזע געהערען 2½ מיליאָן צו דער גריעכיש-קאַטוילישער (פּראַוואָסלאַווער) קירכע און איבער א האַלב-מיליאָן, אָבוואָהל פון סלאַווישער אָפּשטאַמונג און רעדען נאָר בולגאַריש, זיינען מאַהמעדאַנער. (דיזע בולגאַרישע מאַהמעדאַנער ווערען בעצייכענט אַלס „פּאָמאַקען" אָדער „טערקען".) בולגאַריען האָט ביי 36,000 אידען, דיא מעהרסטע פון זיי שפּאַנישע (ספרדים).

בולגאַריען איז אַן אַלטע מדינה, וועלכע האָט אין מיטעל-אַלטער געשפּיעלט א בעדייטענדע ראָלע. ענדע 14. יאָהרהונדערט איז זיא בעזיעגט געוואָרען פון טערקיי און איז פערבליעבען אונטער איהר פאָלשטענדיגער הערשאַפט ביז דעם רוסיש-טערקישען קריעג פון 78—1877. אַלס רעזולטאַט פון דיזער מלחמה איז זיא דורך דעם טראַקטאַט פון סאַן סטעפאַנאָ (טערקיי) און דעם בערלינער קאָנגרעס אין 1878 ערקלערט געוואָרען אַלס פירסטענטום אונטער דער אויבער-הערשאַפט פון טערקיי און דער דייטשער פירסט אַלעקסאַנדער פון באַטענבערג איז אויף דעם פערלאַנג פון רוסלאַנד ערוועהלט געוואָרען אַלס הערשער. דיזער פירסט האָט אין 1886 אָפּגעדאַנקט און אויף זיין אָרט איז אין 1887 ערוועהלט געוואָרען פירסט פערדינאַנד פון קאָבורג, וועלכער רעגיערט נאָך יעצט. אין 1908, צו דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן אין טערקיי, האָט זיך בולגאַריען אין גאַנצען אָפּגעריסען פון דיזער אימפּעריע און זיך ערקלערט אַלס קעניגרייך. דיזע ערקלערונג איז פאָרמאַלע געמאַכט געוואָרען דעם 5טען אָקטאָבער פון דעם גענאַנטען יאָהר אין דער פאַרצייטיגער בולגאַרישער הויפּט-שטאָדט טאַרנאָוואָ דורך פירסט פערדינאַנד, וועלכער האָט אָנגענומען דעם טיטעל „צאַר" (קעניג).

דיא רעגיערונג פון בולגאַריען איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. דיא עקזעקוטיווע מאַכט איז אין דיא הענט פון דעם קעניג און אַ מיניסטעריום און דיא געזעץ-געבענדע מאַכט געהערט צו אַ פּאַרלאַ-מענט אָדער סאָבראַניע (Sobranje), וועלכע בעשטעהט פון איין הויז און איז צוזאַמענגעשטעלט פון מיטגליעדער, וואָס ווערען געוועהלט פון פאָלק צו איינעם אויף יעדע 10,000 איינוואוינער.*)

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין בולגאַריען זיינען:

אין בולגאַריען זעלבסט — סאָפיאַ (Sofia, Sophia), אין מיטען פון אַ פרוכטבאַרען פלאַכלאַנד צו זיד-וועסט, דיא הויפּט-שטאָדט און רעזידענץ פון דעם קעניגרייך, 68,000 איינוו.; טאַר-נאָוואָ אָד. טירנאָוואַ (Tarnovo, Tirnova), אויף דער יאַנטראַ, פּאַרציימיגע הויפּט-שטאָדט פון בולגאַריען, 13,000 איינוו.; ווידין (Widin), האַפען אויף דעם דונאַי, 15,000 איינוו.; רוסטשוק (Rustchuk), אויך אויף דעם דונאַי, 32,000 איינוו.; סיליסטריאַ (Silistria), פעסטונגס-שטאָדט אויף דעם דונאַי, 12,200 איינוו.; שומנאַ אָד. שומליאַ (Shumna, Shumla), אויף דער נאָרדליכער זייט פון דיא באַלקאַנען, 23,000 איינוו.; וואַרנאַ (Varna, Warna), האַפען אויף דעם שוואַרצען מעער, 35,000 איינוו.

אין אָסט רומעליען — פיליפּפּאָפּאָל (Philippopolis), אויף דער מאַריצאַ, צייכענט זיך אויס מיט פאַבריקאַציאָן פון ראָ-זען-אויל, 43,000 איינוו.; סליוונאָ (Slivno), מאַניפאַקטור אין האַנדעל-שטאָדט, איבער 23,000 איינוו.; בורגאַס (Burgas), האַפען אויף דעם ים-בוזים בורגאַס, 5,000 איינוו.

*) אין אויסערגעוועהנליכע פעלע ווערט צוזאַמענגערופען אַ גרויסע סאָבראַניע, וועלכע ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי מאָל אַזוי פיעלע מיטגליעדער.

3. סערביען. — דיזע מדינה האָט אַ שטח פון 19,050 קוו. מ. און גרענעצט זיך מיט עסטרייך-אונגאַרן צו נאָרד, רומעניען און בולגאַריען צו אָסט, טערקיי און באָסניען צו זיד און באָסניען צו וועסט. איהר אויבערפלעך איז אין אַלגעמיין בערגיג. דער הויפּט טייך, אויסער דיא טייכען ביי איהרע גרענעצען (סאַווע און דונאַי ביי עסטרייך-אונגאַרן, דונאַי ביי רומעניען) איז דיא מאָראַוואַ. זיא האָט ניט קיין גרענעץ מיט'ן ים און איז אָנגעוויעזען אויף פערקעהר מיט עסטרייך. דיא הויפּט בעשעפטיגונגען זיינען אַגריקולטיר (ווייץ, קוקורוזע) און פיה-צוכט. דער פּרוכטבאַרער באָדען ליעפערט גע־טריידע, וויין און בעזאָנדערס „טערקישע" פלוימען; דיא פיה-צוכט ליעפערט שווינען און חזיר-האָאָר פיר עקספּאָרט. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא גריעכיש-קאַטוילישע. דיא איינוואוינער, וועלכע צעהלען 2,625,000, זיינען מעהרסטענס סערבען; דיא איבריגע זיינען רומעניער (איבער 100,000), ציגיינער און אַנדערע. דיא רע־גיערונג איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע מיט אַ קעניג און אַ פּאַר־לאַמענט פון איין פערטרעטער-הויז, וועלכעס ווערט אָנגערופען דיא סקופּשטינאַ (Skupshtina). זייט 1815 זיינען דיא סערבישע קעניגע פון דער דינאַסטיע אָברענאָוויטש (Obrenovitch). דער יעצטיגער מאָנאַרך איז פּעטער I. (קאַרגעאָרגעוויטש), וועל־כער איז אַרויף אויף דעם טראָן אין 1903 נאָך דער ערמאָרדונג פון קעניג אַלעקסאַנדער I. (דיזער אַלעקסאַנדער איז געווען דער זוהן פון קעניג מילאַן, וועלכער האָט וועגען זיין סקאַנדאַלעזער אויפפיהרונג געמוזט אָפּדאַנקען.) דיא הויפּט-שטאָדט פון סערביען איז בעל־גראַד (Belgrad), בעפעסטיגטער פּלאַץ אויף דעם דונאַי, מיטעל־פּונקט פון האַנדעל צווישען עסטרייך-אונגאַרן און דיא באַלקאַנישע מדינות, 69,000 איינוו. דיא וויכטיגסטע שטאָדט נאָך דיזער איז ניש (Nish), אויף דער נישאַוואַ, 24,500 איינוו.

4. מאָנטענעגראָ.*) — דיזע מדינה, וועלכע האָט אַ שטח פון אונגעפעהר 3,630 קוו. מ., איז דאָס קלענסטע פון דיא באַלקאַנישע לענדער. זיא ליעגט צווישען דאַלמאַציען, הערצעגאָווינאַ, באָסניען (עסטרייך), אַלבאַניען (טערקיי) און דעם אַדריאַטישען מעער. איהר אויבערפלעך איז בּערגיג און איהר באָדען איז מעהרסטענס גוט פיר פיה-צוכט, וועלכע איז דיא הויפט בעשעפטיגונג. דיא בעפעלקערונג פון מאָנטאָנעגראָ איז 228,000. דיא איינוואוינער זיינען פון דער סערבּישער ראַסע און רעדען אַ סערבּישען דיאַלעקט. מיט אויסנאַהמע פון אונגעפעהר 4,000 קאַטאָליקען און אויך אַזוי פיעלע מאַחמעדאַנער, איז דיא בעפעלקערונג גריעכיש-קאַטויליש (פּראַוואָסלאַוונע). מאָנטענעגראָ איז אַ פירסטענטום און זיא איז אַן אַבּסאָלוטע מאָנאַרכיע, ד. ה. אַ מדינה, וועלכע ווערט רעגיערט פון דעם מאָנאַרך (דעם פירסט) אָהן פערטרעטער פון פאָלק. דיא הויפּט-שטאָדט איז צעטטיניע (Cettinje), 3,000 איינוו. זייט 1878 האָט זיא צוויי האַפענס אויף דעם אַדריאַטישען מעער: דולטשיניאָ (Dulcigno) און אַנטיוואַרי (Antivari).

5. גריעכענלאַנד. — דיזע מדינה גרענעצט זיך מיט טערקיי צו נאָרד, דעם מיטעללענדישען מעער צו זיד, דעם עגעאישען מעער (Aegean Sea) צו אָסט און דעם יאָנישען מעער (Ionian Sea) צו וועסט; צו איהר געהערען דיא יאָנישע אינזלען (Ionian Islands) צו וועסט, דיא גרויסע אינזעל עווּבּאָאַ (Euboea) צו אָסט, דיא ספּאָראַדענ-אינזלען (Sporades) צו נאָר-אָסט און דיא ציקלאַדענ-אינזלען (Cyclades) צו זיד-אָסט, אויך איינינע קלענערע אינזלען. דער

*) דיא מאָנטאָנעגרינער רופען אָן זייער מדינה צרנאַ גאָראַ (Crna Gora) — דאָס בעדייט: „שוואַרצער באַרג". מאָנטענעגראָ איז איטאַליעניש (Monte Negro) און האָט דיא זעלביגע בעדייטונג.

צוזאַמענגענומענער שטח פון דעם קאָנטינענטאַלען טייל מיט דיא אינזלען איז אונגעפעהר 25.000 קוי. מ.

דיא ברעגען פון גריעכענלאַנד זיינען אַיינגעשניטען דורך פיעלע ים־בוזימס, פון וועלכע דער בוזים פון קאָרינטה אָדער לעפאַנטאָ (Gulf of Corinth, Gulf of Lepanto) צו וועסט און דער בוזים פון עגינאַ (Gulf of Aegina) צו אָסט זונדערן אָפּ דעם זידליכען טייל מאָרעאַ (Morea) אָדער פעלאָפאָננעסוס (Peloponnesus) פון דעם איבריגען טייל פון לאַנד. מאָרעאַ איז פעראייניגט מיט דעם נאָרדליכען טייל פון לאַנד דורך דעם איסטמוס פון קאָרינטה (Isthmus of Corinth), דורך וועלכען עס איז יעצט דורכגעשניטען אַ קאַנאַל, וואָס פעראייניגט דאָס יאָנישע און דאָס עגעאישע מעער. דיא אויבערפלעך איז איבעראַל זעהר בערגיג. דאָס געבירג פינדוס, וועלכעס קרייצט פון נאָרד צו זיד, צוטיילט זיך אין פיעלע צווייגען, פון וועלכע איינער ענטהאַלט דעם בעריהמטען אָלימפּוס (Olympus). דיא וויכטיגסטע טייכען זיינען: דיא סאַלאַמבריאַ (Salambria), וועלכע געהט דורך דאָס פרוכטבאַרע פלאַכלאַנד פון טהעססאַליאַ, און דער אַספּראָפּאָטאַמאָס (Aspropotamos).

דער קלימאַט פון גריעכענלאַנד איז וואַרים און טרוקען און זעהר אַ געזונטער, אויסער ביי דיא ברעגען. דער באָדען איז אין אַלגעמיין זעהר אַ פרוכטבאַרער און אַגריקולטור איז דאָ דיא הויפּט־בעשעפטיגונג. גריעכענלאַנד פּראָדוצירט ניט גענוג געטריידע, דערפאַר עקספּאָרטירט זיא פיעל ראָזינקעס, מעטאַל־רודעס, וויין, אָליווען־אויל, פייגען, מעלאָנען, טאַבאַק און שוואָמען (גאָמקעס). מאַנופאַקטור־אינדוסטריען, אויסער וויין און אויל, זיינען דאָ אונבעדייטענד. איינע פון דיא וויכטיגסטע בעשעפטיגונגען פון דיא גריעכען איז שיפ־פאַהרט, וועלכע בריינגט זיי אַיין גאָר נישקאָשעדיג.

דיא בעפעלקערונג פון גריכענלאנד איז 2,434,000 און זיא בעשטעהט פון גריעכען מיט א קליינער צאהל אלבאניער און וואלאכיער (רומעניער). דיא גריעכען אליין בילדען יעצט ניט קיין ריינע ראסע, זיי זיינען זייט דעם מיטעל-אלטער פערמישט מיט סלאווישע בלוט. זייער שפראך איז א געענדערטע פארם פון דער אלט-גריעכישער און זיא ווערט צום אונטערשייד בעצייכענט מיט דעם נאמען „ניי-גריעכיש“. דיא הערשענדע רעליגיאן איז דיא גריע־כיש-קאטוילישע (פראוואסלאוונע). גריעכענלאנד איז א קאנסטיטוציא־נעלעם קעניגרייך. דיא עקזעקוטיווע מאכט געהערט צום קעניג מיט זיין מיניסטעריום און דיא געזעצ-געבענדע מאכט איז איבערגעגעבען צו א הויז פון דעפוטירטע (207 מיטגליעדער), וועלכע ווערען געוועהלט דירך אלגעמיינעם שטים-רעכט. פיר אדמיניסטראציאן איז דאס לאנד איינגעטיילט אין 16 בעצירקען, וועלכע ווערען בעצייכענט אלס נאמארכיען (nomarchies).

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין גריעכענלאנד זיינען:

אין דעם אסטליכען טייל פון מיטעל-גריעכענלאנד — אטהען (Athens), אין דער נאמארכיע אטטיקא, הויפט-שטאדט און רעזידענץ, מיט אן אוניווערזיטעט, 120 000 איינוו.; פיראאוס (Piraeus), האפענ-שטאדט, 5 מייל פון אטהען, 25,000 איינוו.

אין דעם נארד-וועסטליכען טייל פון מארעא — פאטראס (Patras), אין דער נאמארכיע אכאיא און עליס, עקספארט-האפען נאך איראפא, 38,000 איינוו.

אין דיא ציקלאדען — נאקסאס (Naxos), אויף דער אינזעל נאקסאס, 2,200 איינוו.; הערמופאליס (Hermupolis) אדער סירא (Syra), אויף דער אינזעל סירא, 18,000 איינוו.

אין דיא יאָנישע אינזלען — זאַנטע (Zante), הויפּט־שטאָדט פון דער נאָמאַרכיע זאַסינטהוס, 15,000 איינוו.; קאָרפו (Corfu), אויף דער סאַמע נאָרדליכער יאָנישער אינזעל קאָרפו, 18,000 איינוו. (דיא אינזעל קאָרפו צייכענט זיך אוים מיט איהר שיינעם קלימאַט און מיט איהרע וויינען און פרוכטען; בעריהמט ביי אידען מיט איהרע אתרוגים.)

אין דעם נאָרד־אָסטליכען טייל פון גריעכענלאַנד — לאַריסאַ (Larissa), אין דער נאָמאַרכיע לאַריססאַ, 18,000 איינוו.

אויסער דיזע זיינען נאָך ווערט צו דערמאָהנען דיא פאָלגענדע קליינע שטעדט, ויעלכע זיינען וויעדער אויפגעשטעלט געוואָרען אויף זייערע אַלטע ערטער: — טהעבען (Thebes), יעצט טהיוואַ (Thiva), אין דער נאָמאַרכיע באָאָטיאַ (נאָרד־אָסט), 3,550 איינוו.; קאָרינטה (Corinth), יעצט קאָרטהאָ (Cortho), אין דער נאָמאַרכיע אַרגאָלים (מאָרעאַ), פאָרט ביים בוזים פון קאָרינטה, 14,000 איינוו.; אַרגאָס (Argos), יעצט פּלאַניצאַ (Planitza), אין דער נאָמאַרכיע אַרגאָלים, 10,000 איינוו.; ספּאַרטאַ (Sparta), אין דער נאָמאַרכיע לאַקאָניאַ (מאָרעאַ), 3,600 איינוו.

6. טערקיי. — אויסער איהר טערריטאָריע אויף דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל שליעסט טערקיי איין קליין־אַזיען, אַרמעניען, סיריען, מעסאָפּאָטאַמיען און אַראַביען אין אַזיען און טריפּאָלי אין נאָרד אַפריקאַ. דערצו געהערען צו איהר אַלס אונטערוואָרפענע שטאַאטען דיא אינזעל סאַמאָס (Samos) אין עגעאישען מעער צו וועסט פון קליין־אַזיען, עגיפּטען אין אַפריקאַ. דיא אינזעל טהאַסאָס (Thasos) אין דעם נאָרדליכען טייל פון דעם עגעאישען מעער און דיא אינזעל ציפּרוס (Cyprus) אין דעם מיטעללענדישען מעער, וועלכע איז אונטער ענגלישער פערוואַלטונג. דיזע אַלע לענדרייען

בילדען דיא טערקישע אימפעריע (Turkish Empire) אָדער — וויא זיא ווערט אויך אָנגערופען — אָטטאָמאַנישע אימפעריע (Ottoman Empire).*)

דער שטח פון דער גאַנצער טערקישער אימפעריע איז 1,574,880 קוו. מ. און דיא בעפעלקערונג איז 39,800,000. זיא ווערט רעגיערט פון אַ הערשער פון דעם אָטהאָמאַנישען אָדער אָס־מאַנישען שטאַם, וועלכער טראָגט דעם טיטעל סולטאַן (Sultan). דיא בעפעלקערונג בעשטעהט פון טערקען און פיעלע אַנדערע נאַציאָ־נאַליטעטען. די הערשענדע רעליגיאָן איז דיא מאַחמעדאַנישע, פון וועלכער דער הויפט איז דער שייך אול איסלאַם. דער סולטאַן איז גלייכצייטיג דער גייסטליכער אויבער־האַר פון דיא מאַחמע־דאַנער אונטער דעם טיטעל כאַליף (Calif). ביז 1908 איז טערקיי געווען איינע פון דיא ערגסטע דעספאָטישע מדינות אין דער וועלט; אין יענעם יאָהר, אָבער, איז זיא דורך אַ גוט־אָרגאַניזירטע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אַרויסגערופען דיא בעוואונדערונג פון דער וועלט, ערקלערט געוואָרען פיר אַ קאָנסטיטוציאָנעלעם לאַנד.

דיא טערקישע אימפעריע ווערט געטיילט אין צוויי אָפטיילונ־גען: אייראָפּעאישע טערקיי (European Turkey) און אַזיאַטישע טערקיי (Asiatic Turkey). אייראָפּעאישע טער־קיי, זעלבסט־פערשטענדליך, איז דיא אָפטיילונג וועלכע ליעגט אויף דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל. דיזע אָפטיילונג איז פיעל קלענער וויא דיא אַזיאַטישע, אָבער דערפאַר איז זיא פּאָליטיש אַ וויכטיגערע וועגען איהר לאַגע ביי אַ וויכטיגען דורכגאַנגס־פונקט פון אייראָפּאַ נאָך אַזיען. דיזע וויכטיגע לאַגע איהרע אין אייראָפּאַ האָט עס אָפט

*) נאָך אָטהמאַן אָדער אָסמאַן, דעם גרינדער פון דער טערקי־שער אימפעריע אין 1299.

אַרויסגערופען סכסוכים צווישען איהר און די קריסטליכע אייראָפּע־אישע מעכטע.

אייראָפּעאישע טערקיי פערנעהמט אַ שטח פון 65.350 קוו. מ. און גרענעצט זיך מיט בולגאַריען צו נאָרד, מאָנטאָנעגראָ און גריכענלאַנד צו וועסט, דעם שוואַרצען מעער צו נאָרד־אָסט, דעם מאַרמאָראַ־מעער צו זיד־אָסט און דעם עגעאישען מעער צו זיד. איהר אויבערפלעך איז בערגיג; איבער איהר קרייצען די געביר־גען שאַר־דאַג און רהאָדאָפּע. איהר קלימאַט איז געוועהנ־ליך וואַרים און אַנגענעהם, אויסער אין די בערגיגע געגענדען, וואו די וועטערן געהען איבער פון איין עקסטרעם צום אַנדערן. דער באָדען איז פרוכטבאַר, בעזאָנדערס אין די טאָלען פון די טייכען מאַריצאַ און וואַרדאַר, אָבער די מעטאָדען פון אַגריקולטור זיינען דאָ צו אַלט־מאָדיש צו קענען ליעפערן אַזוי פיעל ווי די פרוכטבאַרקייט וואָלט ערלויבען. אוים דיזען גרונט ליעפערט טער־קיי קוים גענוג געטריידע פיר ברויט. דער וויכטיגסטער פּראָדוקט פון אַגריקולטור אין דיזען לאַנד איז „טערקישער" טאַבאַק, וועלכער האָט אַ שם אין דער גאַנצער וועלט. דאָס לאַנד איז רייך אין מינע־ראַלען: אייזען, קויהלען, זאַלץ א. ז. וו., אָבער בעאַרבייטונג פון מינעס איז דאָ וועניג ענטוויקעלט. צווישען די טערקישע מאַנופאַק־טור־אינדוסטריען זיינען טעפּיכען אָדער דיוואַנעס, וואַפען, לעדער און אַנדערע.

די בעפעלקערונג פון אייראָפּעאישער טערקיי צעהלט 6.130.000 און איז זעהר אַ געמישטע. טערקען, גריעכען, אַלבאַניער זיינען דאָ אין אַ גלייכער צאָהל און בילדען אונגעפעהר 70 פּראָצענט; דער איבריגער טייל בעשטעהט פון אידען, סערבען, בולגאַרען, רומעניער, אַרמעניער, מאַגיאַרען (אונגאַרען), ציגיינער און טשערקעסען. אידען זיינען דאָ נאָהענט פון 200.000. יעדער נאַציאָנאַליטעט שטעהט

פרייַ צו פּראַקטיצירען איהר רעליגיאָן און דיא רעגיערונג אַנערקענט זייערע רעליגיאָנס־בעאַמטע. דיא גריעכיש־קאַטוילישע קירכע האָט אין טערקיי איהר פּאַטריאַרך און דיא אידישע איהר חכם־באַשי, וועלכע ווערען אָפיציעל אַנערקענט אַלס פאָרשטעהער פון זייערע רעליגיאָנען.

אייראָפּעאישע טערקיי ווערט געטיילט אין רומעליען (Rumelia), וועלכע בילדעט דעם זיד־אָסטליכען טייל פון דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל, מאַצעדאָניען (Macedonia), וועלכע ליעגט צו נאָרד פון דעם עגעאישען מעער, און אַלבאַניען (Albania), וועלכע בילדעט דעם וועסטליכען טייל פון טערקיי. פיר אַדמיניסטראַציאָן איז יעדע טערקישע טערריטאָריע (אין אייראָפּאַ, אַזיען אין אַפריקאַ) איינגעטיילט אין פּראָווינצען, וועלכע ווערען בעצייכענט מיט דעם נאָמען ווילאַיעט (vilayet). אייראָפּעאישע טערקיי בעשטעהט פון פאָלגענדע 7 ווילאַיעטען: קאָנסטאַנטינאָפּאָל (Constantinople), אדריאַנאָפּאָל (Adrianople), סאַלאָניקי (Saloniki), מאָנאַסטיר (Monastir), סקוטאַרי (Scutari), יאַנינאַ (Janina), קאָסאָוואַ (Kossova).

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין אייראָפּעאישער טערקיי זיינען:

אין רומעליען — קאָנסטאַנטינאָפּאָל (Constantinople) [אין טערקיש: סטאַמבול], אויף אַ האַלב־אינזעל צווישען דעם באָספּאָר, דעם גאָלדענעם האָרן*) און דעם מאַרמאָראַ־מעער, דיא הויפּט־שטאָדט פון דער טערקישער אימפּעריע, מיט פאָר־שטעדט פּעראַ (Pera) און גאַלאַטאַ (Galata) און מיט איהר אַזיאַטישער העלפט סקוטאַרי (Skutari), 943,000 איינוו.; אדריאַנאָפּאָל

*) דער גאָלדענער האָרן (Golden Horn) איז אַ צווייג פון דעם באָספאָר, וועלכער בילדעט דעם האַפען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

(Adrianople) [טערקיש: עדירנעה אָד. עדרענעה], אין דעם ווילאַיעט אַדריאַנאָפּאָל, פאַרצייטיגע רעזידענץ פון די סולטאַנען, אונגעפעהר 71,000 איינוו.; גאַלליפאָלי (Gallipoli), ווילאַיעט אַדריאַנאָפּאָל, אויף דעם כערסאָנעס (ד. ה. האלב-אינזעל גאַלליפאָלי), סטאַציאָן פיר די פלאָטע, 30,000 איינוו.; דעדעאַגהאַטש, דער האַפען פון ביידע רומעליענס (טערקישע און בולגאַרישע) אויף דעם עגעאישען מעער.

אין מאַצעדאָניען — סאַלאָניקי (Saloniki), פּאָרט ביי'ם עגעאישען מעער, הויפּט סטאַציאָן פון דער אייזענבאַהן, וועלכע קומט פון בעלגראַד (סערביען), צווייטע האַנדעל-שטאָדט פון איראָפּעאישער טערקיי, 105,000 איינוו.; אוסקוב (Uskub), ווילאַיעט קאָססאָווא, אויף דעם וואַרדאַר, איינער פון די וויכטיגסטע מיטעלפּונקטען פיר אינלענדישען האַנדעל, 18,000 איינוו.; מאָנאַסטיר (Monastir) אָד. ביטאָליאַ (Bitolia), ווילאַיעט מאָנאַסטיר, וויכטיגער סטראַטעגישער און קאָמערציעלער פונקט, איבער 45,000 איינוו.

אין אַלבאַניען — פּריסרענד (Prisrend), ווילאַיעט קאָססאָווא, אויף אַ צווייג פון דעם דרין, אונגעפ. 30,000 איינוו.; סקוטאַרי (Scutari) אָד. סקאָדראַ (Scodra), אויף דער אָזיערע סקוטאַרי, 35,000 איינוו.; דוראַצצאָ (Durazzo), ווילאַיעט סקוטאַרי, ביי'ם אַדריאַטישען מעער, הויפּט סטאַציאָן פיר שיפען אין דעם ים-בוזים סאַלאָניקי, 5,000 איינוו.; פּרעוועסאַ (Prevesa), אַ פּאָרט-שטאָדט, 7,000 איינוו.

צו אייראָפּעאישער טערקיי געהערט די אינזעל קרעטאַ (Creta) אָד. קאַנדיאַ (Candia), וועלכע ליעגט אין דעם מיטעללענדישען מעער צו זיד-אָסט פון גריעכענלאַנד און זיד-וועסט

פון קליין־אזיען. דיא אינזעל שטעהט זייט 1898 אונטער דער פערוואלטונג פון א הויכען קאמיסאר פון דיא אייראפעאישע מעכטע, וועלכער ווערט געוועהלט פון דער הערשענדער פאמיליע פון גריע־כענלאנד. קרעטא האט 310.000 איינוואוינער, פון וועלכע דיא מעהרסטע זיינען גריעכישע קריסטען (פראוואסלאווניע) און איבער 70,000 מאחמעדאנער. דיא וויכטיגסטע שטעדט פון קרעטא זיינען: קאנעא (Canea), הויפט פארט, 24,000 איינוו.; קאנדיא (Candia), פארט־שטאדט, 25.000 איינוו.

דיא גאנצע טערקישע אימפעריע (דיא טערריטאריעס פון אייראפא, אזיען און אפריקא צוזאמען) ווערט איינגעטיילט אין דרייסיג ווילאיעטען, וועלכע ווערען ווידער איינגעטיילט אין סאנדזשאקען (אונטער־פראווינצען), קאזאס (געריכטס־בעצירקען) און ווייטערע קלענערע אדמיניסטראטיווע טיילען. יעדער ווילאיעט ווערט רעגירט פון א גענעראל־גובערנאטאר און דיא סאנדזשאקען, קאזאס א. ז. וו. ווערען פערוואלטעט פון אונטערע בעאמטע. דער העכסטער בעאמטער (גענעראל־גובערנאטאר) פון א ווילאיעט ווערט אנגערופען וואלי; דער העכסטער בעאמטער פון א סאנדזשאק ווערט אנגערופען מוטעסאריף אדער קאימאקאם.

## 26. קאַפּיטעל.

# דער וועלט־טייל אַזיען.

שטח און לאַגע. — וויכטיגסטע ערומיגע טיילען. — פאָרם פון דיא ברעגען און פון דער אויבערפלעך. — אינזולען ארום דעם קאָנ־טינענט. — מעערען און ים־בוזמס. — קלימאַט. — גע־וועקס, חיות, מינעראלען. — ראַסען און רעליגיאָנען. — פאָליטישע טיילען. — וויגעלע פון ציוויליזאַציאָן. — בעדייטונג פון דעם נאָמען „אַזיען".

אזיען, דער גרעסטער פון דיא פינף וועלט־טיילען, האָט אַ שטח פון איבער 17 מיליאָן קוו. מ. זיא ליעגט אויף דער אָסטליכער האַלבער קוגעל און איהרע גרענעצען זיינען: צו נאָרד — דער ארקטישער אָקעאַן (דאָס נאָרדליכע אייז־מעער); צו אָסט — דער שטילער אָקעאַן (פּאַסיפיק) און דער בערינגס־ים; צו זיד — דאָס כי־נעזישע מעער און דער אינדישער אָקעאַן; צו וועסט דאָס רויטע מעער (ים סוף), דער סועץ־קאַנאַל,*) דאָס מיטעללענדישע מעער, דאָס קאַספּישע מעער, דער טייך אוראַל און דיא אוראַל־בערג. פון זיד נאָך נאָרד ליעגט אַזיען צווישען $1^0$ און $78^0$ נאָרדליכע ברייט (קאַפּ טשעליוסקין), נאָר אַ טייל פון דער אינדישער אינזעל־גרופּע (נעמליך דיא אינזעל טימאָר) גרייכט ביז $10^0$ זידליכע ברייט. פון אָסט נאָך וועסט ליעגט אַזיען צווישען $27^0$ אָסטליכע לענג (וועסט־ליכער ברעג פון קליין־אזיען) און $170^0$ וועסטליכע לענג (בערינגס־שטראַס).

פון דיא ערומיגע טיילען אָדער גליעדער פון דעם אזיאַטישען קאָנטינענט קענען אַלס דיא וויכטיגסטע בעצייכענט ווערען: אין

נאָרד — די טשוקטשישע האַלב=אינזעל (Chukches) מיט דעם אָסט=קאַפּ און די האַלב=אינזעל טאַימור (Taimur) מיט דעם קאַפּ=טשעליוסקין (Cape Chelyuskin); אין נאָרד=אָסט — קאַמטשאַטקאַ (Kamchatka), צווישען דעם מעער אָחאָטסק און דעם בערינג=ים; אין אָסט — קאָרעאַ (Korea), צווישען דעם כינעזישען און דעם יאַפּאַנישען מעער; אין זיד — אינדאָ=כינאַ (Indo-China) מיט דער מאַלאַיאישער האַלב=אינזעל (Malay Peninsula), צווישען דעם כינעזישען מעער, דער מאַלאַקקאַ=שטראַס און דעם בענגאַלישען ים=בוזים, און אינדיען (India), צווישען דעם בענגאַלישען ים=בוזים און דעם אַראַבישען מעער; אין זיד=וועסט — די האַלב=אינזעל אַראַביען (Arabia), צווישען דעם פּערסישען ים=בוזים, דעם אַראַבישען מעער און דעם רויטען מעער (ים=סוף); אין וועסט — קליינ=אַזיען (Asia Minor), צווישען דעם מיטעללענדישען, עגעאישען און שוואַרצען מעער.

אין פאָרם האָט דער אַזיאַטישער קאָנטינענט פיעל עהנליכקייט מיט דעם אייראָפּעאישען. די הויפּט עהנליכקייט צווישען זיי ליעגט אין דעם, דאָס זיי ביידע האָבען דריי גרויסע האַלב=אינזלען אין דעם זידליכען טייל. די אַזיאַטישע האַלב=אינזלען אַראַביען, אינדיען און אינדאָ=כינאַ זיינען עהנליך צו דער פּירענעאישער, אַפּענינישער און באַלקאַנישער האַלב=אינזעל אין אייראָפּאַ, נאָר זיי זיינען פיעל גרעסער. די ברעגען פון ביידע קאָנטינענטען ביי דעם אַרקטישען מעער (נאָרדליכען אייז=מעער) זיינען אויך עהנליך. פערגלייכענדיג

---

*) צווישען דעם רויטען און מיטעללענדישען מעער איז אזיען געווען פעראייניגט מיט אַ שמאָלען שטריך לאַנד — דעם איסטמוס פון סועץ (Isthmus of Suez), וועלכער איז יעצט דורכגעשניטען דורך אַ קאַנאַל — דעם סועץ=קאַנאַל (Suez Canal).

דיא קאַרטען פון אזיען און אייראָפּאַ וואַרפט זיך דיזע מערקווירדיגע עהנליכקייט גלייך אין דיא אויגען. דיזע צוויי וועלט-טיילען זיינען אויך עהנליך אין דיא פאָרמען פון זייערע אויבערפלעכען. איןביידע קאָנ־טינענטען ליעגען דיא הויכלענדער הויפּטזעכליך אין דעם מיטען און אין דיא זידליכע האַלב-אינזלען, וועהרענד דער גרעסטער טייל צו נאָרד איז אַ פלאַכלאַנד. דיא אַראַבישע האַלב-אינזעל איז וויא דיא פירענעאישע אין אייראָפּאַ אַ געגענד פון הויכלענדער; אינדיען איז וויא דיא אַפּעננינישע האַלב-אינזעל אָפּגעצאַמט צו נאָרד דורך אַ ריי־הע פון בערג. אינדאָ-כינאַ איז וויא דיא באַלקאַנישע האַלב-אינזעל אַ מאַסע פון אונרעגעלמעסיג צוויאָרפענע בערג מיט בערגיגע אינזלען אַרום. אין ביידע קאָנטינענטען געהען דיא הויפּט בערג-קייטען מעהר אָדער וועניגער אין דער ריכטונג פון אָסט און וועסט; בלויז אין דעם נאָרד-אָסטליכען טייל נעהמען דיא בערג אַ נאָרדליכע ריכטונג, וויא דיא אוראַל-בערג. דיא אזיאַטישע הויכלענדער און בערג זיינען פיעל העכער וויא דיא אייראָפּעאישע, דיא הימאַלאַיאַ-בערג (Hymalayas), צו נאָרד פון אינדיען, זיינען דיא העכסטע בערג אין דער וועלט.

אַרום דער יבשה פון אזיען ליעגען פיעלע אינזלען און אינ־זעל-גרופּעס, פון וועלכע פאָלגענדע זיינען דיא וויכטיגסטע: אין דעם שטילען אָקעאַן (אָסט) — דיא אַלעאוטישע אינזלען (Aleutian Islands) [צו נאָרד-אָסט], דיא קורילישע אינזלען (Kurile Isls.), דיא רוסיש-יאַפּאַנישע אינזעל סאַחאַלין (Sakhalin), דיא יאַפּאַנישע אינזלען, דיא אינזלען פאָרמאָסאַ (Formosa) און האַינאַן (Hainan) [זיד-אָסט], דיא פיליפּפּי־נישע אינזלען (Philippine Isls.) און מאָלוקקישע אינזלען (Moluccas); אין דעם אינדישען אָקעאַן (זיד) — דיא סונ־דאַ-אינזלען (Sunda Isls.), פון וועלכע דיא גרעסטע זיינען:

סומאטרא (Sumatra), יאווא (Java), באָרנעאָ (Borneo) און צעלעבעס (Celebes); דיא גיקאָבארענ=אינזלען (Nicobar Isls.) און אנדאמאנען (Andaman Isls.), דיא אינזעל ציילאָן (Ceylon), וועלכע איז אָפּגעטיילט פון אינדיען דורך דיא פּאַלק=שטראַס, און דיא לאַקקאַדיווען (Laccadive Isls.); און דעם מיטעללענדישען מעער (וועסט) — דיא אינזלען ציפּרוס (Cyprus) און רהאָדעס (Rhodes); אין דעם ארק־טישען אָקעאַן (נאָרד) — נייי=סיביר (New Siberia) אָדער דיא ליאחאָוו=אינזלען (Liakhof Isls.).

דיא האַלב=אינזלען און דיא אינזלען אַרום דעם אזיאַטישען קאָנטינענט שליעסען איין איינינע מעערען און ים=בוזימס. צווישען קאַמטשאַטקאַ און דעם הויפּט טייל פון דעם קאָנטינענט איז דער ים פון אָחאָטסק (Sea of Okhotsk); צווישען דיא יאַפּאַנישע אינזלען און דעם קאָנטינענט — דאָס יאַפּאַנישע מעער (Japan Sea); ווייטער אַרונטער צווישען קאָרעאַ און דעם הויפּט טייל פון דעם קאָנטינענט — דאָס געלע מעער (Yellow Sea); ווייטער זידליך אַרונטער, צווישען דיא פּיליפּפּינען און אינדאָ=כינאַ — דאָס כינעזישע מעער (Chinese Sea); צווישען דער אינזעל האַינאַן און אינדאָ=כינאַ — דער בוזים פון טאָנגקינג (Gulf of Tonking); צווישען סיאַם (אינדאָ=כינאַ) און דער מאַלאַיאישער האַלב=אינזעל — דער ים=בוזים סיאַם (Gulf of Siam); צווישען אינדאָ-כינאַ און אינדיען — דער בוזים פון בענגאַל (Bay of Bengal); צווישען אינדיען און אַראַביען — דאָס אַראַ־בישע מעער (Arabian Sea); צווישען דעם הויפּט טייל פון דעם קאָנטינענט און אַראַביען — דער פּערסישער בוזים (Persian Gulf); צווישען אַראַביען און אַפריקאַ — דאָס רויטע מעער (Red Sea) [דער ים סוף].

אזיען האָט אַלע קלימאַטישע גאַרטלען (קאַלטען, מעסיגען, הייסען), אָבער דער גרעסטער טייל פון דעם קאָנטינענט ליעגט אין דעם גאַרטעל, וואו דער קלימאַט ענדערט זיך און געהט אָפט איבער פון איין עקסטרעם צום אַנדערן. דער גאַרטעל פון דעם אייביגען שנייע געהט זידליך ביז 69° און 70° נאָרדליכע ברייט. דער רעגען־גאַרטעל הייבט זיך אָן אין קליין־אַזיען אונטער 40° נאָרדליכע ברייט און רוקט זיך ווייטער צו אָסט אימער נעהענטער צום עקוואַטאָר ביז דער כינעזישער גרענעץ אונטער 35° נאָרדליכע ברייט. פון וועסט נאָך אָסט ווערט דיא וואַרימקייט אַלץ שוואַכער און געגענדען אין אַזיען, וועלכע ליעגען אונטער גלייכע ברייט־גראַדען וויא געגענדען איירָאפּאַ, זיינען קעלטער וויא אין איירָאפּאַ, ווייל דיא אינגעהייערע שטח'ן פון דעם נאָרדליכען ניעדערלאַנד און הויכלאַנד זיינען איבעראַל אָפען פיר דיא קאַלטע נאָרד־ווינטען. דער זידליכער טייל פון אַזיען, וועלכער איז פערשטעלט דורך דיא בערג, ווערט געשיצט פון דיא קאַלטע ווינטען, וועלכע וואָלטען ציגעקימען צו דיזען טייל פון נאָרד־אָסט. רעגען איז דאָ ניטאָ גענוג, ניט נאָר אין דעם אינערן טייל, נאָר אויך אין דעם זיד־וועסטליכען. אין דעם זיד־אָסטליכען טייל, בעזאָנדערס אין דיא טראָפּישע געגענדען, איז רעגען דאָ זעהר פיעל.

דער אַזיאַטישער קאָנטינענט איז זעהר רייך אין פּלאַנצען, טיערע און מינעראַלען. געוועקס איז דאָ אונענדליך פערשיעדען. אזיען ליעפערט בעזאָנדערס פון דיא זידליכע טיילען און פון דיא אינזלען פיעלע פּלאַנצען, וועלכע זיינען וויכטיג פיר דעם האַנדעל: געווירצען, סאַגאָ, רייז, טעע, קאַפע, צוקער, אינדיגאָ, באַלזאַמס, רהובאַרבער, פערשיעדענע סאָרטען גומי, אָפּיום, באַוועל, טייערע האָלצען. אויך דיא פערשיעדענע סאָרטען געטריידע, וועלכע זיינען פערברייטערט איבער דער גאַנצער ערד, שטאַמען פון אַזיען. טיערע

זיינען דאָ אויך זעהר פיעל און פערשיעדענאַרטיג לויט דיא פער־שיעדענע קלימאַטישע גאַרטלען. אין דיא סטעפּעס פון דעם מיטעל־מעסיגען גאַרטעל זיינען דאָ: קעמלען, פערד, פיעלע סאָרטען ציע־גען, טיגערס און מאָשוס־טיערע; אין דיא סיבירישע פלאַכלענדער: רענ־טיערע (נאָרדליכע הירשען), וועלף, פוקסען, סויבלען, אייז־בערען (אין דעם נאָרדליכען אייז־מעער). אין דעם זידליכען טייל פון אַזיען: דער טיגער, דער אינדישער העלפאַנד, דער נאָז־האָרן, דער בופעל־אָקס, דער שטרויס־פויגעל, שילד־קרעטען, שלאַנגען, יאַשטשעריצעס, זייד־ווערים. אין דיא אַזיאַטישע ימים: אַמבראַ (אַ שמעקעדיגער שטאָף, וואָס קומט פון אַ סאָרט פיש) און פערל־מושעלן. צווישען דיא מינעראַלען וועלכע אַזיען ליעפערט זיינען: טייערע שטיינער, בעזאָנדערס דימענטען, אין אינדיען; גאָלד אין יאַפּאַן, כינאַ, הינטער־אינדיען (אינדאָ־כינאַ), דעם אַלטאַי־געבירג און אוראַל־געבירג; זילבער, קופער, בליי אין רוסישער אַזיען; צין אויף דער אינזעל באַנקאַ, אָסט פון סומאַטראַ (געהערט צו האָל־לאַנד); אייזען אין אַלע ערטער. אויסער דיזע ווערען נאָך אין אַזיען געליעפערט: גראַפיט, סאַלפעטער, סאַלמיאַק, שוועבעל, מעערשוים, נאַפטהאַ אָדער שטיינ־אייל.

דיא בעפעלקערונג פון אַזיען שליעסט איין דריי ראַסען, וועלכע זיינען פערטיילט וויא פאָלגט: אין דעם וועסטליכען און זידליכען טייל — דיא קאַווקאַזישע ראַסע: טערקען, קאַווקאַזיער, קורדען, פערסיער, אַפגהאַנען, הינדוס (אינדיער), אַראַבער, סיריער און אַנ־דערע; אין דעם נאָרדליכען און אָסטליכען טייל — דיא מאָנגאָלי־שע ראַסע: מאָנגאָלען, טאַטאַרען, קאַלמיקען, מאַנדזשוס, כינעזער, טיבעטאַנער, יאַפּאַנעזער, פאָלאַר־פעלקער (פיננישע און טאַטאַרישע שבטים); אין אינדאָ־כינאַ און דיא נאָהענטע אינזלען — דיא מאַ־לאַיאישע ראַסע. דיא צוזאַמענגענומענע צאָהל מענשען פון דיזע

פעלקער און פעלקערשאפטען אין אזיען איז איבער 830 מיליאָן.

דיא פערשיעדענע אָפטהיילונגען, מדינות און לענדערייען פון אזיען זיינען: קליינ־אזיען (Asia Minor), אראביען (Arabia), פערסיען (Persia), אפגהאניסטאן (Afghanistan), באלוטשיסטאן (Baluchistan), טורקעסטאן (Turkestan), סיביר (Siberia), כינא (China), יאפאן (Japan) און אינדאָ־כינא (Indo-China), וועלכע שליעסט איין בורמא (Burma), סיאם (Siam), אננאם (Annam), קאמבאָדיא (Cambodia) און קאָשינ־כינא (Cochin-China).

א גרויסער טייל פון אזיען שטעהט אונטער אייראָפּעאישער הערשאפט. גאנץ נאָרד אזיען (סיביר, טורקעסטאן א. ז. וו.) געהערט צו רוסלאנד; קליינ־אזיען און א טייל פון אראביען געהערען צו טערקיי; דיא ענגלענדער בעהערשען אינדיען, וויא אויך א טייל פון אינדאָ־כינא און אייניגע אינזלען; אינדאָ־כינא ווערט גרעסטענטהיילס בע־הערשט פון דיא פראנצויזען; אראביען, פערסיען אפגהאניסטאן, באלוטשיסטאן, א טייל פון טורקעסטאן (חיווא, בוכארא), כינא, סיאם און יאפאן בילדען אייגענע שטאאטען.

אזיען איז דער עלטעסטער זיצ־אָרט פון מענשען און זיא ווערט בעטראכט אלס דיא וויעגעלע פון דער מענשהייט. אין איהר זיינען ענטשטאנען פיעלע גרויסארטיגע ציוויליזאציאָנען, וויא דיא אסירישע, באבילאָנישע, פערסישע, אינדישע, א. ז. וו., אויך דיא גרויסע רעליגיאָ־נען פין דער וועלט: יודענטום, בודדהיזמוס, קריסטענטום און דיא מאהמעדאנישע. דער נאָמען אזיען שטאמט, וויא מען גלויבט, פון דעם סעמיטישען וואָרט אסו = אצו (יצא), וועלכעס בעדייט ארויס־גאנג אָדער אויפגאנג פון דער זון, ווייל אין געגענזאץ צו אייראָפּא געפינט זיך אזיען צו אָסט, וואו דיא זון געהט אויף.

## 27. קאפיטעל.

# אַזיאַטישע טערקיי.

גרענעצען און שטח. — בערג, אָזיערעס און טייכען. — קלימאַט און פּראָדוקטען. — בעפעלקערונג. — אַדמיניסטראַטיווע איינטיילונג. — וויכטיגסטע שטעדט.

דיא גרענעצען פון אַזיאַטישער טערקיי זיינען: אין נאָרד — דאָס שוואַרצע מעער; אין נאָרד-אָסט — אַזיאַטישע רוסלאַנד; אין אָסט — איראַן (פּערסיען, אַפגהאַניסטאַן, באַלוטשיסטאַן); אין זיד-אָסט — דער פּערסישער ים-בּוזים; אין זיד — אַראַביען; אין וועסט — דאָס מיטעללענדישע מעער; אין נאָרד-וועסט — דאָס מאַרמאָראַ-מעער. דער שטח פון דיזער טעררִיטאָריע איז 695,610 קוו. מ.

דיא טעררִיטאָריע פון אַזיאַטישער טערקיי שליעסט איין: קליינ-אַזיען (Asia Minor), צווישען דעם שוואַרצען און דעם מיטעללענדישען מעער; אַרמעניען (Armenia), צו נאָרד-אָסט;*) סיריען (Syria) און פּאַלעסטינאַ (Palestine), צו זיד-וועסט; מעסאָפּאָטאַמיען (Mesopotamia) [ארם נהרים] צו זיד-אָסט און טיילען פון דער האַלב-אינזעל אַראַביען (Arabia) צו זיד.

אַזיאַטישע טערקיי איז זעהר פערשיעדענאַרטיג אין דער פאָרם פון איהר באָדען. אין נאָרד-וועסט ליעגט דאָס הויכלאַנד פון אַרמעניען, וועלכעס פעראייניגט זיך צו וועסט מיט

*) אַרמעניען איז אַמאָל געווען אַ זעלבּסטשטענדיגע מדינה; היינט איז זיא פערטיילט צווישען טערקיי, רוסלאַנד און פּערסיען.

דעם הויכלאַנד פון קליינ=אַזיען. אין דעם זידליכען טהייל ליעגט דאָס סירישע הויכלאַנד, דער לבנון (Lebanon) און דער געגענ=לבנון (Anti-Lebanon). אין דעם אָסטליכען טהייל ביז צו דעם טייך אייפראַט (Euphrates) [פרת] שפרייט זיך אויס דיא סיריש=אַראַבישע וויסטענעס. אויסער זעהר פיעלע סטעפּע=אָזיערעס ענטהאַלט דיא טערקיש=אַזיאַטישע טעררימאָריע פיעלע הויכע אָזיערעם און טייכען, פון וועלכע דער קיזיל=אירמאַק (Kizil Irmark) אָדער האַליס (Halys) פליעסט אין דאָס שוואַרצע מעער און דער מינדאַר (Menderes) אין דאָס עגעאישע מעער. דיא סירישע טייכען זיינען דער אַסי (Asy) און דער שעריעה על קעביר (Sherieh el Kebir) אָדער ירדן (Jordan). דיא גרעסטע טייכען זיינען דער אייפראַט (Euphrates) [פרת] און דער טיגריס (Tigris) [חדקל], וועלכע שטראָמען אַרויס פון דיא אַרמעניש בערג. צווישען דיזע צוויי טייכען ליעגט עס דיא געגענד, וועלכע ווערט בעצייכענט מיט דיא נעמען אַרם נהרים און מעסאָפּאָטאַמיען.*)

דער קלימאַט פון אַזיאַטישער טערקיי ציינט גרויסע קאָנטראַסטען. אין אַרמעניען הערשט אין ווינטער אַ שטאַרקע קעלט; אויף דעם הייכלאַנד פון קליינ=אַזיען איז דער ווינטער=קלימאַט וויא אין דייטשלאַנד. אויף דיא זייטען פון דיא בערג איז דער קלימאַט מעסיג און ביי דיא ברעגען פון סיריען הערשט אָפט אַ שטאַרקע היץ. דיא פּראָדוקטען זיינען זעהר פיעל; צווישען דיזע זיינען: עדעלע מעטאַלען (גאָלד, זילבער), מעערשוים, האָלץ, זידליכע פרוכטען,

*) דיזע ביידע נעמען בעציהען זיך אויף דיא צוויי טייכען. „אַרם נהרים" מיינט: „אַרם צווישען דיא צוויי טייכען"; מעסאָפּאָטאַמיען מיינט: „דאָס לאַנד צווישען דיא טייכען". דיא אַראַבער רופען דיזע געגענד „על דזשעזירעה" (El Jezireh), „דיא אינזעל", ווייל זיא איז כמעט אַזוי וויא אַן אינזעל.

באוועל, טאבאק, וויין, מאָהן, גאל-עפּעל, פערשידענע פעכען; פערד, ציעגען, רינדער, קעמלען א. ז. וו.

דיא בעפעלקערונג פון אזיאטישער טערקיי בעטרעפט 17,683,000, פון וועלכע אונגעפעהר 11 מיליאָן זיינען אָסמאַנישע טערקען, 85,000 טורקאָמאַנען, איבער 1½ מיליאָן גריעכען, 2 מיליאָן ארמעניער, 400,000 טשערקעסען, 900,000 אראבער, 1 מיליאָן קורדען, 235,000 סיריער און כאלדעער, אונגעפעהר 250,000 אידען, 20,000 טאטארען. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא מאחמעדאנישע, אָבער אידען און קריסטען ווערען אייך געדולדעט. דיא איינוואוינער בעשעפטיגען זיך מיט דער פאבריקאציאָן פון זייד, באוועל און מעטאל-וואארען, און פיהרען א קאראוואנען-האנדעל (טראנספּאָרט פון וואארע אין קאָמפּאניעס אויף קעמלען) און זעע-האנדעל, דעם לעצטערען אין סמירנא, טראפּעזונט, טאראבלוס, ביירוט, אקקאָ (עכּו).

אזיאטישע טערקיי ווערט איינגעטיילט אין זיעבען ווילאיעטען, פון וועלכע דיא אינזלען בילדען אַן אייגענעם ווילאיעט פיר זיך.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון אזיאטישער טערקיי זיינען:

אין קליין-אזיען — סקוטארי (Scutari), אויף דעם באָספאָר געגענאיבער קאָנסטאנטינאָפּאָל, צייכענט זיך אויס מיט איהר שעהנער פּאָזיציאָן, מיט שעהנע מאָשעען (מאחמעדאנישע קירכען) און פרעכטיגע גערטנער, 70,000 איינוו.; ברוססא (Brussa), ווארימע קוואלען, פאבריקאציאָן פון זייד, 76,500 איינוו; מאניססא (Manissa), 40,000 איינוו.; אנגאָרא (Angora), האנדעל פון וואָל פון דיא אנגאָרא-ציעגען, 27,800 איינוו.; סמירנא (Smyrna), פרעכטיגער האפען אויף דעם בוזים פון סמירנא (א צווייג פון עגעאישען מעער), גרויסער האנדעל, רייכע באזארען, צייכענט זיך אויס מיט איהרע טעפּיכען, 201,000 איינוו.; טראפּעזונט

(Trebizond ,Trapezunt), אויף דעם שוואַרצען מעער, אין מיטעל־אַלטער דיא הויפּט־שטאָדט פון דער גריעכישער אימפּעריע טראַפּעזונט, 35,000 איינוו.

אין אַרמעניען — ערזערום (Erzerum), הויפּט־שטאָדט פון דעם ווילאַיעט ערזערום, פעסטונג־שטאָדט, 39,000 איינוו.

אין קורדיסטאַן — דיאַרבעקר (Diarbekr), אויף דעם טיגרים (חדקל), פאַבריקאַציאָן פון זייד, באַוועל און מאַראָקאָ־לעדער, 34,000 איינוו.

אין מעסאָפּאָטאַמיען — מאָסול (Mosul), אויף דעם טיגרים, בעריהמט דורך איהר פאַבריקאַציאָן פון מוסלין, 61,000 איינוו.; באַגדאַד (Bagdad), אויף דעם טיגרים, פאַבריקאַציאָן פון טוך, מעסערס, ציערונג, זייד און מאַראָקאָ־לעדער, 145,000 איינוו.; באַססאָראַ (Bassora) אָדער באַסראַה (Basrah), אויף דעם שאַט־על־אַראַב, פּאָרט פון באַגדאַד, פּראָדוקציאָן פון טייטלען, פאַבריקאַציאָן פון זייד און טעפּיכען, 50,000 איינוו.

אין סיריען — האַלעב אָדער אַלעפּפּאָ (Haleb,) Aleppo), גרויסע האַנדעל־שטאָדט, 127,000 איינוו.; ביירוט (Beyrout ,Beirut), פּאָרט אויף דעם מיטעללענדישען מעער ביים פוס פון לבנון, גרויסער מיטעלפּונקט פון האַנדעל, פאַבריקאַציאָן פון זייד, טעפּיכען, א. ז. וו., 118,000 איינוו.; דאַמאַסקוס (Damascus) אָדער דימעשק (Dimeshk) [דמשק], דיא גרעסטע שטאָדט פון סיריען, 140,000 איינוו.

אין פּאַלעסטינאַ (סיריען) — ירושלים (Jerusalem) [ביי דיא מאַהמעדאַנער: אל קודש, ד. ה. הייליגע שטאָדט], אויף דיא בערג ציון און מוריה, אַלטע הויפּט־שטאָדט פון פּאַלעסטינאַ, 66,000 איינוו.; יפו אָד. יאַפאַ (Joppa, Yafa), פּאָרט ביים

מיטעללענדישען מעער, 15,000 איינוו. ירושלים און יפו זיינען פער־בונדען דורך אן אייזענבאהן.

אינזלען פון אזיאטישער טערקיי: דיא פרינצענ־אינזלען (Prince's Islands) אין דעם מארמארא מעער; טענעדאס (Tenedos), לעסבאס (Lesbos), כיאס (Chios), סאמאס (Samos), פאטמאס (Patmos) און רהאדעס (Rhodes) אין דעם עגעאישען מעער; דיא אינזעל ציפרוס (Cyprus) אין דעם מיטעללענדישען מעער. סאמאס שטעהט אונטער אן אייגענעם איבער־הויפט און צאהלט טריבוט (מס). ציפרוס איז זייט 1878 אונטער ענגלישער הערשאפט.

אראביען. — דיזע האלב־אינזעל גרענעצט זיך צו וועסט מיט דעם רויטען מעער (ים סוף) און דעם בוזים פון סועץ, צו זיד מיט דעם בוזים פון אדען און דעם אראבישען מעער, צו אסט מיט דעם בוזים פון אמאן אין דעם פערסישען בוזים, צו נארד מיט סיריען און פאלעסטינא. איהר שטח איז אונגעפעהר 1,200,000 קוו. מ.

פארצייטיגע געאגראפען האבען אראביען איינגעטיילט אין דריי בעזונדערע טיילען, וועלכע זיי האבען אנגערופען שטיינערדיגע אראביען (Arabia Petraea), וויסטע אראביען (Arabia Deserta) און גליקליכע אראביען (Arabia Felix). דער נאמען שטיינערדיגע אראביען האט בעצייכענט דעם נארד־וועסטליכען טייל, וועלכער גרענעצט זיך צו נארד מיט יודעא (יהודה) און דעם טוידטען מעער (ים המלח); אין דיזער געגענד, וועלכע איז א שטיי־נערדיגער מדבר, האבען עס דיא אידען געוואנדערט נאך דעם, וויא זיי זיינען ארויס פון מצרים. וויסטע אראביען גרענעצט זיך צו נארד און נארד־אסט מיט פערסיען, צו זיד מיט דער גליקליכער אראביען אין צו וועסט מיט סיריען, יודעא און דער שטיינערדיגער אראביען;

דיזע געגענד איז כמעט אין גאַנצען אַ מדבר, אין וועלכען עס קען נאָר עקסיסטירען דער וואַנדערנדער אַראַבער מיט זיין קעמעל. דיא גליקליכע אַראַביען ליעגט אין דעם זידליכען טהיל פון דער האַלב־אינזעל; דיזע געגענד האָט אַ פיינעם קלימאַט און אַ פרוכטבאַרען באָדען. דיא נייערע איינטהיילונגען זיינען: דיא האַלב־אינזעל סיני (Sinai Peninsula), צו נאָרד־וועסט, צווישען דיא בוזימס פון סועץ און אַקאַבאַה (Akabah), מיט דעם געבירג חורב (Horeb), וועלכער ענטהאַלט דעם באַרג סיני (Sinai) אָדער, וויא דיא אַראַבער רופען איהם: דזשעבעל מוסאַה (משה'ס באַרג); על האַסאַ (El Hasa) צו נאָרד־אָסט; אָמאַן (Oman) צו אָסט, צווישען דעם פּערסישען בוזים און אַראַבישען מעער; העדזשאַז (Hedjaz) צו וועסט ביי'ם רויטען מעער, דיא וויעגעלע פין דער מאַהמעדאַנישער רעליגיאָן; יעמען (Yemen) ביי'ם זיד־ליכען ברעג פון דעם רויטען מעער; האַדראַמאַוט (Hadramaut) (חֲצַרְמָוֶת), נאָך יעמען צום אינדישען אָקעאַן; נעדזשד (Nejd), דער אויפגעהייבענער, בערגיגער טהייל אין מיטעל־אַראַביען.

דער קלימאַט פון אַראַביען איז פערשיעדען לויט דיא געגענ־דען. אויף דיא הייכע פלאַכלענדער וועקסלען זיך גרויסע היץ און טריקענעס מיט רויהער קעלט און שנעע־שטורמס. אין דעם נאָרדלי־כען טהייל הערשט צייטענווייז דער ברענענדער סאַמום־ווינט (זעה ערסטען באַנד, ז. 139); אויך ביי דיא ברעגען איז מעהרסטענס אַ דריקענדע היץ. דער אָסטליכער און דער וועסטליכער ברעג האָבען דורך דיא מאָנסונען אָדער יאָהרצייטס־ווינטען געגענגעזעצטע וועט־טערן: ווען אויף דעם אָסטליכען ברעג איז קאַלט איז אויף דעם וועסטליכען וואַרים און אַזוי פערקעהרט.

דיא וויכטיגסטע פּראָדוקטען פון אַראַביען זיינען: פון פלאַנ־צען — קאַפע (הויפּט עקספּאָרט־פּלאַץ מאָקאַ אין יעמען), באַל־

זאם, גימי, וויהרויך, דיא שמעקעדיגע אלאע (העברעאיש: אהלות), שוועבעל; פון טיערע — פערד און קעמלען.

דיא בעפעלקערונג איז אונגעפעהר 5 מיליאן און זיא בעשטעהט פון אראבער, אסמאנען, טורקאמאנען, ארמעניער, אידען, באניאנען (אינדישע הענדלער), נעגערס און אביססיניער, פון וועלכע דיא גרעסטע צאהל געהערט צים מאהמעדאנישען גלויבען. דיא מאהמעדאנער אין אראביען זיינען מעהרסטענס פון דער סעקטע סונניטען; ביים פערסישען ים-בוזים געפינען זיך שיאיטען. (וועגען דיזע צוויי מאהמעדאנישע סעקטעס זעה ערסטען באנד, ז. 282.) דיא איינוואוינער ביי דיא ברעגען גיבען זיך אפ מיט אגריקולטור, מלאכות און האנדעל; דיא איינוואוינער פון דעם אינערן טייל לעבען אלס נאמאדען (בעדואינען) אדער פון רויב.

דיא אראבער ווערען רעגיערט דורך שייכען (עלסטע), וועלכע שטעהען אונטער הויפט-פיהרער, דער מעכטיגסטער פון וועלכע איז דער אימאם (פיהרער) פון מאסקאט אין אמאן. צו דער טערקישער אימפעריע געהערען דיא האלב-אינזעל סיני און דער גאנצער וועסטליכער ברעג מיט אונגעפעהר $1^{1}{}_{5}$ מיליאן איינוואוינער; יעמען, האדראמאט, אמאן, נעדושה, על האסא זיינען מעהר אדער וועניגער זעלבסטשטענדיג.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין אראביען זיינען:

אין העדושאז — מעקקא (Mecca), דיא הויפט-שטאדט פון אראביען און דיא הייליגסטע שטאדט פון אלע מאהמעדאנער אין דער וועלט, געבורטס-ארט פון מאהמעד'ן, 60.000 איינוו.; מעדינא (Medina), דער ארט וואו עס געפינט זיך מאהמעד'ס קבר, 48.000 איינוו.; דזשידדא (Jiddah), פארט ביים רויטען מעער, 30.000 איינוו.

אין יעמען — סאנא (Sana), בעדייטענדע האנדעל-שטאדט,

אונגעפ. 20.000 איינוו.; אדען (Aden), פּאָרט אויף דעם בוזים פון אדען, געהערט צו דיא ענגלענדער, 30.000 איינוו.

אין אָמאַן — מאַסקאַט אָדער מוסקאַט (Maskat, Muskat), דיא הויפּט־שטאָדט פון אָמאַן, וויכטיגער מיטעלפּונקט פון האנדעל, אונגעפ. 20,000 איינוו.

אין על האסאַ — על קאַטיף (El Katif), אונגעפ. 6,000 איינוו.

---

## 28. קאפּיטעל.

## פּאַלעסטינאַ (ארץ ישראל).

לאַגע און שטח. — איינטיילונג און פאָרם פון דער אויבערפלעך.— בערג, ימים, טייכען און אָזיערעס. — קלימאַט, פּראָדוקטען. — אדמיניסטראַטיווע איינטיילונג. — וויכטיגסטע שטעדט און אידישע קאָלאָניעס.

פּאַלעסטינאַ ליעגט צווישען °31—′30 °33 נאָרדליכע ברייט, °34—°36 אָסטליכע לענג, און איהרע גרענעצען זיינען: צו וועסט— דאָס מיטעללענדישע מעער (ים הגדול); צו נאָרד און אָסט — סיריען; צו זיד־וועסט — דיא וויסטענעס עט־טיה (Et-Tyh) [מדבר פּאָרן] און דער טייך וואדי על עריש (Wady el Erish) [נחל מצרים], וועלכער פאַלט אריין אין דאָס מיטעללענדישע מעער; צו זיד־אָסט — אַראַביען. איהר שטח צווישען דיזע גרענעצען איז אונגעפעהר 16,000 קוו. מ.

דער ברעג פון פּאַלעסטינאַ בײַ'ם מיטעללענדישען מעער האָט נאָר איין וויכטיגען איינשניט — דעם בוזים פון אקר

(Bay of Acre), בײ װעלכען עס געפינט זיך דיא שטאָדט אקקאָ (Accho) [עכּו]. צו זיד פון דער װיסטענעס עט-טיה (מדבר פארן) קומט פאַלעסטינאַ אין בעריהרונג מיט דעם רויטען מעער דורך דעם בוזים פון אקאַבאַה (Gulf of Akabah), צו װעסט פון דער האלב-אינזעל סיני.

אײנטײלונג און פאָרם פון דער אויבערפלעך. — דער ירדן, װעלכער געהט פון נאָרד צו זיד, טײלט דאָס לאַנד אין צװײ אָפּטײלונגען: אַ װעסטליכע און אַן אָסטליכע. דיא װעסטליכע אָפּטײלונג ענטהאַלט צו נאָרד בײ׳ם מיטעללענדישען מעער (ים הגדול) דיא טערריטאָריע, װעלכע איז פאַרצײטען געװען דאָס לאַנד כּנען (Canaan) אָדער פעניציען (Phoenicia), אין צו זיד בײ דיזען מעער דאָס לאַנד פלשת (Philistia); דיא אָסטליכע אָפּטײלונג שליעסט אײן דיא געגענד פון גלעד (Gilead) און דיא געגענד פון בשן (Bashan) אָדער חורן (Hauran).

דיא װעסטליכע אָפּטײלונג ענטהאַלט פיעלע בערג און טאָלען און אײניגע פלאַכלענדער. דיא בערג ציהען זיך פון נאָרד אַרונטער צו זיד אין אײן לאַנגער רײהע, װעלכע װערט נאָר אונטערבראָכען אין דעם עמק יזרעאל (Jezreel) אָדער זערין (Zerin). אין דעם נאָרדליכען טײל געהען דיא בערג ביז נאָהענט צום ברעג פון ים אין צװײ רײהעם (בערג פון לבנון). דער ניעדריגער שטח צװישען דיזע רײהעם צו װעסט איז דאָס ניעדערלאַנד פון דעם פאַרצײטיגען כּנען.*) זידליך אַרונטער פון דער שטאָדט עכּו פערקירען זיך דיא בערג צוריק און לאָזען אַ ניעדריגען שטריך לאַנד — דאָס ניעדערלאַנד פון עכּו. דיזעס ניעדערלאַנד פעראײניגט

*) „כּנען" בעדײט אין העברעאיש „ניעדערלאַנד". דיזער נאָמען איז אין געגענזאַץ צו „אֲרָם" (סיריען), װעלכעס בעדײט „הױכלאַנד".

זיך מיט דעם עמק יזרעאל, וועלכער ציהט זיך ביז דעם ירדן. צו זיד פון עכו, ביי דער שטאָדט חיפה (Haifa), קומען דיא בערג ווידער נאָהענט צום ברעג פון ים, וואו זיי ווערען בעצייכענט מיט דעם נאָמען הר הכרמל (Mount Carmel) אָדער דזשעבעל קורמול (Jebel Kurmul). צו זיד פון דיזען פונקט פערקירעווען זיך דיא בערג ווידער צוריק און לאָזען איבער אַ לאַנגען ניעדריגען שטריך לאַנד, וואָס ציהט זיך ביי'ם ברעג פון דעם מיטעללענדישען מעער כמעט ביז דער גאַנצער לענג פון פאַלעסטינאַ. דער נאָרד־ליכער טייל פון דיזען ניעדריגען פלאַכלאַנד ביז דער שטאָדט יפו ווערט אָנגערופען דער שרון (Sharon); דער זידליכער טייל פון יפו אַרונטער ביז עזה (Gaza) ווערט אָנגערופען דיא שפלה (דאָס ניעדריגע פלאַכלאַנד). דיזעס פלאַכלאַנד איז פאַרצייטען געווען דאָס לאנד פון דיא פלשתים (Philistia). צו אָסט פון דיזע אַלע בערג געפינט זיך דער טאָל פון ירדן, אַ לאַנגעס שמאָ־לעס ניעדערלאַנד, וועלכעס ווערט אין דעם נאָרדליכען טייל, ביי'ם ברעג פון דעם ים כנרת, אָנגערופען דאָס ניעדערלאַנד פון גענעסאַר (גנסר) און אין דעם זידליכען טייל — דיא סטע־פע אָדער דיא סטעפעס פון ירדן (ערבות הירדן). דער טאָל פון ירדן איז מערקווירדיג מיט דעם, וואָס ער ליעגט ניעדעריגער וויא דער ים.

דיא בערג. — דיא צוויי רייהעם בערג אין דעם נאָרדליכען טייל פון פאַלעסטינאַ ביז צום ברעג פון ים זיינען עס דיא בערג פון לבנון. דיא ערסטע רייהע צו נאָרד ווערט בעצייכענט אַלס דער לבנון (Lebanon), דיא צווייטע אַלס דער גענענ־לבנון (Anti-Lebanon). דיזע צוויי רייהעס בערג שליעסען איין אַ שמאָ־לעס לאַנגעס פלאַכלאַנד, וועלכעס ווערט אָנגערופען קאָילע־סיריען (Coele-Syria). דיא בערג־רייהעס פון לבנון צוזוויגען

זיך איבער גאַנץ פּאַלעסטינאַ פון נאָרד ביז זיד און זיי האָבען אין די פערשיעדענע ערטער פערשיעדענע נעמען. אין דעם נאָרדליכען טהייל ווערען זיי אָנגערופען די בערג פון גליל (הרי הגליל) אָדער די בערג פון נפתלי (הרי נפתלי). אין דעם עמק יזרעאל איז דאָ א הויכער און שעהנער באַרג, וועלכער ווערט אָנגע־רופען תָּבוֹר (Mt. Tabor). צו זיד פון דעם עמק יזרעאל הייסען זיי די בערג פון אפרים (הרי אפרים). פון די בערג פון אפרים געהען אַרויס צוויי צווייגען, איינער צו וועסט און דער צווייטער צו אָסט; דער ערסטער ווערט אָנגערופען דער כרמל (Mt. Carmel), דער צווייטער — דער גלבוע (Mt. Gilboa). צווישען די בערג פון אפרים זיינען דאָ צוויי הויכע בערג, וועלכע ווערען אָנגערופען הר גריזים (Mt. Gerizim) און הר עיבל (Mt. Ebal). אין דעם טהאָל צווישען דיזע בערג איז די שטאָדט שכם (Sechem) אָדער נאַבלוס (Nablus). אין דעם זידליכען טהייל ווערען די בערג פון אפרים אָנגערופען הרי יהודה, וועלכע שליעסען איין הר ציון (Mt. Zion), הר הזיתים (Mt. of Olives) און הר מוריה (Mt. Moriah). דער סאַמע זידליכער פון די הרי אפרים איז הר שׂעיר אָדער הר אדום. די בערג פון פּאַלעסטינאַ זיינען ניט קיין הויכע. די בערג פון גליל שטייגען ביז 3,250 פוס איבער דעם ים. אין ירושלים זיינען די בערג ניט העכער פון 2.600 פוס. אין חברון זיינען זיי עטוואָס העכער; פון דאָרטען געהען זיי אַלץ ניעדריגער ביז צום רויטען מעער (ים סוף).

אין דער אָסטליכער אָפּטהיילונג פון פּאַלעסטינאַ געפינט זיך א הויכלאַנד, וואָס ציהט זיך פון נאָרד פון דעם געגענ־לבנון ביז צו זיד פון די בערג פון מואב. צו נאָרד איז דיזעס הויכלאַנד ברייט און זעהר פרוכטבאַר; דיזער טהייל איז דאָס פלאַכלאַנד פון גולן

(Golan, אַראַביש: Jaulan) און חורן (Hauran), אין דעם זיד־ליכען טייל איז דאַס הויכלאַנד שמעלער און געהט איבער אין אַזאַמ־דיגען מדבר — דעם מדבר פון סיריען אָדער אַראַביען. דיא דורכשניט־ליכע הויך פון דיזען הויכלאַנד איז 1,625 פוס. דיא בערג פון גלעד, וועלכע געפינען זיך אויף איהם, שטייגען ביז 2,275 און אָפט ביז 3,250 פוס. אויף דער וועסטליכער זייט גרענעצט זיך דאַס הויכלאַנד מיט בערג: צו נאָרד ביי דעם געגענ־לבנון איז דער באַרג חרמון (Mt. Hermon) אָדער דזשעבעל עש־שייך (Jebel esh-Sheikh), וועלכער שטייגט ביז 9200 פוס; צו זיד זיינען דער באַרג גולן (Golan אָדער Jaulan), דער באַרג עברים (Abarim) און דער באַרג מואב (Moab). צו זיד פון דעם טוידטען מעער (ים המלח) פעראייניגען זיך דיא בערג פון מואב מיט דיא בערג פון שעיר און געהען ביידע צוזאַמען ביז דעם באַרג סיני און ביז דעם רויטען מעער (ים סוף). צו אָסט פון דעם פלאַכלאַנד חורן געפינען זיך דיא בערג פון בשן (Bashan) אָדער דזשעבעל האוראַן (Jebel Hauran).

ימים, טייכען און אָזיערעס. — דיא הויפט וואַסערן אין פּאַלעסטינאַ זיינען: דער ירדן (Jordan) אָד. נאַהר עש־שעריעה (Nahr esh-Sherieh), וועלכער פליעסט איבער'ן רעכ־טען מיטען פון דעם לאַנד אין דער ריכטונג פון נאָרד צו זיד; דער ים פון טיבעריאַס (Sea of Tiberias) אָד. באַהר טיבאַ־ריעה (Bahr Tibariyeh),*) וועלכער ליעגט צו נאָרד פון דעם

*) דער ים פון טיבעריאַס איז דער ים כנרת (Sea of Chinnereth) פון דער ביבעל; ער ווערט אויך אָנגערופען ים פון גענעסאַרעט (Sea of Gennesaret) און ים פון גליל (Sea of Galilee). דיזע אַלע נעמען קומען פאָר אין קאַרטעס פון פּאַלעסטינאַ.

ירדן; דער ים המלח אָד. דאָס טוידטע מעער (Dead Sea),(*
וועלכעם ליעגט צו זיד פֿין דעם ירדן. דער ים פון טיבעריאָס און
דער ים המלח צייכנען זיך אוים מיט זייער ניעדריגער לאַגע;
דער ערסטער איז 680, דער צווייטער 1,312 פוס ניעדריגער פון
דעם מיטעללענדישען מעער (ים הגדול).

דיא טייכען פון פּאַלעסטינאַ, וועלכע זיינען אין אַ בעדייטענ־
דער צאָהל, ווערען פערטיילט אין צוויי באַסיינען: דעם באַסיין פון
מיטעללענדישען מעער און דעם באַסיין פון טוידטען מעער.

דיא טייכען, וועלכע פאַלען אַריין אין דאָס מיטעללענדישע
מעער, זיינען: דער טייך ליטאַני (Litany), נאָרדליך פון דער
שטאָדט צור; בעלום (Belus), עטוואָס זידליך פון דיזער שטאָדט;
נחל קישון (Kishon) אָד. וואַדי אל־מאַקאַטאַה
(Wady al-Makatah), פֿאַלט אַריין אין דעם בוזים פון עכו
נאָרדליך פון חיפה; דער בלויער טייך אָד. וואַדי
זערקאַ (Wady Zerka), שטראָמט אַרוים פון הר הכרמל און
פאַלט אַריין אין ים זידליך פון דור (טאַנטורא); דער גרינער
טייך אָד. אַל־אַחדר, פאַלט אַריין אין ים נאָרדליך פון אַל־
קאַיסאַריאַה (קיסריה); דער נחל קנה אָד. וואַדי קאַנאַה
(Wady Kanah), זידליך פון אַל־קאַיסאַריאַה; מֵי הירקון,
נאָרדליך פון יפו; נחל שורק (Sorek) אָד. וואַדי עס־סו־
ראַר (Wady es-Surar), זידליך פון יפו; נחל הבשור
(Besor) אָד. על שעריאַ (El-Sheria), ביי דער שטאָדט עזה;
נחל מצרים אָד. וואַדי על־עריש (Wady el-Erish),
צו זיד, צווישען פּאַלעסטינאַ און עגיפּטען.

*) דעם ים המלח רופען דיא אַראַבער באַהר לוט (Bahr Lut),
ד. ה. „לוט'ס אָזיערע". דיזער נאָמען האָט פיעללייכט אַ שייכות מיט דעם, וואָס
דיזע אָזיערע איז זעהר זאַלציג און לוט'ס ווייב — וויא דיא ביבעל ערצעהלט —
איז געוואָרען פערוואַנדעלט אין זאַלץ.

אין דאָס טוידטע מעער פאַלען אַריין: דער ירדן, וועלכער שטראָמט אַרויס פון הר חרמון (דעם הײַכסטען געבירג פון געגענד לבנון); דער נחל ארנון (Arnon) אָד. וואַדי מאָדזשעב (Wady Mojeb), צווישען מואָב און אדום; דער נחל זרד (Zered) אָד. וואַדי על־אַהסי (Wady el-Ahsy) און נאָך אַנדערע טייכען. דער ירדן געהט דורך דיא אָזיערע מרום (Merom) אָד. על חולעה (El-Huleh) און דעם ים פון טיבעריאַס און ער נעהמט אין זיך אויף פון ביידע אָפּטיילונגען פון פאַלעסטינאַ (אָסטליבע און וועסטליכע) מעהרערע טייכען. פון דער וועסטליכער זייט נעהמט דער ירדן אויף: דעם טייך בית־ברה אָד. וואַדי ביראַה (Wady Birah), דעם וואַדי פאַריעה און דעם נחל כרית אָד. וואַדי קעלט (Wady Kelt); פון דער אָסטליכער זייט: דעם טייך ירמוך אָד. נאַהר יאַרמוק (Nahr Yarmuk), דעם נחל יבק (Yabbak) אָד. וואַדי זערקאַ (Wady Zerka) און מי נמרים (Nimrim) אָד. נאַהר נימרין (Nahr Nimrin).

אויסער דיזע טייכען און אָזיערעס איז פאַלעסטינאַ רייך אין קוואַלען, איבערהויפּט צווישען דיא בערג. אין דיא ניעדריגע ערטער, וועלכע זיינען נאָהענט פון ים, ווערען געגראָבען ברונענס פיר וואַסער צום טרינקען און צום בעוועסערן דיא גערטנער. דיא טיעף פון דיא געגראָבענע ברונענס איז ניט איבעראַל גלייך. אין יפו איז דיא גרעסטע טיעפקייט 48 פוס און אין כאַנכע ערטער 32, 16 און זאָגאַר 10 פוס. אין דער קאָלאָניע „ראשון לציון“ (אָסטליך פון יפו) גרייכט דיא טיעף פון ברונענס ביז 130 פוס; אין „גדרה“ (אָסטליך פון „ראשון לציון“) — איבער 160 פוס. אין ירושלים, וועלכע איז צו הויך, איז אונמעגליך אויסצוגראָבען ברונענס; צום טרינקען ווערט דאָ בענוצט רעגען־וואַסער, וואָס ווערט געזאַמעלט אין גריבער אין ווינטער צייט.

קלימאט. — דער קלימאט פון פאלעסטינא איז מיטעלמע־
סיג ווארים, אבער וועגען דיא בערג און דיא טאלען איז ער ניט
איבעראל גלייך. אויף דיא ניעדערלענדער, וועלכע ליעגען בײ'ם
ברעג פון ים, איז ער מילד און אנגענעהם, ווייל אין זומער קומט
פון דעם מעער א פרישער, קיהלער ווינט. אויבען אויף דיא בערג
איז פיעל קיהלער און אייניגע טעג אין ווינטער פאלט דארטען זא־
גאר שנעע. אויף דעם בארג חרמון צוגעהט ניט דער שנעע ביז אין
מיטען זומער און אין אײניגע שפאלטען פון דיא בערג פערבלייבט ער
דעם גאנצען יאהר. אין דעם טאל פון ירדן איז דער קלימאט זעהר
ווארים, ווייל דיא בערג ארום לאזען דארטען ניט צוקומען דעם
ווינט פון ים. אויף דער וועסטליכער זייט פון ירדן איז דער קלימאט
פייכט, ווייל דיזער טייל איז נאהענט צום ים; אויף דער אסטליכער
זייט פון ירדן איז ער טרוקען, ווייל יענער טייל איז נעהענטער צום
מדבר און ווייט פון ים.

אין פאלעסטינא זיינען בלויז דא צוויי יאהרעס־צייטען: ווינ־
טער און זומער. דער ווינטער הייבט זיך אן אין חדש חשון, מאנכ־
מאל ענדע כסלו, און ענדיגט זיך אין חדש ניסן; דער זומער איז
פון חדש אייר ביז חשון. דעם גאנצען זומער איז דא ניטא קיין רע־
גען, נאר אין חדש אייר געהען מאנכמאל קליינע רעגענס. דיא
ערסטע העלפט פון זומער איז דיא צייט פון זעען; אנפאנגס ווערען
געזעעט דיא ווינטערדיגע תבואות: ווייץ, גערשטען, פייג־באהנען און
אנדערע, און צו ענדע פון דיזער תקופה ווערען געזעעט דיא זומער־
דיגע תבואות: מעלאנען, סעזאם (שומשמין), מאאיס און נאך אנ־
דערע. דיא צווייטע העלפט פון זומער איז דיא צייט פון שניט און
ווינ־זאמלונג. אין אנפאנג פון דיזער תקופה ווערען געשניטען גער־
שטען און ווייץ און צו ענדע ווערען אראפגענומען דער מאאיס און
דער סעזאם, דיא וויינטרויבען און דיא אוילבערטען.

ווינטער איז אין פּאַלעסטינאַ די צייט פון רעגענס. אָנפאַנגס גע־
העז מעסיגע רעגענס, וועלכע בעפייכטען דיא אויסגעטריקענטע ערד
און ברייטען זיא פאַר צום זעען. אין טבת און שבט, מאַנכמאָל אויך
אין אדר, געהען גוס־רעגענס מיט שטורמס, דונערן און בליצען אָפּט
פיר אַ וואָך נאָכאַנאַנד. ווען עס לייטערט זיך אויס צווישען אַזעלכע רע־
גענס נעהמען זיך דיא לאַנד־אַרבייטער צו זייערע פעלדער. אין אדר
און ניסן, אָפט אויך אין אייר, געהט אויך פיעל רעגען, אָבער דיא
לופט איז דאַן פיעל וואַרימער און דיא רעגענס זיינען זעהר מילדע.
דיזע לעצטע רעגענס זיינען זעהר גוט פיר דיא פעלדער. דיא רע־
גענס קומען דאָ געוועהנליך דורך אַ זיד־וועסטליכען ווינט פון מצרים.
זומער־צייט בלאָזט דעם גאַנצען טאָג אַ ווינט פון ים, וועלכער מאַכט
קיהלער דיא לופט. בלויז איניגע טעג, בעזאָנדערס צווישען פסח
און שבועות, בלאָזט דאָ דער סיראָקאָ אָדער חאַמסין (זעה ערסטען
באַנד, ז. 139), וועלכער קומט פון מזרח־זייט פון דעם מדבר און
ברייננט גרויסע היץ מיט טריקענעס.

פּראָדוקטען, אינדוסטריע א. ז. וו. — דער באָדען
פון פּאַלעסטינאַ איז זעהר פרוכטבאַר. דיא פלאַכלענדער און דיא
טאָלען פּראָדוצירען פיעל ווייץ, גערשטען, ס״זאַם (שומשמין), מאַ־
אים און נאָך אַנדערע געטריידע אַרטיקלען און פלאַנצען. אויף דיא
בערג ווערען געפלאַנצט וויינטרויבען, אוילבערטען, פייגען־בוימער
און אַנדערע מינים פרוכט־בוימער. דיזע בוימער ווערען אויך פּראָ־
דוצירט אין דיא טאָלען. צווישען דיא גערטנער און פרוכט־וועלדער
צייכנען זיך אויס דיא וויינ־גערטנער אין דיא אידישע קאָלאָניעס און
דיא וועלדער פון אוילבערטען אַרום לוד, רמלה, און אַנדערע ער־
טער. אין געגענדען וואו עס איז דאָ פיעל וואַסער פון טייכען און
אַזיערעס אָדער פון קוואַלען און ברונענס, ווערען געפלאַנצט אַזעלכע
בוימער, וואָס דאַרפען בעוואַסערט ווערען אין זומער־צייט: אתרוגים,

ציטראָנען, אַפּעלסינען. צווישען דיא גערטנער פון דיזע מינים בּוימער צייכנען זיך אויס דיא גערטנער פון יפו, וואדי חאַנין (קאָלאָניע בּיי יפו), צדון און אַנדערע ערטער.

פּאַלעסטינאַ איז אויך רייך אין מינעראַלען. פון דיא מינעראַל-קוואַלען צייכנען זיך בּעזאָנדערס אויס דיא קור-קוואַלען אין טיבּע־ריאַס (חמי־טבריה) און אין דער גאַנצער געגענד פון ירדן. אַרום דעם טוידטען מעער (ים המלח) איז דער בּאָדען רייך אין זאַלץ, אַספאַלט*) און נאָך אַנדערע מינעראַלען פון דעם סאָרט. מעטאַלען האָט מען דאָ נאָך ניט געפונען. אויך זיינען דאָ ניטאָ קיין קויהלען און אינדוסטריע איז דאָ דעריבּער הינטערשטעליג.

צווישען דיא אינדוסטריען פון פּאַלעסטינאַ צייכנען זיך בּעזאָנ־דערס אויס: דיא פּראָדוקציאָן פון וויין אין דיא קאָלאָניעס ראשון לציון, מקוה ישראל און זכרון יעקב; זייד אין דער קאָלאָניע ראש פּנה; בּלומענ-אויל אין דער קאָלאָניע יסוד המעלה. זייף אין שכם און לוד. אין פערשיעדענע שטעדט פון דעם לאַנד זיינען דאָ פיעלע מיהלען. אין ירושלים בּעשעפטיגען זיך פיעלע מיט מאַכען פערשיע־דענע אַרטיקלען פון אוילבּערט-האָלץ (עצי זית), וועלכע ווערען געקויפט פון אידען אין חוץ-לארץ אַלס אַנדענקען פון ארץ ישראל. מיט דיזער אַרבּייט בּעשעפטיגען זיך אידען און אויך ניט-אידען. אין בית-לחם ווערען געמאַכט אַרטיקלען פון פּערלמוטער. דיזע אַרבּייט ליעגט כּמעט אין גאַנצען אין ניט-אידישע הענט.

דיא וויכטיגסטע האַנדעל-שטעדט זיינען: עכּו אין נאָרד און יפו אין זיד. דיא שטאָדט יפו איז פערבּונדען מיט ירושלים דורך אַן אייזענבּאַהן, וועלכע איז דיא איינציגע אין דעם זידליכען טייל פון

*) וועגען דעם אַספּאַלט, וואָס געפינט זיך אין דיזער געגענד, ווערט דאָס טוידטע מעער בּעצייכענט מיט דעם נאָמען „אַספּאַלט-זעע“ (Lacus Asphaltites).

פּאַלעסטינאַ. דורך עכו און יפו ווערען אַרויסגעפיהרט נאָך אויסלאַנד די פּראָדוקטען פון ארץ ישראל: געטריידע, וויין, פרוכטען, וואָל, בוימעל, זייף און אַנדערע אַרטיקלען, און עס ווערען אַריינגעפיהרט די אַרטיקלען, וועלכע פעהלען דאָ, בעזאָנדערס פאַבריצירטע וואַארען: צייג פיר קליידער, מאַשינען, צוקער, אויסערדעם טעע, קאַפע, רייז א. ז. וו.

בעפעלקערונג. — די מעהרסטע איינוואוינער פון פּאַלעסטינאַ זיינען מאַחמעדאַנישע אַראַבער. אויסער די, וועלכע וואוינען אין די גרויסע שטעדט, ווערען זיי איינגעטיילט אין צוויי קלאַסען: אַנזעסיגע ערד־אַרבייטער, וועלכע ווערען אָנגערופען פּאַלאַחען, און וואַנדערנדע אַראַבער, וועלכע ווערען אָנגערופען בעדואינען. די בעדואינען וואוינען אין געצעלטען, בעשעפטיגען זיך מיט פיה־צוכט און טוואָס אויך מיט ערד־אַרבייט. זיי וואַנדערן פון אָרט צו אָרט צו זוכען פּאַשע פיר זייערע סטאַדעס. די מעהרסטע פון זיי געפינען זיך אויף דער אָסטליכער זייט פון ירדן און אַ קליינע צאָהל אויף דער וועסטליכער זייט. אין די שטעדט זיינען דאָ אויסער אַראַבער אויך טערקען, גריעכען, אַרמעניער און קריסטליכע אַראַבער. פיעלע קריסטען וואוינען אויך אין די דערפער און בעשעפטיגען זיך מיט אַגריקולטור, בעזאָנדערס אין דער נאַכבאַרשאַפט פון ירושלים און בית־לחם. די גאַנצע בעפעלקערונג צעהלט איבער אַ האַלב מיליאָן. צווישען דיזע זיינען דאָ אונגעפעהר 60,000 אידען, פון וועלכע איבער אַ העלפט וואוינען אין ירושלים און די איבריגע אין יפו, חברון, צפת (סאַפעד), טבריה (טיבעריאַס) און אין די קאָלאָניעס. אין די איבריגע שטעדט פון פּאַלעסטינאַ זיינען אידען כמעט גאַר ניטאָ אָדער אין זעהר אַ קליינער צאָהל. אין די קאָלאָניעס בעשעפטיגען זיי זיך מיט פערשיעדענע צווייגען פון אַגריקולטור און אין די שטעדט מיט האַנד־ווערק און האַנדעל.

אדמיניסטראַטיווע איינטיילונג, שטעדט, קאָלאָניעס. — אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט בילדעט פּאַלעס־טינאַ אַ טייל פון דעם ווילאַיעט שאַם אָד. דמשק (סיריען) און ווערט איינגעטיילט אויף פאָלגענדע אַרט.

דיא וועסטליכע זייט פון ירדן ווערט געטיילט אין צוויי אָפּ־טיילונגען: אַ זידליכע און אַ נאָרדליכע. דיא זידליכע אָפּטיילונג שליעסט איין דיא טערריטאָריע, וועלכע איז פאַרצייטען געוועזן דאָס לאַנד יהודה; דיא נאָרדליכע שליעסט איין דיא פאַרצייטיגע שומרון און גליל.

דיא זידליכע אָפּטיילונג בילדעט דעם סאַנדזשאַק ירושלים אָד. פּאַלעסטינאַ און ווערט רעגיערט פון אַ פּאַשאַ אָדער מוטע־סאַריף (גובערנאַטאָר), וועלכער זיצט אין דער שטאָדט ירושלים. צו דיזען סאַנדזשאַק געהערען דיא שטעדט יפו, עזה און חברון, וועלכע ווערען פערוואַלטעט פון קאַימאַקאַמען (וויצע־גובערנאַטאָרען), און דיא קלענערע שטעדט לוד, רַמְלֶה, בית לחם, יריחו. אַרום יפו געפינען זיך פאָלגענדע אידישע קאָלאָניעס: צו זיד — מקוה ישראל (מיט אַן אַגריקולטור־שולע), ראשון לציון, ואדי חנין, רחובות, עקרון, גְדֵרָה, בְּאֵר טוביה; צו נאָרד־אָסט — פתח תקוה מיט דער קליינער קאָ־לאָניע יהודיה. דיא מעהרסטע פון דיזע קאָלאָניעס געהערען צו דעם בעצירק יפו, נאָר גדרה און באר טוביה געהערען צו דעם בע־צירק עזה. אַרום ירושלים געפינט זיך דיא קליינע קאָלאָניע מוֹצָא און אונגעפעהר האַלב־וועג צווישען יפו און ירושלים געפינט זיך דיא גרויסע קאָלאָניע הַרְטוּב (אַרטוף).

דיא נאָרדליכע אָפּטיילונג ענטהאַלט דיא סאַנדזשאַקען שכם (נאַבלוס) און עכו. דיא ערשטע שליעסט איין דעם געבירג אפרים און אַ טייל פון דעם עמק השרון — דיא טעררימאָריע פון דער

פאַרצייטיגער שומרון. דיא הויפּט־שטאָדט פון דיזען סאַנדזשאַק איז שכם אָד. נאַבלוס, צווישען דיא בערג גריזים און עבל. דיא וויכטיגסטע שטעדט נאָך דיזער זיינען: דזשינין (עין גנים) און תּול כֶּרֶם, אין וועלכע עס זיצען קאימאַקאַמען. דער סאַנדזשאַק עכּו שליעסט איין דיא גאַנצע טערריטאָריע פון גליל. דיא הויפּט־שטאָדט איז עכּו; אַנדערע וויכטיגע שטעדט פון דיזען סאַנדזשאַק זיינען: חֵיפָה, טְבֶרְיָה, צְפַת (סאַפעד) און צידון. דיא אידישע קאָלאָניעס אין דער נאָרדליכער אָפּטיילונג זיינען: אין דעם בעצירק חיפה — זכרון יעקב (סמרין), שְׁפֶיָה, אָד. מאיר שפיה, אם־אַל־דזשאַמאַל אָד. בת־שלמה, חֶדֶרָה און קדימה (דיא לעצטע צוויי נאָהענט פון ים); אין דעם בעצירק טבריה — דיא קאָלאָניע סאַדזשעראַ; אין דעם בעצירק צפת — עין זיתים, ראש פּנה, משמר הירדן, יסוד המעלה, מתּולָה.

דיא אָסטליכע זייט פון דעם ירדן ווערט איינגעטיילט אין צוויי סאַנדזשאַקען: האוראַן (חורן) צו נאָרד און קייראַק צו זיד. דער סאַנדזשאַק האוראַן שליעסט איין דיא גאַנצע טערריטאָריע פון גולן און חורן. דער פּאַשאַ אָדער מוטעסאַריף זיצט אין דער שטאָדט שייך־סאַאַד. אין דיזען סאַנדזשאַק זיינען דאָ אידישע לאַנד־בעזיצונגען פיר אַקערבוי: דזשילין און סחם דזשאַולאַן. דאָס גאַנצע לאַנד זידליך פון האוראַן געהערט צום סאַנדזשאַק קייראַק. דיא הויפּט־שטאָדט פון דיזען סאַנדזשאַק איז קייראַק דיא פאַרצייטיגע קיר־מואָב. דיא וויכטיגסטע שטאָדט נאָך דיזער איז סאַלט אין דעם בּאַרג גלעד.

## 29. קאַפּיטעל.

# איראַן און טורקעסטאַן.

דיא בעצייכנונגען „איראַן“ און „טורקעסטאַן“.— פּאָליטישע איינטיילונ־
גען פון דיזע אַזיאַטישע געגענדען. — דיא איראַנישע לענדער:
פּערסיען, אַפגהאַניסטאַן, באַלוטשיסטאַן. — דיא טורקעסטאַ־
נישע מדינות: באָכאַראַ, חיוואַ.

מיט דעם נאָמען „איראַן“ ווערט בעצייכענט דאָס גרויסע בער־גיגע הויכלאַנד, וואָס ליעגט אין אַזיען צווישען דעם טייך אינדוס צו אָסט, דעם טיגרים (חדקל) און דעם קאַספּישען מעער צו נאָרד און דעם פּערסישען ים־בוזים צו וועסט. דיזע געגענד שליעסט איין דריי בעזונדערע מדינות: פּערסיען, אַפגהאַניסטאַן און באַלוטשיסטאַן, אָבוואָהל אָפיציעל ווערט מיט דעם נאָמען „איראַן“ בעצייכענט פּער־סיען אַליין.

„טורקעסטאַן“ איז דער נאָמען פון דער אַזיאַטישער געגענד, וועלכע ליעגט צווישען סיביר צו נאָרד, אַפגהאַניסטאַן צו זיד, דעם קאַספּישען מעער צו וועסט און טיבעט (כינאַ) צו אָסט. דער וועסט־ליכער טייל פון דיזער טעררימאָריע געהערט צו רוסלאַנד, דער אָסט־ליכער — צו כינאַ. דער וועסטליכער טייל שליעסט איין דיא צוויי מדינות באָכאַראַ און חיוואַ. טורקעסטאַן ווערט אויך בעצייכענט מיט דעם נאָמען טאַרטאַריי (Tartary).

דיא איראַנישע לענדער:

1. פּערסיען. — דיזע מדינה גרענעצט זיך צו נאָרד מיט זאַ־קאַווקאַז (רוסלאַנד), דעם קאַספּישען מעער און טורקעסטאַן, צו אָסט מיט אַפגהאַניסטאַן און באַלוטשיסטאַן, צו זיד־וועסט מיט דעם

פערסישען ים־בוזים און צו וועסט מיט אזיאטישער טערקיי. איהר שטח איז 628,000 קוו. מ.

דיא אויבערפלעך פון פערסיען איז צום גרויסען טייל בערגיג און טאפעל־לאנד. דיא הויפט געבירגען ליעגען צו נארד־וועסט (על־בורז) און וועסט (זאגראס). דיא געבירגען זיינען נאקעט און שרעקליך אויפ׳ן אויסזעהן. דער באָדען איז לייםיג און זאלציג און איז נאָר טויגבאר פיר בעארבייטונג דורך דיא טייכען פון דיא בערגען און דורך קינסטליכע בעוואסערונג. קיינער פון דיא טייכען איז גוט פיר פערקעהר פון שיפען. אין דעם אָסטליכען טייל ליעגט א גרויסער זאלץ־מדבר. אייניגע פרוכטבארע טאָלען און אָאזען ליעפערן פיעלע פערשיעדענע פראָדוקטען.

דער קלימאט פון פערסיען איז זעהר א טרוקענער. דאָס הייכלאנד האָט א לויטערען הימעל, א הייסען זומער, א קאלטען ווינטער און אין זומער קיין רעגען. דיא הויפט פראָדוקטען זיינען: ראָזען־אויל, פערל, זייד, געוועבטע שטאָפען, פערד, שאָף א. ז. וו.

דיא בעפעלקערונג פון פערסיען איז אונגעפעהר 9½ מיליאָן און זיא בעשטעהט גרעסטענטיילס פון טאדזשיקען (Tajiks), ד. ה. קינדער פון דיא פארצייטיגע מעדיער (איינוואוינער פון מדי), באקטריער, פערסיער און פארסען (פערסיער, וועלכע אנערקענען דיא רעליגיאָן פון זאראָאסטער). דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא מאחמעדאנישע פון דער שיאיטישער סעקטע. (וועגען דיזער סעקטע זעה ערסטען באנד, ז. 282.) דיא טאדזשיקען בעשעפטיגען זיך מיט אינדוסטריען (סאפיאן, זייד, טעפיכען, גאָלד־און זילבער־שטאָפען, צייג פון קעמעל־האָאר און ציעגענ־האָאר). דער האנדעל איז אין דיא הענט פון דיא ארמעניער, אינדיער און אייראָפעער. אידען זיינען דאָ ביי 50,000 און זיי געפינען זיך אין זעהר א קלעגליכער לאגע וועגען דעם ווילדען פאנאטיזמוס פון דיא פערסישע מאחמעדאנער.

דיא רעגיערונג פון פערסיען איז ביז ניט לאַנג צוריק געווען אַ דעספאָטישע מאָנאַרכיע פון דעם ערגסטען סאָרט. דער הערשער פון פון דעם לאַנד, דער שאַך (Shah), האָט געהאַט דאָס אַבסאָלוטע רעכט אויף דאָס לעבען און אייגענטום פון יעדען אונטערטאַן. אין 1908 איז געגען דיזען דעספאָטיזמוס געווען אַן אויפשטאַנד און דער שאַך מוזאַפפער־עד־דין האָט בעוויליגט אַ קאָנסטיטוציאָן. אין 1909 איז ווידער געווען אַן אויפשטאַנד געגען דעם שאַך, ווייל ער האָט זיך צוריק אָנגעהייבען פיהרען דעספאָטיש און האָט מיט געוואַלד צוטריעבען דעם פּאַרלאַמענט. אַלס רעזולטאַט פון דיזען אויפשטאַנד איז מוזאַפפער־עד־דין אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון טראָן און אָנשטאָט איהם איז ערקלערט געוואָרען אַלס שאַך זיין יונגער זוהן אַחמעד מירזאַ (געב. 1897).

פאָלקס אונטערריכט איז אין פערסיען נישקאָשעדיג פערברייטעט. עס זיינען דאָ מעהרערע העכערע לעהר־אַנשטאַלטען, אין וועלכע שטודענטען ווערען אונטערריכט אין רעליגיאָן, ליטעראַטור (פּערסישע און אַראַבישע), וויא אויך אין מאַנכע וויסענשאַפטליכע געגענשטענדען, און עס זיינען דאָ פיעלע שולען פיר קינדער. אַחוץ שולען זיינען דאָ פיעלע פּריוואַט־לעהרער. דער גרעסטער טייל פון פאָלק ווערט אָבער נאָר אונטערריכט אין לעזען דעם קאָראַן.

אַדמיניסטראַטיוו איז פערסיען אייגעטיילט אין פאָלגענדע 13 פּראָווינצען, וועלכע ווערען רעגיערט פון גענעראַל־גובערנאַטאָרען: אַזערבידזשאַן (Azerbijan), גילאַן (Gilan), מאַזאַנדעראַן (Mazanderan), חאָראַסאַן (Khorasan), קירמאַן (Kirman), מעקראַן (Mekran), לאַריסטאַן (Laristan), פאַרסיסטאַן (Farsistan), יעזד (Yezd), חוזיסטאַן (Khuzistan), לוריסטאַן (Luristan), איראַק אַדזשעמי (Irak Ajemi) און אַרדעלאַן (Ardelan).

דיא וויכטיגסטע שטעדטע אין פערסיען זיינען:

טעהעראַן (Teheran), הויפּט־שטאָדט און רעזידענץ פון שאַך, צייכענט זיך אויס מיט פיעלע פּאַלאַצען און שעהנע גערטנער, מיטעלפּונקט פיר האַנדעל מיט טעפּיכען, לעדער א. ז. וו., 280.000 איינוו.; קאַזבין אָד. קאַזווין (Kasbin, Kasvin), פּראָווינץ איראַק אַדזשעמי, וויכטיגער מיטעלפּונקט פון האַנדעל, 40,000 איינוו.; קאַשאַן (Kashan), זעלביגע פּראָווינץ, וויכטיגע מאַנופאַקטור־שטאָדט, 70,000 איינוו.; האַמאַדאַן (Hamadan), זעלביגע פּראָווינץ, דיא פאַרצייטיגע עקבאַטאַנא (הויפּט־שטאָדט פון מָדַי), 35.000 איינוו.; איספּאַהאַן (Ispahan), זעלביגע פּראָווינץ, אַמאָליגע הויפּט־שטאָדט פון פּערסיען, 90,000 איינוו.; אַסטראַבאַד (Astrabad), הויפּט־שטאָדט פון פּראָווינץ אַסטראַבאַד, אונגעפ. 10,000 איינוו.; טאַבריז (Tabriz), הויפּט־שטאָדט פון פּראָווינץ אַזערבידזשאַן, צווייטע שטאָדט פון פּערסיען און גרעסטער מיטעל־פּונקט פון האַנדעל, 180,000 איינוו.; שיראַז (Shiraz), הויפּט־שטאָדט פון פאַרסיסטאַן, צייכענט זיך אויס מיט איהר ראָזענ־אויל, אין מיטעל־אַלטער דער מיטעלפּונקט פון פּערסישער פּאָעזיע (געבורטס־אָרט פון דיא בעריהמטע דיכטער סאַאַדי און האַפיז), 32,000 איינוו.; שוש (Shush, Susa), דיא פאַרצייטיגע שושן, 25,000 איינוו.; בושיר אָד. אַבושעהר (Bushire, Abushehr), פּאָרט־שטאָדט אויף דעם פּערסישען בוזים, 15,000 איינוו.; מעשעד (Meshed), הויפּט־שטאָדט פון פּראָווינץ חאָראַסאַן, האַנדעל פון פּעלץ־וואַרג, 70,000 איינוו.

2. אַפגהאַניסטאַן. — דיא גרענעצען פון דיזער מדינה זיינען: צו נאָרד — רוסישע טורקעסטאַן, צו אָסט אינדיען, צו זיד — באַלוטשיסטאַן, צו וועסט — פּערסיען. איהר שטח איז אונ־געפעהר 279,000 קוו. מ.

דער נאָרדליכער און אָסטליכער טייל פון אַפגהאַניסטאַן איז הויך, רויה און בערגיג. דער וועסטליכער טייל, צו פּערסיען, איז אַ וויסטעניעס (דער מדבר סעדזשעסטאַן). דער קלימאַט איז זעהר פערשיעדען, אין אַלגעמיין זעהר אַ רויהער. דער באָדען איז אין גאַנ־צען גענומען ווייניג פרוכטבאַר; דאָס הויכלאַנד קאַבול איז דער פרוכטבאַרסטער טייל. די פּראָדוקטען זיינען די זעלביגע וויא אין פּערסיען.

דיא בעפעלקערונג איז אונגעפעהר 5 מיליאָן און זיא בעשטעהט גרעסטענטיילס פון אַפגהאַנען און טאַדזשיקען (פּערסיער). אין דער הינזיכט פון רעליגיאָן זיינען דיא איינוואוינער מאַהמעדאַנישע סונני־טען (זעה ערסטען באַנד, ז. 282). דיא פאָרם פון רעגיערונג איז אַ דעספּאָטישע; דער שאַך פון קאַבול איז אַן אונבעגרענצטער הערר־שער. דאָס לאַנד איז טיילס אונטער ענגלישען, טיילס אונטער רוסי־שען „איינפלוס". ענגלאַנד און רוסלאַנד רייסען זיך אימער אַרום וועגען דעם, ווער פון זיי עס האָט אַ גרעסערע דעה אין אַפגהאַ־ניסטאַן.

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין אַפגהאַניסטאַן זיינען: קאַבול (Kabul), רעזידענץ און פעסטונגס־שטאָדט, 60,000 איינוו.; קאַנ־דאַהאַר (Kandahar), אין מיטעל־אַפגהאַניסטאַן, 50,000 איינוו.; הערַאַט (Herat), פעסטונגס־שטאָדט, 100,000 איינוו.

3. באַלוטשיסטאַן. — דיזע טערריטאָריע ליעגט צווי־שען פּערסיען, אינדיען און אַפגהאַניסטאַן און שליעסט איין אַ שטח פון אונגעפעהר 130,000 קוו. מ.

דאָס לאַנד איז בערגיג און צום גרויסען טייל אַ וויסטעניעס. דיא איינוואוינער, וועלכע צעהלען אונגעפעהר 400,000, זיינען נאָ־מאַדישע (אַרומוואַנדערנדע) שבטים און סונניטישע מאַהמעדאַנער. דיא איינצעלנע שבטים שטעהען אונטער עלטסטע און זיינען אַלע

אונטערוואָרפען אונטער דעם חאַן פון חעלאַט. דיא הויפט=שטאָדט איז חעלאַט (Khelat), 18,000 איינוו.

באַלוטשיסטאַן איז אין איהרע אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען אונטער דער אויפזיכט פון ענגלאַנד.

(בעשרייבונגען פון דיא טורקעסטאַנישע מדינות באָחאַרא און חיווא ווערען געגעבען אין דיזען באַנד, ז. 294.)

---

## 30. קאפיטעל.

# הינדוסטאַן און אינדאָ=כינאַ.

לאַגע און שטח. — פאָרמען פון אויבערפלעך, קלימאַטען, פראָדוקטען. — בעפעלקערונגען. — פאָליטישע טיילען פון אינדוסטאַן: בריטיש=אינדיען, פראַנצויזישע און פאָרטוגעזישע בעזיצונגען. — פאָליטישע טיילען פון אינדאָ=כינאַ: בורמאַ, טאָנקין, סיאַם, אַננאַם, קאָמבאָדיאַ, קאָשינ=כינאַ.

---

הינדוסטאַן און אינדאָ=כינאַ זיינען צוויי האַלב=אינזלען פון זיד אזיען, פון וועלכע דיא ערסטע ליעגט צווישען דעם אַראַבישען מעער און דעם בוזים פון בענגאַל און שטעקט אַרוים אין דעם אינדישען אָקעאַן ביז איינינע גראַד פון דעם עקוואַטאָר, אין דיא צווייטע ליעגט צווישען דעם בוזים פון בענגאַל און דעם כינעזישען מעער און גרייכט מיט זיין זידליכען טייל (מאַלאַקקאַ) ביז גאַר נאָהענט פון דעם עקוואַטאָר. דער שטח פון הינדוסטאַן איז איבער 1½ מיליאָן קוו. מ., פון אינדאָ=כינאַ אונגעפעהר 800,000 קוו. מ.

דיזע צוויי האַלב=אינזלען ווערען אָפט צוזאַמען בעצייכענט אַלס אינדיען (India) און אין בעצוג אויף דעם טייך גאַנגעס, וועלכער

שטראָמט צווישען דיזע ביידע צו דעם בוזים פון בענגאַל, ווערט הינדוסטאַן, וועלכע ליעגט אויף דער וועסטליכער זייט פון טייך, בעצייכענט אַלס פאָרדער־אינדיען (Hither India), און אינ־דאָ־כינאַ, וועלכע ליעגט אויף דער אָסטליכער זייט פון טייך — אַלס הינטער־אינדיען (Further India). אין געגענזאַץ צו וועסט אינדיען פון אַמעריקאַ ווערט דיא אַזיאַטישע אינדיען (אָביזאָהל ניט גענוי אין גאַנצען) אָפט בעצייכענט אַלס אָסט אינדיען (East India).

פאָלגענדע זיינען בעזונדערע בעשרייבונגען פון דיא צוויי אינ־דישע האַלב־אינזלען.

1. הינדוסטאַן. — דיזע האַלב־אינזעל האָט צו נאָרד דיא הימאַלאַיאישע בערג, וועלכע זונדערן זיא אָפּ פון טיבעט (כינאַ). איהר מיטעלער טייל, וועלכער איז אַ הויכעס טאַפעל־לאַנד, טראָגט דעם נאָמען דעקקאַן אָדער דעקהאַן (Deccan, Dekhan). זיא האָט זעהר אַ וואַרימען קלימאַט און פיעל רעגען. דיא הויפּט טייכען זיינען דער גאַנגעס (Ganges) און דער אינדוס (Indus), וועלכע שטראָמען אַרויס פון דעם פוס פון דיא הימאַלאַיאישע בערג; דיא וויכטיגסטע טייכען אייסער דיזע זיינען: נאַרבאַדאַ (Narbada), טאַפּטי (Tapti), מאַהאַנדי (Mahandi), גאָדאַוואַרי (Godavari), קרישנאַ (Krishna). דער באָדען איז זעהר פרוכטבאַר און רייך אין מינעראַלען און מעטאַלען. דיא פּראָדוקטען זיינען: רייז, געטריידע־אַרטיקלען, געווירצען, באַוועל, אָפּיום, אינ־דיגאָ, טאַבאַק, טעע, טייערע האָלצען א. ז. וו.

דיא איינוואוינער פון הינדוסטאַן (הינדוס), צעהלען 284 מי־ליאָן און זיי זיינען פון צוויי ראַסען: אַריער און דראַווידען (דיא לעצטע זיינען אַ דונקעל־פאַרביגע ראַסע). דיא אַרישע הינדוס רע־דען פערשיעדענע שפּראַכען, וועלכע שטאַמען פון דעם פאַרצייטיגען

סאַנסקריט; דיא דראַווידען רעדען גאַנץ אַנדערע שפּראַכען: טאַמיל און טעלוגו. אין רעליגיאָן זיינען אונגעפעהר דריי פערטעל אַנ־הענגער פון בראַהמאַאיזמוס (זעה ערסטען באַנד, ז. 282—284). נאָך דער בראַהמינישער רעליגיאָן איז אַם מעהרסטען פערברייטעט דיא מאַחמעדאַנישע. דיא צאָהל פון קריסטען איז ניט בעדייטענד. אידען זיינען אין הינדוסטאַן דאָ זעהר וועניג — אין גאַנצען קוים 20,000. מערקווירדיג צווישען זיי זיינען דיא אור־געבירטיגע אידען אין דעם וועסטליכען טייל פון אינדיען, וועלכע רופען זיך אָן „בני ישראל" און צעהלען אונגעפעהר 5,000 נפשות. מאַנכע פון דיזע „בני ישראל" זיינען דונקעל־פאַרביג. דיא הויפּט בעשעפטיגונג פון דיא הינדוס איז אַגריקולטור. בערג־בוי איז דאָ וועניג ענטוויקעלט. פיעלע אייזענ־באַהנען און טעלעגראַפישע ליניעס ציהען זיך איבער גאַנץ הינדוסטאַן.

הינדוסטאַן געהערט אין גאַנצען צו ענגלאַנד, אויסער אייניגע קליינע טיילען, וועלכע זיינען בעזיצונגען פון פראַנקרייך און פון פּאָרטוגאַל. אַלס ענגלישע בעזיצונג ווערט הינדוסטאַן אָנגערופען בריטיש־אינדיען (British India) אָדער אינדישע אימ־פּעריע (Indian Empire); אונטער דיזען נאָמען ווערט אָבער אויך אַריינגערעכענט בורמאַ (Burma), אַ שטיק נאַכבאַרשאַפט־ליכע טערריטאָריע פון דער האַלב־אינזעל אינדאָ־כינאַ.

בריטיש־אינדיען ווערט אַדמיניסטראַטיוו איינגעטיילט אין 15 פּראָווינצען. 2 פון דיזע — מאַדראַס (Madras) און באָמביי (Bombay) — הייסען פּרעזידענטשאַפטען (presidencies) און ווערען רעגיערט פון גובערנאַטאָרען; 5, נעמליך: בענגאַל (Bengal), אַגראַ און אודה (Agra and Oudh), פּאַנדזשאַב (Panjab), בורמאַ (Burma), אָסט בענגאַל (Eastern Bengal), זיינען ליטענאַנט־גובערנאַטאָרשאַפטען (lieutenant-

governorships) [ווערען רעגיערט פון וויצע-גובערנאַטאָרען]; דיא איבריגע — אַססאַם (Assam), צענטראַל-פראָווינצען (Central Provinces) א. ז. וו. — זיינען אויבער-קאָמיסאַר-שאַפטען (chief commissionerships) [ווערען רעגיערט פון אויבער-קאָמיסאַרען]. דיזע אַלע שטעהען אונטער דעם ענגלישען גענעראַל-גובערנאַטאָר אָדער וויצע-קעניג (Viceroy), וועלכער זיצט אין קאַלקוטטאַ. אין הימאַלאַיאַ ליעגען 4 זעלבסטשטענדיגע אינדישע מדינות, וועלכע שטעהען בלויז אונטער ענגלישער אויבערהערשאַפט; דיזע זיינען: קאַשמיר (Cashmere), נעפאַל (Nepal), סיקהים (Sikhim), בהוטאַן (Bhutan).

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין בריטיש-אינדיען זיינען:

קאַלקוטטאַ (Calcutta), אין דער פראָווינץ בענגאַל, הויפט-שטאָדט פון דער אינדישער אימפעריע, גרויסער מיטעלפונקט פון האַנדעל, 848,000 אַיינוו.; פאַטנאַ (Patna), אויף דעם גאַנגעס, האַנדעל פון אָפיום און טעפיכען, 135,000 אַיינוו.; אַגראַ (Agra), פראָווינץ בענגאַל, 188,000 אַיינוו.; בענאַרעס (Benares), אויף דעם גאַנגעס, הייליגע שטאָדט פון דיא הינדוס, 209,400 אַיינוו.; דעלהי (Delhi), אויף דער דזשעממאַ, 208,500 אַיינוו.; לוקנאַו (Lucknow), פראָווינץ אודה, 264,000 אַיינוו.; באָמביי (Bombay), ים-פאָרט, גרויסער מיטעלפונקט פיר האַנדעל פון באַוועל, טעע און קאַפע, 776,000 אַיינוו.; סוראַטע (Surate), פראָווינץ באָמביי, 118,500 אַיינוו.; אַללאַהאַבאַד (Allahabad), ביי'ם צוזאַמענפלוס פון גאַנגעס און דזשעממאַ, 172,000 אַיינוו.; מאַדראַס (Madras), פאַבריקאַציאָן פון „מאַדראַס" (אַ מין האַלב-זיידענער שטאָף), 510,000 אַיינוו.; האַידעראַבאַד (Haiderabad), 449,000 אַיינוו.; לאַהאָרע (Lahore), הויפט-שטאָדט פון פאַנדזשאַב, 203,000 אַיינוו.

צו בריטיש-אינדיען געהערט נאָך דיא אינזעל ציילאָן (Ceylon), וועלכע ליעגט צו זיד-אָסט פון הינדוסטאַן. דיזע אינזעל צייכענט זיך אויס מיט גרויסער פראָדוקציאָן פון קאַפע און טעע. דיא איינוואוינער זיינען בודדהיסטען; אין דעם נאָרדליכען טייל זיי־נען דאָ פיעלע אַריבערגעקומענע הינדוסען, וועלכע רעדען דיא טאַ־מיל שפּראַך (דראַווידען). דיא הויפּט-שטאָדט איז קאָלאָמבאָ (Colombo), צו זיד-וועסט, 130,000 איינוו.

דיא פראַנצויזישע בעזיצונגען אין הינדוסטאַן זיינען: אויף דעם אָסטליכען ברעג — פּאָנדיטשעררי (Pondicherry), טשאַנ־דעראַגאָר (Chanderagor), יאַנאָן (Yanon) און קאַריקאַל (Karikal); אויף דעם וועסטליכען ברעג (מאַלאַבאַר) — מאַהע (Mahe). זייער צוזאַמענגענומענער שטח איז 275 קוו. מ.; בעפעל־קערונג, 276,000.

דיא פּאָרטוגעזישע בעזיצונגען זיינען: גאָאַ (Goa) און דאַ־מאַאָ (Damao) אויף דעם וועסטליכען ברעג און דיא אינזעל דיאו (Diu) ביי דיזען ברעג. (פיר סטאַטיסטיק פון דיזע בעזיצונגען זעה דיזען באַנד, ז. 308.)

2. אינדאָ-כינאַ. — דיא איבערפלעך פון דיזער האַלב־אינזעל איז בערגיג און צום טייל נאָך וועניג בעקאַנט. דער קלימאַט איז זעהר אַ וואַרימער, בעזאָנדערס אין דיא טיעפע טאָלען, וואו דיא לופט איז זעהר שטיקענד. דיא פּראָדוקטען פון דעם לאַנד זיינען רובינען און סמאַראַגדען (עדעל-שטיינער), רייז, אָפּיום, אינדיגאָ, טיק-האָלץ, זייד, ציעגען, פערד, קעמלען א. ז. וו.

דיא איינוואוינער פון אינדאָ-כינאַ זיינען מאָנגאָלען און ווערען אונטערשיעדען אין דריי גרופּעס: דיא בורמאַנען, דיא סיאַ־מעזען און דיא אַנאַמיטען. זייער רעליגיאָן איז מעהרסטענס דיא בודדהיסטישע.

אינדאָ־כינאַ איז פּאָליטיש געטהיילט אין דריי טהיילען, נעמליך: די פראַנצויזישע בעזיצונגען, דאָס קעניגרייך סיאַם (Siam) און בריטישע בורמאַ (British Burma).

די פראַנצויזישע בעזיצונגען שליעסען איין פאָלגענדע טהיילען פון אינדאָ־כינאַ: טאָנקין (Tonkin), אין נאָרד־אָסט (שטח, 34,740 קוו. מ.; בעפ., 7 מיליאָן), הויפּט־שטאָדט האַנאָי (Hanoi), 150,000 איינוו.; אַננאַם (Annam), אין אָסט (שטח, 27,000 קוו. מ; בעפ., 6 מיליאָן), הויפּט־שטאָדט הוע (Hué), 30,000 איינוו.; קאַמבאָדיאַ (Cambodia), אין זיד־אָסט (שטח, 38,600 קוו. מ.; בעפ., 1,100,000), הויפּט־שטאָדט פּנאָם־פּען (Pnom-Penh), 30,000 איינוו.; קאָשינ־כינאַ (Cochin-China), אין זיד (שטח, 23,082 קוו. מ.; בעפ., 2,900,000), הויפּט־שטאָדט סאַיגאָן (Saigon), 51,000 איינוו. אין קאָשינ־כינאַ זיינען דאָ אור־געבּירטיגע אידען, אונגעפעהר 1,100 נפשות. זיי זיינען פון זעלביגען מין וויא די „בני ישראל“ אין אינדיען.

דאָס קעניגרייך סיאַם ליעגט אין דעם וועסטליכען טהייל פון אינדאָ־כינאַ. דער שטח פון דיזער מדינה איז אונגעפ. 200,000 קוו. מ.; בעפ., 5,197,000. איהר הויפּט־שטאָדט איז באַנגקאָק (Bangkok), 600,000 איינוו. די פאָרם פון רעגיערונג איז אַן אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע. די געזעצ־געבענדע מאַכט איז אין די הענט פון דעם קעניג מיט אַ שטאַאַטס־ראַט און אַ מיניסטעריום. סיאַם פיהרט אַ בעדייטענדען אויסלענדישען האַנדעל, וועלכער ליעגט אין די הענט פון כינעזער. די הויפּט עקספּאָרט־אַרטיקלען זיינען: רייז, צוקער, פעפער, סעזאַם (שומשמין), האָלצען, פעל, קאַרדאַמאָם (אַ מין געווירץ), רויהע זייד, באַוועל און העלפאַנד־ביין.

בריטישע בורמאַ ליעגט אין דעם זיד־אָסטליכען טהייל פון אינדאָ־כינאַ. זיא ווערט געטהיילט אין אויבער־בורמאַ

(Upper Burma) און אונטער־בורמאַ (Lower Burma). דער שטח פון דיזער טערריטאָריע איז 171,430 קוו. מ.; בעפ., 8 מיליאָן. דיא וויכטיגסטע שטאָדט איז ראַנגון (Rangun), דיא הויפּט־שטאָדט פון אונטער־בורמאַ, 235,000 איינוו.

אין דעם שמאָלען זידליכען טייל פון אינדאָ־כינאַ, וועלכער בילדעט דיא מאַלאַאישע האַלב־אינזעל (מאַלאַקקאַ), זיינען דאָ קליינע מדינות, וועלכע שטעהען אונטער ענגלישען שוץ. דיא איינוואוינער פון דיזע מדינות זיינען מאַלאַיער און כינעזער, וועלכע זיינען מעהרס־טענס ים־רויבער. צום סאַמע זיד פון דער מאַלאַאישער האַלב־אינזעל איז סינגאַפּאָר (Singapore), אַ וויכטיגער ענגלישער האַפען, 185,000 איינוו. צו דיא ענגלענדער געהערען אויך דיא אַנדאַ־מאַנען־אינזלען (Andamans) און דיא ניקאָבאַרען (Nicobars) אין דעם בוזים פון בענגאַל, אָסטליך פון דער מאַלאַי־אישער האַלב־אינזעל.

## 32. קאַפּיטעל.

# כינא און יאַפּאַן.

דיא כינעזישע אימפּעריע. — בעזיצונגען פון דיא אייראָפּעאישע מעכ־טע אין דיזער מדינה. — דאָס יאַפּאַנעזישע קייזער־רייך. — דאָס קעניגרייך קאָרעאָ. — דיא אינזעל פאָרמאָסאַ.

כינאַ און יאַפּאַן בילדען דעם אָסטליכען טייל פון אַזיען און ווערען אין געגענזאַץ צו דיא מדינות פון וועסט אַזיען בעצייכענט אַלס דער „ווייטער מזרח“ (Far East). דיא ערסטע געפינט זיך אויף דעם קאָנטינענט, דיא צווייטע ליעגט אויסערהאַלב דעם קאָנ־טינענט און בעשטעהט פון אַ גרופּע אינזלען אין דעם שטילען מעער

(דיא יאַפּאַנישע אינזלען). היער זיינען בעזונדערע בעשרייבונגען פון דיזע צוויי מדינות.

כינאַ. — דיזע מדינה ליעגט צווישען 15′ 18° — 25′ 41° נאָרדליכע ברייט און 30′ 70° — 40′ 122° אָסטליכע לענג. דער שטח פון דער גאַנצער אימפּעריע איז 4,218,401 קוו. מ.

דיא כינעזישע אימפּעריע איז געטיילט אין דריי גרויסע אָפּטיילונגען, נעמליך: מאַנטשוריאַ (Manchuria), געבורטס-אָרט פון דער הערשענדער פאַמיליע, וועלכע שליעסט איין דריי פּראָווינצען; דיא אייגענטליכע כינאַ (China proper), וועלכע שליעסט איין נײנצעהן פּראָווינצען; דיא אונטערוואָרפענע לענדער, נעמליך: מאָנגאָליאַ (Mongolia), דזונגאַריאַ (Dzungaria), טיבעט (Tibet), אָסט טורקעסטאַן (East Turkestan) א. ז. וו.

דיא אויבערפלעך פון כינאַ איז גרעסטענטיילס אויפגעהויבען און בערגיג, אָבער עס זיינען אויך דאָ גרויסע פלאַכלענדער און ניעדערלענדער. דיא גרעסטע טייכען זיינען: דער האָאַנג-האָ (Hoang-Ho) אָדער געלער טייך (Yellow River), צו נאָרד-אָסט, און דער יאַנג-טסע-קיאַנג (Yang-tse-Kiang), צו זיד. דער יאַנג-טסע-קיאַנג איז איינער פון דיא בעסטע טייכען אין דער וועלט פיר דעם פערקעהר פון שיפען און האָט דריבער אויף זיינע ברעגען פיעלע פון דיא גרעסטע שטעדט פון כינאַ. א טייל פון דער בעפעלקערונג לעבט אין שיפען, וועלכע ליעגען געאַנקערט ביי דיא ברעגען פון דיזען טייך.

דער קלימאַט פון כינאַ איז פערשיעדען לויט דער נאָרדליכער און זידליכער ריכטונג. אין דעם נאָרדליכען טייל זיינען לאַנגע וואַרימע, רעגענדיגע זומערן און לאַנגע טרוקענע, קאַלטע ווינטערן; אין דעם זידליכען טייל געהען דיא וועטערן דורך מעהרערע שטופען.

דיא הויפּט פּראָדוקטען פון לאַנד זיינען: גאָלד, זילבער און אַנדערע מעטאַלען, מינעראַלען, פאַרבען, געטריידע, רייז, זידליכע פרוכטען, טעע, אינדיגאָ, טאַבאַק, וויין, באַוועל, צוקער, קאַמפער, באַמבוס-ראָהר, רהעבאַרבער, קעמלען, פערד, רינדער, זייד-ווערים א. ז. וו.

דיא בעפעלקערונג פון כינאַ צעהלט 425 מיליאָן און געהערט צו דער מאָנגאָלישער ראַסע. דיא הויפּט רעליגיאָנען פון לאַנד זיינען דריי: דיא רעליגיאָן פון קאָנג-פו-צע אָד. קאָנפוציאַניזמוס (רעליגיאָן פון דיא געבילדעטע); דיא רעליגיאָן פון פאָ אָד. בודדהיזמוס (פון דעם קייזערליכען הויף); דיא לעהרע פון לאָא-צע אָד. טאַאָאיזמוס (דיא עלטעסטע פאָלקס-רעליגיאָן). פיעלע אַנערקענען אַלע דריי רעליגיאָנען, אָבער דיא מעהרסטע זיינען בודדהיסטען. אויסער דיזע זיינען דאָ אין כינאַ אונגעפעהר 30 מיליאָן מאַהמעדאַנער און ביי אַ מיליאָן קריסטען (רוימישע קאַטאָליקען). דיא כינעזער אונטערשיידען זיך זעהר פיעל פון אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט מיט זייערע מנהגים, זייער עסען און טרינקען און זייער קליידונג. זאָנדערבאַר איז אויך דיא כינעזישע שפּראַך, וועלכע בעשטעהט אין גאַנצען פון איינזילביגע ווערטער (וויא: טשינג, פו, קיאַנג א. ז. וו.). דיא הויפּט בעשעפטיגונג איז אַגריקולטור, דיא כינעזער זיינען זעהר פלייסיגע אַרבייטער און ניצען אוים דעם באָדען פיעל מעהר וויא אירגענד אַן אַנדערעס אַגריקולטור-פאָלק. איינער פון דיא וויכטיגסטע פּראָדוקטען פון לאַנד איז טעע. דיא כינעזישע אינדוסטריען זיינען פאַפּיער, פאָרצעלאַן, זייד און באַוועל. שיעס-פולווער, דער קאָמפּאַס און דרוק-קונסט זיינען שוין ביי דיא כינעזער געווען לאַנג בעקאַנט איידער זיי זיינען ערפונדען געוואָרען אין אייראָפּאַ. דיא פאָרם פון רעגיערונג איז אַ דעספּאָטישע מאָנאַרכיע, דער קייזער איז ניט נאָר דער וועלטליכער, נאָר אויך דער גייסטליכער הערשער. (וועגען דיא כינעזישע רעליגיאָנען

און דער ראָלע פון דעם כינעזישען קייזער זעה ערסטען באנד, ז. 285—286).

דיא וויכטיגסטע שטעדט אין כינא זיינען: פעקינג (Peking), הויפט־שטאָדט פון דער אימפעריע, בעזיצט אַן אָבסערוואַטאָריום, ביבליאָטעקען, שעהנע מאָנומענטען און פיעלע „פאַגאָדעס“ (טעמפּ־לען), פון 600,000 ביז 1,650,000 איינוו.; טיענציין (Tientsin), פאָרט אויף דעם פעי־האָ, 900,000 איינוו.; נאַנקינג (Nanking), פאָרט אויף דעם יאַנג־טסע־קיאַנג, פון 250,000 ביז 500.000 איינוו.; שאַנגהאַי (Shanghai), אויף דעם האָאַנג־פּאָ, גרעסטער מיטעל־פונקט פון האַנדעל צווישען כינא און איראָפּא, 620,000 איינוו.; האַנג־טשאָו (Hangchow), וויכטיגער מיטעלפונקט פון אינ־דוסטריע, 600,000 איינו.; טשאָו־טשאָו (Chow-Chow), 1,000,000 איינוו.; סוטשאָו (Soochow), מיטעלפונקט פון האַנ־דעל און מאַנופאַקטור, 1,000,000 איינוו.; נינג־פאָ (Ningpo), מיטעלפונקט פון זייד־אינדוסטריע, 260,000 איינוו.; פו־טשאָו (Futchow), אַ ים־פּאָרט, 636,000 איינוו.; אַמאָי (Amoy), פאָרט־שטאָדט, 96,000 איינוו.; ניו־טשוואַנג (Niu-Chwang), מיטעלפונקט פון פאָרצעלאַן־אינדוסטריע, 300,000 איינוו.; קאַנ־טאָן (Canton), וויכטיגער פאָרט, איינע פון דיא הויפט האַנדעל־שטעדט, 2,000,000 איינוו.; האַנקאָו (Hankow), פאָרט־שטאָדט, 800,000 איינוו.; מוקדען (Mukden), אין מאַנטשוריא, זייד־אינ־דוסטריע און פעלצ־וואַרג, ענטהאַלט דיא קברים פון דער קייזער־ליכער פאַמיליע פון כינא, 170,00 איינוו.

צוויי קליינע שטיקלאַך טעררירטאָריע אין דעם זידליכען טייל פון כינא געהערען צו איראָפּעאישע מדינות; דיזע זיינען: דיא אינ־זעל האָנג־קאָנג (Hongkong), אַ בעזיצונג פון ענגלאַנד, און מאַקאַאָ (Macao), אַ פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע. אין דער לעצטער

צייט האָט כינאַ פער קאָנטראַקט אויף 99 יאָהר אָפּגעטרעטען פאָל־גענדע פונקטען: דעם בעפעסטיגטען האַפען וועי־האַי־וועי (Wei-hai-wei) צו ענגלאַנד; דעם האַפען קיאַו־טשאָו (Kiau-Chow), אויף דער אינזעל שאַנטאָנג, צו דייטשלאַנד; דעם קריעגס־האַפען פּאָרט אַרטהור (Port Arthur) און דעם האַפען טאַ־ליענוואַן (Talienwan) צו רוסלאַנד. (פּאָרט אַרטהור האָט יאַ־פּאַן אָפּגענומען פון רוסלאַנד אין דער מלחמה פון 1904.)

דער נאָרד־אָסטליכער טהייל פון כינאַ שטעקט אַרויס מיט אַ שטריך לאַנד אין דעם יאַפּאָנישען און געלען מעער. דיזער שטריך איז דיא האַלב אינזעל קאָרעאַ (Korea), וועלכע איז בעזעצט פון אַ בעזונדער פאָלק (קאָרעאַנער) און בילדעט אַ בעזונדערע מדינה. דער שטח פון קאָרעאַ איז 82,000 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג איז אונגעפעהר 10,000,000. דיא קאָרעאַנער זיינען פון דער מאָנ־גאָלישער ראַסע, וויא דיא כינעזער, און אנערקענען דיא קאָנפוציישע און בודדהיסטישע רעליגיאָנען. דיא הויפּט־שטאָדט איז סעאול (Seoul), מיט דעם האַפען טשעמולפּאָ (Chemulpo), 193,000 איינוו. צוליעב אונאייניגקייט וועגען דיזער מדינה איז ענטשטאַנען דיא מלחמה צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן אין 1904. נאָכ'ן קריעג, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט אַ זיעג פיר יאַפּאַן, איז קאָרעאַ אַרונטער אונטער יאַפּאַנעזישער איבערהערשאַפט. ניט לאַנג צוריק האָט יאַפּאַן אַראָפּגעזעצט דעם קאָרעאַנישען קעניג און דיא מדינה ערקלערט פיר אַ טהייל פון דער יאַפּאַנעזישער אימפּעריע. פאַר דעם יאַפּאַנעזיש־רוסישען קריעג איז קאָרעאַ געשטאַנען אונטער דער איי־בערהערשאַפט פון כינאַ.

2. יאַפּאַן. — דיזע מדינה ליעגט צו אָסט פון כינאַ צווי־שען דעם יאַפּאָנישען מעער און דעם שטילען אָקעאַן און זיא בע־שטעהט פון דיא אינזלען ניפּאָן (Nipon), יעזאָ (Yezo), שי־

קאָקו (Shikoku), קיאושיאו (Kiushiu), דיא קורילישע אינזלען (.Kurile Isls) און זעהר פיעלע (בײ 4,000) קלענערע. צו איהר געהערט אויך דיא אינזעל פאָרמאָסאַ (Formosa), וועלכע ליעגט צו אָסט פון כינאַ אין דעם כינעזישען מעער. דיזע אינזעל האָט פריהער געהערט צו כינאַ און איז איבערגעגאַנגען אין דעם בעזיץ פון יאַפּאַן אַלס רעזולטאַט פון דעם יאַפּאַנעזיש־כינעזישען קריעג פון 1895. דער שטח פון יאַפּאַן (אָהן פאָרמאָסאַ) איז 147,655 קוו. מ.

דיא אינזלען פון יאַפּאַן זיינען וואולקאַנישע און בערגיגע און זיינען אַרומגערינגעלט פון אַ שטורמדיגען מעער. דער באָדען איז שטיינערדיג, אָבער ער ווערט זעהר פלייסיג בעאַרבייטעט. דער קלימאַט איז צו פערדאַנקען דער ווירקונג פון דעם וואַרימען שטראָם קוראָ־סיוואָ (זעה ערסטען באַנד, ז. 230) מילד און גלייכמעסיג. דער אַננענעהמסטער קלימאַט איז אויף דיא באָנין־אינזלען (Bonin Isls.) און דעם גאָרדליכען טייל פון דעם שטילען מעער. דיא פּראָדוקטען זיינען דיא זעלביגע וויא אין כינאַ און אויסער דעם נאָך פערל־מושעלן און וואַל־פישען.

דיא יאַפּאַנעזער זיינען דאָס געבילדעטסטע פאָלק פון דער מאָנגאָלישער ראַסע. לעזען און שרייבען איז בײ זײ אַלגעמיין פערברייטעט. זייער רעליגיאָן איז דער בודדהיזמוס, אָבער זײ אַנערקענען נאָך דערבײ דעם שינטאָאיזמוס (זעה ערסטען באַנד, ז. 286). דיא בעשעפטיגונגען פון דיא יאַפּאַנעזער זיינען אַגריקולטור און פאַבריקאַציאָן פון זייד, באַוועל, מעטאַל־אַרטיקלען און לאַקירטע וואַארען. דיא הויפּט־עקספּאָרטען זיינען: זייד, טעע, רייז, קויהלען, קופּער, פיש, לאַקיר א. ז. וו. דיא בעפעלקערונג פון יאַפּאַן (אויסער קאָרעאַ) איז איבער 45 מיליאָן.

דיא רעגירונג פון יאַפּאַן איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע מיט אַ קייזער (מיקאַדאָ), מיניסטעריום און אַ פּאַרלאַמענט, וועלכער

בעשטעהט פון אַ הויז פון אדעליגע און אַ הויז פון געװעהלטע פערטרעטער פון פאָלק. אַדמיניסטראַטיװ איז דאָס לאַנד געטײלט אין 3 הױפּט טײלען, װעלכע װערען אָנגערופען „פו“, און 43 קלענערע טײלען, װעלכע װערען אָנגערופען „קען“ (פּרעפעקטורע). עס איז אױך דאָ אַ פּאָליטישע אײנטײלונג אין 45 פּראָװינצען.

דיא װיכטיגסטע שטעדט אין יאַפּאַן זײנען: טאָקיאָ (Tokio), אױף דער אינזעל ניפּאָן, הױפּט-שטאָדט און רעזידענץ פון דעם מיקאַדאָ, 1,270 000 אײנװ.; יאָקאָהאַמאַ (Yokohama), הױפּט האַנדעל-האַפען, 170 000 אײנװ.; קיאָטאָ (Kioto), פּאַרצײטיגע רעזידענץ פון דעם מיקאַדאָ, 340,000 אײנװ.; אָסאַקאַ (Osaka), האַנדעל-שטאָדט, 480.000 אײנװ.; נאַגאַסאַקי (Nagasaki), האַפען-שטאָדט, 70,000 אײנװ.

---

## 34. קאַפּיטעל.

# דיא מאַלאַיאישע אינזלען.

דער מאַלאַיאישער ארכיפּעלאַג. — נאַטור פון דיא אינזלען און זײערע אײנװאױנער. — פּאָליטישע פערטײלונג. — האָללענדיש-אינדיען. — בריטישע אָסט-אינדיען.

צו זיד און זיד-אָסט פון אַזיען ביז אונגעפעהר 10° זידליכע ברײט ליעגען צו-װאָרפען זעהר פיעלע אינזלען, גרױסע און קלײנע, װעלכע װערען צוזאַמען בעצײכענט אַלס מאַלאַיאישער ארכיפּעלאַג (Malay Archipelago), מאַלאַיזיא (Malaisia) אָדער אָסט אינדיען (East Indies). דיעזע אינזעל-גרופּע שליעסט אײן אונטער אַנדערע דיא פיליפּפּינען (Philippines), דיא מאָלוקקען (Moluccas) און דיא אינזלען סומאַטראַ (Sumatra), יאַװאַ (Java), באָרנעאָ (Borneo) און צעלעבעס (Celebes).

דיא מאַלאַאישע אינזלען זיינען אַלע וואולקאַנישע און כמעט אַלע בעדעקט מיט בערג, צווישען וועלכע עס זיינען דאָ פּיעלע אויסגעלאָשענע און טעטיגע וואולקאַנען. דיא אינערע טיילען פון דיא גרעסערע אינזלען זיינען בעדעקט מיט געדיכטע וועלדער, וועלכע ענטהאַלטען טייערע האָלצען און פיעלע שמעקעדיגע פלאַנצען. צווישען דיא פּראָדוקטען פון דיא וועלדער זיינען דאָ פערשיעדענע גומים, מעדיצינען, און געווירצען. איבעראַל זיינען דאָ פיעלע קאָקאָס-בוימער און באַמבוס, וועלכע זיינען פיר דיא איינוואוינער פון אַ גאַנץ גרויסען עקאָנאָמישען ווערט. דער קלימאַט פון דיא אינזלען איז אַ טראָפּישער.

דיא הערשענדע בעפעלקערונג פון דיא אינזלען זיינען דיא מאַלאַיער, וועלכע זיינען גרעסטענטיילס סוננישע מאַהמעדאַנער. אויף דיא פיליפּפינען און אויף איינינע אַנדערע אינזלען געהערט אַ טייל פון דער בעפעלקערונג צום קריסטליכען גלויבען. אויסער מאַלאַיער לעבען אויף דיא אינזלען צושפרייט כינעזער. דיא מאַלאַיאישע שפּראַך איז דיא הערשענדע און זיא ווערט בענוצט אין דעם האַנדעל אין פערקעהר, וועלכער ליעגט אין דיא הענט פון דיא אייראָפּעער און צום טייל פון דיא כינעזער.

פּאָליטיש ווערען דיא מאַלאַיאישע אינזלען קאָנטראָלירט פון אויסווערטיגע נאַציאָנען, צווישען וועלכע האָלאַנד פערנעהמט דאָ דעם ערסטען אָרט. מיט דער אויסנאַהמע פון דיא פיליפּפינען (וועלכע געהערען צו דיא פעראייניגטע שטאַאַטען,*) דער קליינער אינזעל לאַבואַן און דעם נאָרד-וועסטליכען טייל פון באָרנעאָ (וועלכע געהערען צו ענגלאַנד) און דעם נאָרד-אָסטליכען טייל פון טימאָר (וועלכער געהערט צו פּאָרטוגאַל) ווערט דיזע אינזעל גרופּע קאָנטראָלירט פון האָללאַנד.

*) זעה ערסטען באַנד, ז. 116—117.

דיא האָללענדישע בעזיצונגען אין מאַלאַיזיאַ ווערען בעצייכענט אלס האָללענדיש-אינדיען (Dutch East Indies).

דיא אינזלען פון האָללענדיש-אינדיען האָבען צוזאַמען אַ שטח פון 736,400 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון איבער 34 מיליאָן. דיא וויכטיגסטע פון זיי זיינען: באָרנעאָ, סומאַטראַ, צעלעבעס, יאַוואַ און דיא מאָלוקקען.

באָרנעאָ איז דיא גרעסטע אינזעל נאָך אויסטראַליען (דער קאָנטינענט אויסטראַליען איז אָן אינזעל). איהר שטח איז 284,630 קוו. מ. און זיא האָט אַ בעפעלקערונג פון 2 מיליאָן. דיא פּראָדוקטען זיינען: דיאַמאַנטען, מעטאַלען. וויכטיגסטע שטעדט: באַנדיערמאַססינג (Bandjermassing) און פּאָנטיאַנאַק (Pontianak). אונגעפעהר אַ דריטעל פון דיזער אינזעל (דער נאָרדליכער טייל) געהערט צו ענגלאַנד.

סומאַטראַ האָט אַ שטח פון 161,612 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון איבער 3 מיליאָן. איהרע פּראָדוקטען זיינען: פּעפּער, קאַמפער, בענזאָע (אַ גומי-געווירץ), עבען-האָלץ, סאַנדעל-האָלץ. זיא איז אויך רייך אין מינעראַלען.

צעלעבעס — שטח, 71,470 קוו. מ.; בעפעלקערונג, 1 מיליאָן. פּראָדוקטען: רייז, קאַפע, גוטטאַ-פּערטשאַ, ראָהר, פּערלמוטער.

יאַוואַ איז דיא וויכטיגסטע אינזעל אין פּראָדוקציאָן און בעפעלקערונג. איהר שטח, צוזאַמען מיט דעם שטח פון דער נאָהענטער קלענערער אינזעל מאַדוראַ (Madura), איז 50,848 קוו.; בעפעלקערונג, איבער 28 מיליאָן. פּראָדוצירט זעהר פיעל קאַפע (יאַוואַ'ער קאַפע האָט אַ שם), צוקער, אינדיגאָ, צימערינג, פּעפּער, וואַנילאַ, כינין, און איז רייך אין מינעראַלען. דיזע אינזעל איז דער הויפּט אָרט פון דער האָללענדישער קאָלאָניאַל-מאַכט. דאָ איז דיא הויפּט-שטאָדט פון האָללענדיש-אינדיען — באַטאַוויאַ (Batavia),

155,000 איינוו. דער זיץ פון דעם האָללענדישען גענעראַל-גובער־נאַטאָר איז בויטענזאָרג (Buitenzorg) מיט אַ וועלט-בעריהמ־טען באָטאַנישען גאָרטען. דיא גרעסטע האַנדעל-שטאָדט איז סוראַ־באַיאַ (Surabaya), אין דעם אָסטליכען טייל, 145,000 איינוו. אין דעם אַנדערן טייל געפינען זיך דיא צוויי מדינות סוראַקער־טאַ (Surakerta) און דיאָקיאָקערטאַ (Djokjokerta), וועל־שטעהען אונטער האָללענדישער אויבער-הערשאַפט.

דיא מאָלוקקען האָבען אַ שטח פון 43,864 קוו. מ. מיט אונגע־פעהר 500,000 איינוו. פּראָדוקטען: געווירצען, מושקאַט-נים, סאַגאָ.

דער נאָרדליכער טייל פון באָרנעאָ און דיא אינזעל לאַבואַן בילדען דיא ענגלישע בעזיצונג אין מאַלאַיזיאַ און ווערען בעצייכענט אַלס בריטישע אָסט אינדיען (British East Indies). דער שטח פון דיזער טעררימאָריע איז 31,106 קוו. מ. דיא פּראָדוקטען זיינען: טאַבאַק, קאַפע, קאַקאַאָ-נים, קאַוטשוק, סאַגאָ, רייז, קוקורוזע, צוקער-ראָהר, באַוועל, טאַפּיאָקאַ, זיסע קאַרטאָפעל און אַנדערע. דאָ געפינען זיך אויך גאָלד און קויהלען אין בעדייטענדער מאַסע. דיא בעפעלקערונג איז ביי דיא ברעגען מעהרסטענס פון איינגעוואַנדערטע מאַהמעדאַנער, אין דיא אינערע טיילען אור-געבירטיגע איינוואוינער; אויסער דיזע זיינען דאָ כינעזישע הענדלער און בעלי-מלאכות.

דיא אינזעל טימאָר, פון וועלכער דער נאָרדליכער טייל גע־הערט צו פּאָרטוגאַל, האָט אַ שטח פון 12,000 קוו. מ. און אַ בע־פעלקערונג פון איבער 500,000. דיא איינוואוינער זיינען מאַלאַיער און פּאַפּואַנער.

## 34. קאַפּיטעל.

# דער וועלט־טייל אַפריקאַ.

לאַגע און גרענעצען. — קאַפּען. — אינזלען. — שטח. — אויבער־פלעך. — קלימאַט. — פלאַנצען. — מינעראַלען. — בעפעלקע־רונגען, ראַסען, רעליגיאָנען. — פּאַרציייטיגע ראָלע. — ענט־דעקונגס־רייזען. — פּאָליטישע איינטיילונג.

אַפריקאַ ליעגט פון 35° זידליכע ברייט ביז 37° נאָרדליכע ברייט און פון 17½° וועסטליכע לענג ביז 51¼° אָסטליכע לענג. איהרע גרענעצען זיינען: צו נאָרד — דאָס מיטעללענדישע מעער מיט דער גיבראַלטאַר שטראַס, וועלכע טיילט זיא אָפּ פון שפּאַניען; צו וועסט — דער אַטלאַנטישער אָקעאַן; צו אָסט — דער אינדי־שער אָקעאַן; צו נאָרד־אָסט — דאָס רויטע מעער (ים־סוף), וועל־כעס דער סועץ־קאַנאַל פערבינדעט מיט דעם מיטעללענדישען מעער.

דיא וויטעסטע אויסערע פּונקטען פון דיזען וועלט־טייל זיינען: צו נאָרד — דער ווייסער קאַפּ אָד. קאַפּ בלאַנקאָ (Cape Blanco); צו וועסט — דער גרינ־קאַפּ (Cape Verd); צו זיד — דער קאַפּ פון גוטער האָפנונג (Cape of Good Hope) און דער נאָדעל־קאַפּ (Cape Agulhas); צו אָסט — דער קאַפּ גוואַרדאַפוי (Cape Guardafui).

אין דיא וואַסערן, וועלכע גרענעצען זיך מיט אַפריקאַ, ליעגען מעהרערע אינזלען. דיא וויכטיגסטע פון דיזע זיינען: אין דעם אַט־לאַנטישען אָקעאַן — פעררא (Ferro), טענעריפפע (Teneriffe), קאַנאַריאַ (Canaria) [וועלכע געהערען אַלע צו דיא קאַנאַרישע

אינזלען], מאדיירא (Madeira) אין סט. העלענא (St. Helena); אין דעם אינדישען אָקעאַן — דיא גרויסע אינזעל מאדאגאסקאר (Madagascar).

דער שטח פון דעם אַפריקאַנישען קאָנטינענט צוזאַמען מיט דיא אינזלען איז 11,521,530 קוו. מ. דיא לענג פון דעם קאָנטי־נענט צווישען נאָרד און זיד איז 4,980 מייל, צווישען אָסט וועסט, 4,840 מייל.

דיא אויבערפלעך פון אַפריקאַ איז מעהרסטענס אויפגעהייבען (טאַפעל=לאַנד) און אין פערשיעדענע טיילען קרייצען רייהעס פון בערג. אין דעם נאָרדליכען טייל ליעגט דיא וויסטעניס סאהארא (Sahara), וועלכע איז דער גרעסטער מדבר אין דער וועלט. דיא וויכטיגסטע בערג=קייטען זיינען: דער אטלאס (Atlas) אין נאָרד=וועסט און דראַקענסבערג (Drakensberg) אין זיד=אָסט. אויף דעם אָסטליכען טאַפעל=לאַנד הייבען זיך אויף דיא וואולקאַנישע בערג קילימאנדשארא (Kilimanjaro), 19,700 פיס, און קעניא (Kenia), 18,400 פוס, וועלכע זיינען דיא העכסטע אין אַפרי־קאַ. דיא גרויסע טייכען פון דיזען וועלט=טייל זיינען: דער נילוס (Nile), וועלכער פליעסט אַריין אין דאָס מיטעללענדישע מעער; דער ניגער (Niger) און דער קאָנגאָ (Congo), וועלכע שטראָ־מען אַריין אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן; דער טייך זאמבעסי (Zambesi), וועלכער פאַלט אַריין אין דעם אינדישען אָקעאַן. דיא גרעסטע אָזערעס זיינען: וויקטאָריא ניאַנזא (Victoria Nyanza), טשאד (Tchad), טאנגאנאיאיקא (Tanganyika), ני־אססא (Nyassa), רודאָלף (Rudof).

דער קלימאַט פון אַפריקאַ איז אַ הייסער; בלויז איין פינפטעל פון איהר שטח געפינט זיך אין דעם מעסיגען גאַרטעל. רעגען איז דאָ אין אַלגעמיין ווינציג. דיא אָרימסטע אין רעגען זיינען סאָמאַ־

לילאַנד (Somaliland), סאַהאַראַ (Sahara) און דיא וויס־טענעס קאַלאַהאַרי (Kalahari). רעגען איז דאָ פיעל נאָר אין דעם וועסטליכען טייל פון דעם שבח, וואָס ליעגט איבערן עקוואַטאָר, און אין איינינע טיילען פון דעם זידליכען און זיד־אָסטליכען ברעג.

אין פלאַנצען איז דער נאָרדליכער טייל פון אַפריקאַ ענהליך צו זיד אייראָפּאַ. אין דיזען טייל וואַקסען אייכען־בוימער, פּיכטען, ציפּרעסען און קאָרקען־בוימער, געטריידע און האַלב־טראָפּישע פּרוכ־טען. זידליך פון סאַהאַראַ הייבען זיך ערסט אָן דיא אייגענאַרטיגע מינים פון דיזען וועלט־טייל. דיא וויכטיגסטע פלאַנצען פון אַפריקאַ זיינען: דורראַ אָדער מאָאָר־הירז, רייז, מאַאיס, באַוועל, אינדיגאָ, צוּ־קער־ראָהר, קאַפע, אויל־פלאַנצען, טייטעל־בוימער, דום־פּאַלמען אין אויל־פּאַלמען, דיא באַנאַנאַ אָד. דער פּיזאַנג, דער אַפען־ברויט־בוים, ערד־ניס, פייגען, וויין, פיסטאַציעס, פּאַפּירוס, אַלאָע, פאַרב־האָלצען, געווירצען, גומי א. ז. וו. דיא פרוכטבאַרע אָאזען אין דעם מדבר סאַהאַראַ זיינען רייך אין וועלדער פון פּאַלמען און אָליווען.

דער מינעראַל־רייכטום פון אַפריקאַ איז נאָך וועניג בעקאַנט, אָבער דער בעקאַנטער טייל איז בעדייטענד גרויס. דיא גאָלד־פעלדער פון טראַנסוואַאַל (זיד אַפריקאַ) זיינען דיא רייכסטע, וואָס מען וויים; זיי ליעפערן אַ דריטעל פון דער פּראָדוקציאָן פון גאָלד אין דער וועלט. דיא רייכסטע מינעס פון דיאַמאַנטען אין דער וועלט זיינען אין זיד־אַפריקאַ. אייזען, קויהלען, קופער און בליי געפינען זיך אין קאַפּ־קאָלאָניע און אין נאַטאַל, און גוטעס אייזען־ערץ (רודעס) איז דאָ אין אַלזשיר. דער מדבר סאַהאַראַ ליעפערט פיעל זאַלץ.

דיא בעפעלקערונג פון אַפריקאַ בעשטעהט פון דריי ראַסען: נעגערס, סעמיטען און חאַמיטען. דיא נעגערס בעוואוינען מעהרס־טענס מיטעל־אַפריקאַ און זיינען אין דער גרעסטער צאָהל (איבער 100 מיליאָן). דעם וויכטיגסטען טייל פון דיזער ראַסע בילדעט דער

באַנטו־שטאַם, צו וועלכען עס געהערען דיא קאַפפירען פון קאַפּ־קאָלאָניע און נאַטאַל (זיד אַפריקאַ), דיא באַסוטאָס, דיא מאַטאַבעלען, דיא זולוס, דיא האָטטענטאָטען א. ז. וו. צו דיא נעגער־שטאַמען געהערען אויך דיא בושמענער און דיא פּיגמעען (אַ שטאַם פון קאַרליקעס), וועלכע שטעהען אויף זעהר אַ ניעדריגער שטופע פון ענטוויקלונג. דיא סעמיטען און האַמיטען געפינען זיך אין נאָרד, נאָרד־וועסט און אָסט; צו זיי געהערען: דיא בערבערען, דיא מורען, דיא אַראַבער, דיא עגיפּטער, דיא אַביססיניער, דיא סאָמאַלען (אַ געמישטע ראַסע) און דיא אידען. דיא הערשענדע ראַסע פון דער אינזעל מאַדאַגאַסקאַר איז דיא מאַלאַיאישע. אייראָפּעער זיינען אין אַפריקאַ דאָ בלויז אַ צוויי מיליאָן. דיא גאַנצע בעפעלקערונג פון דיזען וועלט־טייל ווערט גע־שאַצט 170 מיליאָן.

שפּראַכען זיינען אין אַפריקאַ דאָ אַ שעהן ביסעל, איבערהויפּט צווישען דיא נעגער־שטאַמען. אין דיא נאָרדליכע געגענדען זיינען גאַנגבאַר דיא בערבער־שפּראַך און אַראַביש; אין אַביססיניען ווערט גערעדט אַן אייגענע שפּראַך; אין דעם וועסטליכען זידליכען טייל געהט אום דיא האָטטענטאָטען־שפּראַך; אין מיטעל־אַפריקאַ און אין דיא זידליכע געגענדען זיינען גאַנגבאַר דיא באַנטו־שפּראַכען און אַנדערע נעגערשע שפּראַכען. (וועגען דיא אַפריקאַנישע שפּראַכען זעה ערסטען באַנד, ז. 276, 277—278).

אין דער הינזיכט פון רעליגיאָן איז דיא בעפעלקערונג פון אַפ־ריקאַ פערטיילט וויא פאָלגט: אין דעם נאָרדליכען טייל ביז סודאַן און אויף דעם אָסטליכען ברעג געהערען דיא איינוואוינער מעהרס־טענס צום מאַחמעדאַנישען גלויבען; דער גרעסטער טייל פון דיא איבריגע איינוואוינער געהערט צום פעטישיזמוס (וועגען דיזער פאָרם פון גלויבען זעה ערסטען באַנד, ז. 286); צום קריסטענטום

געהערען נאָך דיא איינוואוינער פון דיא אייראָפּעאישע בעזיצונגען, איניגע קליינע מדינות אין סודאַן און אַביססיניען. אידען אין אַפריקאַ צעהלען אונגעפעהר 250,000 נפשות.

אַפריקאַ ווערט נאָך אַזיען גערעכענט אַלס דער עלטעסטער זיצ־אָרט פון מענשען. איהרע נאָרדליכע טיילען האָבען בעזעסען דיא עלטעסטע ציוויליזאַציאָנען און זיי זיינען געוועזען אַ טייל פון דער רוי־מישער אימפּעריע, אָבער פיעל פון איהר אינערן שטח איז נאָך אונ־בעקאַנט. דיא ברעגען פון דיזען וועלט־טייל האָבען דיא פעניציער שוין אַרומגערייזט אין דעם 7. יאָהרהונדערט פאַר דער קריסטליכער צייט־רעכנונג. פאָרשינגס־רייזען אַרום דיא ברעגען זיינען אינטערנעמען געוואָרען פון דיא פּאָרטוגעזען ענדע 15. יאָהרהונדערט. אום דיזע צייט האָט דער בעריהמטער פּאָרטוגעזישער ים־רייזענדער וואַסקאָ דאַ גאַמאַ (Vasco da Gama) [1469—1524] אַרומגעזעגעלט דעם קאַפּ פון גוטער האָפנונג. רייזען אין דיא אינערע טיילען זיינען געמאַכט געוואָרען זייט ענדע 18. יאָהרהונדערט און פיעלע אונבע־קאַנטע געגענדען זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרען. דיא ענטדעקטע טערריטאָריע איז פערטיילט צווישען פערשיעדענע אייראָפּעאישע מעכטע: ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, בעלגיום, פּאָרטוגאַל, איטאַליען, שפּאַניען. דיא בעדייטונג פון דעם נאָמען „אַפריקאַ" איז ניט גענוי בעקאַנט. דיא פאַרצייטיגע גריעכען האָבען דיזען וועלט־טייל אָנגערופען ליביאַ (Libya).

דיא פּאָליטישע טיילען פון אַפריקאַ זיינען: אין נאָרד־וועסט — מאַראָקאָ (Morocco), אַלזשיר (Algeria), טוניס (Tunis), טריפּאָלי (Tripoli), באַרקאַ (Barca), פעזזאַן (Fezzan); אין סאַהאַראַ — דיא בעזעצונגען אין דיא אָאַזען; אין נאָרד־אָסט — עגיפּטען (Egypt) און נוביען (Nubia); אין אָסט — אַביס־סיניען (Abyssinia); אין מיטעל־אַפריקאַ — דיא מדינות פון

סודאַן (Sudan); אין וועסט — פריישטאַאט קאָנגאָ (Kongo Free State), דיא רעפובליק ליבעריאַ (Liberia); אין זיד — דיא ברימישע בעזיצונגען: קאַפּ־קאָלאָניע (Cape Colony), נאַטאַל (Natal), טראַנסוואַאַל (Transvaal), אָרענדזש ריווער קאָלאָניע (Orange River Colony); אין אָסט און וועסט — בעזיצונגען פון פערשיעדענע אייראָפּעאישע מעכטע. דיא מדינות פון נאָרד־וועסט ווערען אָנגערופען דיא בער־בער־שטאַאטען אָדער בערבעריי (Barbary).

---

35. קאַפּיטעל.

## דיא אַפריקאַנישע מדינות.

דיא בערבער־שטאַאטען. — בעזעצונגען אין סאַהאַרא. — עגיפּטען און נוביען. — אַביססיניען. — מדינות פון סודאַן. — פריי־שטאַאט קאָנגאָ. — רעפובליק ליבעריאַ. — קאַפּ־קאָלאָניע, נאַטאַל, טראַנסוואַאַל, אָרענדזש ריווער. — פערשיע־דענע אייראָפּעאישע בעזיצונגען.

---

דיא בערבער־שטאַאַטען זיינען: מאַראָקאָ, אַלזשיר, טו־ניס (אין דעם נאָרד־וועסטליכען טייל), טריפּאָלי און באַרקאַ (אין נאָרדליכען).

דער קלימאַט פון דיזע מדינות איז דער זעלביגער וויא אין דעם זידליכען טייל פון שפּאַניען אויסער אין דיא בערגיגע געגענדען, וואו ער איז ניט אַזוי מילד.

דיא וויכטיגסטע פּראָדוקטען פון דער בערבעריי זיינען: זאַלץ, אייזען, קופּער, בליי, צין, סעליטרע, פערשיעדענע האָלצען (קאָר־

קענ־בוימער), לאָרבער־בוימער, טייטעל־בוימער, געטריידע; פערד, שאָף, מויל־עזלען, קעמלען.

דיא בערבערען זיינען האמיטען וויא דיא עטיאָפּיער (כושים), אָבער זיי האָבען א העלערע הויט־פארב; זיי הייסען אין אלושיר קאבילען, אין מאָראָקאָ אמאזיגהען און שיללוקים, ווייטער אין דיא זידליכע געגענדען טוארעגס. אויסער זיי זיינען דאָ: אראבער, מורען, אידען, טערקען און אייראָפּעער. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא מאהמעדאנישע. דיא שטעדטישע איינוואוינער בעשעפטיגען זיך מיט אינדוסטריע (לעדער, זייד, וואָל); אין אלושיר און אין טונים בעשעפטיגט מען זיך אויסער דעם מיט זעע־האנדעל; אין דעם אינערן לאנד מיט קאראוואנען־האנדעל.

מאָראָקאָ האָט א שטח פון איבער 200,000 קוו. מ. און א בעפעלקערונג פון 8 מיליאָן, דארונטער בערך 110,000 אידען. דיא פאָרם פון רעגיערונג איז א דעספּאָטישע מאָנארכיע. דער הערשער פיהרט דעם טיטעל סולטאָן. זייט 1908 זיצט אויף דעם טראָן פון מאָראָקאָ מולעי האפיד (Muley Hafid), געבאָרען אין 1873. דיא הויפּט־שטעדט זיינען: פעז (Fez) אָד. פאס (Fas), 150,000 איינוו., און מאָראָקאָ (Morocco), 50,000 איינוו. אנדערע וויכטיגע שטעדט זיינען: טאנדזשער (Tanger), ראבבאט (Rabbat), מאָגאדאָר (Mogador) [אלע האפענ־שטעדט].

אלושיר האָט א שטח פון 307,974 קוו. מ. און א בעפעלקערונג פון 4,740,000, דארונטער איבער 64,000 אידען. געהערט צו פראנקרייך זייט 1830. איינגעטיילט אין דריי דעפּארטעמאנס: אל־זשיר, אָראן, קאָנסטאנטין. וויכטיגסטע שטעדט: אלושיר (Algiers),*) דיא הויפּט־שטאָדט, בעפעסטיגטער אָרט, 97,500

*) צו מערקען, דאָס אין ענגליש הייסט דיא מדינה אלושיר Algeria און דיא שטאָדט אלושיר — Algiers.

איינוו.; אָ ר אַ ן (Oran), 88,000 איינוו.; ק אָ נ ס ט אַ נ ט י ן (Constantine), 48,500 איינוו.

ט ו נ י ס האָט אַ שטח פון אונגעפעהר 45,000 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 1,820,000, דאַרונטער איבער 62,000 אידען. גע־הערט צו טערקיי און שטעהט זייט 1881 אונטער דעם שוץ פון פראַנקרייך. דיא פראָדוקטען זיינען: בליי, זאַלץ, קאָרן, אָליווען, גוטע פערד, קעמלען; צווישען דיא בעשעפטיגונגען זיינען בעדייטענד ביענען־צוכט און קאָראַלען־פישעריי. דיא הויפט־שטאָדט איז ט ו נ י ס (Tunis), פאָרט אויף דעם מיטעללענדישען מעער, 170,000 איינוו.

ט ר י פ אָ ל י האָט אַ שטח פון 398,900 קוו. מ. (גרעסטענטיילס מדבר) און אַ בעפעלקערונג פון אונגעפעהר 1 מיליאָן, דאַרונטער 19,000 אידען. דיזע טערריטאָריע געהערט צו טערקיי און בילדעט אַ ווילאַיעט פון דיזער אימפעריע. זיא ענטהאַלט מעהרערע אָאַזען פון סאַהאַראַ, פון וועלכע דער וויכטיגסטער איז פ ע ז ז אַ ן (Fezzan). דיא פראָדוקטען זיינען איסער דיא פון טונים: נאַטראָן און שוועבעל, עספּאַרטאָ־גראַז, שוואַמען (גאָמקעס) און שטרויס־פעדערן. דיא וויכטיגסטע שטעדט: ט ר י פ אָ ל י (Tripoli) [אין דער שפּראַך פון דיא איינוואוינער: ט אַ ר אַ ב אַ ל ו ס], דיא הויפט־שטאָדט, 30,000 איינוו.; מ ו ר ז ו ק (Murzuk), הויפט־שטאָדט פון פעזזאַן, 8,000 איינוו.; ג ה אַ ד אַ מ ע ס (Ghadames), אָאַזען־שטאָדט אין וועסט־ליכען טייל פון טריפּאָלי, קאַראַוואַנען־האַנדעל, 7,000 איינוו.

ב אַ ר ק אַ ליעגט צו אָסט פון טריפּאָלי און שליעסט איין אַ שטח פון אונגעפעהר 60,000 קוו. מ. זייט 1879 איז זיא אַ ווילאַיעט פון טערקיי. אַ קליינער טייל פון איהר איז זעהר פרוכטבאַר, דער איבריגער טייל איז מעהרסטענס אַ מדבר. דיא הויפט־שטאָדט איז ב ע נ ג אַ ז י (Bengazi), 15,000 איינוו. באַרקאַ בילדעט אַ טייל פון דער פאַרצייטיגער ס י ר ע נ אַ א י ק אַ (Cyrenaica), וועלכע איז

געווען בעריהמט מיט איהר פרוכטבאַרקייט. אין דיזען ווילאַיעט האָט די אידישע טעררימאָריאַלע אָרגאַניזאַציאָן געהאַט בדעה צו גרינ־דען אַ אידישע קאָלאָניע.

די בעזעצונגען פון סאַהאַראַ זיינען די אָאַזען (פרוכטבאַרע ערטער) פון דיזען מדבר, וועלכע זיינען בעוואוינט פון פערשיעדענע פרייע שבטים. די צוזאַמענגענומענע בעפעלקערונג פון דיזע בעזעצונגען איז אונגעפעהר 2½ מיליאָן און זיא בעשטעהט פון מאָרען, טואַרעגס און טעבוס, וועלכע געהערען מעהרסטענס צום מאַהמעדאַנישען גלויבען. די איינוואוינער פון די אָאַזען בעשעפ־טיגען זיך מיט ערד־אַרבייט און קאַראַוואַנען־האַנדעל. די פּראָדוקּ־טען זיינען: טייטלען, גומי־אַקאַציעס, נאַטראָן און זאַלץ.

עגיפּטען און נוביען. — עגיפּטען ליעגט אין דעם נאָרד־אָסטליכען טייל פון אַפריקאַ און גרענעצט זיך מיט'ן מיטעל־לענדישען מעער צו נאָרד, דעם ליבישען מדבר (Libyan Desert) צו וועסט, נוביען צו זיד, דעם רויטען מעער און דעם סועץ־קאַנאַל צו אָסט. איהר שטח איז 400,000 קוו. מ. און זיא האָט אַ בעפעלקערונג פון 9,800,000 איינוואוינער. נוביען ליעגט צווישען עגיפּטען צו נאָרד און אַביסיניען צו זיד מיט אַ שטח פון 345,000 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 2 מיליאָן. זיא ווערט גערעכענט אלס אַ בעזיצונג פון עגיפּטען (איז אַ טייל פון עגיפּטישען סודאַן).

דער קלימאַט פון עגיפּטען און נוביען איז אַ וואַרימער און ענ־דערט זיך רעגעלמעסיג נאָך די צייטען פון יאָהר: זעהר הייס אין זומער און מילד־וואַרם אין ווינטער (רעגען־צייט). דער באָדען פון עגיפּטען איז בעזאָנדערס פרוכטבאַר. רעגעלמעסיג יעדען יאָהר געהט דער נילוס אַרויס פון זיינע ברעגען און לאָזט איבער אַ שלאַם, וועלכער מאַכט די ערד זעהר פעט. די פּראָדוקטען זיינען: קופּער בלייַ און אַנדערע מינעראַלען; הילזען־פרוכט (בעבלאַך, אַרבעס

א. ז. וו.), באוועל, פלאקס, זידליכע פראָדוקטען; רינדער, פערד, קעמלען א. ז. וו.

דיא איינוואוינער זיינען: אין עגיפּטען — גרעסטענטהיילס אראַבער און קאָפּטען (דיא לעצטערע שטאַמען פון דיא פאַרצייטיגע עגיפּטער); אין נוביען — נוביער אָד. נובאַס (פון דער נעגערשער ראַסע), אראַבער און אַבּאַבדעס (אַ שטאַם פון דער חאַמיטישער ראַסע). אויסער דיזע געפינען זיך דאָ איבער 38,000 אידען. דיא הויפּט־שפּראַך איז אַראַבּיש און דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא מאַחמעדאַנישע (דיא קאָפּטען זיינען קריסטען). דאָס לאַנד איז אונטער דער איבערהערשאַפט פון טערקיי און אונטער דער שוץ פון ענגלאַנד און ווערט רעגיערט פון אַ וויצע־קעניג, וועלכער טראָגט דעם טיטעל חעדיוו (Khedive). זייט 1892 רעגיערט אַבּבּאַס־הילמי, געבאָרען אין 1874.

דיא וויכטיגסטע שטעדט זיינען:

אין עגיפּטען — קאַירא (Cairo), ביי'ם נילוס, 566,000 איינוו.; אַלעקסאַנדריא (Alexandria), פּאָרט ביי'ם מיטעל־לענדישען מעער, 315,000 איינוו.; ראָזעטאַ (Rosetta), 35 מייל נאָרד־אָסטליך פון אלעקסאַנדריא, 14,000 איינוו.; דאַמיעטאַ (Damietta), אויף דעם וועסטליכען צווייג פון נילוס, 31,000 איינוו.; סועס אָד. סועץ (Suez), פּאָרט ביי'ם מיטעללענדישען מעער, 15,000 איינוו.; פּאָרט־סאַאיד (Port Saïd), ביי'ם אריינגאַנג פון סועץ־קאַנאַל, 42,000 איינוו.

אין נוביען — חאַרטום (Khartum), דיא הויפּט־שטאָדט, 50,000 איינוו. אין דיזער שטאָדט איז אין 1885 אין דעם סודאַנער קריעג געפאַלען דער ענגלישער גענעראַל גאָרדאָן.

אַבּיססיניען (אין אַראַבּיש: חאַבּאַש). — דיזע מדינה ליעגט צו זיד־אָסט פון נוביען און צו וועסט פון דעם רויטען מעער.

איהר שטח ווערט געשאַצט 190,000 קוו. מ. און איהר בעפעלקע־רונג איז אונגעפעהר 8 מיליאָן. דער קלימאַט איז אַ מילדער און אַ געזונטער. דיא פּראָדוקטען זיינען דיא זעלבּיגע וויא אין עגיפּטען. דיא אַבּיססיניער זיינען פערוואַנדט מיט דיא אַלטע עגיפּטער און שליעסען איין מעהרערע שטאַממען: עטיאָפּיער, פּאַלאַשאַס, גאַל־לאַס א. ז. וו. דיא הערשענדע שפּראַך איז אַמהאַריש — אַ סעמיטישע שפּראַך געמישט מיט אַפריקאַנישע ווערטער. דיא הערשענדע רעליגיאָן איז קריסטענטום. דיא פּאַלאַשאַס, וועלכע ווערען געשאַצט פון הונדערט טויזענד ביז הונדערט און פופציג טויזענד, זיינען אידען. דיא רעגיערונג איז אַ דעספּאָטישע מאָנאַרכיע. דער קעניג טראָגט דעם טיטעל נעגוס, וועלכער בעדייט „הערשער" (פערוואַנדט מיט דעם העבּרעאישען וואָרט נוֹגֵשׂ). זייט 1889 רעגיערט מענעליק דער צווייטער, געבּאָרען אין 1842. דיא אינדוסטריען שליעסען איין פאַבּריקאַציאָן פון לעדער, באַוועל־וואַרג און שמיעד־וואַרג. דיא הויפּט עקספּאָרטען זיינען פעל, העלפאַנד־ביין, געוועהר און מויל־עזלען.

דיא וויכטיגסטע שטעדט פון אַבּיססיניען זיינען: אַדדיס־אַבּאַבּאַ (Addis-Ababa), דיא הויפּט־שטאָדט, וויכטיגער מיטעל־פּונקט פון האַנדעל, 50,000 איינוו.; אַדואַ אָד. אַדאָוואַ (Adua, Adowa), הויפּט־שטאָדט פון דער פּראָווינץ טיגרע, 3,000 איינוו.

ביי'ם ברעג פון דעם רויטען מעער איז דיא איטאַליענישע קאָלאָניע עריטרעאַ (Eritrea) מיט דער שטאָדט מאַססואַ אָד. מאַססאָוואַ (Massowa), הויפּט־פּאָרט פיר אַבּיססיניען און נאַכּבּאַרשאַפטליכע געגענדען. צו אַבּיססיניען רעכענט מען דיא לענדער דאַנאַקיל (Danakil) און אַדאַל (Adal) ביי'ם רויטען מעער (מיט ענגלישע און פראַנצויזישע בעזיצונגען).

מדינות פון סודאן. — מיט דעם נאָמען סודאן ווערט בעצייכענט דער מיטעלער טייל פון אַפריקאַ, וועלכער גרענעצט זיך מיט סאַהאַראַ און ניביען צו נאָרד, דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן צו וועסט, דעם רויטען מעער צו אָסט, גווינעאַ (גיני), קאָנגאָ-געגענד און אַביססיניען צו זיד. דער שטח פון דיזער שטרעקע איז איבער 950,000 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג ווערט געשאַצט ביז 50 מיליאָן. דיא הויפט בעשעפטיגונג פון דיא אַיינוואוינער איז ערד-אַרבייט און פיה-צוכט.

אין סודאַן ליעגען מעהרערע מאַהמעדאַנישע שטאַאטען. אין דעם וועסטליכען טייל זיינען דיא מדינות סאָקאָטאָ (Sokoto) און אדאַמאַוואַ (Adamawa); אַרום דער אָזיערע טשאַד, אין סאַמע מיטען סודאַן: באַגהירמי (Baghirmi), באָרנו (Bornu), וואַדאַי (Wadai); צו אָסט פון דיזע: דאַרפור (Darfur) און קאָרדאָפאַן (Kordofan). דיא לעצטערע צוויי מדינות צוזאַמען מיט נוביען און אייניגע אַנדערע טיילען בילדען דעם זאָ-גענאַנטען עגיפטישען סודאַן. אין דעם אויפשטאַנד אונטער דעם פאַל-שען נביא מאַהדי פון 1881—85 זיינען זיי אָפגעריסען געוואָרען פון עגיפטען און געוואָרען פעראייניגט אין אַ נייע מדינה. דיא מאַה-דיסטען זיינען ענדליך בעזיעגט געוואָרען אין 1898.

דער טייל פון סודאַן, וועלכער ליעגט צו וועסט פון דער אָזיערע טשאַד, מיט אויסנאַהמע פון אייניגע קאָלאָניעס, איז אונטער פראַנצויזישען אַיינפלוס (פראַנצויזישער סודאַן); דיא טערריטאָריע צו אָסט פון דעם טשאַד איז אונטער ענגלישען אַיינפלוס (בריטי-שער סודאַן).

דער הויפט פונקט פון האַנדעל און פערקעהר אין סודאַן איז דיא שטאָדט טימבוקטו (Timbuktu), ביי'ם זידליכען ברעג פון סאַהאַראַ, 20,000 אַיינוו. זיא איז דער מיטעלפונקט פון קאַראַוואַנע-

וועגען פון מאַראָקאָ, גווינעא א. ז. וו. דער האַנדעל איז דאָ מיט גאָלד, גומי, זאַלץ, העלפאַנד־ביין א. ז. וו.

**רעפובליק ליבעריא.** — אויף דעם וועסטליכען ברעג פון אַפריקאַ אין דעם אויבערען טייל פון גווינעא ליעגט דיא נעגער־רעפובליק ליבעריא (Liberia) מיט אַ שטח פון 14.360 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג, וועלכע ווערט געשאַצט 1,500.000. דיזע רעפובליק איז געגרינדעט געוואָרען פון פרייע נעגערס, וועלכע אַן אַמעריקאַנישע קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט האָט אַרויסגעשיקט אין 1822, און איז ערקלערט געוואָרען אַלס זעלבסטשטענדיגע מדינה אין 1847. דיא רעגיערונג פון דיזער קליינער מדינה איז נאָך דעם מוסטער פון דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ: דער העכסטער בעאַמטער איז אַ פרעזידענט און דיא געזעצ־געבענדע מאַכט איז איבערגעגעבען צו אַ סענאַט און אַ הויז פון פערטרעטער. דיא בעשעפטיגונג פון דיא איינוואוינער איז אַגרי־קולטור. דיא עקספּאָרטען זיינען טראָפּישע פּראָדוקטען. דיא עקאָנאָ־מישע לאַגע איז ניט בעזאָנדערס גוט. דיא הויפּט־שטאָדט איז מאָנ־ראָוויא (Monrovia), פּאָרט ביי'ם אַטלאַנטישען אָקעאַן, 5,000 איינוו.

**פערשיעדענע אייראָפּעאישע בעזיצונגען.** — דער וועסטליכער טייל פון אַפריקאַ פון סענעגאַמביא (נאָרדליך) ביז קאָנגאָ (זידליך) ווערט בעצייכענט מיט דעם נאָמען גיני אָד. גווי־נעא (Guinea). דיזע גרויסע שטרעקע שליעסט איין ענגלישע, פראַנצויזישע, דייטשע און פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס. צו דיא ענג־לענדער געהערען: דיא ברעגען פון דעם אונטערען טייל פון דעם טייך גאַמביא (Gambia), סיעררא לעאָנע (Sierra Leone), דער גאָלד־ברעג (Gold Coast), לאַגאָס (Lagos) א. ז. וו.; צו דיא פראַנצויזען: סענעגאַמביא (Senegambia) אָד.

סענעגאל (Senegal), דער העלפאנד-ביין ברעג (Ivory Coast) און דאהאמעי (Dahomey); צו דיא דייטשען: טאָגאָ (Togo) און קאמערון (Kamerun); צו דיא פּאָרטוגעזען: פּאָרטוגעזישע גווינעא (Portuguese Guinea), וועלכע איז איינגעשלאָסען אין סענעגאמביא.

זידליך פון דער דייטשער בעזיצונג קאמערון ליעגען פראנ־צויזישע קאָנגאָ (French Congo) און פּאָרטוגעזישע וועסט אפריקא (Portuguese West Africa); צווישען דיזע ביידע אין אינערן לאנד אריין איז דער פריי-שטאאט קאָנגאָ (Kongo Free State), וועלכער שטעהט אונטער דעם שוץ פון בעלגיום. זידליך פון דער פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע ליעגט דייטשע זיד-וועסט אפריקא (German South-West Africa).

ביי'ם אָסטליכען ברעג פון אפריקא צווישען דיא אָזיערעס ניאססא, טאנגאנאיאיקא און וויקטאָריא ניאנזא ליעגט דייטשע אָסט אפריקא (German East Africa). דיא צוויי אינזלען זאנזיבאר (Zanzibar) און פומבא (Pumba), אָסטליך פון דיזער דייטשער קאָלאָניע, בילדען דיא מדינה זאנזיבאר, וועלכע שטעהט אונטער ענגלישען שוץ. דיא שטאָדט זאנזיבאר, 30,000 איינוו., איז דיא וויכטיגסטע האפען-שטאָדט נאָך דיא אפריקאנישע שטעדט ביי'ם מיטעללענדישען מעער. זידליך פון דייטשער אָסט אפ־ריקא ליעגט מאָזאמביק (Mozambique) אָד. פּאָרטוגעזי־שע אָסט אפריקא (Portuguese East Africa).

נאָרד-אָסטליך פון דער אָזיערע וויקטאָריא ניאנזא ליעגט ברי־טישע אָסט אפריקא (British East Africa) מיט הויפט-שטאָדט מאָמבאסא (Mombasa) אויף א קליינער אינזעל נאָהענט פון ברעג. צו דיזער בעזיצונג פון ענגלאנד געהערט אוגאנדא (Uganda), א מדינה מיט א שטח פון 40,000 קוו. מ. און א בע־

פעלקערונג פון 2—3 מיליאָן צו נאָרד־וועסט פון דער אָזיערע וויקטאָריאַ ניאַנזאַ. דאָס איז דיא מדינה, אין וועלכער דיא ענגלישע רעגיערונג האָט געוואָלט אידען געבען טערריטאָריע צום גרינדען אַן אייגענעם שטאַאט אונטער איהר שוץ.

פון דער האַלב־אינזעל סאָמאַלילאַנד (Somaliland), וועלכע ליעגט צווישען דעם אינדישען אָקעאַן און דעם בוזים פון אַדען, געהערט דער ברעג־שטריך בײ'ם אָקעאַן צו איטאַליען (איטאַליענישעם סאָמאַלילאַנד) און דיא איבריגע טערריטאָריע ביז'ן בוזים פון אַדען צו ענגלאַנד (בריטישעם סאָמאַלילאַנד).

צו ענגלאַנד געהערט נאָך אַ גרויסער טהייל פון זיד אַפריקאַ. דיא וויכטיגסטע ענגלישע בעזיצונגען זיינען דאָ: קאַפּ־קאָלאָניע (Cape Colony), נאַטאַל (Natal), אָראַנזש־טײך קאָלאָניע (Orange River Colony), וואַאַל־טייך קאָלאָניע (Vaal River Colony), רהאָדעזיאַ (Rhodesia).

קאַפּ־קאָלאָניע ליעגט אויף דעם קאַפּ פון גוטער האָפנונג און פערנעהמט אַ שטח פון 221,311 קוו. מ. דיא בעפעלקערונג איז איבער 2,410,000 און בעשטעהט פון ווייסע, בושמענער, באַסוטאָס און קאַפפירען. וויכטיגסטע שטעדט: קעיפּ טאַון (Cape Town), דיא הויפּט־שטאָדט, 51,000 איינוו.; פּאָרט עליזאַבעטה (Port Elizabeth), אַ וויכטיגער האַפען, 23,000 איינוו.

נאַטאַל ליעגט צו זיד־אָסט פון קאַפּ־קאָלאָניע. זיא האָט אַ שטח פון 35,000 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 500,000, בעשטעהענד פון ווייסע, קאַפפירען און זולוס. דיזע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען פון אייגגעוואַנדערטע האָללענדער (בורען). הויפּט־שטאָדט פּיעטערמאַריטצבורג (Pietermaritzburg), 20,000 איינוו.

אָראַנזש=טייך קאָלאָניע ליעגט נאָרד=אָסטליך פון קאַפּ=קאָלאָניע מיט אַ שטח פון 48,326 קוו. מ. און אַ בעפעלקערונג פון 200,000, געגרינדעט געוואָרען פון איינגעוואַנדערטע האָללענדער און איז ביז 1901 געוועזן אַ זעלבסטשטענדיגע מדינה אונטער דעם נאָמען אָראַנזש פריי=שטאַאַט (Orange Free State). הויפּט=שטאָדט בלומפאָנטיין (Bloemfontein), 6,000 איינוו.

וואַאַל=טייך קאָלאָניע ליעגט נאָרד=אָסטליך פון אָראַנזש. איהר שטח איז 119,139 קוו. מ. און איהר בעפעלקערונג 700,000. בעזעצט פון בורען (אַפריקאַנישע האָללענדער) אין 1848 און ביז 1900 אַ זעלבסטשטענדיגע מדינה אונטער דעם נאָמען טראַנס=וואַאַל (Transvaal) אָדער זיד=אַפריקאַנישע רעפּובליק (South-African Republic). וויכטיגסטע שטעדט: פּרעטאָריאַ (Pretoria), דיא הויפּט=שטאָדט, 20,000 איינוו.; יאָהאַנ=נעסבורג (Johannesburg), מיטעלפּונקט פון מינעס, 102,000 איינוו.

רהאָדעזיאַ ליעגט צו נאָרד פון טראַנסוואַאַל אויף ביידע זייטען פון דעם טייך זאַמבעסי, וועלכער טיילט זיך אויף נאָרדליכע און זידליכע. איהר שטח איז 425,728 קוו. מ. און איהר בעפעלקע=רונג איז אונגעפעהר 250,000. וויכטיגסטע שטעדט: סאַליסבורי (Salisbury), דיא הויפּט=שטאָדט, 1,800 איינוו.; בולוואַיאָ (Buluwayo), מיטעלפּונקט פון האַנדעל און פון דער אייזענ=באַהן נאָך קאַפּ=קאָלאָניע, 5,000 איינוו.

זיד=אַפריקאַ שליעסט איין צוויי מדינות פון אור=געבירטיגע איינוואוינער: 1) באַסוטאָלאַנד (Basutoland), צווישען אָראַנזש, נאַטאַל און קאַפּ=קאָלאָניע, און 2) בעטשואַנאַלאַנד (Bechuanaland), צווישען טראַנסוואַאַל און דייטשער זיד=וועסט אַפריקאַ. דיזע צוויי מדינות זיינען אונטער ענגלישען שוץ.

דיא אַפריקאַנישע אינזלען זיינען פּאָליטיש פערטהיילט וויא פאָלגט: אין דעם אינדישען אָקעאַן — מאַדאַגאַסקאַר (Madagascar), רעיוניאָן (Reunion), און דיא קאָמאָרען (Comoro Isls.) [זיד] צו פראַנקרייך; סאָקאָטראַ (Sokotra) [ביי'ם קאַפּ גוואַרדאַפוי, נאָרד], דיא סעישעללען (Seychelles) און דיא אַמיראַנטען (Amirante Isls) [זידליך] און דיא אינזעל מאַוריציום (Mauritius) [500 מייל אָסט פון מאַדאַגאַסקאַר] צו ענגלאַנד. אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן — מאַדײראַ (Madeira) [נאָרד], גרין־קאַפּ אינזלען (Cape Verd Isls.) [געגענאיבער סענעגאַל], פרינץ (Prince's Isl.) [אין דער בוכט פון ביאַפראַ] און סט. טהאָמאַס (St. Thomas) [אין דעם בוזים פון גווינעאַ] צו פּאָרטוגאַל; דיא קאַנאַרישע אינזלען (Canary Isls.) [נאָרדליך] און פערנאַנדאָ פּאָ (Fernando Po) [אין דער בוכט פון ביאַפראַ] צו שפּאַניען; סט. העלענאַ (St. Helena) [זידליך, 1,200 מייל פון ברעג] און אַסצענסיאָן אָד. אַססענשאָן (Ascention) [נאָרד־וועסטליך פון סט. העלענאַ] צו ענגלאַנד.

מאַדאַגאַסקאַר איז דיא גרעסטע פון דיא אַפריקאַנישע אינזלען. זיא ליעגט ביי'ם זידליכען טייל פון קאָנטינענט אָפּגעזונדערט דורך דעם קאַנאַל פון מאָזאַמביק. איהר שטח איז 228,500 קוו. מ. און זיא האָט אַ בעפעלקערונג פון 3,500,000, בעשטעהענד פון האָוואַס (מאַלאַיער) און סאַקאַלאַווען (נעגערשע ראַסע). דיא שטאַאַטס־רעליגיאָן איז קריסטענטום. דיא בעשעפטיגונגען זיינען אַגריקולטור, פיה־צוכט און בערג־בוי. דיא פּראָדוקטען זיינען: רייז, טאַבאַק, צוקער־ראָהר, באַוועל, באַנאַנאַס א. ז. וו. וויכטיגסטע שטעדט: אַנטאַנאַנאַריוואָ (Antananarivo), דיא הויפּט־שטאָדט, 50,000 איינוו.; טאַמאַטאַווע (Tamatave), האַפען ביי'ם אָסטליכען ברעג, 15,000 איינוו.

## 37. קאפיטעל.

# דער וועלט־טייל אויסטראַליען. אָקעאַניאַ.

בעשרייבונג פון אויסטראַליען. — דיא אינזעל־גרופע אָקעאַניאַ, איהרע איינטהיילונגען און פּאָליטישע פערטהיילונג.

אויסטראַליען (Australia) איז אַ גרויסע אינזעל פון אונגעפעהר 3,000,000 קוו. מ., וועלכע ליעגט צווישען אַזיען צו וועסט און אַמעריקאַ צו אָסט פון '10°41 ביז '39°8 זידליכע ברייט.

דיא אויבערפלעך פון אויסטטאַליען איז אויפגעהויבען (טאַפעל־לאַנד) און איז בעצוימט צו אָסט און זיד־אָסט מיט רייהעס פון בערג, פון וועלכע דיא וויכטיגסטע זיינען: דיא אויסטראַלישע אַל־פּען (Australian Alps), דיא בלויע בערג (Blue Mountains) און דיא ליווערפּול־בערג (Liverpool Range). פון דיא אָסטליכע בערג שטראָמט אַרויס דער גרויסער טייך דאַרלינג (Darling River); אין זיד־אָסט פליעסט דער טייך מאָררעי (Murray R.).

דער קלימאַט פון אויסטראַליען איז אין אַלגעמיין זעהר אַ געזונטער און זעהר גינסטיג פיר קאָלאָניסטען און אויסלענדישע פלאַנצען און טיערע. אין דעם נאָרדליכען טייל, וועלכער ליעגט צווישען דיא טראָפּיקען, איז דאָ גענוג רעגען; דער אינערער טייל איז טרוקען און וויסט; דער זידליכער טייל איז אונטערוואָרפען אונטער פלעצליכע ענדערונגען פון וועטער.

דיא פלאַנצען און טיערע פון אויסטראַליען האָבען אַן אייגע־נעם כאַראַקטער. פאַר דער איינוואַנדערונג פון אייראָפּעער האָט

אויסטראַליען נאָר געהאַט בייטעל-טיערע און פיער-פיסיגע חיות מיט שנאָבלען, קיין רויב-טיערע און אַפען. פיעל פערשיעדענער זיינען דאָ דיא מינים פון פויגלאַך, פון וועלכע דיא מערקווירדיגסטע זיינען דער פּאָפּוגאַי, דער לירע-פויגעל (אַ פויגעל מיט אַן עק אין דער פאָרם פון אַ לירע) און דער עמיו (אַ מין שטרויס-פויגעל). יעצט געפינען זיך אין אויסטראַליען אַלע אייראָפּעאישע הויז-טיערע; שפּערלינגען און קראָליקעס האָבען זיך דאָ פערמעהרט אַזוי פיעל, דאָס זיי ווערען בעטראַכט אַלס אַ פּלאַגע פיר דאָס לאַנד. צווישען דיא אייגענטימ-ליכע פּלאַנצען פון אויסטראַליען זיינען דיא מערקווירדיגסטע דיא אייקאַליפּטוס-בוימער, וועלכע האָבען שמאָלע בלעטער און זיינען ביז 325 פוס הויך.

דיא היימישע איינוואוינער פון אויסטראַליען בילדען אַ בעזונ-דערע ראַסע און ווערען בעצייכענט אַלס אויסטראַלישע נע-גערס. דיא איינוואַנדערונג פון ווייסע מענשען פון אייראָפּאַ איז זעהר שטאַרק געוואַקסען זייט דער ענטדעקונג פון דיא גאָלד-מינעס אין 1850. דיא רעליגיאָן פון דיא אור-איינוואוינער איז פעטישיזמוס (געצענ-דיענסט). דיא יעצטיגע בעפעלקערונג פון אויסטראַליען איז 4,385,000.

דיא אינדוסטריעלע געגענדען פון אויסטראַליען זיינען אויף דעם זיד-אָסטליכען און זידליכען ברעג, וועלכער איז רייך בעוועס-סערט און ענטהאַלט גרויסע אָפּלאַגערונגען פון גאָלד און אַנדערע מעטאַלען, וויא אויך קויהלען. דיא געוועקס-פּראָדוקטען זיינען: ברויט-בוימער, קאַקאָס-פּאַלמעס, באַנאַנאַס, באַמבוס, צוקער-ראָהר, באַוועל, אויפס א. ז. וו. זעהר בעדייטענד איז דאָ פיה-צוכט, בעזאָנדערס דיא צוכט פון שעפסען, צוליעב וועלכער אויסטראַליען איז זעהר גרויס אין עקספּאָרט פון וואָל פעל א. ז. וו. פון דיא אויסלענדישע טיערע,

וואָס איז דאָ געלונגען איינצופיהרען, זיינען קעמלען, לאמאס און אפ־ריקאנישע שטרויס־פויגלען.

אויסטראליען איז בעזוכט געוואָרען פון שפאניער און האָללענ־דער אין 1606 און איז אין 77—1770 אויסגעפאָרשט געוואָרען פון דעם ענגלישען ים־רייזענדען דזשיימז קוק, וועלכער האָט זיא גענומען אין בעזיץ פיר דיא ענגלישע רעגיערונג. דיזער וועלט־טייל האָט פריהער געהייסען נייע האָללאנד. דער נאָמען „אויסטרא־ליען" איז לאטייניש און בעדייט „זיד־לאנד".

דער אויסטראלישער קאָנטינענט געהערט צו ענגלאנד און ווערט איינגעטיילט אין זעקס קאָלאָניאלע מדינות, וועלכע זיינען:

קווינזלאנד (Queensland), אין נאָרד־אָסט; בעפעלקע־רונג, 502,000; הויפט־שטאָדט בריזבעין (Brisbane), וויכטי־גער פאָרט, 122,800 איינוו.

ניי־זיד־וועילז (New South Wales), זיד־אָסטליך; בעפעלקערונג, 1,408,000; הויפט־שטאָדט סידניי (Sydney), מיט אוניווערזיטעט, 508,000 איינוו.

וויקטאָריא (Victoria), זיד; בעפעלקערונג, 1,205,000; הויפט־שטאָדט מעלבורן (Melbourne), 500,000 איינוו.

זיד־אויסטראליען (South Australia), זיד; בעפעל־קערונג, 365,800; הויפט־שטאָדט אדעלעיד (Adelaide), וויכ־טיגער פאָרט, 165,800 איינוו.

וועסט־אויסטראליען (West Australia), וועסט; בע־פעלקערונג, 215,150; הויפט־שטאָדט פערטה (Perth), 12,000 איינוו.

נאָרד־אויסטראליען (North Australia) אָד. נאָרד־ליכע טעררימאָריע (Northern Territory), נאָרד; הויפט־שטאָדט פאלמערסטאָן (Palmerston).

אויסטראַליען צוזאַמען מיט דיא פיעלע אינזלען, וועלכע ליע־
גען אין דעם שטילען אָקעאַן צווישען אזיען און אַמעריקא פון אונ־
געפעהר 20° נאָרד ביז 50° זיד, ווערט בעצייכענט מיט דעם נאָ־
מען אָקעאַניאַ (Oceania). מאַנכע געאָגראַפען בעטראַכטען דיזע
אַלע אינזלען צוזאַמען אַלס דעם פינפטען טייל פון דער וועלט.

אָקעאַניאַ ווערט איינגעטיילט אין פיער אָפטיילונגען: פּאָלי־
נעזיאַ (Polynesia) [„פיעלע אינזלען"], מיקראָנעזיאַ (Micronesia)
[„קליינע אינזלען"], אויסטראַלאַזיאַ (Australasia) [„זידליכע
אַזיען"], מעלאַנעזיאַ (Melanesia) [„אינזלען פון דיא שוואַרצע"].

פּאָלינעזיאַ שליעסט איין אינטער אנדערע דיא. סאַמאָאַ־
אינזלען (Samoa Islands), די פידזשי־אינזלען (Fiji
Isls.), דיא געזעלשאַפטס־אינזלען (Society Isls.), דיא
טאָנגאַ־אינזלען (Tonga Isls.) [אַלע זידליך פון עקוואַטאָר]
און דיא האַוואַאי־אינזלען (Hawaii Isl.) [נאָרדליך פון
עקוואַטאָר].

מיקראָנעזיאַ איז אַן אָפּטיילונג פון פּאָלינעזיאַ; זיא שליעסט
איין אונטער אַנדערע דיא מאַריאַנען (Marianne Isls.) אָד.
לאַדראָנען (Ladrone Isls.), דיא קאַראָלינען (Caroline
Isls.), דיא מארשאלל־אינזלען (Marshall Isls.) און דיא
האַוואַאי־אינזלען (Hawaii Isls.) [אַלע נאָרדליך פון
עקוואַטאָר].

אויסטראַלאַזיאַ שליעסט איין אויסטראַליען (Australia),
טאַסמאַניאַ (Tasmania) [צו זיד פון אויסטראַליען, אָפּגעטיילט
פון איהר דורך דיא באַסס־שטראַס] און נייזעעלאַנד (New
Zealand) [1,200 מייל אָסטליך פון אויסטראַליען].

מעלאַנעזיאַ שליעסט איין ניי־גווינעאַ (New Guinea)
אָד. פּאַפּואַ (Papua) [צו נאָרד־אָסט פון אויסטראַליען, אָפּגעטיילט

דורך דיא טאָררעס־שטראַכ], דיא אינזעל־גרופע ביסמארק (Bismarck Archipelago), דיא סאָלאָמאָן־אינזלען (Solomon Isls.), סאנטא קרוז (Santa Cruz), דיא נייע העברידען (New Hebrides), ניי־קאלעדאָניא (New Caledonia) און דיא לאָיאלטי־אינזלען (Loyalty Isls.).

צו אָקעאניא ווערט אויך גערעכענט דיא אינזעל־גרופע מאַלאיזיא (Malaisia), וועלכע איז שוין בעשריעבען געוואָרען אין א פריהערדיגען קאפיטעל (זעה דיזען באנד, ז. 388—391).

דער צוזאמענגענומענער שטח פון דיא אינזלען פון אָקעאניא איז איבער 3,450,000 קוו. מ. פון דיזען שטח געהערט מעהר וויא דריי פערטעל צו ענגלאנד.

דיא אינזעל ניי־גווינעא איז פערטיילט צווישען ענגלאנד, האָלאנד און דייטשלאנד. דיא ענגלענדער בעזיצען דעם אָסטליכען טייל (וועלכער איז צוגעקעהרט צו אויסטראליען), דיא האָללענדער דעם וועסטליכען און דיא דייטשען דעם נאָרדליכען. דער שטח פון דיזער אינזעל איז 312,000 קוו. מ., איהר בעפעלקערונג איז 600,000; דיא איינגעבאָרענע איינוואוינער זיינען דיא פאפואנער. צו ענגלאנד געהערען נאָך דיא אינזלען טאסמאניא, וועלכע ווערט גערעכענט צו אויסטראליען, און ניי־זעעלאנד. טאסמאניא האָט א שטח פון 26,385 קוו. מ. און א בעפעלקערונג פון 150,000. איהר הויפט־שטאָדט איז האָבארט טאון (Hobart Town), 35,000 איינוו. ניי־זעעלאנד בעשטעהט פון דריי אינזלען, וועלכע האָבען צוזאמען א שטח פון 104,471 קוו. מ. אין א בעפעלקערונג פון 823,000. ניי־זעעלאנד איז זעהר א טעטיגע און פאָרטגעשריטענע קאָלאָניע. דיא הויפט בעשעפטיגונגען פון דיא קאָלאָניסטען זיינען דאָ אגריקולטור, פיה־צוכט און מינע־ארבייט. דיא הויפט־שטאָדט איז וועללינגטאָן (Wellington), אויף דער נאָרדליכער אינזעל, 44,000 איינוו.

דיא אינזעל־גרופע ביסמאַרק און דיא גרעסטע דריי פון דיא סאָלאָמאָן־אינזלען געהערען צו דייטשלאַנד; דיא איבריגע פון דיזע געהערען צו ענגלאַנד. צו דייטשלאַנד געהערען נאָך דיא מאַריאַנען, דיא קאַראָלינען און דיא מאַרשאַלל־אינזלען, וועלכע ליעגען צו אָסט פון דיא קאַראָלינען.

ניי־קאַלעדאָניאַ געהערט צו פראַנקרייך. דיזע אינזעל ווערט בענוצט פון דער פראַנצויזישער רעגיערונג אַלס אָרט, וואוהין צו פערשיקען פערברעכער. אין פראַנצויזישען בעזיץ זיינען אויך דיא געזעלשאַפטס־אינזלען, טואַמאָטו (Tuamotou) אָד. דיא ניעדריגע אינזעל־גרופע (Low Archipelago) [איינינע הונדערט קאָראַל־אינזלען] און דיא מאַרקיזען (Marquesas), וועלכע ליעגען אַלע זידליך פון דעם עקוואַטאָר.

דיא סאַמאָאַ אינזלען שטעהען זייט 1889 אונטער דעם פער־איינינטען שוץ פון ענגלאַנד, דייטשלאַנד און דיא פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד־אַמעריקאַ.

דיא האַוואַאי אינזלען, דיא אינזעל גוואַם פון דיא לאַד־ראָנען, דיא אינזעל וועיק צווישען דיא לאַדראָנען און האַוואַאי, און דיא אינזעל טוטואילאַ פון דיא סאַמאָאַ־אינזלען געהערען צו דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. (בעשרייבונגען פון דיזע אינזלען ווער־רען געגעבען אין דיזען באַנד, ז. 119—123.)

